פראָפעסיאָנעלער

יאָר

פאַריין

פֿון

דרוקער־

אַרבעטער

אין ווילנע

ISBN:0-657-14409-6
Barcode/EAN: 9780657144098





# יובל־בוך

פון פראָפ' פאַריין

## פון דרוקער־אַרבעטער

אין ווילנע



1936–1906




יובל=בוך=קאָמיסיע: א. אַדעלמאַן, י. בענגיס, פ. העלערשטיין

פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר: י. סטעקין

די גאַנצע טעכנישע אַרבעט פון בוך איז אויסגעפירט געוואָרן פרייוויליק דורך די מיטגלידער פון דרוקער=פאַריין.

הילע געצייכנט: ב. שולמאַן.

געזעצט דורך אלע זעצער, מיטגלידער פון פאריין אונטער דער אויפזיכט פון י. סטעקין און ס. צ׳ארקאָ.
טאָטריצן און פלאטן: ה. באנד.
ליטאָגראפישע ארבעט: בן-ציון שולמאן, צ. צוקערמאן, מ. פאפערין, א. טעלאָטער, ס. גרובין, א. חאסילעוויטש און י. קליאטסקא.
געדרוקט: ס. קויפמאן און ל. זובאָוויטש.
בראָשירט און איינגעבונדן דורך די איינבינ-דער, פאריינס-מיטגלידער, אונטער דער אויפ-זיכט פון ה׳ י. דערטשאנסקי.
קלישעס: צינקאָגראף ה׳ זאניעווסקי.

Klisze zostały wykonane w cynkografji F. Zaniewskiego w Wilnie

KSIĄŻKA JUBILEUSZOWA ZWIĄZKU DRUKARZY ŻYDOWSKICH
w WILNIE

Wydawca: Związek Zawodowy Robotników Drukarskich w Polsce,
Oddział w Wilnie

Redaktor odpowiedzialny J. Stekin

Zakłady Graficzne inż. G. Kleckina w Wilnie

די חברים און פריינד:

א. פרידקין, פ. קאַן, ש. קאַהאַן, ל. סטרילאָווסקי, ש. ביילים, א. י. גאָלדשמידט, ב. געלמאַן, א. י. גראָדזענסקי, ב. וואַרשאַווסקי, א. מאַרק, י. ריקלעס, נ. שיינער;

די מיטאַרבעטער פון יִוואָ און אַנסקי-מוזיי;

די אַמעריקאַנער חברים דרוקער-אַרבעטער: מ. קאַסטאָף, מ. גראַזול, וו. זאַפּאָלסקי, ט. גלאַזן;

די ח"ח פאַריינס-מיטגלידער: זעצער, מאַשיניסטן, ליטאָגראַפן, סטערעאָטיפּירער, לייגער און איינבינדער —

פאַר זייער חברישער און פריינדלעכער מיטהילף און מיטאַרבעט ביים אַרויסגעבן דעם יובל-בוך

אַ האַרציקן דאַנק!

גלייכצייטיק דריקן מיר אויס אונדזער דאַנק די דרוקעריי-, ליטאָגראַפיע-, איינבינדעריי- און צינקאָגראַפיע-אייגנטימער: ב. קלעצקין, ד. קריינעס, ס. מאַץ, י. דערטשאַנסקי און פ. זאַניעווסקי פאַר זייער מיטהילף ביים אַרויסגעבן דעם יובל-בוך.

יובל-בוך-קאָמיסיע



Związek zawodowy
rob. Drukarskich w Polsce
Zarząd główny
Warszawa, Dzielna 33.

פּראָפעסיאָנעלער פאַריין
פון דרוקערײַ־אַרבעטער אין פוילן
צענטראַל־פאַרוואַלטונג
וואַרשע, דזשיעלנע 33.

№ 51/35

Dn. 20/X 1935

צו אונזער ווילנער אָפּטיילונג.

ליבע חברים!

מיר באַגריסן אייך צום יום־טוב פון דרייסיק־יאָריקן יובל פון אייער פאַריין — אונזער אָפּטיילונג.
אייער פייערונג פאַלט אויס אין אַ ביטערער צייט פאַרן גאַנצן אַרבעטער־קלאַס.
נויט, אַרבעטסלאָזיקייט, איז איצט דער גורל פון אַרבעטער. דער פאַשיזם
האָט זיך מיט זיינע שאַרפע נעגל איינגעגעסן אין לעבעדיקן אָרגאַניזם פון סאָציאַליסטישן
פּראָלעטאַריאַט.

זאָל די פייערונג אייערע פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ווירדיקער און מוטיקער דעמאָנסטראַציע
קעגן מלחמה און פאַשיזם!
קעגן נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג און אַנטיסעמיטיזם!
קעגן קאַפּיטאַליזם!
ברענגט צום אויסדרוק אייער אומבאַזיגבאַרן ווילן צו איינקייט פון אַרבעטער־
קלאַס און זיין זיג.
אונזער וואונטש איז, אַז אין פערטן צענדליג יאָר פון אייער עקסיסטענץ זאָלט
איר, צוזאַמען מיטן גאַנצן פּראָלעטאַריאַט פון פוילן, דערגרייכן די פאַרווירקלעכונג פון
אונזער סאָציאַליסטישן אידעאַל.

וואַרשע, אָקטאָבער 1935.

צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון פּראָפ׳ פאַריין
פון דרוקער־אַרבעטער אין פוילן
פאַרזיצער: ל. קלאַג
סעקרעטאַר: ב. וואַרשאַווסקי
א. קעלמאַן

**Związek zawodowy robotników Drukarskich w Polsce**
**Zarząd główny**
Warszawa, Dzielna 33, tel. 11.05.75.

Związek zawodowy
Robotników drukarskich
WILNO
ul. Zawalna 30.

# אונדזער יובל

די 30־יעריקע געשיכטע פון אונדזער פראָפ׳ אָרגאַניזאַציע איז אין אַ גרויסער מאָס די געשיכטע פון דער פראָפ׳ באַוועגונג אין ווילנע, איז אַ וויכטיק בלאַט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג פון אונדזער שטאָט בכלל.

די אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון דרוקער־פאַריין איז טיילווייז אויך דער דורכגעמאַכטער וועג פון אַלע אַנדערע פראָפ׳ פאַריינען אין ווילנע.

עקסיסטירנדיק פריער אַלס אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע, געפינענדיק זיך אויף בוידעמער און קעלערס, גייט זי אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין אין רעוואָלוציאָנערן יאָר 1905. גלייך אין די ערשטע פרייהייטס־טעג, ווען אין פאַרשיידענע שטעט פון גרויסן צאַרישן רוסלאַנד האָבן די פראָפ׳ פאַריינען גענומען פירן אַן עפנטלעכע טעטיקייט, איז אויך דער דרוקער־פאַריין אַרויס פון זיין געצוווּנגענער באַהעלטעניש און אָנגעהויבן פירן אַ ברייט פאַרצווייגטע פראָפ׳ און פּאָליטישע טעטיקייט, כאָטש אָפיציעל זיינען די פראָפ׳ פאַריינען דורך דער מאַכט לעגאַליזירט געוואָרן ערשט אין יאָר 1906.

אונדזער פראָפ׳ פאַריין ווערט דאַן גלייך אַ גרויסע מאַסן־אָרגאַניזאַציע פון אַלע יידישע דרוקער־אַרבעטער, ברענגט אַריין גרויסע ענדערונגען אין די קנעכטישע אַרבעטס־ און לעבנס־באַדינגונגען פון די דרוקער־אַרבעטער און שפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע אין דער אַלגעמיינער פראָפ׳ באַוועגונג.

דורך דעם אויפבלי־פּעריאָד אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אין די רעוו׳ יאָרן 1905—6, שפּעטער דורך די שווערע צייטן פון דער צוריקגעקערטער צאַרישער רעאַקציע, ווען ס׳איז כמעט קיין זכר ניט געבליבן פון דער פונאַנדערגעוואַקסענער און פאַרצווייגטער פראָפ׳ באַוועגונג אין ווילנע, ווען אונטערן דרוק פון די רעפּרעסיעס און פאַרפאָלגונגען האָט אַ שווערער יאוש באַהערשט כמעט אַלע אַקטיווע כוחות, דורך די גרויליקע הונגער־יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען די זאָרג פאַר אַ ביסל זופּ אין די ביליקע קיכן פאַר די הונגערנדיקע דרוקער־אַרבעטער איז געווען די וויכטיקסטע אויפגאַבע, — דורך פאַרשיידענע שווערע צייטן און פּעריאָדן פירט דער דאָזיקער 30־יעריקער וועג.

אָבער שטענדיק, אין אַלע באַדינגונגען, איז אונדזער פראָפ׳ פאַריין פאַרבליבן די אָרגאַניזאַציע פון די דרוקער־אַרבעטער, וועלכע האָט פאַרטיידיקט זייערע לעבנס־אינטערעסן, און די ווילנער יידישע דרוקער־אַרבעטער זיינען שטענדיק טריי געבליבן זייער אָרגאַניזאַציע.

די יידישע דרוקער־אַרבעטער האָבן דורך זייער פראָפ׳ אָרגאַניזאַציע אָנטיילגענומען אין אַלע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע קאַמפן פון דער ווילנער אַרבעטערשאַפט ביי פאַרשיידענע פאַרהעלטענישן. געווען שוין צייטן, ווען אַלע דרוקער־אַרבעטער פון שטאָט אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט זיינען געווען געאייניקט אין איין שטאַרקער פראָפ׳ אָרגאַניזאַציע. היינט זעט עס אויס ווי אַ טרוים. די דאָזיקע צייטן פון געאייניקטע פראָפ׳ אָרגאַניזאַציעס וועלן אָבער געוויס קומען צוריק. די באַוועגונג פאַר איינינקייט און אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט, וואָס וואַקסט זיך איצט פונאַנדער מיט אַזאַ מעכטיקן כוח אין די רייען פון אַרבעטער און האַרעפּאַשניקעס, איז אַ גאַראַנטיע דערפאַר.

30 יאָר פראָפ׳ באַוועגונג איז אַ שווערער און דערנערפולער וועג — אָבער דער היינט איז אויך ניט באַזייט מיט רויזן!

די יידישע דרוקער־אַרבעטער שפּירן אויף זיך היינט אפשר מער ווי ווען עס איז דעם יאָך פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם. נויט און אַרבעטסלאָזיקייט — דאָס זיינען זייערע געטרייע לעבנס־באַגלייטער. און אויך אין די שטיבער פון די וואָס זיינען באַגליקט מיט אַרבעט, הוליעט דער דלות — טרויעריק זיינען די לעבנס־באַדינגונגען פון די דרוקער־, ליטאָגראַפן־, איינבינדער־ און לינירער־אַרבעטער.

אונדזער יובל קומט אונדז אויס צו פייערן אין טעג פון צעיושעטער, פינסטערסטער רעאַקציע אין פאַרשיידענע טיילן פון דער וועלט.

די 30־יעריקע געשיכטע פון אונדזער פראָפ׳ אָרגאַניזאַציע דאַרף אונדז אָבער לערנען אַ סך. ס׳דאַרף יעדן פון אונדז דערמוטיקן מיט גלויבן און זיכערקייט צו קוקן אויף דער צוקונפט.

ווייל אונדזער גורל איז פאַרבונדן מיטן גורל פון אַרבעטער־קלאַס — און ניט געקוקט אויף אַלע צייטווייליקע מפּלות מוז אָבער דער אויסגאַנג פון דאָזיקן מעכטיקן היסטאָרישן קאַמף זיין פאַרן אַרבעטער־קלאַס אַ זיגרייכער!

י. נ״אַכס.



# אַ באַגריסונג די חברים דרוקער

אין צוזאַמענהאַנג מיטן 30יאָריקן יובל פון אײַער פאַריין שיקט אײַך איבער דער ווילנער קולטור=אַמט זײַן פלאַמיקן ווּנטש צו דערגרייכן צוזאַמען מיט דער גאַנצער אַרבעטער=מחנה דעם נצחון פון סאָציאַליזם.

חברים! 30 יאָר מאַכט דורך אײַער פאַריין דעם פײַנפולן אָבער רומפולן וועג פון קאַמף פאַר דער אַרבעטער=זאַך. געבאָרן אין די שווערע אומלעגאַלע באַדינגונגען פון צאַרישן רוסלאַנד, דורכ=געמאַכט די שוידערלעכע אָקופּאַציע=צײַט און די גרויזאַמע קריזיס=יאָרן פון נאָך דער מלחמה, האָט אײַער אָרגאַניזאַציע אויסגעהאַלטן אַלע שטורעמס און געבליבן אויפן פּלאַץ.

חברים דרוקער! געבויגן איבער די קעסטלעך, אײַנזאַפּנדיק דעם בלײַ אין די שוואַכע לונגען— האָט איר געשטרעבט דורך די קליינע אותיות צו זייען וויסן און ליכט.

איר האָט געהערט צו דעם טייל פון די פּראָלעטאַרישע רייען, וואָס האָט זיך שטענדיק אויס=געצייכנט מיט אַ הויכן קלאַסן=באַוווּסטזײַן און קלאָרקייט פון ציל.

פון אײַערע רייען זײַנען אַרויס די, וואָס האָבן אין די אונטערערדישע באַדינגונגען געמוטיקט מיטן שטאַרקסטן מיטל דעם אַרבעטער=קלאַס — מיטן רעוואָלוציאָנערן וואָרט.

אָבער דאָס וואָרט וועט זיך פאַרוואַנדלען אין טאַט, ווען דער אַרבעטער=קלאַס וועט זײַן דער באַלעבאָס פון לעבן, ווען ס'וועט קומען זיין ניצחון.

העלפט ווײַטער פירן דעם קאַמף פאַר דעם ניצחון!

זײַט געגריסט!

קולטור=אַמט

פון די פּראָפ' פאַריינען אין ווילנע

---

צום פּראָפ' פאַריין פון דרוקערײַ=אַרבעטער
אין ווילנע

# צום 30יאָריקן יובל!

טײַערע חברים!

מיר, אַ גרופּע חברים דרוקער=אַרבעטער אין ניו=יאָרק, שיקן אײַך איבער פון דער ווײַטנס אונדזער האַרציקסטע באַגריסונג צום 30יאָריקן יובל פון אײַער פאַריין.

30 יאָר עקסיסטענץ איז איינער פון די שענסטע און עלטסטע קאַפּיטלעך אין דער געשיכטע פון דער יידישער פּראָפ' באַוועגונג און זאָגט עדות, אַז אײַער פאַריין אַלס גוט דיסציפּלינירטער איז געשטאַנען אויף דער וואַך פון די אַרבעטער=אינטערעסן און געפירט אַן ענערגישן קאַמף פאַר פאַר=בעסערן און פאַרשענערן זייער לעבן.

אומבאַגרענעצט איז אונדזער פרייד מיט אײַער און אונדזער יום=טוב!

מיר ווינטשן אײַך, אַז אײַער ווײַטערדיקע אַרבעט זאָל געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג לטובת דעם דרוקער=אַרבעטער און פאַרן גאַנצן אַרבעטער=קלאַס.

אין נאָמען פון אַ גרופּע דרוקער=אַרבעטער אין ניו=יאָרק:

מאיר קאַסטאָף, משה גראַזול
און וועלוול זאַפּאָלסקי





## מיינע טייערע פריינד:

אייער איינלאַדונג אָנטיילצונעמען אין דעם יובל־בוך פון דעם פּראָפ׳
פאַריין פון דרוקער־אַרבעטער, האָט אין מיר ערוועקט אַ סך
ערינערונגען. ווײַלע גראָד בין איך געווען אין 1905 ביי דער
גרינדונג פון דעם דרוקער־פאַריין און האָב דורכגעמאַכט עטלעכע
גאַנץ היציקע מיטינגען איבער דער פראַגע אויב דער פאַריין זאָל
זיין פאַרטייאיש אָדער ניט. שפּעטער, ווען איך בין געווען אין ווילנע
אין 1907 און אויך אין 1908, בין איך געווען גאָר אַן אָפּטער
אַריינגייער אין דער „פאָלקסצייטונג״, וואָס אויב איך האָב ניט קיין
טעות, איז דאַן געווען די מאָדערנסטע דרוקעריי אין ווילנע. עס
שווימען אויף אין זכרון פילע פנימער און סיטואַציעס. אָבער צום
באַדויערן האָב איך ניט די צייט צו מאַכן דערפון עפּעס. אַלץ וואָס
איך קען טאָן איז שיקן אייך מיין האַרציקסטע באַגריסונג
און מיין אויפריכטיקסטן וואונטש, אַז אין די צוקונפטיקע
יאָרן זאָלן אי ווילנע, אי דער דרוקער־פאַריין זיך גרעסערן
און מערן — איינער אָן דעם אַנדערן קען דאָך ניט זיין.

ניו־יאָרק, דעם 30סטן אָקטאָבער 1935. אייער ב. װלאַדעק

## חשובע חברים:

איך האָב מורא, אַז איך וועל פאַרשפּעטיקן מיט מיינע גרוסן צו
אייער יובל, אויב איך זאָל וואַרטן ביזוואַנען איך וועל זיך אומקערן
אַהיים. נעמט דעריבער צו מיין ברכה און מיין מזל־טוב פונדערווייטנס.
ווילנער יידישע דרוקער זיינען פאַר מיר ניט סתם בכבודיקע מיטגלידער
פון אַ בכבודיקער קאָרפּאָראַציע. מיט עטלעכע צענדלינג פון אייך
האָב איך דאָך דורך יאָרן געאַרבעט צוזאַמען. צוזאַמען געפרייט זיך,
ווען אַ שטיקל אַרבעט איז אַרויס ווי ס׳געהער צו זיין, און געשפּירט
ביטערקייט, ווען ס׳איז ניט געגאַנגען ווי מען האָט געוואָלט. אָבער
אַפילו ביטערקייט פאַרבינדט (ווען פריידיקע איבערלעבונגען איז דאָך
אָפּגערעדט), אויב מען שלעפּט דעם זעלבן וואָגן. גראָד אין דער רגע,
ווען איך קוק אויף דער ווייט פון אַ געוויסן מהלך, שפּיר איך טאָפּל
שטאַרק, ווי מיר זיינען אַלע אויפגעקניפּט אין איין אינאיינעמדיקן גורל.
ווילט זיך מיר דעריבער זאָגן אין אייער יום־טוב, וואָס איך שפּיר, —
אַז יעדער איינער פון אונדז דאַרף אויף זיין אָרט טאָן, טאָן דאָס מערסטע,
טאָן דאָס בעסטע. יעמאָלט האָבן מיר ניט וואָס אַראָפּצופאַלן ביי זיך.

תל־אביב, 16 נאָוו 1935. מיט גאָר פריינדלעכע גרוסן, אייער מ. ווײַנרייך

**ב. וואַרשאַווסקי**
הויפּט־סעקרעטאַר פון פ״פ פון
דרוקער־אַרבעטער אין פּוילן

# אַ טריט פאָרויס - אַ בליק צוריק

## צום 30־יאָריקן יובל פון ווילנער דרוקער־אַרבעטער־פאַריין

ווילנער דרוקער=פאַריין איז דער עלטסטער פון אַלע עקסיסטירנדיקע יידישע דרוקער=פאַריינען אין פּוילן. ער איז אַלט דרייסיק יאָר. וואַרשעווער דרוקער=פאַריין איז מיט צען יאָר יינגער, ער פייערט הייער „בלויז" זיין צוואַנציק־יאָריקע עקסיסטענץ.

ווילנער דרוקער=פאַריין איז—אַלס לעגאַלער פאַריין—אַנטשטאַנען אין 1905, אַ יאָר — אַ דאַטע אין דער אַרבעטער=באַוועגונג פון אַמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד. דער ווילנער דרוקער=פאַריין איז געבאָרן געוואָרן אין פייער פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף. די דאַמאָלסטיקע ווילנער דרוקער=אַרבעטער האָבן אין די דאָזיקע קאַמפן גענומען אַ שטאַרקן אָנטייל. זיי זיינען דעמאָלט אויך געווען אין אַזאַ צאָל, וואָס האָט קוואַנטיטאַטיוו אימפּאָנירט. זעקס הונדערט יידישע דרוקער=אַרבעטער האָט פאַרמאָגט די ווילנע פון פינפצן יאָר. ניט אומזיסט האָט ווילנע געשמט אַלס ירושלים דליטא. ווילנע איז געווען דער יידישער גייסטיקער צענטער, ווילנע איז געווען דער גרעסטער פּראָדוצענט פון יידישן געדרוקן וואָרט.

אין ווילנע איז אויך געבאָרן געוואָרן דער „בונד" און פיל יידישע דרוקער=אַרבעטער געדענקען נאָך די העלדן=עפּאָכע פון דער דאַמאָלסטיקער אומלעגאַלער בונדישער באַוועגונג. זיי ווייסן צו דערציילן וועגן דרוקערייען, וואָס זיינען דורך בונדיסטן דרוקער=אַרבעטער פאַרכאַפּט געוואָרן אויף אַ גאַנצער נאַכט, וועגן אַ געבונדענעם „גאָראָדאָוואָי" אין אַ זייטיק שטיבל פון דער דרוקעריי — און במשך פון אַזאַ נאַכט זיינען אויסגעזעצט און אָפּגעדרוקט געוואָרן די אומלעגאַלע בונדישע אויפרופן. פון ווילנע קומט אויך דער לאַנגיאָריקער פאָרזיצער פון וואַרשעווער דרוקער=פאַריין און פאָרזיצער פון דער צענטראַל=פאַרוואַלטונג — פון ערשטן מאָמענט פון איר אַנטשטיין — דער איבערגעגעבענער פאַריינס=טוער ח׳ לאָזער קלאָג.

דרייסיקיאָריקער יובל פון אַ פּראָפעסיאָנעלן קלאַסן=פאַריין איז אַ וויכטיקע דאַטע אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער=באַוועגונג. דאָס איז אַ פּעריאָד, אין וועלכן ס׳זיינען דערצויגן געוואָרן דריי דורות קעמפער פאַר דער אַרבעטער=זאַך.

דרייסיק יאָר עקסיסטענץ פון אַ סאָציאַליסטישער אַרבעטער=אָרגאַניזאַציע איז אַ שווערער, קרבנותפולער דורכגעמאַכטער וועג וואָס פירט צום ציל, צום סאָציאַליזם. אַ וועג, אמת, פול מיט שטרויכלונגען, מיט זוכענישן, מיט זיגזאַגן, מיט מפּלות און אויפשטייגן — אָבער דאָס איז אונדזער וועג. מיר, אַלס חשובער טייל פון דער אָרגאַניזירטער יידישער אַרבעטערשאַפט, האָבן קיינמאָל ניט אויסגעקליבן דעם וועג פון לייכטסטן ווידערשטאַנד.

וואַרפן מיר איצט אַ בליק אויף צוריק, בלייבן מיר שטיין דערשטוינטע:

צי זיינען מיר עס טאַקע די, וועלכע האָבן גובר געווען אָט די אַלע אומגעהייערע מניעות?! אַ רגע דרינגט אונדז דורך אַ געפיל פון שטאָלץ. אָבער בלויז איין רגע. אַלס באַוווסטזיניקע פּראָלעטאַרישע קעמפער זיינען מיר ווייט פון גאווה, מיר פאַרפעסטיקן זיך נאָר אין גלויבן אין די אייגענע כוחות אויפן ווייטערדיקן שווערן קאַמפסוועג — וואָס שטייט אונדז נאָך פאָר אַדורכצומאַכן.

מיר לעבן איצט אין אַ צייט, ווען די צעהוליעטע פאַשיסטישע בעסטיע שטרעבט אַלץ ווייטער און ברייטער צו פאַרשפּרייטן איר ממשלה. מיר לעבן אין אַ צייט ווען דער גוססדיקער קאַפּיטאַליזם באַנוצט זיך מיט מיטלען, לגבי וועלכע דער צאַרישער רעזשים זעט אויס מילד און ווייך. וואָס נעענטער ס׳איז דער סוף פון די הייַנטיקע קאַפּיטאַליסטישע מאַכטהאָבער, אַלץ ברוטאַלער און צינישער און אָן אייַנזעעניש איז זייער קאַמף קעגן סאָציאַליסטישן אַוואַנגאַרד פון אַרבעטער=קלאַס.

מלחמות, קריזיס, נויט, אַרבעטסלאָזיקייט האָבן געבראַכט חורבן אין אונזערע רייען. דער „גאָלדענער" דרוקער=פאַך איז אין איצטיקן מאָמענט אַ פאַך פון איין גילדן; מיר האָבן כראָנישע אַרבעטסלאָזיקייט, קליינע לוינען, אומהיגיענישע אַרבעט=באַדינגונגען; דלות הערשט אין אונדזערע הייזער, פאַרביטערטקייט אין אונדזערע הערצער. דערצו זיינען מיר נאָך יידישע אַרבעטער — ד״ה, אַז מלוכישע, קאָמונאַלע, מיט איין וואָרט אַלע גרעסערע גראַפישע אַנשטאַלטן זיינען פאַר אונדז כמעט ווי הערמעטיש פאַרמאַכט. די שטאָלצע ווילנע האָט קוים אַ פערטל פון אירע אַמאָליקע

זעקס הונדערט ייִדישע דרוקער=אַרבעטער און די „פאַרדינסטן" פון אָט די איבערגעבליבענע קלעקן קוים אויף אַן אָרעם שטיקל ברויט. אַ שוואַכע טרייסט איז, אַז דער דאָזיקער צושטאַנד איז אַן אַלגעמיינער.

הײַנט, בעת מיר פײַערן דעם דרײַסיקיאָריקן יובל פון ווילנער דרוקער=פאַריין, זאָגן מיר זיך אַליין צוזאַמען מיט דער גאַנצער אַרבעטערשאַפט פון פוילן — דרײַסיק יאָר סאָציאַליסטישע אַרבעט וועט ניט גיין פאַרפאַלן!

צוזאַמען מיטן גאַנצן פּראָלעטאַריאַט פון פוילן ווייסן מיר, אַז נאָר מיט געאייניקע כוחות קענען מיר פאַרבעסערן אונדזער מצב און דערגרייכן אונדזער ציל.

די פאַשיסטיש=קאַפּיטאַליסטיש=מיליטאַריסטישע וועלט איז פאַרמישפּעט צום אונטערגאַנג. דער פּסק=דין איז אַרויסגע=געבן דורך דעם פיל=מיליאָניקן קעמפנדיקן פּראָלעטאַריאַט און ס'איז ניטאָ קײַן קראַפט, וואָס זאָל דעם דאָזיקן פּסק=דין בטל מאַכן. אין דער געדיכטער פינסטערניש, וואָס רינגלט דערווײַל אונדז נאָך אַרום, דערהערט זיך שוין דער אָפּשאַל פון די טריט פון די מאַרשירנדיקע מחנות; ס'בליצן שוין אויף די ערשטע שטראַלן פון די פאַקלען וואָס זיי טראָגן אין זייערע הענט; ס'דערטראָגט זיך אין ווײַטן עכאָ דער רעפרען פון פרײַהײַטס=ליד פון אינטער=נאַציאָנאַלן, געאייניקטן אין טאַט און אין ווילן צו מאַכט פּראָלעטאַריאַט —

אויס ברודער=קאַמפן; דאָס, וואָס פאַרייניקט אונדז איז וואָגיקער און וויכטיקער דערפון, וואָס צעטיילט אונדז. ניטאָ מער די בבל=צעמישונג. איין שפּראַך, איין ווילן, איין טאַט.

ס'גייט איינהײַטלעכקײַט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, ס'קומט נאָך איינהײַטלעכקײַט פון דער פּאָלי=טישער באַוועגונג, ס'וועט זײַן איין איינהײַטלעכער פּראָלע=טאַרישער קלאַס און זײַן רעאַליזירטער ווילן — די גאַנצע מאַכט דעם אַרבעטער.

דאָס איז אונדזער הייסטער ווּנטש אײַך, אונדז אַלעמען — צו אײַער פײַערונג.



די פאַרוואַלטונג פון פאַריין אין יאָר 1935—1936

ס'שטייען פון רעכטס אויף לינקס: מ. פאפערין, י. קאטצערסקי, ר. עפשטיין (טעכנישע סעקרעטארין), י. פאץ, י. ציארקא.
ס'זיצן: ב. הצקער, פ. העלצערשטיין (וויצע-פארזיצער), א. אדעלמאן (פארזיצער), י. בענגיס (סעקרעטאר) און ל. זובאטיסט.



פנחס ווייצענפעלד

עלסטער יידישער זעצער אין ווילנע



אין קרייַנעסעס דרוקעריַי

עס שטייען (אין הינטערגרונט, פון רעכטס אויף לינקס): ל. רייטבאָרד, ב. ראָסיצאַן, י. בענגיס און ז. קאַמאַרסקי.
עס שטייען פאָרנט: מ. בולקין, א. זאַמעטשעק, ש. כייקער און ר. ראָסיצאַן



פ נ ח ס  ק אָ ן

# די התחלה פון ייִד' דרוק-וועזן און די ערשטע ייִדישע זעצער אין גראָדנע און ווילנע *

דער זעצער איז דער „אומבאַקאַנטער אַרבעטער" פון דרוקוועזן און צוגלייך מיט זיינע חברים פון אַנדערע געביטן בלייבט ער אין שאָטן לגבי די „קיניגן": די מדפיסים און פאַרלעגער.

ניט שטענדיק איז אָבער אַזוי געווען, בפרט בײַ אונדז. ווי באַוווּסט, האָט פאַרצײַטנס עקסיסטירט אַ יידישער מנהג צו דערמאָנען אויף די געדרוקטע ספרים ניט בלויז די מדפיסים, נאָר אויך די זעצער (און טיילמאָל אַפילו אַנדערע דרוק-אַרבעטער), וועלכע מען האָט אָנגערופן „עוסקים במלאכת הקודש", ד"ה „די וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער הייליקער אַרבעט". אַזוי האָט זיך געפירט ביזן אָנהייב 19טן י"ה.

אַדאַנק דעם דאָזיקן שיינעם מנהג, וועלכער איז אגב בײַ די אומות העולם ניט געווען אײַנגעפירט, האָבן מיר איצט די מעגלעכקײַט נאָכצוגיין די שפּורן פון די ערשטע יידישע זעצער און פעסטצושטעלן, ווער די דאָזיקע פּיאָנערן זײַנען געווען און פון וואַנען זיי האָבן געשטאַמט.

אויב מען רעדט וועגן ווילנע, מוז מען קודם-כל אָנווײַזן אויף דעם טשעקאַווען פאַקט, אַז דער יידישער זעצער האָט זיך דאָ באַוויזן פריער פון יידישן מדפיס. די זעלביקע דערשײַנונג זעט מען אויך אין דעם עלטערן יידישן דרוק-צענטער פון ליטע — אין גראָדנע, ווי בכלל איז די התחלה פון ווילנער יידישן דרוקוועזן צוזאַמענגעבונדן מיט גראָדנע.

## I.

דער היסטאָריקער פון פוילישן דרוקוועזן באַנדטקע שרײַבט [1], אַז אין ווילנע האָט עקסיסטירט אַ יידישע דרוקערײַ אין 17טן י"ה. ער פאַררופט זיך אויף אַ מקור [2], וואָס דערציילט אפילו, אַז די דאָזיקע דרוקערײַ האָט געבליט. חוץ באַנדטקען חזרן איבער די דאָזיקע ווערסיע לעלעוועל [3] און קראַשעווסקי [4]. דער לעצטער שרייבט: „אַחוץ דער גרויסער שול... האָבן דאָ די יידן (אין 17טן י"ה) נאָך געהאַט אַ דרוקערײַ". ער גיט אָבער צו, אַז ניט געקוקט אויף די גרעסטע באַמיונגען האָט ער זיך ניט געקענט דערוויסן וועגן קיין שום ספר, וואָס איז אַרויס פון דער דאָזיקער דרוקערײַ.

די שפּעטערדיקע פוילישע היסטאָריקער האַלטן, אַז די ווערסיע איז אַ טעותדיקע [5] און אַז די ערשטע יידישע דרוקערײַ אין ווילנע איז געעפנט געוואָרן ערשט אין סאַמע סוף 18טן י"ה. די דאָזיקע הנחה גילט עד היום אַלס אָנגענומענע אין דער געשיכטע פון יידישן דרוקוועזן.

אין דער לעצטער צײַט האָב איך אָבער אין די מאַטעריאַלן פון ווילנער מלוכישן אַרכיוו געפונען אַ ידיעה, וועלכע צווינגט אונדז ווײַטער צו באַטראַכטן די פראַגע פאַר אַן אָפענע. דאָס איז אַ נאָטיץ אין די פּראָטאָקאָלן פון אַמאָליקן ליטווישן הויפּט-טריבונאַל [6], אין וועלכע עס זײַנען פאַררעגיסטרירט פאַרשיידענע פּראָצעסן, וואָס דער טריבונאַל האָט באַטראַכט. און אָט איז אין פּראָטאָקאָל פון 28סטן נאָוועמבער 1692 דערמאָנט אַ ציווילער פּראָצעס, וואָס אַ געוויסער משה דרוקער (Moyzesz Drukarz), וועלכער האָט געוווינט אין האַרביטשעס הויף, האָט פאַרפירט קעגן אַ קריסטלעכן שנײַדער קאַזשימיעזש, אַ שכן אין פירשט

---

* פון אַ גרעסערער מאָנאָגראַפיע א"ט „די יידישע דרוקערייען און צענזור אין ווילנע ביז 1837".

1 יעזשי סאַמועל באַנדטקע: „די געשיכטע פון די דרוקערייען אין קיניגרייך פוילן און אין גרויספירשטנטום ליטע" (פויליש) ב' II קראָקע 1826 ז"ז 318—319.

2 גאַבריעל גראָדעק, אַ דאַנציקער ביבליאָגראַף פון אָנהייב 18טן י"ה.

3 יאָאַכים לעלעוועל: Bibliograficznych ksiąg dwoje, ב' I ווילנע 1823 ז"ז 188—189.

4 יוזעף איגנאַצי קראַשעווסקי: „ווילנע, פון איר אָנהייב ביזן יאָר 1750" (פויליש), ב' III, ווילנע 1841 ז' 173.

5 פּנל' לודוויק אַבראַמאָוויטש: „פיר יאָרהונדערטער פון דרוקוועזן אין ווילנע" (פויליש), ווילנע 1925 ז' 115.

6 מלוכישער אַרכיוו אין ווילנע, זאַמלונגען פון ליטווישן הויפּט-טריבונאַל, לויפנדיקע פּראָטאָקאָלן פון 1691 — 1693 פּסק' 624 בל' 54.

אין אַ ווײַטערדיקן פּראָטאָקאָל (פון 26סטן פעברואַר 1693) ווערט דערמאָנט אַ יידישע פרוי „מאַריאַננאַ, משהס ווײַב" (Marianna Mozeszowa Zydowka), וועלכע האָט גענומען אַ ענין מיט משכנות. מען קען אָבער ניט וויסן, צי זי איז געווען דאָס ווײַב פון דערמאָנטן דרוקער.

ראַדזיווילס מויער. קיין גענויערע ידיעות וועגן תּוך פון דאָזיקן פּראָצעס האָט זיך דערווייל ניט איינגעגעבן צו געפינען.

אויב עס איז געווען דעמאָלט אין ווילנע אַ יידישער דרוקער, האָט דאָך אויך געדאַרפט זיין אַ יידישע דרוקעריי, סיידן מיר וועלן משער זיין, אַז ער האָט געאַרבעט אין אַ ניט-יידישער דרוקעריי. און אפשר איז דעמאָלט בלויז געמאַכט געוואָרן אַ אומגעלונגענער פּרווו צו שאַפן אין ווילנע אַ יידישע דרוקעריי. בכל אופן אָבער איז אונדז ניט באַקאַנט קיין שום ספר, וואָס זאָל האָבן געדרוקט געוואָרן אין ווילנע אין 17טן י"ה.

## II.

בעת וועגן בנוגע דעם 17טן י"ה באַלאַנדזשען מיר אויפן אומזיכערן וועג פון השערות, איז אין גאַנצן אַנדערש דער מצב, ווען מיר גייען אַריבער צום 18טן י"ה. דאָ האָבן מיר שוין ידיעות, הגם ניט קיין גאַנץ אויספירלעכע, וועלכע שטיצן זיך אויף זיכערע מקורים.

דער טאַטע פון יידישן דרוקוועזן אין ליטע איז געווען דער גראָדנער שריפטגיסער נ ח ו ם, וועלכן עס האָט צוזאַמען מיט דער פאַמיליע אַראָפּגעבראַכט פון סאָקאַל (אַ שטעטל אין גאַליציע) קיין גראָדנע דער פּאָדסקאַרבי (פינאַנץ-מיניסטער) פון ליטע אַנטאָני טיזענהויז. דאָס איז געווען אָנהייב אַכציקער יאָרן פון 18טן י"ה.

טיזענהויז איז, ווי באַוווּסט, געווען איינע פון די באַדייטנדיקסטע פּערזענלעכקייטן אין ליטע. אין יאָר 1765 איז ער געוואָרן ליטווישער פּאָדסקאַרבי, וואָס מיט דעם אַמט איז געווען פאַרבונדן דאָס פאַרוואַלטן מיט די קיניגלעכע גיטער. היות דער קיניג סטאַניסלאַוו אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי האָט צו אים געהאַט גרויס צוטרוי, איבערלאָזנדיק אים אין אַלץ פרייע הענט, האָט טיזענהויז באַקומען די מעגלעכקייט צו רעאַליזירן די דרייסטסטע פּלענער אויף די געביטן פון פינאַנץ, האַנדל און אינדוסטריע, האַנטווערק, עפנטלעכע אַרבעטן אין גרויסן מאַסשטאַב, בילדונג אאַז"וו. צו דעם צוועק האָט דער ווירטשאַפטלעכער דיקטאַטאָר פון ליטע אַראָפּגעבראַכט קיין גראָדנע די בעסטע פאַכלייט און ספּעציאַליסטן פון אויסלאַנד, וועלכע האָבן געדאַרפט דאָ איינפלאַנצן די נייסטע מעטאָדן פון אַרבעט.

צווישן אַנדערן האָט טיזענהויז געשטרעבט אויך אויפצוהייבן דאָס דרוקוועזן און דעריבער האָט ער געבראַכט קיין גראָדנע אַן אויסגעצייכנטן פאַכמאַן פון ווייטן קליינכוילן, דעם יידישן שריפטגיסער נ ח ו ם פון ס אָ ק אַ ל [7].

ווי אַזוי נחום מיט זיין משפחה איז געקומען קיין גראָדנע און וואָס זיי האָבן דאָ אויפגעטאָן, האָט אין יאָרן אַרום דערציילט נחומס זון, דער באַוווּסטער „גראָדנער מדפיס און שריפטגיסער" ז י מ ל (שפּעטער ראָמס שותּף אין ווילנע), אין אַ ווענדונג צום פירשט אַדאַם טשאַרטאָריסקי [8].

„ניט פון אייגענער איניציאַטיוו — שרייבט זימל צו טשאַרטאָריסקין — און ניט כּדי צו זוכן רווחים איז מיין משפּחה געקומען אַהער אין דעם לאַנד, נאָר ערשט נאָכדעם ווי מען האָט איר שטאַרק געבעטן. לאַנג האָט מיין פאָטער זכרונו לברכה געוווינט אין גאַליציע און איז געווען גענוג באַוווּסט ביי די דאָרטיקע בירגער מיט זיין אויסגעצייכנטער און גלאַטער גיסער-אַרבעט, ד"ה מיט זיין קונסט צו גיסן אותיות צום דרוקן. דער דאָזיקער טאַלאַנט האָט אים כּסדר פאַרשאַפט וואָס מער פּאָפּולאַריטעט און פאַרמעגן.

„אין די צייטן, ווען עס האָט געהערשט דער פריינד פון די היגע מוזעס סטאַניסלאַוו אויגוסט, האָט געטראָפן, אַז דער איי פערדיקער ליבהאָבער און פּראָטעקטאָר פון די שיינע קונסטן, דער ליטווישער פּאָדסקאַרבי טיזענהויז, איינלאַדנדיק און ברענגענדיק פון פאַרשיידענע מדינות, ניט געקוקט אויף די גרעסטע הוצאות, קינסטלער פון דעם מין, איז געוואָר געוואָרן וועגן דער גענײטקייט פון מיין

---

בן שמואל (Ludko Szmejłowicz) אין זיין זון זעליק, וועלכע זיינען איינגעלאַדן געוואָרן דורך דעם קאָנווענט פון די באַזיליאַנער גלחים אין פּאָטשאַיעוו אויסצופירן פאַרשיידענע גיסערישע און אַנדערע אַרבעט פאַר דער דרוקעריי פון קלויסטער. אינטערעסאַנט זיינען די קאָנטראַקטן וואָס די צדדים האָבן דערביי געשלאָסן. לויטן אָפּמאַך פון 1טן אויגוסט 1730 האָבן די דערמאָנטע יידישע שריפטגיסער זיך אונטערגענומען צו גיסן פאַרשיידענע שריפטן און אויסצואַרבעטן מאַטריצן, דערביי האָט דער קאָנווענט זיך מתחייב געווען צו צאָלן פאַר דער גיסער-אַרבעט צו 26 גילדן פון יעדן שריפט און צו 4 גילדן פון יעדער מאַטריץ. די יידן האָבן געדאַרפט וווינען אין קלויסטער און זיך אַליין דערנערן, פון קלויסטער האָבן זיי באַקומען בלויז ביר. ענלעך איז דער צווייטער אָפּמאַך פון 3טן פעברואַר 1737. דער קאָנווענט האָט זיך דעמאָלט פאַרפליכט חוץ אַלעמען צו געבן די יידן אויך צו 2 גילדן אויף שבת.

באַזונדערס טשיקאַווע איז דער דריטער קאָנטראַקט פון 1טן מערץ 1743 צווישן קאָנווענט מיט זעליקן (זיין פאָטער האָט שוין משמעות ניט געלעבט): זעליק, „דער מאַגיסטער פון גיסעריי-קונסט" (Starozakonny Zeylik Ludkiewicz, obywatel sokalski, magister kunsztu giserskiego i gutsztabskiego), האָט געדאַרפט אַרבעטן אין קלויסטער מיט צוויי געהילפן און דער קאָנווענט האָט פאַר זיי צוגעגרייט אין קלויסטער אַ סטאַנציע מיט באַהייצונג און אַנדערע באַקוועמלעכקייטן. חוץ האָט דער קאָנווענט געדאַרפט צושטעלן פאַר די יידן יעדן טאָג אינדערפרי אין אין אָוונט צו 6 קוואַרט מעל אָדער קאַשע אין פּרויס, 2 גאַרניעץ ביר אין יעדן אינדערפרי אייך בראַנפן. פאַר אַ באַזונדערער באַלוינונג האָט זעליק זיך אונטערגענומען אויסצולערנען 2 גלחים די גיסער-אַרבעט.

פגל' יוליאַן נ י ע ס ס, Drukarnia klasztoru O. O. Bazylja-nów w Poczajowie אין Przegląd Bibljoteczny פון 1935 העפט 4 ז"ז 229—231.

8 זימלס בקשה איז פון 1טן מאַי 1823. אַ אויטאָגראַפירטער געדרוקטער עקזעמפּלאַר פון דער בקשה געפינט זיך אין דער פּריוואַט-זאַמלונג פון לורמיק אַבראַמאָוויטש אין ווילנע. זע אַ ב ר אַ מ אָ וו י ט ש, רצ"ח, ז"ז 135—139.

7 אין סאָקאַל האָבן אין 18טן י"ה געלעבט עטלעכע משפּחות יידישע שריפטגיסער, וועלכע זיינען ווי אויסגעצייכנטע פאַכלייט געווען באַוווּסט ווייט מחוץ פון זייער היימשטאָט.

אין די מאַטעריאַלן פון דער סאָסאַיעטער לאַוורע, וואָס זיינען לעצטנס פאַרעפנטלעכט געוואָרן, געפינען זיך ידיעות פון דער ערשטער העלפט 18טן י"ה, וועגן צוויי סאָקאַלער יידישע שריפטגיסער לודקע (!)

פאָטער אין דער גיסער־אַרבעט, וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען אַ זייער זעלטענע קונסט אין דעם לאַנד און ער האָט אָנגעווענדט אַלערליי מיטלען, כדי גראָדנע זאָל אים צוציען. ענדלעך, מיט ניט קיין קלײנער מי, האָט ער געפועלט, און מײַן פאָטער האָט אויספאַרקויפט זײַן גאַנצן אומבאַוועגלעכן פאַרמעגן און דעם 22סטן פעברואַר 1785 האָט ער מיט זײַן גאַנצער משפּחה זיך איבערגעצויגן קײַן גראָדנע. מיר האָבן ניט געפילט קיין גרויסן היזק בשעת זײַן ממשלה, נאָר ווען טיזענהויז האָט פאַרלאָרן זײַן אַמט און זײַן לעבן, האָבן מיר פאַרלוירן אונדזער גאַנצע האָפע־נונג אויף ווײַטערדיקע דערפאָלגן.

„נאָכן טויט פון מיין פאָטער איז זיין טאַלאַנט, וואָס איז אַריבער צו מיר בירושה, געווען דער אײנציקער מקור פון פרנסה פאַר מיר און דער גאַנצער משפּחה, אָבער דער דאָזיקער טאַלאַנט איז אין דער צײַט פון די דעמאָלטיקע מהומות[9] געווען ווייניק אָפּגעשאַצט, צוליב וואָס עס האָט מיר געדראָט גרויס דחקות. ווען עס איז אָבער אָנגעקומען מיט גליק די הערשאַפט פון מלך חסד אַלעקסאַנדער I, האָט די אויפגעלעבטע בילדונגס־באַוועגונג געגעבן אַ שטויס די קינסטלער צו באַווײַזן זיך מיט זייער טאַלאַנט אונטער דעם שוץ פון דער רעגירונג. גיסנדיק אותיות לויט דער בקשה פון אַ סך נאַציאָנאַלע דרוקערײַען, האָב איך זיך פאַרדינט אַ לויב־מיינונג, אַז איך בין גלײַך מיט אויסלענדישע קינסטלער פון דעם מין, וואָס דערויף זאָגן עדות די צײַגענישן, וועלכע די דרוקערײַען האָבן מיר אַרויסגעגעבן"[10].

## III.

נחום איז בכן געקומען קיין גראָדנע אָנהייב 1785 און האָט דאָ געשאַפן אַ שריפטגיסערײַ בײַ דער קיניג־לעכער דרוקערײַ[11]. די ערשטע יאָרן האָט ער זיך פאַרנומען בלויז מיט אויסאַרבעטן ניט־יידישן שריפט. די אָנפירונג פון דער דרוקערײַ האָט אָבער גיך באַשלאָסן צו דרוקן אויך יידישע ספרים. אין 1788 איז פון דער גראָדנער קיניגלעכער דרוקערײַ אַרויס דער ערשטער יידישער ספר „ז ר ע י ע ק ב", אַ פירוש אויף תהילים פון ר' יעקב בן ר' חיים הכהן, רב פון וויסטינעץ (אַ שטעטל אין גראָדנער קאַנט)[12].

---

9 געמיינט, משמעות, די ערשטע צייט פון דער רוסישער ממשלה אין ליטע.

10 אז דאָס וואָס זימל שרייבט, איז נים קיין זעלבסט־בצרי־מעריי, באַווייזן די וואַרעמע ליב־ווערטער פון לעלעוועלן און פּערשיי־דענע דעמאָלטצייטיקע פּוילישע מדפּיסים וועגן נחומען און זיין זון.

11 די גראָדנער קיניגלעכע דרוקעריי האָט געהאַט פריער גע־הערט צו די יעזואיטן, פון וועלכע טיזענהויז האָט איר איבערגענומען און האָט איר פאַרברייטערט.

12 געפינט זיך אין דער סטראַשון־ביבליאָטעק אין ווילנע.

סגל' ה ײ ג ר י ך א ײ ז ע נ מ א ן, „דאָס דרוק־ און צײַטונגס־וועזן אין גראָדנע" (דייטש), גראָדנע 1916, ז"ז 8—11, ווו עס איז אויך רעפּראָדוצירט דער שער פון „זרע יעקב".

אויפן שער־בלאַט איז אָנגעגעבן די קיניגלעכע דרוקערײַ בזה הלשון: „נדפס בדפוס חדש פה עיר הועד ק"ק הוראדנא הבירה, בדפוס של אדונינו המלך האדיר החסיד, חכם המלכים ס ט א נ י ס ל א ו ס א ו ג ו ס ט ו ס מלך פולין, דוכס גדול דליטא עצטרא עצטרא ירום הודו אמן"[13]. דאָס יאָר איז אָנגעוויזן אין כראָנאָגראַם מ ש ח ר, וואָס באַטרעפט תקמ"ח (1788).

אויפן לעצטן בלאַט ווערן דערמאָנט די שריפטגיסער, זעצער און קאָרעקטאָרן, וועלכע זײַנען געווען באַשעפטיקט בײַם דרוקן דעם ספר.

די אותיות האָבן געגאָסן נחומס זון יחזקאל און זײַן אייניקל דער בחור אריה לייב (יחזקאלס זון)[14].

די צוויי זעצער זײַנען אויך געווען פרעמדע, ביידע פון קאָרעץ (אַ שטעטל אין וואָלין), ווו עס איז שוין פריער געווען אַ יידישע דרוקערײַ: יצחק בן ישכר בער סג"ל[15] און אהרן בן שמשון זעליק. ווען ביידע שרײַבט זיך, אַז זיי אַרבעטן „לעת עתה" אין דער נײַער דרוקערײַ פון דער הויפּטשטאָט גראָדנע.

גראָדנער זײַנען געווען בלויז די צוויי קאָרעקטאָרן: יהושע בן מנחם מאָניש, דער בעל קורא פון דער גראָדנער גרויסער שול, און שלום שכנא בן יעקב כהנא.

ווי מען זעט, איז דעמאָלט אין גראָדנע קײַן יידישער מדפיס נאָך ניט געווען. די ערשטע יידישע ספרים האָבן זיך געדרוקט (אָנגעהויבן פון 1788) אין דער קיניגלעכער דרוקערײַ מן הסתם לויט דער באַשטעלונג פון מחברים אָדער פון די אָרטיקע מוכרי־ספרים: ר' ברוך בן ר' יוסף מ"ס, דעם שטאַמפאָטער פון די ראָמס, און ר' בנימין בישקע בן ר' יעקב. אַרום די יידישע ספרים אין דער דרוקערײַ האָבן געאַרבעט נחומס משפחה ווי שריפטגיסער און צוויי זעצער, וועלכע מען האָט געבראַכט פון וואָלין.

אין עטלעכע יאָר אַרום איז אין גראָדנע צוגעקומען נאָך אַ דרוקערײַ, וואָס האָט לכתחילה אָנגעהויבן צו דרוקן

---

13 די דרוקעריי איז אויפן שער־בלאַט אָנגעגעבן אויך אין לאַטייניש: „Grodnae Typis S[anctae] R[egiae] M[aiestatis] R[egis] Pol[oniae] M[agni] D[ucis] Lit[huaniae] &c, &c" [et cetera, et cetera].

14 א) על ידי העוסק במצוקות אותיות הר"ר יחזקאל במוהר"ר מנחם נח"ט מק"ק סקהאל ולע"ע בק"ק הוראדנא, ב) על ידי הפועל והמצוקות אותיות הבחור אריה ליב במו' יחזקאל יצ"ו מק"ק סקהאל לע"ע בק"ק הוראינא.

ווי מען זעט, איז נח"ט געקומען קיין גראָדנע און האָט דאָ געאַרבעט מיט צוויי זין (זימל און יחזקאל) און איין אייניקל (לייב). גיט ריבטיק איז בכן, וואָס עס שרייבט דער בעל „עיר ווילנא" אין נאָך איט א:דערע (פרידבערג), אַז פון סאָקאָל קיין גראָדנע זיינען גע־קומען פיר ברידער, וועלבע האָבן דאָ געגרינדעט אַ דרוקעריי.

נחומס קינדער האָבן שפּעטער אָנגענומען דעם פאַמיליע־נאָמען מ י פ אָ ג ר אַ ף.

15 משמעות, אַ ברודער פון קאָרעצער מדפיס שמואל ב"ר ישכר בער סג"ל. סגל' א. טויבער, „דפוסי קאָרעץ" אין „קרית ספר" ב' I.



יידישע ספרים. סוף 1793 האָט דער שליאַכטשיץ יאַן יאַ־שיענסקי באַקומען אַ פריווילעגיע צו עפענען אין גראָדנע אַ צווייטע דרוקעריי און ער האָט זיך באַלד פאַרבונדן מיט צוויי יידישע מוכרי־ספרים, כדי צו פאַרלייגן אַ יידישע דרוקעריי פון אַ גרעסערן פאַרנעם. די צוויי שותפים זיינען געווען דער אויבנדערמאָנטער גראָדנער ר׳ ברוך בן יוסף מ״ס און דער דעמאָלט באַוווסטער מוכר־ספרים פון נאָווי־דוואָר (אַ שטעטל ביי וואַרשע) ר׳ ברוך בן הירש [16].

עס איז געראָטן צו געפינען דעם שותפות־אַקט, וואָס יאַשיענסקי האָט דעם 14טן יאַנואַר 1794 געשלאָסן אין גראָדנע מיט די דערמאָנטע צוויי מוכרי־ספרים אויף אַ משך פון זעקס יאָר מכוח דרוקן און אַרויסגעבן יידישע ספרים. פון דאָזיקן קאָנטראַקט איז צו זען, אַז די נייע דרוקעריי האָט ניט געקענט באַקומען קיין יידישן שריפט אויפן אָרט (נחום מיט זיינע זין האָבן דאָך געאַרבעט פאַר דער קיניגלעכער דרוקעריי) און דער נאָווי־דוואָרער ר׳ ברוך האָט זיך דעריבער מתחייב געווען אַריינ־צוטראָגן אין שותפות יידישן שריפט און מכשירים צום דרוקן, וואָס ער האָט געדאַרפט ברענגען פון נאָווידוואָר קיין גראָדנע ביז פסח 1794 [17]. אין די רווחים פון דער דרוקעריי זיינען די שותפים געווען באַטייליקט אויף אַזאַ אופן: יאַשיענסקי האָט באַקומען איין פערטל און ביידע ר׳ ברוכס צוזאַמען—דריי פערטל.

מיט דער דאָזיקער שותפות־דרוקעריי האָט זיך אייגנטלעך אָנגעהויבן די מדפיסישע טעטיקייט פון גראָדנער ר׳ ברוך מ״ס. די צוזאַמענאַרבעט פון די שותפים האָט באַקומען אַ עטוואָס מאָדנעם אויסדרוק אויף די שער־בלעטער פון די ספרים, וואָס זיי האָבן אַרויסגעלאָזט, דהיינו: אין העברע־אישן טעקסט פון שער איז געווען אָנגעגעבן אַלס מדפיס ר׳ ברוך און אין לאַטיינישן טעקסט — יאַשיענסקי.

אַזוי למשל לייענען מיר אויפן שער־בלאַט פון ספר „פרי יצחק", וואָס איז געדרוקט אין גראָדנע 1797: „בדפוס של התורני הראש והנגיד מו׳ ברוך במו׳ יוסף ז״ל מ״ס מקהילתנו..." און אויפן זעלביקן שער־בלאַט: Grodna[e], Typis Joan[ni] Jasieński An[no] 1797.

די נייע דרוקעריי האָט געאַרבעט זייער אינטענסיוו. מיר האָבן לײדער ניט קיין גוטע ביבליאָגראַפיע פון יענער צייט, וואָס וואָלט אונז געקענט געבן די מעגלעכקייט פעסט־צושטעלן די גרויס פון דער פּראָדוקציע אין באַזונדערע דרוקערייען. אין דעם פּרט העלפט אונדז אָבער אַרויס יאַ־שיענסקי אַליין, וועלכער האָט געהאַט איינגעפירט צו געבן אין לאַטיינישן טייל פון שער־בלאַט אַ לויף־נומער פון יעדן נייעם ספר, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט. דער אויבנ־דערמאָנטער „פרי יצחק" פון 1797 טראָגט שוין דעם נומער 112. אַרויסלאָזן אין משך פון קנאַפּע דריי יאָר אויפן מאַרק 112 דרוקזאַכן איז אָן שום ספק אַ רעקאָרד פאַר יענער צייט [18].

די זעצער פון דער דרוקעריי ווערן גראָד ניט דער־מאָנט אין די ספרים, וועלכע עס האָט זיך מיר געמאַכט צו זען. וועגן אַ טייל פון זיי ווייס איך אָבער פון אַן אַנדערן מקור. אין 1825 האָט מאַנעס ראָם (ברוכס זון) געדאַרפט צושטעלן דער מאַכט אַ באַווייז, אַז זיין פאָטער האָט אין דער צייט אַרום 1797 געהאַט אַ דרוק אין גראָדנע. ציי־גענישן וועגן דעם האָבן אים אַרויסגעגעבן פאַרשיידענע פערזאָנען און צווישן זיי אויך די „בעלי מלאכות, דרוקער ואיין בינדער", וועלכע האָבן בשעתו געאַרבעט אין דער דרוק און האָבן שפּעטער געוווינט אין ווילנע. אַלס אַזעלכע האָבן זיך אונטערגעשריבן 1) מרדכי במהר״ר יחיאל מיכל, 2) ... (נאָמען ניט לייענבאַר) במהור״ר יהודה לייב, 3) מרדכי ב״ר משולם גיסע פרעסין ציהער און 4) יעקב(?) [19]... פון וואַנען זיי האָבן געשטאַמט, איז ניט אָנגעגעבן. עס איז מעגלעך, אַז זיי זיינען שוין געווען פון די ערשטע אָרטיקע, וועלכע האָבן זיך אויסגעלערנט דעם נייעם פאַך.

### .IV

אין יאָר 1799 זיינען ביידע גראָדנער דרוקערייען, אין וועלכע עס האָבן זיך געדרוקט יידישע ספרים, אַריבער־געטראָגן געוואָרן קיין ווילנע און אַזוי אַרום איז דאָ געלייגט געוואָרן דער גרונדשטיין פאַרן יידישן דרוקוועזן אין ירושלים דליטא.

נאָכדעם ווי די רוסן האָבן געהאַט איינגעשטעלט זייער מאַכט אין גראָדנע, איז די קיניגלעכע דרוקעריי אַריבער אין רשות פון ווילנער ביסקופּ קאָסאַקאָווסקי. דער דאָזיקער ביסקופּ האָט לויט קאַטערינעס באַפעל געמוזט צייטווייליק זיך אויפהאַלטן אין גראָדנע ביים פירשט רעפּנין כדי צו ברענגען אין אָרדענונג די קאַטוילישע רעליגיעזע ענינים אונטער דער נייער ממשלה. אין 1799 האָט ער אַריבערגע־פירט די דרוקעריי קיין ווילנע, ווו זי האָט באַקומען דעם נאָמען „דיעצעזישע דרוקעריי" (Drukarnia Djccezjalna). אויף אָנצופירן מיט דער דרוקעריי האָט דער ביסקופּ באַ־

---

16 וועגן נאָווידוואָרער מו״ס ר׳ ברוך בן הירש זע וואָס עס שרייבט ד״ר ע. רינגעלבלום אין „צו דער געשיכטע פון יידישן בוך און דרוק אין פוילן אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י״ה", ווילנע 1936 (אַ זאַמלונג אַרטיקלען, פריער געדרוקטע אין „ייוואָ־בלעטער"). דער דאָזיקער ר׳ ברוך איז געווען דער גרעסטער אָפּנעמער און פאַרשפּרייטער פון די ספרים, וועלכע זיינען אַרויס פון יאָהאַן אַנטאָן קריגערס דרוקעריי אין נאָווידוואָר, און בכלל אַ גרויסער אונטערנעמער אויף זיין געביט.

17 דער שריפט און די פרעסן פאַר דער גראָדנער דרוקעריי זיינען געקויפט געוואָרן ביים נאָווידוואָרער מדפיס יאָהאַן אַנטאָן קריגער, וועל־כער האָט אַ לאַנגע צייט געמאָנט רעכטס"ר ביי די שותפים געלט, אָבער מיט אַ שוואַכן ערפאָלג.

18 לויט דער פריינדלעכער אינפאָרמאַציע פון ביבליאָגראַף ח. ליבערמאַן געפינט זיך אַ היבשע זאַמלונג גראָדנער ספרים פון יאַשיענסקיס דרוק אין דער ביבליאָטעק פון ליובאַוויטשער רבין.

19 זע ש. קאָן, „ע״ד בית הדפוס של ראָם בווילנא" אין „קרית ספר" ב׳ X ז׳ 250.

שטימט דעם גלח יאָזאַפאַט מירסקי, אַסעסאָר פון דער ווילנער קאָנסיסטאָריע און פראָבאָשטש פון דער קובליצער פּאַראַפיע.

די דיעצעזישע דרוקערײַ האָט פאַרמאָגט נאָך פון די גראָדנער צײַטן יידישן שריפט, און היות דער עסק האָט געלוינט, האָט זי תּיכּף אָנגעהויבן דרוקן אויך יידישע ספרים. לכתחילה האָט מען געדרוקט לויט באַשטעלונג. אַזוי למשל זײַנען די ערשטע ספרים, וואָס די דיעצעזישע דרוקערײַ אין ווילנע האָט אַרויסגעלאָזט אין יאָר 1799, ווי „מתוק לנפש" און „הין צדק" אָפּגעדרוקט געוואָרן לויט דער באַשטעלונג („במצות והוצאת") פון „הרבני המופלא מו' גרשון במו' יחיאל זלה"ה לוריא [20] ושותפו מוהר"ר משה במו' מנחם מענדל זצ"ל". אַלס מדפּיס איז אויף די שער-בלעטער אָנגעגעבן דער אויבנדערמאָנטער גלח, אָנפירער (פּרעפעקט) פון דער דרוקערײַ, בזה הלשון „בדפוס יגמ"ק [יעגאָ מאָשטש קשיאָנדז— Jego mość ksiądz] יאָזיפאַט מירשקי קנאניק ואסעסר קאָנסעסטריס ווילענשקי פּראָבעץ קובליצקי".

לויטן פריערדיקן בײַשפּיל פון יאַשיענסקין אין גראָדנע האָט די דיעצעזישע דרוקערײַ זיך באַלד (אין זעלביקן 1799) ענגער פאַרבונדן מיט פיר ווילנער בעלי-בתּים: די ברידער אריה לייב און גרשון בן יחיאל לוריא, אריה לייב בן דוד רי"ט און זײַן שוואָגער משה בן מנחם מענדל. עס באַווײַזן זיך דאַן ספרים מיט שער-בלעטער, אויף וועלכע עס פיגורירן (לויטן גראָדנער מוסטער פון יאַשיענסקין) אַחוץ דעם גלח מירסקי אויך די 4 ייִדישע שותּפים—מדפּיסים [21].

די ערשטע ייִדישע זעצער פון דער ווילנער דיעצעזישער דרוקערײַ אין משך פון 1799 און 1800 זײַנען אויסגערעכנט אין די ספרים „מתוק לנפש" (1799), „ספר התוספתא" (1799) און „פירוש על כמה אגדות" פון ווילנער גאון (1800). זיי שרײַבן זיך אונטער אַזוי: 1) המסדר העוסק במלאכת הקודש נאו' דוב בער במו' אהרן זעליג זצ"ל מק"ק אוסטראווצא ולע"ע [ולעת עתה] עוסק בדפוס פה ק"ק ווילנא יע"א [22], 2) המסדר אותיות העוסק במלאכת הקודש באמונה נאום משה במוהר"ר אברהם אבלי יצ"ו מק"ק הוראדנא ולע"ע עוסק בדפוס פה ק"ק ווילנא יע"א, 3) המסדר העוסק במלאכת הקודש נאום דוד במו' יוסף יצ"ו מק"ק שקלאוו ולע"ע עוסק בק"ק ווילנא יע"א, 4) המסדר אותיות העוסק במלאכת הקודש באמונה נאום משה במהור"ד יחזקאל סג"ל מק"ק הוראדנא ולע"ע עוסק בק"ק ווילנא, 5) המסדר אותיות העוסק במלאכת הקודש באמונה מהו' בנימין במהו' גדלי' כ"ץ מק"ק הוראדנא ולע"ע עוסק פה ק"ק ווילנא הבירה, 6) המסדר האותיות העוסק במלאכת הקודש באמונה נאום שמעון במוהר"ר יהודא ליב זצ"ל מנאווי דוואהר ולע"ע עוסק בדפוס פה ק"ק ווילנא יע"א [23]. ווי מען זעט, זײַנען אַלע זעקס דעמאָלטיקע ייִדישע זעצער אין ווילנע געווען פון דער פרעמד: 3 פון גראָדנע, 1 פון שקלאָוו, 1 פון אָסטראָווצע (אַ שטעטל אין קעלצער קאַנט) און 1 פון נאָווידוואָר [24].

דער שותּפות אין דער דיעצעזישער דרוקערײַ האָט ניט געהאַט קיין קיום. די ספרים, וועלכע זײַנען געדרוקט אין דער דאָזיקער דרוקערײַ אין 1800 דערמאָנען שוין ניט אויפן שער-בלאַט די ייִדישע שותּפים—מדפּיסים, נאָר בלויז דעם פּרעפעקט גלח מירסקי.

אין 1805 האָט דער ווילנער ביסקופּ אַוועקגעגעבן די דיעצעזישע דרוקערײַ צום פאַרוואַלטן די גלחים-מיסיאָנערן [25], וועלכע האָבן די דרוקערײַ אַריבערגעטראָגן אין זייער קלויסטער. עס איז דאַן באַשטימט געוואָרן אַ נײַער אָנפירער („פּראָקוראַטאָר") פון דער דרוקערײַ: דער גלח יאָזאַפאַט לאַודאַנסקי. די דיעצעזישע דרוקערײַ אין איר נײַעם גלגול האָט ווײַטער געדרוקט ייִדישע ספרים און

---

20 אַ ווילנער גביר, געווען אויך גבאי אין „צדקה גדולה". מען האָט אים גערופן „ר' גרשון סעמקעס" אויפן נאָמען פון ווייב. עד-היום איז נאָך אין ווילנער געסל באַוווסט „גרשון סעמקעס הויף".

21 ווי למשל אין „ספר התוספתא" (1799): „בדפוס המשותפים ה"ה הרבני המנהיג מו' ארי' ליב במו' יחיאל לוריא ואחיו הרבני מו' גרשון גר"ו וה"ה התורני המנה"ג מו' ארי' ליב במוי דוד ריט וגיסו התורני מו' משה במו' מנחם מענדל — — — בדפוס יגמ"ק יאזיפאט מירסקי קאנאניק ואסעסאר קאנסעסטאריע פראבאשטש קובליצקי".

די טעטיקייט פון דער דיעצעזישער דרוקעריי ביים אַרויסגעבן יידישע ספרים איז אַ סוגקל בלעטל און דערפון איז דער פלאָגטער אין „קריה נאמנה", „עיר ווילנא" א"אנד. וועלנדיק אויפקלערן די זאַך גענויער, האָב איך זיך געווענדט מיט עטלעכע יאָר צוריק צו די אַרכיוון פון דער קאַטוילישער גייסטלעכער מאַכט אין ווילנע, וועלכע איז דאָך געווען דער בעל-הבית פון דער דיעצעזישער דרוקעריי און אין אירע מאַטעריאַלן פון יענער צייט דאַרפן דאָך זיין ידיעות וועגן עפענען און פירן די דרוקעריי אין ווילנע. סיי דער קאַנצלער פון דער מעטראָפּאָלישער (אַרציביסקופּישער) קוריע דער גלח קאַנאָניק אַדאָם סאַוויצקי און סיי דער גלח פּראָלאַט א. סאַוויצקי, אַרכיוואַר פון דער ווילנער קאַפּיטולע, האָבן מיר אָבער געענטפערט, אַז אין די אַרכיוון, וואָס געפינען זיך אין זייער רשות, זייגען ניטאָ קיין ידיעות וועגן דער דיעצעזישער דרוקעריי. די זאַמלונגען פון דער קאַפּיטולע זיינען בעת דער וועלט-מלחמה צום גרעסטן טייל אַרויסגעפירט געוואָרן דורך דער רוסישער מאַכט פון ווילנע.

22 זיין פאָטער אהרן זעליק פון אָסטראָווצע האָט געאַרבעט ווי אַ זעצער אין דער נאָווידוואָרער דרוקעריי. דאָרט האָט אויך געאַרבעט אַלס דרוקער („פּרעסנציער") זיין ברודער אברהם יצחק בן אהרן זעליק. פּגל' ריגגעלבלום דצ"ח, ז' 64.

23 זיין פאָטער יהודה לייב ב"ר שמואל איז געווען אַ זעצער און האָט געטואַמט פון זשאָלקווע. צוזאַמען מיטן שווער צבי הירש ב"ר שמעון (אויך אַ זעצער פון זשאָלקווע) איז ער געקומען קיין נאָווידוואָר, ווו זיי האָבן ביידע געאַרבעט אין קריגערס דרוקעריי אַלס זעצער.

די דאָזיקע ידיעות זיינען טשיקאַווע, מחמת זיי שטעלן פעסט דעם משפּחה-כאַראַקטער פון דרוקער-פאַך און אויך די וואַנדער-עטאַפּן פון די פאַרצייטישע יידישע דרוקער-אַרבעטער ביים פאַרשפּרייטן דעם פאַך.

24 אין די „סקאַזקעס" (רשימות) פון די ווילנער יידן בשעת דער פינפטער „רעוויזיע" אין 1795 איז ניט פאַראַן קיין אייגער, וועלבער זאָל האָבן באַזיצט אַ דרוקערשן פאַך.

25 ניט צונויפמישן מיט די הייגטיקע מיסיאָנערן-משומדים.

אויף די ספרים פון 1805 פיגורירט אַלס מדפיס דער נײַער פרעפעקט פון דער דרוקערײַ, ווי מען לייענט למשל אויפן שער־בלאַט פון ספר „שלמי שמחה" (ווילנע 1806): „בדפוס יגמ"פ [יעגאָ מאָשטש פאַן] קשאָנדז לזדאנסקי פראקאראטאר מיססינארסקי ווילענסקי"[26].

## .V

גלײַכצײַטיק מיטן ביסקופ קאָסאַקאָווסקי, האָט אין יאָר 1799 אויך יאַשיענסקי אַריבערגעטראָגן זײַן דרוקערײַ פון גראָדנע קײַן ווילנע. זײַן שותפות־דרוקערײַ אין גראָדנע האָט געהאַט געפּלאַצט און ער איז געקומען זוכן מדפיסישן גליק אין ווילנע. אויך ער האָט געבראַכט יידישן שריפט.

האָבנדיק שוין דערפאַרונג אויף דעם געביט, האָט ער לײַכט אין ווילנע געפונען דעם וועג צו יידישע שותפים, מיט וועלכע ער האָט אָנגעהויבן פירן די דרוקערײַ פון דער ערשטער מינוט אָן. לויטן שוין אויבנדערמאָנטן נוסח פון גראָדנע האָט יאַשיענסקי אויף די שער־בלעטער אויך דאָ אין העברעיִשן טעקסט אָנגערופן ווי מדפיסים די יידישע שותפים און אין פוילישן טעקסט — זיך אַליין.

אויפן שער־בלאַט פון „עטרת ישועה" (ווילנע 1799), איינס פון די ערשטע ספרים, וואָס זײַנען געדרוקט געוואָרן אין יאַשיענסקיס ווילנער דרוקערײַ, לייענען מיר, אַז דער ספר איז געדרוקט „בדפוס הראש הנגיד מו"ה טובי' במו' אברהם אבלי זללה"ה והרבני המופלג האברך הנגיד מז"ה ארי' ליב[27] בהמנוח המפורסם מו"ה טובי' זלה"ה ושותפיהם מווילנא יע"א, בקרתא קדישא רבתי עם ווילנא יע"א עיר גובערסקיא דליטא בשנת תקנ"ט לפ"ק" און אין פויליש: w Wilnie, w Typ[ografji] Jana Jasieńskiego i Kompanij Roku 1799.

ווי מען זעט פון שער־בלאַט, האָט יאַשיענסקי, אַחוץ די צוויי אָנגערופענע ר' טוביה און ר' לייב, געהאַט אין ווילנע נאָך שותפים („ושותפיהם"). פון אַרכיוו־מאַטעריאַלן איז מיר באַקאַנט, אַז אַ שטילער שותף צו יאַשיענסקיס דרוקערײַ איז אויך געווען דער באַוווסטער ר' זלמן ר' אורי'ס, ראש הקהל און איינער פון די „דריי זײַלן פון ווילנע". די אַלע שותפים, סוחרים און „פני" פון שטאָט, האָבן אַליין געהאַט אַ קנאַפּע השגה אין דרוק־ענינים (ניט אַזוי ווי יאַשיענסקיס שותף אין גראָדנע ר' ברוך מ"ס). דעריבער האָבן זיי אַרײַנגעזעצט אין דרוקערײַ אַ מענטש, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער יידישער דרוק־אַרבעט און האָט רעפּרעזענטירט זייערע אינטערעסן[28].

26 אין דער דיעצעזישער דרוקערײַ פון די גלחים־מיסיאָנערן זײַנען דערשינען פאַרשיידענע השכלה־ווערק, ווי למשל מ. א. גינצבורגס „גלות ארץ החדשה" (1823) א"אנר.

27 געווען פון די חשובסטע פּערזענלעכקייטן אין פּאָליצייִשן ווילנע, אַ גרויסער למדן. דער באַוווסטער ד' שאולקע קאַצענעלנבויגן האָט געזאָגט, אַז „נאָכן טויט פון ד' לייבל ר' טוביהס איז בטל געוואָרן די ליבשאַפט צו תורה".

28 איך האָב געזען זײַן חתימה אויף אַ אָנקלאַגע, וואָס ער האָט דעם 12טן נאָוועמבער 1799 אַרײַנגעטראָגן צו דער מאַגיסטראַט „אין

צוויי זעצער זײַנען באַוווּסט, וואָס האָבן געאַרבעט אין יאַשיענסקיס ווילנער דרוקערײַ בעת איר התחלה אין 1799[29]. דאָס זײַנען: מרדכי בן משולם פאַלק פון קאַמינקע[30] און אליקום געצל בן בצלאל פון גראָדנע.

יאַשיענסקי האָט ניט געהאַט קײַן מזל צו ווילנע. דאָס שותפות האָט ניט אָנגעהאַלטן און נאָך אַ גאָר קורצער צײַט האָבן זיך אָנגעהויבן סיכסוכים. די יידישע שותפים זײַנען סוף 1799 אַרויס קעגן אים מיט טענות, אַז ער האָט ניט אויסגעפירט דעם אָפּמאַך, וואָס ער האָט מיט זיי געשלאָסן און דער סוף איז געווען אַ ביטערער — ער האָט אָנגעזעצט און די דרוקערײַ איז פאַר די חובות אַרויסגעשטעלט געוואָרן צום פאַרקויף אויף ליציטאַציע.

גראָד דעמאָלט איז דער ווילנער אוניווערסיטעט צוגעטרעטן צו רעאָרגאַניזירן זײַן דרוק, די אַזוי גערופענע „אַקאַדעמישע דרוקערײַ" (Drukarnia Akademicka). די דאָזיקע דרוקערײַ האָט זיך געפונען אין אַ שלעכטן און אָפּגעלאָזטן צושטאַנד און האָט נייטיק געהאַט אַ גרינדלעכע באַנײַאונג. פון דער סומע, וואָס איז אויף דעם צוועק אַסיגנירט געוואָרן, האָט דער אוניווערסיטעט אין אָנהייב 1804 פאַר 1037 רובל אָפּגעקויפט אויף דער ליציטאַציע די פרעסן און דעם שריפט פון יאַשיענסקיס דרוקערײַ. דערונטער איז, פאַרשטייט זיך, אויך געווען דער יידישער שריפט. אין דעם אינווענטאַר פון פאַרשיידענע שריפטן, וואָס די אוניווערסיטעטישע דרוקערײַ האָט פאַרמאָגט (אין מערץ 1804), פיגורירן בערך 300 פונט העברעיִשער שריפט, וואָס טויגן צום געברויך[31]. דערמיט האָט זיך דער גלגול פון יאַשיענסקיס דרוקערײַ נאָך ניט פאַרענדיקט.

אין 1805 האָט דער שפּעטער אַזוי באַרימטער פּוילישער מדפיס און פאַרלעגער יוזעף זאַוואַדזקי[32] געעפנט זײַן דרוקערײַ. אין זעלביקן יאָר האָט דער ווילנער אוניווערסיטעט געשלאָסן מיט זאַוואַדזקין אַ אָפּמאַך, לויט וועלכן דער אוניווערסיטעט האָט ליקווידירט זײַן דרוקערײַ און זאַוואַדזקי האָט איבערגענומען איר גאַנצן אינווענטאַר צוזאַמען מיטן טעכנישן שטאַט אויף זײַן חשבון[33]. פון

נאָמען פון בן דת משה זלמן בן אורי, טוביה בן אברהם און זייער איבעריקער גאַנצער קאָמפּאַניע ווילנער סוחרים און בעלי־בתים קעגן דעם האַר יאַן יאַשיענסקי, דעם גראָדנער מדפיס און בירגער" אין די ענינים פון דרוקן יידישע ספרים. ער איז אונטערגעשריבן אויף העברעיִש: „נאום ירחמיאל בא"א מהור"ר מרדכי נאמן בדרוקרנא".

29 זע דעם אויבנדערמאָנטן „עטרת ישועה". אַגב איז אויף דעם ספר פאַראַן אַ לויף־נומער, וועלכער ווײַזט, אַז דער „עטרת ישועה" איז דאָס זיבעטע ספר, וואָס איז אַרויס פון יאַשיענסקיס דרוקערײַ אין ווילנע.

30 אַ שטעטל אין פּאָדאָליער קאַנט.

31 מלובישער אַרכיוו אין ווילנע, זאַמלונגען פון אַמאָליקן ווילנער אוניווערסיטעט, פּאַסט' 17 פון יאָר 1804.

32 זײַן דרוקערײַ, פאַרלאַג און בוכגעשעפט עקסיסטירט אין ווילנע עד־היום.

33 זע אַבראַמאָוויטש, דצ"ח ז"ו 85—83.

איבערנעם=פּראָטאָקאָל איז צו זען, אַז זאַוואַדזקי האָט אין 1805 באַקומען צ״אַ דעם ייִדישן שריפט בשלמות. דער ייִדישער שריפט פון יאַשיענסקיס דרוקעריי האָט בכן איצט איבערגעוואַנדערט צו אַ נייעם באַלעבאָס.

די אוניווערסיטעטישע דרוקערײַ האָט דעם ייִדישן שריפט לחלוטין ניט געהאַט אויסגענוצט און אין שטאַט זעצער, וועלכע זײַנען פון אוניווערסיטעט אַריבערגעגאַנגען צו זאַוואַרזקין איז ניט געווען קיין איין ייִד. אַנדערש איז אָבער געווען אין דער דרוקערײַ בײַ זאַוואַדזקין.

זאַוואַדזקי איז געווען אַ אונטערנעמער מיט אַ סך אינטעליגענץ, איניציאַטיווע און ענערגיע. דאָס רעאָרגאַניזירן די אָנגעטרויטע דרוקערײַ האָט ער אָנגעהויבן פון באַשטעלן בײַ זימלען אין גראָדנע נײַעם שריפט [34]: לאַטייניש, פּויליש, רוסיש, גריכיש און אויך העברעיִש.

גלײַכצײַטיק האָט ער אײַנגעקויפט נײַע פּרעסן און האָט פאַרגרעסערט דעם שטאַט אַרבעטער. אין משך פון עטלעכע יאָר איז ער געוואָרן דער גרעסטער מדפּיס און פאַרלעגער אין ליטע.

בײַ דער פאַמיליע זאַוואַדזקי אין ווילנע האָט זיך אויפגעהיט יוזעף זאַוואַדזקיס פּריוואַט=אַרכיוו בנוגע די ענינים פון דער דרוקערײַ אין יענער צײַט. די מאַטעריאַלן פון דאָזיקן אַרכיוו, וואָס האָבן אַ ערשטראַנגיקע באַדײַטונג פאַר דער געשיכטע פון פּוילישן דרוק= און פאַרלאַג=וועזן, ווערן איצט פאַרעפנטלעכט דורך דער ווילנער „געזעלשאַפט פרײַנד פון דער וויסנשאַפט״ (Towarzystwo Przyjaciół Nauk) [35]. אין די מאַטעריאַלן זײַנען פאַראַן אויך וויכטיקע ידיעות וועגן שייכות פון ייִדן צו דער דאָזיקער דרוקערײַ.

צ״אַ איז דאָרט פאַראַן אַ נאָמענטלעכע רשימה פון שטאַט אין זאַוואַדזקיס דרוקערײַ סוף 1805. סך=הכל האָבן דעמאָלט געאַרבעט בײַ זאַוואַדזקין 34 זעצער און פּרעסן=ציִער און צווישן זיי צוויי ייִדן: בער בן זעליק (Berko Zelikowicz) און מרדכי בן פאַלק (Mortel Falkenowicz) [36].

אַז אין זאַוואַדזקיס מדפּיסישע פּלענער האָט דאָס דרוקן ייִדישע ספרים פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט, באַווײַזט דאָס שאַפן בײַ דער דרוקערײַ אַפילו אַ ספּעציעלע ייִדישע אָפּטיילונג. אין אַדרעסן=קאַלענדאַר, וואָס דער ווילנער אוניווערסיטעט האָט אַרויסגעגעבן צום יאָר 1807, ווערט אינפאָרמירט וועגן זאַוואַדזקיס דרוקערײַ, אַז זי איז אַ אַנשטאַלט, וואָס באַשטייט פון דרײַ באַזונדערע דרוקערײַען מיט באַזונדערע אָנפירער, איינע פון זיי איז די העברעיִשע דרוקערײַ אונטער דער אָנפירונג פון מאַנועל בן ברוך (prot Manuel Boruchowicz) [37]. דאָס איז דער

---

34 לעלעוועל, דערציילנדיק וועגן דער פאַנײַונג פון רער אוניווערסיטעטישער דרוקעריי דורך זאַוואַדזקין, שרײַבט אַזוי: „זאַוואַדזקין איז לײַכטער אָנגעקומען דאָס אויפפרישן די פאַרעלטערטע דרוקערײַ, מחמת ער האָט געהאַט נאָענט אין גראָדנע דעם טומההדיקן ייִדישן גיסער זימל נאָכימאָוויטש, אַ זון פון דעם, וואָס טיזנהויז האָט אים אַנומלט אַראָפּגעבראַכט״. בײַ דער געלעגנהײַט כאַראַקטעריזירט לעלעוועל מיט אַזעלכע ווערטער זימלס אַרבעט: „עס האָט גאָרניט געפעלט דער גוטער קוואַליטעט פון זימלס שריפט, וואָס האָט זיך געקענט פאַרגלײַכן מיט דעם בעסטן אין אייראָפּע. אַ גלאַטער, שטייט געווּג לײַכט, זעלטן ניט גלײַך, האָט דער שריפט אפשר ניט קיין רייץ, אָבער ער פאַרמאָגט אַ פײַנעם שאָטן און אומגעצוווּנגענע פשטות. און גלײַך שיין איז זימלס לאַטיינישער שריפט ווי דער העברעיִשער און רוסישער״ [לעלעוועל, דצ״ו ב׳ I ז׳ 226].

אַז זאַוואַדזקי האָט אָנערקענט זימלס פאַרדינסט פאַר זײַן דרוקערײַ, באַווײַזט די ווײַטערדיקע צײַגעניש, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1816 זימלען, ווען דער האָט זיך באַמיט צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף צו עפענען אַ דרוקערײַ אין ווילנע:

ווילנע, דעם 3טן מערץ 1816. איך אונטערגעשריבענער באַשטעטיק, אַז אָנגעהויבן פון 24סטן מערץ 1806, ווען איך האָב געדאַרפט גיסן פאַרשיידענעם דרוקערשן שריפט פאַר דער אוניווערסיטעטישער דרוקערײַ, האָב איך זיך געווענדט צום הער זימעל נאָכימאָוויטש, דעם גראָדנער שריפטגיסער און מדפּיס דער דערמאָנטער הער זימעל נאָכימאָוויטש האָט ניט בלויז ערלעך באַדינט די אוניווערסיטעטישע דרוקערײַ אויף דעם געביט, נאָר ער האָט אויך געגעבן באַווײַזן, אַז ער איז אַ ניט געוויינלעכער קינסטלער אין דער קונסט פון שריפטגיסערײַ אַזוי ווײַט, אַז דער שריפט פון אַלע מינים... וואָס ער האָט געגאָסן פאַר דער אוניווערסיטעטישער דרוקערײַ, איז לחלוטין ניט געווען הינטערשטעליק לגבי אויסלענדישן, אַדאַנק וואָס ער האָט זיך פאַרדינט באַזונדערע אַכטונג בײַם געבילדעטן עולם אין ליטע, און דער שריפט, וואָס ער האָט אין יאָר 1811 געגאָסן פאַר דער מלוכישער דרוקערײַ אין וואַרשע, האָט באַשטעטיקט די גוטע מיינונג וועגן אים. אַלס ראיה דערויף שרײַב איך אונטער די דאָזיקע צײַגעניש מיט מײַן אייגענער האַנט.

יוזעף זאַוואַדזקי, מדפּיס פון אוניווערסיטעט.

אַגב, ענלעכע צײַגענישן און לויב-בריוו האָט זימל געהאַט אויך פון אַנדערע גרויסע ניט-ייִדישע דרוקערײַען, וועמען ער האָט צוגעשטעלט שריפט, ווי למשל די דיעצעזישע (מיסיאָנערישע) דרוקערײַ אין ווילנע, די דרוקערײַ פון די גלחים-פּיִאַרן אין ווילנע, די הויף-דרוקערײַ פון זאַוואַדזקי און וועגצקי אין וואַרשע, די דרוקערײַ פון די פאַרוועסטע גלחים-קאַרמעליטן אין בערדיטשעוו א״אַ.

35 די מוסטערהאַפטע אויסגאַבע ווערט צוגעגרייט צום דרוק דורך דעם ווילנער ביבליאָלאָג טאַדעוש טורקאָווסקי. דערווײַל איז אַרויס דער ערשטער באַנד אַ״ט „מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער ליטעראַטור און אויפקלערונג פונעם אַרכיוו פון דער דרוקערײַ און בוכגעשעפט פון יוזעף זאַוואַדזקי אין ווילנע״ (פּויליש) ב׳ I, ווילנע 1935, ז״ז XVI + 425. עס זײַנען פאָרגעזען נאָך 3 בענדער פון דער אויסגאַבע.

36 דאָס איז דער מרדכי בן משולם פאַלק פון קאַמינקע, וועלכער ווערט אויכן דערמאָנט ווי אַ זעצער פון יאַשיענסקיס דרוקערײַ אין ווילנע אין 1799. זע דצ״ו זאַוואַדזקיס מאַטעריאַלן ז׳ 376—377. אין דער רשימה איז פאַראַן נאָך אַ זעצער, וועלכער איז מן הסתם געווען אַ ייִד, אָבער בנוגע זײַן ייִדישקײַט בין איך ניט אינגאַנצן זיכער. דאָס איז אַ געוויסער בענעדיקט פרענקעל, וועלכער ווערט אויך אָנגערופן בנימין (Benjamin) פרענקעל. ער איז געקומען קיין ווילנע פון זאַקסן און אין 1807 איז ער אַוועק פון דאַנען אין קאַזאַנער גובערניע.

עס איז אַגב טשיקאַווע געוויר צו ווערן פון זאַוואַדזקיס חשבונות, ווי גרויס עס איז געווען די שכירות פון דרוקער-אַרבעטער אין יענער צײַט. אין 1805—1807 האָט בײַ זאַוואַדזקין באַקומען אַ זעצער—40 זילבער-רובל אַ חודש, אַ פּרעסנציִער—30, אַ לייגער—15 און אַ קאָרעקטאָר 25 זילבער-רובל אַ חודש. ווי מען זעט, איז די אַרבעט פון אַ זעצער אָפּגעשאַצט געוואָרן צום טײַערסטן.

37 זע: Kalendarz Adresowy dla Wydziału Uniwersytetu Imperatorskiego Wileńskiego na rok 1807 ווילנע, ז׳ 133.

גאַכדעם ווי דער צענטער פון דרוקן ייִדישע ספרים איז אַרי-



באַוווסטער ר' מאַנע, וועלכער האָט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער אָנגענומען דעם פאַמיליע-נאָמען ר אָ ם.

ביי דעם אַלעמען מוז אונדז וווּנדערן, וואָס עס זיינען ניט באַקאַנט קיין ייִדישע ספרים, וועלכע זאָלן האָבן גע-דרוקט געוואָרן ביי זאַוואַדזקין אין יענע יאָרן, אַחוץ די פּויליש-העברעיִשע לערנביכער פון זשוקאָווסקין [38]. איך בין דעריבער משער, אַז די ספרים, וועלכע זיינען אין יענער צייט (ביז נאָך 1810) אַרויס אין ווילנע מיט דעם אָנווייז, אַז זיי זיינען געדרוקט ביי מנחם מן בן ר' ברוך (ראָם), זיינען געדרוקט געוואָרן אין דער דערמאָנטער ייִדישער אָפּטיילונג פון זאַוואַדזקיס דרוקעריי, וועלכע ר' מאַנע האָט אָנגעפירט. מען דאַרף אויך אָננעמען, אַז ר' מאַנע האָט זיך גע-האַט פאַרבונדן מיט זאַוואַדזקין אויף געוויסע יסודות, ווי אַמאָל זיין פאָטער אין גראָדנע מיט יאַשיענסקין.

אין דער דאָזיקער השערה פאַרפעסטיקט מיך דער פאַקט, וואָס אין די אָפיציעלע רשימות פון די ווילנער דרוקערייען ביז 1810 ווערט ניט דערמאָנט ר' מאַנעס ייִדישע דרוקעריי [39]. ווייזט אויס, אַז ער האָט ניט געהאַט קיין קאָנצעסיע פון דער מאַכט צו עפענען אַ דרוקעריי אויף זיין נאָמען און ער האָט דעריבער געמוזט פירן זיין דרוק אונטער פרעמדע פירמעס. איבעריקנס זיינען דאָס ענינים, וואָס וועלן האָפנטלעך אינגאַנצן אויפגעקלערט ווערן דורך ווייטערדיקע אַרכיוו-פאָרשונגען.

זייער אַ טיכטיקער און ענערגישער מענטש איז גע-ווען זאַוואַדזקיס זעצער בערקאָ זעליקאָוויטש [40]. ער האָט זיך גיך אַרויפגעאַרבעט און זאַוואַדזקי האָט אויסגענוצט אין אַ גרויסער מאָס זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע און סוחריש-אונטערנעמערישע פעיִקייטן. סוף 1806 האָט בערקאָ צוזאַמען מיט נאָך איינעם (אָנופרי לאָנטקעוויטש) אָנגעפירט די צווייטע אָפּטיילונג פון זאַוואַדזקיס דרוקעריי. הוצדעם האָט בערקאָ געהאָלפן זאַוואַדזקין פאַרשפּרייטן ביכער און זאַוואַדזקי האָט אים געפּלעגט שיקן אויף יאָרמערק מיט טראַנספּאָרטן ביכער צום פאַרקויפן [41].

בערקאָ זעליקאָוויטש, וועלכער האָט אָנגענומען דעם פאַמיליע-נאָמען נ יי מ אַ ן, האָט 1816 אָנגעפירט די גובער-ניאַלע מלוכישע דרוקעריי אין ווילנע און איז אויך באַ-וווּסט דערפון, וואָס אין 1817 האָט ער זיך געווענדט צו דער מאַכט וועגן ערלויבן אים אַרויסצוגעבן אין ווילנע אַ ייִדישע צייטונג [42]. ער האָט שפּעטער (אַרום 1820) גע-עפנט אין ווילנע אַן אייגענע דרוקעריי, פון וועלכער עס זיינען צ"אַ אַרויס די ווערק פון דעמאָלטיקן באַוווּסטן פּוילישן דיכטער סטאַניסלאַוו טרעמבעצקי [43] און אויך דער „ספר הקונדס" [44]. ער איז געשטאָרבן אין ווילנע סוף 1841 אין עלטער פון 63 יאָר.

## VI

דאָס וואָס איז אויבן געשריבן וועגן די באַזונדערע דרוקערייען אין גראָדנע און אין ווילנע, לאָזט זיך צונויפ-שטעלן אויף אַזאַ אופן:

---

בערגעטראָגן געוואָרן פון גראָדנע קיין ווילנע, האָט זיך אויך אַריבער-געקליבן אַהער (אין יאָר 1800) ר' ברוך מ"ס מיט זיין משפחה. ר' ברוך איז געשטאָרבן אין ווילנע פסח-צייט 1803, זיין זון מנחם מן (מאַנע) ווערט שוין דערמאָנט אַלס ווילנער מדפיס אויף ספרים, וואָס זיינען דאַ אַרויס, אָנגעהויבן פון 1802.

38 שימאָן פעליקס ז ש ו ק אָ וו ס ק י (1834—1782) איז געווען לעקטאָר פון העברעיִש אין ווילנער אוניווערסיטעט פון 1808 ביז 1831, ווען די צאַרישע מאַכט האָט דעם אוניווערסיטעט געשלאָסן. אַ געוויסע צייט איז ער אויך געווען צענזאָר פון ייִדישע ספרים. זשוקאָווסקי האָט פאַרפאַסט צוויי לערנביכער פון העברעיִש: 1) Początki języka hebrayskiego ווילנע 1809 און 2) Wypisy hebrayskie ווילנע 1811—ביידע זיינען אַרויס ביי זאַוואַדזקין. אויפן ערשטן לערנבוך איז אָנגעוויזן, אַז עס איז געזעצט געוואָרן דורך דעם אויבנדערמאָנטן „דוב בן אהרן זעלינ".

39 סגל' א) Сборник материалов для истории просвещения в России ב. II פעטערבורג 1897 ז"ז 76—77 און 131—133 בנוגע דער צייט 1802—1804. ב) דעם אויבנדערמאָנטן ווילנער „אַדרעסן-קאַלענדאַר" 1807. ג) אַרכיוו פון ווילנער גענעראַל-גובערנאַטאָר, 1803 מאַטצ' 480. ד) Периодическое сочинение о успехах народного просвещения נומ. XXIV, אויסגאַבע פון דער קייזער-לעכער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע, פעטערבורג 1810 א"אַנד.

40 לויט די „סקאַזקעס" פון ווילנער קהל, איז בערקאָ זעלי-קאָוויטש געקומען קיין ווילנע פון גראָדנע און אין 1813 איז ער אַלט געווען 35 יאָר.

41 אין אַרכיוו פון די זאַוואַדזקיס געפינט זיך אַ קאָפּיע פון אַ בקשה, וואָס יוזעף זאַוואַדזקי האָט דעם 21טן יולי 1807 געשיקט צום רעקטאָר פון ווילנער אוניווערסיטעט בזה הלשון: „בערקאָ זעלי-קאָוויטש, אַ זעצער אין דער דרוקעריי פון אוניווערסיטעט, פאָרט מיט ביכער קיין זעלווע און אין אַנדערע מקומות פון גראָדנער גובערניע אין דעם ענין. איך בעט אייער עקסעלענץ אַרויסגעבן אים אַ צייגעניש כדי צו באַקומען אַ אַמטלעכן פּאַספּאָרט". ז ע ל וו ע (אַ שטעטל אין וואָלקאָווויסקער קרייז) האָט דעמאָלט געהאַט מיט אירע גרויסע יאָרמערק אין מען האָט איר פאַרגלייכט שיר ניט מיט לייפּציג.
זע טורקאָווסקי, דצ"ח ז' 392.

42 י. נעסטען, „צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער פּרעסע אין רוסלאַנד", אין „דאָס לעבן", פעטערבורג 1903, נומ' 86.

43 צו דער דריטער אויפלאַגע פון טרעמבעצקיס ווערק, וואָס ניימאַן האָט אַרויסגעגעבן אין 1822, האָט ער באַשטעלט ביים יונגן אָדאַם מיצקעוויטש אַ קאָמענטאַר צו דער פּאָעמע „Zofjówka" פאַר אַ באַשטימטן האָנאָראַר. אַזוי אַרום איז ניימאַן געווען דער ערשטער אַרויסגעבער, מיט וועלכן דער גרויסער פּוילישער דיכטער איז [illegible] אין באַציִונגען ווי אַ ליטעראַט.
סגל' פּ. קאָן, „אַ ווילנער ייִדישער מדפיס — דער ערשטער אַרויסגעבער פון מיצקעוויטשן" אין „מאָמענט" פון 28טן דעצ' 1934.

44 די באַריכטע פּאַראָדיע איז אַרויס 1824 ווילנער ראָשי-הקהל זיינען געווען אַזוי אויפגעבראַכט פון איר אינהאַלט, וועלכער איז געווען געווענדט קעגן געוויסע ווילנער „פּני", אַז פון כעס האָבן זיי פאַרברענט די גאַנצע אויפלאַגע פון דער פּאַראָדיע. דער איינציקער עקזעמפּלאַר פון „ספר הקונדס", וועלכער איז ניצול געוואָרן פון דער עקזעקוציע, געפינט זיך אין דער ווילנער אוניווערסיטעטישער ביבליאָטעק.
סגל' פּ. קאָן, „האקסמפלר היחידי של „ספר הקונדס" אין „קרית ספר" ב' 8.





אין 1785 האָט טיזנהויז אַראָפּגעבראַכט קיַין גראָדנע דעם סאָקאָלער יידישן שריפטגיסער נחום מיט זיַין פאַמיליע. אַדאַנק דעם האָט די גראָדנער קיניגלעכע דרוקעריַי באַקומען ייִדישן שריפט און האָט געקאָנט אָנהייבן דרוקן אויך ייִדישע ספרים. דאָס ערשטע ספר איז אַרויס פון דער דאָזיקער דרוקעריַי אין יאָר 1788. די ספרים זיַינען געדרוקט געוואָרן אָדער לויט דער באַשטעלונג פון מחבר אָדער לויט דער איניציאַטיוו און אין פאַרלאַג פון די אָרטיקע מוכרי-ספרים: ר' ברוך בן ר' יוסף, דעם שטאַמפאָטער פון די ראָמס אָדער ר' בנימין בישקע. אין די 90קער יאָרן איז די דרוקעריַי אַריבער צום ווילנער ביסקופ קאָסאַקאָווסקי, בלייבנדיק לפי שעה וויַיטער אין גראָדנע.

אין 1794 האָט יאַן יאַשיענסקי געעפנט אין גראָדנע אַ צווייטע דרוקעריַי, וועלכע האָט אויך אָנגעהויבן דרוקן יידישע ספרים. יאַשיענסקי האָט געפירט זיַין דרוקעריַי בשותפות מיט די מוכרי-ספרים: דעם אויבנדערמאָנטן ר' ברוך בן יוסף פון גראָדנע און ר' ברוך בן הירש פון נאָווידוואָר. ייִדישן שריפט פאַר יאַשיענסקיס דרוקעריַי האָט מען געבראַכט פון נאָווידוואָר.

די דאָזיקע צוויי דרוקעריַיען זיַינען אין 1799 אַריבערגעטראָגן געוואָרן פון גראָדנע קיַין ווילנע און היות ביידע האָבן געהאַט ייִדישן שריפט, האָבן זיי אויך אין ווילנע געקענט דרוקן ייִדישע ספרים.

פון דער אַמאָליקער גראָדנער קיניגלעכער דרוקעריַי האָט דער ביסקופ קאָסאַקאָווסקי אין 1799 געשאַפן די דיעצעזישע דרוקעריַי אין ווילנע, וועלכע עס האָט אָנגעפירט דער גלח יאָזאַפאַט מירסקי. לכתחילה האָט די דיעצעזישע דרוקעריַי געדרוקט לויט דער באַשטעלונג פון די ווילנער ייִדן ר' גרשון בן ר' יחיאל לוריא און ר' משה בן מנחם מענדל. באַלד אָבער (1799) האָט זיך איַינגעשטעלט אַ שותּפות צווישן דער דיעצעזישער דרוקעריַי מיט פיר ווילנער בעלי-בתים: מיט די צוויי אויבנדערמאָנטע און נאָך צוויי, ר' אריה לייב בן יחיאל לוריא און ר' אריה לייב בן דוד רי"ט. אין 1805 איז די דיעצעזישע דרוקעריַי אַריבער צו די ווילנער גלחים-מיסיאָנערן און האָט באַקומען אַ ניַיעם אָנפירער, דעם גלח יאָזאַפאַט לאַודאַנסקי. אין דעם פעריאָד זיַינען פון דער דרוקעריַי אויך אַרויס ייִדישע ספרים און מן-הסתם האָט אויך אין דער ציַיט פון גלח לאַודאַנסקי די דרוקעריַי געהאַט ייִדישע שותּפים צום דרוקן ספרים, אָבער ווער זיי זיַינען געווען, איז ניט באַוווּסט.

יאַשיענסקי האָט זיַין דרוקעריַי, וואָס ער האָט אַריבערגעפירט פון גראָדנע, געעפנט אין ווילנע אין 1799 און האָט דאָ גליַיך געשלאָסן שותּפות מיט אַ גרופּע פון ווילנער „פני": ר' טוביה ב"ר אברהם אבלי, ר' אריה לייב ב"ר טוביה, ר' זלמן ר' אוריס א"אַ. דאָ האָט ער תּיכּף אָנגעהויבן צו דרוקן ייִדישע ספרים. אָנהייב 1804 איז זיַין דרוקעריַי אַריבער צום ווילנער אוניווערסיטעט און אין וויַיטערדיקן גילגול אַ יאָר שפּעטער — 1805 — צו יוזעף זאַוואַדזקי, וועלכער האָט אַרום 1807 געשאַפן ביַי זיַין דרוקעריַי אַ ספּעציעלע העברעיִשע אָפּטיילונג.

אין די אָפיציעלע רשימות פון די ווילנער דרוקעריַיען ביז 1810 פיגורירט ניט קיַין באַזונדערע ייִדישע דרוקעריַי און בפרט ניט אַזעלכע, וואָס זאָל האָבן געהערט צו די ראָמס, הגם שוין פון 1802 זיַינען פאַראַן ספרים, וועלכע זיַינען אַרויס אין ווילנע מיטן אָנוויַיז, אַז זיי זיַינען געדרוקט ביַי מאַנעס ראָם (ר' ברוכס זון).

וואָס עס איז אונז אויף זיכער באַוווּסט וועגן דער מדפּיסישער טעטיקייט פון די ראָמס ביז 1810 איז אָט וואָס:

דער ראש פון דער משפּחה, דער גראָדנער מו"ס ר' ברוך, האָט אָנגעהויבן צו דרוקן ספרים נאָך אין דער גראָדנער קיניגלעכער דרוקעריַי. זיַיט 1794 איז ער געווען שותּף צו יאַשיענסקיס דרוקעריַי אין גראָדנע און האָט מיט אים געדרוקט ייִדישע ספרים. ווען ביידע גראָדנער דרוקעריַיען האָבן זיך אין 1799 אַריבערגעטראָגן קיַין ווילנע, האָט ר' ברוך מיט זיַין פאַמיליע אויך פאַרלאָזט גראָדנע און זיך באַזעצט אין ווילנע (1800). ר' ברוך איז געשטאָרבן אין ווילנע אין 1803. זיַין זון מאַנעס פיגורירט שוין אַלס ווילנער מדפּיס אויף שערים פון ספרים אָנגעהויבן פון 1802. היות מיר ווייסן אָבער, אַז ער האָט ניט געהאַט קיַין קאָנצעסיע אויף אַ דרוקעריַי אין יענער ציַיט, באַטיַיט דער אָנוויַיז אויף די שערים, אַז מאַנעס ראָם האָט די ספרים אָפּגעדרוקט אין איינער פון די צוויי ווילנער ניט-ייִדישע דרוקעריַיען, וואָס האָבן געדרוקט ייִדישע ספרים. אין 1807 האָט מאַנעס ראָם אָנגעפירט די העברעיִשע אָפּטיילונג פון זאַוואַדזקיס דרוקעריַי אין ווילנע.

וואָס איז נוגע די ייִדישע זעצער, וואָס האָבן געאַרבעט אין גראָדנע און ווילנע, זעען מיר, אַז די ערשטע זעצער זיַינען געקומען פון וואָלין, שפּעטער אויך פון נאָווידוואָר און שקלאָוו, וואו עס זיַינען שוין פריער געווען ייִדישע דרוקעריַיען.

א. פרידקין

# צו דער געשיכטע פון דער יידישער דרוקער-אַרבעטער-באַוועגונג אין ווילנע

די געשיכטע פון יידישע דרוקער-אַרבעטער אין ווילנע איז, אייגנטלעך, די געשיכטע פון יידישן דרוק-וועזן אין ווילנע, וואָס ציילט איר אָנהייב פון די סוף 90ער יאָרן פון 18טן י״ה, ווען פוילן איז צעטיילט געוואָרן צום לעצטן מאָל דורך קאַטערינען און ליטע איז פאַרייניקט געוואָרן צו רוסלאַנד.

בשעת ווילנע איז געוואָרן די ערשטע גובערניאַלע שטאָט פון ליטע, האָט די רוסישע מאַכט געוואָלט, אַז אַלע יידישע דרוקערייען זאָלן זיך אַהער אַריבערטראָגן, כּדי די צענזור זאָל אויף זיי קענען האָבן אַ גרעסערע השגחה, און אַזוי האָבן זיך אין ווילנע אָנגעהויבן קאָנצענטרירן יידישע דרוקערייען, און אויך ראָם האָט אַריבערגעטראָגן אין ווילנע זיין דרוקעריי, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין גראָדנע.

יידישע דרוקערייען אין ווילנע זיינען געגרינדעט געוואָרן נאָך פאַר ראָמען. דער ערשטער האָט געגרינדעט אַ יידישע דרוקעריי אין ווילנע אין 1789 דער ווילנער תושב ר׳ טוביה ב״ר אברהם-אבא, אָדער טוביה פייגעס, און זיין זון אריה-לייב. דערנאָך זיינען געקומען די ברידער אריה-לייב און גרשון טעמקעס[1] מיט די שותּפים דוד ריט און משה ב״ר מנחם-מענדל, און ערשט דער דריטער דרוקער איז געווען ברוך ר׳ם, דער גרינדער פון דער שפּעטער באַרימטגעוואָרענער דרוקער- און פאַרלעגער-דינאַסטיע „די אלמנה און די ברידער ראָם״[2].

אָנהייב 19טן י״ה שאַפט זיך אויך דער ווילנער אוניווערסיטעט איין יידישע שריפט און לאָזט אַרויס ספרימלעך פון אַ מאָדערנעם אינהאַלט. די דאָזיקע דרוקעריי איז שפּעטער אַריבערגעגאַנגען צום באַרימטן פוילישן דרוקער און פאַרלעגער יוזעף זאַוואַדסקי, וואָס האָט געדרוקט יידישע ווערק און באַשעפטיקט אויך יידישע זעצער.

אַזוי-אַרום האָט ווילנע, סוף 18טן און אָנהייב 19טן י״ה, אָנגעהויבן ווערן אַן אָרט פון יידישע דרוקערייען, און דאָס האָט במילא אַרויסגערופן צום לעבן דעם דרוקער-פאַך, און פון דעמאָלט אָן דאַרף מען דאַטירן די אַנטשטייאונג פון דעם יידישן דרוקער-אַרבעטער אין ווילנע.

די ערשטע יידישע דרוקער-אַרבעטער האָט מען אַראָפּגעבראַכט פון גראָדנע, פון פוילן, פון גאַליציע און פון רייסן. צום סוף פון דער תוספתא, געדרוקט אין 1799, אין דער דרוקעריי פון גרשון טעמקעס, געפינען זיך די אונטערשריפטן פון די זעצער דוב-בער פון אָסטראָוועצע (פוילן), אברהם-אבא פון גראָדנע און דוד פון שקלאָוו.

די אַנטוויקלונג פון דעם דרוקער-וועזן איז געגאַנגען ווייטער. אין 1818 האָט געעפנט אַ דרוקעריי אויף יאָן-גאַס בער ניימאַן, דער זעלבער, וואָס האָט אין 1817 געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט די משכּילים וועגן אַרויסגעבן אַ צייטונג אויף יידיש. אַ ביסל שפּעטער, אין 1829, איז אויפגעקומען די דרוקעריי און פאַרלאַג פון אברהם-יצחק דוואָרזשעץ, וואָס האָט עקסיסטירט אַ ריי מיט יאָרן און האָט אַרויסגעלאָזן אַ סך ספרים פון רעליגיעזן און וועלטלעכן אינהאַלט.

אין 1833 איז געגרינדעט געוואָרן די דרוקעריי פון שמואל בלומאָוויטש, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן בעת דער באַרימטער גזירה אויף יידישע דרוקערייען, צוזאַמען מיט אַלע יידישע דרוקערייען, אין 1837. שפּעטער איז זי אַריבער אויף רוסיש און האָט אָפּגעעקסיסטירט ביז האַרט פאַר דער וועלט-מלחמה אין 1914.

אין 1835 האָט ליפּמאַן מאַצס שווער, דער אותיות-גיסער בנימין ב״ר דוד-אריה ראָטנבערג, געעפנט אַ דרוקעריי, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער יסוד פון דער פירמע „מאַץ״ און האָט אַרויסגעלאָזן הונדערטער מינים פון פאַרשיידענעם אינהאַלט אויפן יידישן ביכער-מאַרק.

ווילנע האָט אַזוי-אַרום איבערגענומען די העגעמאָניע פון דעם יידישן דרוק-וועזן, וואָס איז הונדערטער יאָרן נאָכאַנאַנד געווען ביי קראָקע, לעמבערג (אָדער לבוב), אַמסטערדאַם, לובלין און אַנדערע שטעט. ווילנע קאָנצענטרירט ביסלעכווייז ביי זיך כּמעט דעם גרעסטן טייל פון דער יידישער ספרים-פּראָדוקציע. דאָס רופט במילא אַרויס צום לעבן גרויסע קאַדרעס דרוקער-אַרבעטער, וואָס ספּעציאַליזירן

[1] גרשון טעמקעס איז נאָך ביז היינט אַ פּאָפּולערער נאָמען אין ווילנע. עס איז נאָך דאָ אַ הויף אין יידישע גאַס, וואָס טראָגט דעם נאָמען „גרשון טעמקעס הויף״.

[2] ס׳איז אויך געווען אַ מיסיאָנערישע דרוק, וואָס האָט געדרוקט יידישע ספרים.

זיך גרינטלעך אין זייער פאַך. די אַרבעט גייט מיט דער צײַט אַוועק אַלץ ווײַטער פון איר פרימיטיוון צושטאַנד, נעמט זיך אַלץ מער פאַרפולקומען און ווערט מיט דער צײַט אַלץ מער פאַכמעניש. עס שאַפט זיך אַן אייגנאַרטיקער סטיל אין דער אַרבעט, וואָס ווערט אַ טראַדיציע און גייט איבער לדורות.

שפּעטער קומט אויף אַ נײַער צווײַג, דאָס רוסישע דרוק-וועזן, וואָס איז אין ווילנע כּמעט דורכויס געלעגן אין יידישע הענט און האָט באַשעפטיקט כּמעט דורכויס יידישע אַרבעטער. עס קומען אויף מיט דער צײַט דרוקערײַ-וואַרשטאַטן מיט אַ סך יידישע אַרבעטער, און דאָס ברענגט במילא צו דער פאַרבעסערונג פון זייערע אַרבעטס-תּנאים, ביז זיי קומען, סוף כּל סוף, אויפן וועג פון אָרגאַניזאַציע און שאַפן זייער פאַריין, וואָס דאַרף פאַרטיידיקן זייערע פּראָפעסיאָנעלן אינטערעסן — דעם „פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון יידישע דרוקער-אַרבעטער אין ווילנע".

אָבער הגם עס זײַנען געווען אַ סך דרוקערײַען אין ווילנע, איז די אַנטוויקלונג פון דעם דרוקער-פאַך געווען פאַרבונדן מער מיט ראָמס דרוקערײַ, ווײַל די טעטיקסטע פון אַלע דרוקערײַען איז געווען ראָמס דרוקערײַ.

די ראָמס זײַנען געווען גרעסערע געשעפטס-מענטשן מיט גרעסערע פּלענער און אַ קאָלאָסאַל גרעסערן פאַרנעם, ווי די איבעריקע דרוקער, און די יידישע דרוקער-אַרבעטער האָבן מחמת דעם געפונען אַ גרעסערן אָרט, וווּ אָנצווווענדן זייערע הענט. בײַ ראָמען איז מען צום ערשטן מאָל צוגעטראָטן צו זעצן און דרוקן דעם ש"ס, וואָס האָט געדויערט מיט הפסקות 20 יאָר צײַט, אָנהייבנדיק די אַרבעט נאָך אין גראָדנע; בײַ ראָמען טרעט מען אויך צו צו דרוקן דעם תּנך. דאָס אַלץ האָט במילא געפאָדערט אַ גרעסערע צאָל אַרבעטער. עס גייט אַוועק בלויז עטלעכע יאָר און ראָם טרעט ווידער צו צו דרוקן דעם ש"ס אין אַ נײַער אויפלאַגע, וואָס דויערט ווידער 10 יאָר, פון 1858 ביז 1868.

דער יידישער דרוקער-אַרבעטער, קען מען זאָגן, האָט מיט ראָמס דרוקערײַ פאַרבונדן זײַן גורל אויף אַ משך פון איבער הונדערט יאָר, ביז האַרט נאָך דער וועלט-מלחמה, ווען די דרוקערײַ איז, צוליב די ספּעציפישע תּנאים פון דער צײַט, אײַנגעגאַנגען אַראָפּ פון דער סצענע.

דער יידישער דרוקער-אַרבעטער האָט דאָ דורכגעמאַכט אַלע עטאַפּן אי פון זײַן אייגענער אַנטוויקלונג, אי פון דער אַנטוויקלונג פון דער דרוקערײַ, פון דעם מאָמענט, ווען די דרוקערײַ איז נאָך געווען קליין און האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אין פאַרשיידענע פרעמדע דירות, צו ערשט, אין אָנהייב די 20ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, אויף שלאָס-גאַס, אין הויף פון דער קאַפּיטולע, דערנאָך אין 1827 אויף דײַטשע גאַס, שפּעטער אין 1835 אין ברוך שרײַבערס הויף אויפן ראָג זשאַנדאַרמסקע און געאָרגיעווסקי-פּראָספּעקט און איצטיקע יאַגעלאָנסקע און מיצקעוויטש-גאַס, וווּ די דרוקערײַ לעבט איבער אַ קאַטאַסטראָפע, אַ גרויסע שרפה, וואָס מאַכט אַ תּל כּמעט פון גאַנצן אינווענטאַר [1]. ערשט נאָך דער קרימער מלחמה הייבט זי אָן ווײַטער אויפצולעבן, קלײַבט זיך אַריבער אין אייגענעם הויף, אויף יודע-מאַנסקעס זאַווולק, איצטיקע שאַוועלסקע, אַמאָליקער זשמודסקי פּערעולאָק, און דאָרטן פאַרנעמט זי זיך פונדאַסנײַ אויף אַ ברייטן אופן, ביז זי קלײַבט זיך אַריבער אין איר ספּעציעל צו דעם צוועק אויסגעבויטן בנין, אויף צערקעוונע (אַמאָליקער דוכאָווסקי פּערעולאָק), וווּ זי דערגייט ביז איר גלאַנץ-פּעריאָד און וווּ זי לעבט אויך איבער איר ענדגילטיקן אונטערגאַנג.

בײַ ראָמען האָט זיך אויסגעפאָרמירט דער אַמאָליקער טיפּ יידישער זעצער, וואָס איז אין אַ משך פון איבער 70 — 80 יאָר געווען אַן אַווטאָריטעט פאַר דער איבעריקער מאַסע דרוקער-אַרבעטער, דער דאָזיקער טיפּ, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש סײַ מיט זײַן געדולדיקייט צו לאָזן זיך עקספּלואַטירן — און די עקספּלואַטאַציע איז דעמאָלט געווען אַ מוראדיקע — סײַ מיט זײַן הנהגה און געשמאַק בײַ דער אַרבעט, סײַ מיט זײַן וועלט-באַנעם, דער דאָזיקער טיפּ, וואָס אויסער דער דרוקערײַ האָט פאַר אים גאָרנישט ניט עקסיסטירט, דער דאָזיקער טיפּ, וואָס אויף זײַנע אויסגעהאָרעוועטע ביינערדיקע פּלייצעס האָבן די באַלעבאַטים פאַר אַ גראָשענעם לוין, פאַר קאַטאָרגע-אַרבעט פון אַ שקלאַף אויפגעשטעלט במשך פון יאָרצענדליקער דעם גרויסן בנין, וואָס האָט געקלונגען איבער דער וועלט, „דפוס האלמנה והאחים ראָם", און האָט ביסלעכווײַז, מיט גרויס עקשנות, אָפּגעטראָטן דעם אָרט די יינגערע, ביז ער איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן.

די באַדינגונגען און באַציִונגען בײַ ראָמען זײַנען געווען פּעאָדאַלע, ווי אומעטום אין אַלע וואַרשטאַטן אין אַמאָליקע צײַטן. בײַ ראָמען פלעגן די אַרבעטער אָפּזײַן צענדליקער יאָרן. עס זײַנען געווען אַרבעטער, וואָס זײַנען אָפּגעשטאַנען 50 — 60 און 70 יאָר בײַם זאַץ-קאַסטן. צוזאַמען מיט דער דרוקערײַ פלעגן די מענטשן, אַזוי ווי אַ לײַב-אייגנטום, איבערגיין בירושה, פון די אַלטע ראָמס צו די יונגע, און פון די יונגע צו די יינגערע.

געאַרבעט האָט מען 14 שעה אַ טאָג „על פּי דין". נאָר ווער האָט געקוקט אויפן דין! דאָס רוב האָט מען געאַרבעט „על פּי יושר", און דער יושר איז געווען, אַז אַן אַרבעט האָט מען ניט געקענט לאָזן ניט געענדיקט. און אויב, צום בײַשפּיל, ס'איז געוואָרן 10 אַזייגער אין אָוונט און מען האָט באַדאַרפט גיין אַהיים און עס האָט זיך גראָד אונטערגערוקט אַן אַרבעט — האָט מען אַוועקגעאַרבעט ביז 12 אַ זייגער און שפּעטער. דאָנערשטאָג בײַנאַכט, אַזוי ווי

1 אגב האָט ראָמס דרוקעריי דורכגעמאַכט ניט איין שרפה, אַזוי אַז ס'פלעגט אַרומגיין אײַזיק-מאיר דיקס אַ ווערטל: „אַז ווען מען זאָל אײַנשפּאַנען די פערד פון דער פײַערלעשער-קאָמאַנדע, וואָלטן זיי גלײַך געלאָפן צו ראָמס דרוק"...



אין קלויז אויפן „משמר", איז שוין געווען דער מנהג ניט צו שלאָפן און אַרבעטן אַ גאַנצע נאַכט. מען האָט גע־אַרבעט, ווי די אַרבעטער פלעגן זיך וויצלען, 30 שעה אין מעת־לעת [1].

ראָמס דרוקעריַי איז, אַזוי ווי דאָס מיליטער־דינסט בײַ ניקאָלאַי דעם ערשטן, געווען אַ שול פון האַרטער דיסציפּלין. זייערער אַ „מענטש" איז געווען פאַרהאַרטע־וועט ווי שטאָל. פאַר דער גאַנצער צײַט פון זייער 70־יאָריקער אַרבעט האָבן זיי זעלטן ווען פאַרפעלט אַ טאָג.

אָנגעהויבן האָט מען פון 2 רובל אַ וואָך, און בײַ 7 רובל איז מען געבליבן אויפן גאַנצן לעבן. אַנדערע זײַנען געבליבן בײַ 2 — 3 רובל אַ וואָך אויפן גאַנצן לעבן.

וועגן איינעם פון די גאָר עלטערע זעצער, יעקב־לייב שריפטזעצער, דערציילט מען, אַז ער האָט אָפּגעאַרבעט אַ לעבן פאַר 1 רובל 20 ק' אַ וואָך.

וועגן עלטסטן זעצער פון ראָמס דרוקעריַי, ישראל־הערש יאָכלסאָן, דערציילט מען, אַז בעת ער איז אָנגעקומען צו ראָמען, האָט מען אים גערופן „ישראל־הערשקע". אין 10 — 15 יאָר אַרום האָט ער באַקומען 3 רובל אַ וואָך און מען האָט אים גערופן „ישראל־הערשל", אין 30 יאָר אַרום האָט ער באַקומען 5 קאַרבן אַ וואָך שכירות און מען האָט אים גערופן האַלב מיט דרך־ארץ „ישראל־הערש". אין 60 יאָר אַרום האָבן אים די אייניקלעך פון זײַנע ערשטע באַלע־באַטים דערלייגט ביז 7 רובל אַ וואָך און אים גענומען רופן „רב ישראל־הערש" [2].

דער איצט אין ווילנע עלטסטער יידישער דרוקער־מאַשיניסט שמואל קאַמערמאַכער, וואָס שטאַמט פון דורות דרוקער־אַרבעטער, האָט מיר דערציילט, אַז זײַן טאַטע האָט אָפּגעאַרבעט אַ לעבן בײַ ראָמען פאַר 2 רובל אַ וואָך.

אַזוי זײַנען געווען די באַציִונגען. וועגן איינעם אַ זעצער דערציילט מען, אַז מען האָט אים אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע פאַר אויפנייען אַ נײַע קאַפּאָטע.

ריכטיק באַמערקט ש. הורוויץ אין זײַן אַרטיקל וועגן דעם אַמאָליקן דרוקער־אַרבעטער:

„וואָס האָט, אייגנטלעך, אַמאָליקע צײַטן ראָמס אַ „מענטש" באַדאַרפט? אין דער זעלבער בלעכענער קאַפּאָטע, אַ מין „טשאַרטאָווע קאָזשע", וואָס האָט זיך ניט געקנייטשט, נאָר געבויגן און געבראָכן, איז ער אָפּגעגאַנגען דאָס גאַנצע לעבן; די פושקע שמעק־טאַבאַק מיטן רויטן שנופּטוך איז שטענדיק געלעגן אין קעשענע; אַז ווײַב און קינדער זאָלן לײַדן הונגער, איז ער שוין געווען געוווינט: ס'איז דאָך אַ גאָטזאַך, און טאָמער פלעגט קומען גאָר שלעכט, פלעגט ער פאַרבײַסן מיט אַ פסוק, מיט אַ ווערטל פון דער גמרא. אַ למדן איז ער געווען, אַ הייליקע אַרבעט האָט ער געאַרבעט — פלעגט ער זיך נאָך האַלטן גרויס און יחסנדיק, וואָס ער איז ראָמס אַ „מענטש". כמעט אַלע ווילנער דרוק־באַלעבאַ־טים זײַנען ראָמס געוועזענע אַרבעטער".

ביזן מיטן די 50קער יאָרן זײַנען נאָך קיין דרוק־מאַשינעס ניט געווען, און מען האָט געדרוקט אויף הילצערנע פרעסן, ענלעך צו די איצטיקע פּרעסן, וואָס מען ציט אויף זיי אָפּ קאָרעקטעס.

בײַ די פרעסן האָבן געאַרבעט ספּעציעלע מענטשן, וואָס האָבן געהייסן „פרעסן־ציִער". עס האָבן דעמאָלט געאַרבעט בײַ אַ 25 פרעסן־ציִער אויף 3 פרעסן. אַלע 25 פרעסן־ציִער פלעגן אָפּאַרבעטן 5 טויזנט עקזעמפּלאַרן פון איין זײַט. אויף אַזאַ אופן פלעגט אָפּדרוקן אַ תּנך אָדער אַ מדרש געדויערן אַ האַלב יאָר, אָדער אַ יאָר צײַט. די פרעסן־ציִער פלעגן אַרבעטן דורך טאָג און דורך נאַכט. בײַטאָג פלעגן זיי זיך צולייגן אויף אַ פּאָר שעה, און כּדי ניט צו פאַרשלאָפן, פלעגן זיי ליגן אויף אַ שמאָל און האַרט ברעטל.

שפּעטער ווערן אײַנגעפירט אײַזערנע פרעסן, וואָס איז געוועזן אַ גרויסער פּראָגרעס, האָט אָבער צו קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן ניט געבראַכט.

אין די 60קער יאָרן ווערן אײַנגעפירט דרוק־מאַשי־נעס, און דאָס ברענגט צו אַ גאַנצער איבערקערעניש אין דער ספרים־אינדוסטריע. עס ווערט מעגלעך אַרויסצולאָזן אַ סך שנעלער אַ ספר אויפן מאַרק; מען קאָן דעריבער אַרויסלאָזן אַ סך ספרים און קאָנקורירן מיט אַנדערע. מען דאַרף אָבער נעמען אין אַכט, אַז די מאַשינעס זײַנען ניט געטריבן געוואָרן דורך עלעקטרישער קראַפט, נאָר דורך מענטשלעכע הענט. אַזוי ווי פריִער זײַנען געווען ספּעציע־לע פרעסן־ציִער, זײַנען איצט געוואָרן ספּעציעלע מאַשין־דרייער, וואָס מען האָט ווערבירט פון די פרעסן־ציִער, וואָס זײַנען געבליבן אָן אַרבעט. חוץדעם פלעגן פאַר דרייערס אָנקומען געפאַלענע באַלעבאַטים, יידן לומדים, וואָס פלעגן זיך שעמען צו פאַרנעמען אָפן מיט אַ מלאכה, אָבער אין אַ פאַרמאַכטער שטוב האָט זיי ניט געאַרט. די מאַשין־דרייערס זײַנען געווען אַזוי פלינק אין זייער אַרבעט, אַז זיי פלעגן דרייען פונקט אַזוי שנעל, ווי אַ מאָטאָר.

קיין יידישע מאַשיניסטן זײַנען נאָך ניט געווען, האָט מען דעריבער די ערשטע צײַט אַראָפּגעבראַכט דײַטשן, וואָס האָבן גענומען צו 30 רובל אַ וואָך, אַ גוואַלדיקער פרײַז פאַר יענע צײַטן. אין מאַשין־שטוב האָבן דעמאָלט געאַרבעט 5—6 אַרבעטער. דער גאַנצער פּערסאָנאַל פון ראָמען האָט דעמאָלט באַטראָפן אַרום 30 מאַן.

מיט אײַנפירן מאַשינעס ווערן מער־ווייניקער אײַנגע־פירט אַזעלכע אַרבעטס־באַדינגונגען, וואָס גילטן איבער אַ פּאָר צענדליק יאָר:

---

1 מען דערציילט אַ וויץ, אַז איינמאָל זײַנען די אַרבעטער געזעסן אויף אַ גאַנצע נאַכט, און אַרויסגייענדיק אויפן הויף צופעליק, האָבן זיי דערזען די לבנה שײַנט אין איר גאַנצער גרייס, זאָגן זיי איינער צום אַנדערן: „זע, ס'איז שוין דאָך גרויסער טאָג, די זון שײַנט דאָך!" — און האָבן זיך ווידער אַוועקגעשטעלט אַרבעטן אויף אַ גאַנצן מעת־לעת...

2 ש. הורוויץ, „לעבן און וויסנשאַפט" ה"ה 5 — 6, 1912, „די עלטסטע יידישע דרוקעריַי און דער עלטסטער זעצער".

אַ לערניינגל, בעת ער קומט אָן אויף דער לער, דאַרף געבן דעם מײַסטער 25 רובל פאַר אויסלערנען אים די אַרבעט. באַקומען באַקומט ער שכירות פון באַלעבאָס 25 קאָפּיקעס אַ וואָך. אַ קוואַליפיצירטער אַרבעטער באַ־קומט פון 3 — 5 רובל אַ וואָך. דער אַרבעטס־טאָג איז 12 — 14 שעה. אין די זומערדיקע פרײַטאָגן אַרבעט מען ביז 4 אַ זייגער נאָך האַלבן טאָג, אין די ווינטערדיקע ביז 2 אַ זייגער בײַטאָג; גאָר אין די קורצע פרײַטאָגן — ביז 12 אַ זייגער. דערפאַר אַרבעט מען אָפּ שאַבייסענאַכט. בײַ רזמען פלעגט מען אין די ווינטערדיקע שאַבייסנאַכטן אַרבעטן ביז שפּעט אין דער נאַכט.

אַלע האַלבע יאָר פלעגט מען געבן אַ הוספה: אַן עלטערן — 25 און 50 ק׳ אַ וואָך, אַ יינגל — 5 ק׳ אַ וואָך.

בײַם אָפּזאָגן פלעגט מען ניט געבן קיין שום קאָמ־פּענסאַציע, און אָפּזאָגן פלעגט מען קענען אָן קיין שום מאָטיוו.

אויסער פון וואָך האָט מען אויך געאַרבעט פון שטיק. ס׳איז געווען אײַנגעשטעלט, אַז די עלטערע אַרבעטער פלעגן נעמען פון זיך לערניינגלעך און קוואַליפיצירטע אַרבעטער און פלעגן זיי עקספּלואַטירן. די אַרבעטער פלעגן אַרבעטן פון עמוד צדער, ווי עס האָט אַמאָל געהייסן, „פון פּיקעט", ד״ה זיי פלעגן דאַרפן אויסזעצן אַ פולן עמוד פון איין סאָרט שריפט, און די לײַכטע זאַך, וואָס פלעגט זיך מאַכן, ווי, אַ שטייגער, קעפּלעך אין מיטן עמוד, אָדער גרויסע בלויזן וכדומה ריווח, האָט געהערט צו די עלטערע אַרבעטער, די אונטערנעמער.

די זעלבע אונטערנעמערשאַפט האָט אויך עקסיסטירט בײַ די מאַשיניסטן. בײַ זיי פלעגט מען אַרבעטן פון דיז. די מײַסטערס די אונטערנעמער פלעגן פאַרדינען אַפילו אין יעמאָלטיקער צײַט ביז 15 ר׳ אַ וואָך, און זייערע אָנגע־שטעלטע פלעגן עקספּלואַטירט ווערן טאָפּל.

בײַ דער אַרבעט פלעגט מען אומבאַדינגט מוזן שטיין אין היטלען. מנחה און מעריב פלעגט מען אַלע טאָג מוזן דאַוונען אין דער דרוקערײַ מיט אַ מנין. מיט דער צײַט אַז דער פּערסאָנאַל האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט און ס׳זײַנען געווען עטלעכע אבלים, וואָס האָבן באַדאַרפט זאָגן קדיש, פלעגט מען מאַכן עטלעכע מנינים מיטאַמאָל. האָט דאָס דרוקערײַ דעמאָלט באַקומען דעם אויסזען פון אַ שולהויף [1]. דער דאָזיקער מנהג האָט זיך שטרענג אײַנ־געהיט ביז דער רעוואָלוציע פון 1905.

אויך איז געווען אײַנגעשטעלט, אַז ערב יום־טוב, דערהויפּט ערב פסח, פלעגט מען אָנשטאָט כּפל געבן קוויטלעך אויף ווײַן. אין די טעג פון ערב פסח, ערב ראש־השנה, ערב יום־כּיפּור, הושענא־רבה, אויסער ערב שבועות און ערב סוכּות, פלעגט מען ניט אַרבעטן. אויך פלעגט מען ניט אַרבעטן פּורים און חול־המועד און אַ האַלבן טאָג פון תּשעה־באָב. די עלטערע זעצער פלעגן שטאַרק אַכטונג געבן אויף דער פרומקייט פון די יינגערע. אַלע תּעניתים האָט מען געמוזט אָפּהיטן.

די דאָזיקע אַרבעטס־באַדינגונגען מיט אַלע אַרכאַישע מנהגים האָבן אויך געהערשט בײַ מאַצן אין דרוקערײַ און אויך בײַ ראָזנקראַנצן. ס׳איז געווען די זעלבע עקספּלואַטאַציע און די זעלביקע שקלאַפנסיסטעם, נאָך אפשר אין אַן ערגערער פאָרם, ווײַל זיי זײַנען געווען קלענערע אונטערנעמונגען, און די מעגלעכקייט צו פאַרטיידיקן זיך איז געווען אַ קלע־נערע.

די דרוקער־אַרבעטער פון ראָמען און ראָזנקראַנצן האָבן אויך געהאַט, יעדערער פאַר זייער דרוקערײַ, אַ גמילות־חסדים־קאַסע, וואָס האָט אָפּגעעקזיסטירט פון די 60ער יאָרן מיט הפסקות כּמעט ביז דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. שפּעטער איז זי ווידער אויפגעלעבט געוואָרן אין 1911, ווי מיר וועלן שפּעטער דערפון ריידן. וואָכער אין דער קאַסע פלעגט מען צאָלן עטלעכע קאָפּיקעס אַ וואָך. אַ הלוואה פלעגט מען באַקומען ביז 5 רובל אויף אויסצוצאָלן אין קליינע סומעס. די קאַסירער, וואָס פלעגן דאַרפן אײַנזאַמ־לען דאָס וואָכער־געלט, פלעגן הייסן „סבאַרשטשיקעס".

אַזוי ווי יעדער פאַך האָט אַמאָליקע צײַטן געהאַט זײַן קלויז, האָבן אויך די דרוקער אין די 60—70ער יאָרן פון פאַריקן י״ה געהאַט תּחילת זייערע אייגענע מנינים און דערנאָך זייער קלויז. די מנינים און די קלויז זײַנען געווען אין אַמאָליקע יאָרן די ערשטע דרוקערשע פאַרייניקונגען. מיט דעם אויפקומען פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע איז פאַרבונדן אַ זייער וויכטיקע דאַטע, וואָס איז באַצייכנט אין דער געשיכטע פון דרוקער־פאַך מיטן נאָמען „בונט" און וואָס קען אונדז אילוסטרירן די לאַגע פון די אַרבעטער אין אַמאָליקע יאָרן. אויך קענען מיר געוואָר ווערן, אַז נאָך אין די 70ער יאָרן האָבן די דרוקער־אַרבעטער שוין אַרויסגעשטעלט עקאָנאָמישע פאָדערונגען.

אין פּנקס פון גמילות־חסד פון דרוקערשער קלויז שטייט אַזוי וועגן דעם:

„דרוקערײַ עקזיסטירט שוין פון גאַנץ לאַנג אין ווילנע. די האָכגעשעצטע, האָכגעאַכטע און קינצלעכע אַרבעט האָט אַרײַנגעצויגן אין זיך אַ ווינט פון פוסטע גרויסקײַט, וועלכע עס האָט יעדערן פאַראײַנצלט און אָפּגעזונדערט אין זײַן פאַך. יעדער באַזונדער האָט זיך געהאַלטן העכער און ווירקלעכער פון זײַן חבר, איינער האָט ניט געוווּסט דעם צווייטנס לעבן, איינער האָט פון דעם צווייטן גאָרניט געוואָלט וויסן, אַלע האָבן פאַרריסן דעם קאָפּ, און טאַקע אָט דערפאַר האָט מען מיט אַלעמען געאַרבעט שווער און ביטער, ערגער ווי מיט פערד. פיל האָט דאָס ניט

---

1 דער דאָזיקער מנהג איז אויך געווען אײַנגעשטעלט אין ראָזנקראַנצס דרוקערײַ. אגב, ראָזנקראַנצס דרוקערײַ איז געגרינדעט געוואָרן אָנהייב די 60ער יאָרן פון צוויי ברידער, ראָזנקראַנץ און שריפטזעצער, וואָס זײַנען פריער אליין געווען אַרבעטער בײַ ראָמען. צוליבן קריזיס איז זי איצט כּמעט ניט טעטיק. מאַצס דרוקערײַ איז מיט עטלעכע יאָר צוריק ליקווידירט געוואָרן.

געדויערט, ווײַל דאָס מערסטע זינד ערמידעט געוואָרן — צו שטאַרבן בײַ די רעכטע בליענדע יאָרן, פילע האָבן זיך גענומען צו וואָס אַנדערש, ווי מיר געפינען נאָך יעצט בײַ הײַנטיקע יאָרן.

דאָס האָט זיך געצויגן ביז 1865—1870 און 1875, ביז דער אַרבעטער האָט זיך גענומען מיט פאַרשטאַנד אויסרעכענען זײַן לאַגע, ווו ער האַלט און וואָס מיט אים טוט זיך. דאָס ערשטע האָט מען אַרויסגעשטעלט פאָדערונגען: מיטאָג-שטונדע, אַרבעטן פון אַ צײַט ביז אַ צײַט, און וועכנטלעכע באַצאָלט, און נאַכהער איז געבליבן איינשטימיק, אַז מען זאָל מאַכן אַן אייגענעם מנין".

ווי זײַנען די דאָזיקע פאָדערונגען אַרויסגעשטעלט געוואָרן, ווער איז געווען דערבײַ פון די הויפט-טוער, צי האָט זיך פאַר די פאָדערונגען געפירט אַ קאַמף אַאַז"וו — וועגן דעם אַלעמען זאָגט ניט דער פנקס. יעדנפאַלס איז ניט שווער צו טרעפן, אַז די דאָזיקע פאָדערונגען זײַנען אויף דרײַ פערטל ניט נאָכגעגעבן געוואָרן; ס'איז ווידער אײַנגעפירט געוואָרן שטיק-אַרבעט און די צײַט-אײַנשטעלונג איז בטל געוואָרן. ס'איז נאָך ניט געווען קיין אָרגאַניזירטע באַוווּסטזיניקע מאַסע, אויף וועמען זיך צו שטיצן. דער פאַקט אַליין איז אָבער אינטערעסאַנט.

„פילע יאָרן — שרײַבט זיך ווײַטער אין פנקס — זײַנען פאַרלאָפן, וואָס מי האָט זיך אַרומגעוואַלגערט מיטן מנין אין פריוואַט-הײַזער, ביז מיר, דרוקער, זײַנען געקומען צו דער אייגענער נחלה, וואָס דער רב הער גרושקין האָט אונדז איבערגעגעבן אין אונדזער שול. מען האָט אויסגעקליבן גבאים, מען האָט אָנגעפאַנגען זיך צו פאַרייניקן, אָפטער באַזוכן די קלויז און צאָלן וואָכער דרײַ קאָפּיקעס אַ וואָך".

די קלויז עקסיסטירט ביז הײַנטיקן טאָג אויף גלעזער-גאַס אונטערן נאָמען „דרוקערשע קלויז".

אַהינצו פלעגן קומען דאַוונען בלויז די דרוקער-אַרבעטער, אָדער אַזעלכע באַלעבאַטים, וואָס זײַנען פריער אַליין געווען דרוקער. אויף ימים-נוראים פלעגט די קלויז דינגען אַ חזן. אויך פלעגט די קלויז דינגען אַ רבין, וואָס פלעגט אַלע טאָג, בין-מנחה-למעריב, לערנען מיטן עולם „עין-יעקב". אַנדערע דרוקער, לומדים, פלעגן אויך לערנען אַלע אָוונט „דעם בלאַט" (אַ בלאַט גמרא).

אַזוי ווי כון אַ פראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן, איז נאָך דעמאָלט ניט געווען קיין זכר, פלעגט די קלויז פאַרבײַטן די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע. דאָרטן פלעגן זיי זיך אַמאָל אויפקלײַבן און באַטראַכטן זייערע אינטערעסן, און די אינטערעסן זייערע זײַנען געווען ניט בײַ אַלעמען גלײַך, צוליב דער אייגנאַרטיקער סיסטעם פון דער אַרבעט, ווו די עלטערע אַרבעטער פלעגן אָננעמען די אַרבעט אין אַרענדע בײַם באַלעבאָס און שטעלן פון זיך אַרבעטער. אויך איז געווען אײַנגעפירט צווייערליי אַרבעט, פון שטיק און פון וואָך, פאַר בעסערע און ערגערע אַרבעטער.

די דאָזיקע אַסיפות האָבן בײַ די דרוקער-אַרבעטער אויך באַקומען דעם נאָמען „בונטן".

די אַרבעטער-אונטערנעמער, מורא האָבנדיק, אַז איינער דעם צווייטן זאָל ניט אויסקאָנקורירן די אַרבעט בײַ דעם באַלעבאָס, פלעגן זיך אויפזאַמלען אין קלויז און דאָרטן פלעגן זיי אָפּמאַכן בײַ אַ ספר-תורה און איבערהאַקן מיט אַ ציצה, מען זאָל זיך האַלטן בײַ איין פרײַז.

אַמאָל פלעגט מען אַוועקגיין, בשתיקה פון דעם באַלעבאָס, ווײַט הינטערן שטאָט און דאָרטן „פּלאַנעווען די שרעקלעכע פלענער". וועגן אַ שטרײַק האָט, בײַ די דעמאָלטיקע באַגריפן, נאָך קיין רייד ניט געקענט זײַן; די איינציקע „טעראָר-אַקטן", וואָס די זעצער פלעגן אָנווענדן, איז געווען — דאָס פאַרבאַהאַלטן אַ טייל זאַץ אין אויוון אָדער ערגעץ אַנדערש.

קיין גרויסע ממשות האָט דאָס ניט געהאַט, די „בונטן" פלעגן זיך דאָס רוב ענדיקן מיט גאָרנישט, צוליב דער קעגנערשאַפט פון די עלטערע אַרבעטער.

אַמאָל פלעגן זיך די באַלעבאַטים מרחם זײַן אויף אַן אַרבעטער, אַ בעל-מטופל מיט אַ גרויסער משפחה, וואָס ס'איז אים צוגעקומען נאָך אַ נײַגעבאָרן קינד, און פלעגן אים מוסיף זײַן אַ קליינינקײַט. זיי פלעגן אויך צוואַרפן עטלעכע רובל אַן אָרעמען אַרבעטער, וואָס פלעגט קומען פאַר זיי בעטן אויף חתונה מאַכן אַ טאָכטער.

סוף די 70ער יאָרן ווערט ביי ראָמען אײַנגעפירט סטערעאָטיפּ. כדי אײַנצושטעלן דעם סטערעאָטיפּ, האָט מען ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט אַ דײַטש, ווײַל אין ווילנע האָט די אַרבעט קיינער ניט געקאָנט.

דער ערשטער, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט פון דעם דײַטש צו מאַכן יידישע מאַטריצן, איז געווען ראָמס אַ זעצער, וועלוול אייכער.

די דאָזיקע נײַס איז געווען, נאָכן אײַנפירן די מאַשינעס, אַ צווייטע איבערקערעניש אין דרוק-וועזן און האָט געהאַט אַ גוואַלדיקן באַטײַט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם פאַך; אָבער צוליב דער אָפּגעשטאַנענקײַט פון די אַרבעטער האָט זי אַרויסגערופן אַ גרויסע רעאַקציע: מען האָט זיך פאַר דעם אויפטו שטאַרק געשראָקן, די אַרבעטער זאָלן ניט בלײַבן אָן ברויט...

מיטן אויפקום פון סטערעאָטיפּ איז מעגלעך געוואָרן צו רעאַליזירן מיט גרויס אונטערנעמערישן שווּנג דאָס איבערדרוקן אין אַ נײַער אויפלאַגע, און אין אַ גרויסן פאָרמאַט דערצו, דעם גרויסן ש"ס; אין די 80ער יאָרן טרעט מען צו צו דער דאָזיקער אַרבעט, און עס הייבט זיך אָן אַ גרויסע אויפלעבונג אין דעם גאַנצן דרוקער-פאַך. עס ווערן געשטעלט צו דער אַרבעט אַ מאַסע אַרבעטער. אין אַלע אָפּטיילונגען פון דער דרוקערײַ גייט אַוועק אַ קאָכעדיקע אַרבעט.



די אַרויסגעבער האָבן אַזוי באַשריבן צום סוף פון ש"ס דעם דאָזיקן פעריאָד:

„אויפן ש"ס האָבן געאַרבעט איבער 100 אַרבעטער, 14 קאָרעקטאָרן, אויסער דעם פיל אויפזעער און אַכט־געבע".. אַ סך דרוק־מאַשינעס (7) האָבן געאַרבעט טאָג און נאַכט. ס'איז ניטאָ קיין שיעור צו דער האָרעוואַניע, ניטאָ קיין סוף צו דער מי און ניטאָ קיין גרענעץ צו די געלט, וואָס די מי שלינגט אײַן".

דאָס דרוקן דעם ש"ס האָט געדויערט 6 יאָר צייט, פון 1880 ביז 1886, און איז געווען דער גראַנדיעזסטער אויפטו, וואָס אַ יידישער פאַרלאַג פון ספרים האָט ביז דעמאָלט באַוויזן. בלויז ביי די באַדינגונגען פון דער דעמאָלטיקער שקלאַפן־אַרבעט איז עס געווען מעגלעך. עס

די ערשטע, וואָס האָבן זיך גענומען צו אָרגאַניזירן און אַרויסשטעלן עקאָנאָמישע פאָדערונגען, זײַנען געווען די יידישע זעצער אין די רוסישע דרוקערײַען. די אַרבעטס־באַדינגונגען זײַנען דאָרט געווען כמעט די זעלבע, ווי אין די יידישע דרוקערײַען: זומער, ביז די ערשטע סליחות, פלעגט מען אַרבעטן 12 שעה, און ווינטער — 13 שעה. דאָנערשטאָג פלעגט מען אַרבעטן ביז 12 אַ זייגער בײַנאַכט. שכירות פלעגן די עלטערע באַקומען פון 3 ביז 5 רובל אַ וואָך, די יינגערע — פון 1 ביז 2 רובל אַ וואָך. אַ לערניינגל פלעגט אַרבעטן 2 יאָר אויפן טערמין און פלעגט דאַרפן צוצאָלן דעם מײַסטער. ס'פלעגט אויך טרעפן, אַז ווען דער באַלעבאָס פלעגט צוליב עפּעס אַ סיבה ווערן אין כעס אויפן אַרבעטער, פלעגט ער אײַנמסרן אויף אים



גובערניאַלע דרוקעריי (1890)

ערשטע ריי די נעמען אומבעקאַנט. עס שטייען אין 2־טע ריי (פון רעכטס אויף לינקס): יאַנ־קאָווסקי, ש. אָרלוק (די ווייטערדיקע פיר — אומ־באַקאַנט, פילניק (די ווייטערדיקע אומבעקאַנט). 3־טע ריי: (די פרוי אומבעקאַנט), קליאַסטקאָ, שולמאַן, א. ענגלשטערן, יאָפע, קאָרייוואָ, לאַנדע, וואָלאָדקעוויטש (די איבעריקע אומבעקאַנט). עס זיצן: וול. מאַלינאָווסקי, סאָסנאָווסקי, דאַווידאָ־וויטש, לאַבינסקי, באַטורין („סאָוועטניק" פון גובערניאַלער פאַרוואַלטונג), וואָראָנקאָ (דער ווײַ־טערדיקער — אומבאַקאַנט), ז. סאַשין, מאַנטי־רעוויטש.

זײַנען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן נײַע דרוק־מאַשינעס, וואָס זײַנען געווען באַדינט פון 40 מאַשיניסטן, הילף־מאַשיניסטן און לייגער אין אַן אָנאויפהערלעכער אַרבעט.

ווי איינער פון די דרײַ שותּפים פון דער פירמע „ראָם", מאַקסים ראָם, האָט דערציילט, האָבן זיי אין די 80ער יאָרן געהאַט אַ יערלעכן פאַרדינסט צו 25 טויזנט רובל אויף אַ חלק...

אָבער ניט געקוקט אויף די אַלע גילגולים, וואָס די אַרבעטער האָבן דורכגעמאַכט, ניט געקוקט אויף די פיל יאָרן דערפאַרונג, וואָס זיי האָבן געהאַט און אויף דער גוואַלדיקער עקספּלואַטאַציע, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט, איז נאָך קיין סימן פון קיין אָרגאַניזאַציע צווישן די יידישע דרוקער־אַרבעטער ניט געווען. ערשט צום סוף די 80ער און אָנהייב די 90ער יאָרן, מיטן אָנקום פון דער פּאָליטי־שער באַוועגונג צווישן די יידישע אַרבעטער, מיטן אַנטשטיין פון די פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע קרײַזלעך און די שטרײַק־קאַסעס, ווערן געמאַכט די ערשטע פרוון צו אָרגאַני־זירן די יידישע דרוקער־אַרבעטער אין די יידישע דרוקערײַען.

בײַם אַרבעטס־אינספעקטאָר, און דער אַרבעטער פלעגט אין ערגעץ ניט טאָרן קריגן קיין אַרבעט.

אין די קליינע דרוקערײַען פלעגן די זעצער באַקומען שכירות; אין די גרויסע, ווי סירקינס, אין דער דרוקערײַ פון דער גובערניע־פאַרוואַלטונג א"אַנד, האָבן אַ טייל געאַרבעט פון וואָך און אַ טייל פון שטיק — 6 קאָפּיקעס פאַר אַ טויזנט אותיות. בײַ אַ 12שעהדיקן אַרבעטסטאָג פלעגט אַן אַרבעטער, אַזוי־אַרום, פאַרדינען אַ רובל אַ טאָג.

די מנהגים פון ניט אַרבעטן ערב יום־טוב, אַ פּאָר שעה תשעה־באב און באַקומען אַ קוויטל אויף פסח אָדער אַ צעטל אין פּאָדוואַל — זײַנען געווען פונקט ווי אין די יידישע דרוקערײַען. אַרבעטן פלעגט מען אין די רוסישע דרוקערײַען אָן היטלען. קיין מנינים צום דאַוונען אין דרוק זיינען אויך ניט געווען.

אין 1888 איז אויסגעבראָכן דער ערשטער שטרײַק בײַ סירקינען. די זעצער האָבן אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג צו העכערן פון 1 ביז 2 קאָפּיקעס אויפן טויזנט אותיות. עס האָבן פאַרשטרײַקט 15 מאַן. אָנגעפירט מיטן שטרײַק



## פון דרוקער־אַרבעטער אין ווילנע

האָט דער זעצער פּײַוועס אַ ס. אָבער געשטרײַקט האָבן בלויז די ייִנגערע זעצער; די עלטערע — סײַ די וואָך־מענטשן, סײַ די שטיק־מענטשן — האָבן ניט געשטרײַקט.

דעם שטרײַק האָבן זיי טיילווײַז געוווּנען. צוליבן פאַרבאָט אין יענער צײַט צו שטרײַקן, זײַנען די שטרײַקער אויסגעשטאַנען רדיפות.

אין 1890 איז דורך דער איניציאַטיוו פון דעם אומלעגאַלן אַרבעטער־קרײַזל, וואָס איז געווען דער צענטער פון פּאָליטישער און עקאָנאָמישער אַרבעט, אַנטשטאַנען די שטרײַק־קאַסע בײַ די דרוקער, אויפן זעלבן יסוד, ווי עס זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן די איבעריקע שטרײַק־קאַסעס פון די זאָקן־מאַכער, שטעפּער, פּאַפּיראָסן־מאַכער, גאַרבער און אַנדערע פּאַכאָווע שטרײַק־קאַסעס.

„די מיטגלידער פון די קרײַזלעך האָט מען ווערבירט פון די פּאַכאָווע קאַסעס, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן שאַפן בײַ דער אָדער יענער פּראָפעסיע. די דאָזיקע קאַסעס זײַנען ניט געווען קיין קאַמף־אָרגאַניזאַציעס מיט קלאָר אויסגעשפּראָכענע צילן. דאָס איז געווען אַ לויזער פאַרבאַנד צווישן די אַרבעטער פון דער פּראָפעסיע, מערסטנטייל אײַנגעשטעלט פּראָוויזאָריש, פאַר אַ באַשטימטער באַדער־פעניש" 1.

און אַזאַ איז אויך געווען די דרוקער־קאַסע.

דער מיטגלידס־אָפּצאָל אין קאַסע איז געווען 5 און 10 קאָפּ' אַ וואָך. אין 1892 האָט די קאַסע געציילט 28 מיטגלידער, אַלע פון די רוסישע דרוקערײַען.

דער לעצטער פּרט איז כאַראַקטעריסטיש דערמיט, ווײַל ער באַווײַזט, אַז די פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, וואָס איז דעמאָלט געווען ענג פאַרבונדן, האָט זיך פריער אַנטוויקלט צווישן די יידישע דרוקער־אַרבעטער אין די רוסישע דרוקערײַען. דאָס איז געווען דערפאַר, ווײַל די יידיש־רוסישע דרוקער־אַרבעטער זײַנען געווען קולטורעלער און באַוווּסטזיניקער פאַר די יידישע דרוקער־אַרבעטער. רוסישע דרוקערײַען זײַנען דעמאָלט אין ווילנע געווען שטאַרק פאַרשפּרייט. יידישע אַרבעטער זײַנען אַפילו אַרײַנגעדרונגען אין ריין רוסישע אונטער־נעמונגען, ווי די דרוקערײַ פון דער גובערניאַלער פאַר־וואַלטונג א"אַנד. אַפילו אין דער אַנטיסעמיטישער צײַטונג „ווילענסקי וועסטניק" האָבן געאַרבעט יידישע אַרבעטער.

צוליב דער העכערער אַנטוויקלונג פון די רוסיש־יידישע דרוקער־אַרבעטער האָט, איידער ס'איז אַנטשטאַנען די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע, געהערשט אַ געוויסע פּרעמדקייט מצד זיי צו די יידישע דרוקער־אַרבעטער. ערשטנס, פלעגט מען זיך זעלטן וועגן טרעפן, ווײַל טרעפן זיך איז בכלל ניט געווען ווי, אויסער דער דרוקערשער קלויז, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן, מיטן אויפקומען פון די נײַע שטרעמונגען, ביסלעכווײַז אָנווערן איר השפּעה אויפן ייִנגערן דור; צווייטנס, האָט אַ יידישע דרוק ניט געטאָרט בײַ זיך האַלטן קיין רוסישע שריפט, און אַ רוסישע דרוק האָט ניט געטאָרט האַלטן קיין יידישע, אַזוי אַז מען איז געווען שטאַרק אָפּגעטיילט איינע פון די אַנדערע.

אין 1891 האָט די שטרײַק־קאַסע אונטערגענומען צו אַקציע צו פאַרקלענערן דעם אַרבעטסטאָג אויף אַ שעה און אָפּשאַפן דאָס אַרבעטן דאָנערשטאָג בײַנאַכט. צוליב דעם צוועק איז אַ דעלעגאַציע, אין וועלכער עס זײַנען אַרײַן די מיטגלידער פון שטרײַק־קאַסע י. סטעקין, י. קאַמערמאַכער, זעגער און א. עפּשטיין, אַוועק צום אַרבעטס־אינספּעקטאָר וו ו ל פ ע ר ט און געבעטן ווירקן אויף די באַלעבאַטים, ווײַל שטרײַקן איז געווען פאַרבאָטן [2]. דער אינספּעקטאָר האָט זיי געהייסן פאַרשטרײַקן, געבנדיק זיי אויף דעם אַזאַ משל:

— אַז איר טראָגט אַ זאַק מעל, און ס'ווערט אײַך שווער, וואָס טוט איר דעמאָלט?

— מיר וואַרפן אַראָפּ דעם זאַק — האָט די דעלעגאַציע געענטפערט.

— נו, איז וואַרפט דאָ אויך אַראָפּ פון זיך די משא און פאַרשטרײַקט.

אויף די אַרבעטער האָט דער דאָזיקער ענטפער געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם. זיי האָבן די עצה געפאָלגט, און דעמאָלט האָבן די אַרבעטער כמעט אין אַלע יידיש־רוסישע דרוקערײַען פאַרשטרײַקט [3].

אין דעם דאָזיקן שטרײַק האָבן אָנטיילגענומען ביז 200 מאַן. דער שטרײַק איז אָנגעפירט געוואָרן דורך יוסף קאַמערמאַכער — דעם פאָרזיצער פון דער שטרײַק־קאַסע. דאָס איז געווען דער ערשטער דרוקער־שטרײַק פון אַזאַ פאַרנעם, וואָס די שטרײַק־קאַסע האָט אָנגעפירט. די קאַסע האָט דעמאָלט פאַרמאָגט ביז עטלעכע הונדערט רובל.

אין דעם דאָזיקן שטרײַק האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַטייליקט סאָלידאַר די זעצער מיט די מאַשיניסטן, וואָס ביז איצט פלעגט צווישן זיי הערשן אַן אַנטאַגאָניזם און ס'פלעגט זיי זײַן שווער צו פאַראייניקן.

דער שטרײַק האָט זיך געצויגן עטלעכע וואָכן צײַט, און די באַלעבאַטים האָבן נאָכגעגעבן.

שפּעטער איז די שטרײַק־קאַסע אַריבער צו דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געבילדעט בײַ זיך פּראָפעסיאָנעלע סעקציעס.

דער גרויסער שטרײַק אין די יידיש־רוסישע דרוקערײַען און די נײַע פּאָליטישע שטרעמונגען האָבן אויך דורכ־

---

1 ב. מיכאַלעוויטש, זכרונות.

2 דער מיטגליד פון דער דעלעגאַציע, זעגער, האָט אויך דערלאַנגט דעם אינספּעקטאָר אין נאָמען פון דער דעלעגאַציע אַ בקשה וועגן דעם ענין, ווי ער האָט אַרײַנגעשריבן נעקראַסאָווס ליד „נאַבאָרסטשיקי" (די זעצער).

3 עס זײַנען דעמאָלט געווען בײַ אַ 15 רוסישע דרוקערײַען. אין די 90ער יאָרן זײַנען געווען יידישע און רוסיש־יידישע דרוקער־אַרבעטער איבער 300 מאַן. יידיש־רוסישע אַרבעטער זײַנען געווען מער פאַר יידישע, ווײַל יידישע דרוקערײַען זײַנען בלויז געווען עטלעכע.

געבראַכן די וואַנט אין דער אַלטער פאַרשימלטער פעסטונג פון ראָמס דרוקערײַ און אַנדערע יידישע דרוקערײַען, און אויך אַהין האָבן זיך גענומען אַרײַנבאַקומען די נײַע ווינטן.

אין 1895 האָבן צוויי 18יאָריקע בחורימלעך, א. מיאַדלער און י. יודלסאָן (דער לעצטער איז איצטער אין אַמעריקע), די יינגסטע זעצער פון ראָמס דרוקערײַ, געמאַכט דעם ערשטן פּרווו צו אָרגאַניזירן די יידישע דרוקער-אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט בײַ ראָמען און ראָזנקראַנצן, און אַרויסשטעלן עקאָנאָמישע פאָדערונגען: אַ 12שעהדיקן אַרבעטס-טאָג, אָפּשאַפן די שטיק-אַרבעט, איבערהויפּט די סיסטעם פון כאַלופּניקערײַ, ווו די אַרבעטער זײַנען, ווי באַקאַנט, עקספּלואַטירט געוואָרן דורך די עלטערע אַרבעטער; פאַרבעסערן די לאַגע פון די לערניינגלעך, וואָס האָבן אין די 90ער יאָרן, דערהויפּט בײַ ראָמען, גענומען דאָס ערשטע יאָר 50 קאָפּ' אַ וואָך, דאָס צווייטע יאָר — 80 קאָפּ', דאָס דריטע יאָר — אַ רובל מיט 20 קאָפּ', דאָס פערטע יאָר — אַ רובל מיט 80 קאָפּ', און דאָס פינפטע יאָר, אַז ער איז שוין געוואָרן אַ פאָלנער זעצער, האָט ער גענומען 2 רובל מיט 50 קאָפּ' אַ וואָך.

אינטערעסאַנט איז דערבײַ צו באַמערקן, אַז די דאָזיקע אַקציע, ווי די ווײַטערדיקע אַקציעס אין די שפּעטערדיקע יאָרן בײַ די יידישע דרוקער-אַרבעטער, האָט זיך געפירט בלויז צווישן איין טייל — אָדער צווישן די זעצער, אָדער אין דער מאַשין-אָפּטיילונג; וועגן סאָלידאַריזירן זיך האָט דערווײַלע ניט געקאָנט זײַן קיין רייד, הגם די תּנאים זײַנען בײַ ביידן געווען די זעלבע.

די זעצער מיאַדלער און יודלסאָן, מיטגלידער פון אומלעגאַלן אַרבעטער-קרײַזל, האָבן זיך באַקענט מיט איינעם פון די יידישע אינטעליגענטן-סאָציאַליסטן, שמואל קאַץ, וואָס האָט געאַרבעט צווישן די יידישע אַרבעטער אין ווילנע און איז געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דעם באַרימטן שטרײַק פון די יידישע אַרבעטער פון עדלשטיינס פּאַפּיראָסן-פאַבריק, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1895, און האָבן דורכגעפירט דעם ערשטן שטרײַק בײַ ראָמען. מען האָט דעמאָלט אָפּגעשטרײַקט עטלעכע וואָכן, אָבער אויסגעפירט האָט מען גאָרנישט.

אין יאָר 1896 ברעכט אויס אַ שטרײַק אין ראָמס דרוקערײַ, ניט קעגן די באַלעבאַטים, נאָר קעגן די מאַשיניסטן, וואָס פלעגן נעמען אין אַרענדע די אַרבעט און עקספּלואַטירן פון זיך אַרבעטער. די זעלבע סיסטעם איז, ווי געזאָגט, אויך געווען אין די איבעריקע יידישע דרוקערײַען. בײַ ראָמען האָט אַ לייגער באַקומען פון 1 ביז 3 ר' אַ וואָך, בײַ סירקינען — ביז 4 ר' אַ וואָך, בײַ ראָזנקראַנצן — פון 2.50 ביז 3.50 ר' אַ וואָך. אַ קוואַליפיצירטער מאַשיניסט האָט בײַ ראָזנקראַנצן פאַרדינט ביז 10 ר' אַ וואָך.

די שטרײַקער שטעלן אַרויס די דאָזיקע פאָדערונגען: 1) 12שעהדיקער אַרבעטסטאָג; 2) אַ האַלבע שעה פרישטיק; 3) ניט פאַרהאַלטן, ווען דער גלאָק קלינגט אויף פרישטיק און מיטאָג; 4) בעסערע באַהאַנדלונג פון יינגערע אַרבעטער, לערניינגלעך און אויפלייגערקעס: ניט שלאָגן זיך, ניט זידלען זיך (איבערהויפּט די פרויען פלעגט מען זידלען מיט די מיאוסטע ווערטער) וכדומה; 5) העכערן שכירות פון 1.25 אויף 1.50, פון 1.50 אויף 2, פון 2.50 אויף 2.75 אאַז"וו ביז 3.25, וואָס איז געווען די העכסטע נאָרמע.

מיטן שטרײַק האָט אָנגעפירט דער דעמאָלטיקער אויפלייגער און שפּעטערדיקער דרוקער-מאַשיניסט בערל העקער. מיט דעם דאָזיקן שטרײַק האָט זיך, דורך דער פאַרמיטלונג פון די טוער פון אַרבעטער-קרײַזל סאָרל בינדער (אַ לייגערין בײַ ראָמען) און דעם קאָנטאָר-אָנגעשטעלטן בײַ ראָמען, יונה (פאַמיליע אומבאַקאַנט), פאַראינטערעסירט דער צו יענער צײַט געגרינדעטער אומלעגאַלער דרוקער-פאַריין, וואָס האָט זיך געשטעלט בראש פון דער אַקציע.

דער שטרײַק האָט געדויערט 2 וואָכן. כּדי צו אונטערשטיצן די שטרײַקערס, איז אונטער דער אָנפירונג פון ב. העקער (שפּעטערער פילמאָליקער רעזשיסער פון ליבהאָבער-טרופּעס, אונטערן פּסעוודאָנים באָריסאָוו) געגעבן געוואָרן אַן אומלעגאַלע פאָרשטעלונג אונטערן טיטל „חנוכּת הבית" (גענומען פון אַ פעליעטאָן פון אַן אומלעגאַלן יידישן סאָציאַליסטישן זשורנאַל), וווּ עס רעדט זיך וועגן אַ באַלעבאָס פון אַ פאַבריק, וואָס אַנטזאַגט אַן אַלטן אַרבעטער, וואָס ברענגט אים אַ טאָרט צו זײַן חנוכּת-הבית, און אין דער זעלבער צײַט רײַסט אָפּ די מאַשין אַ פוס דעם אַרבעטערס אַ זון. די פאָרשטעלונג איז געגעבן געוואָרן אין 3 אַקטן מיט דער באַטייליקונג פון 10 מאַן, מענער און פרויען, אויף נאָוויגאָרעד, אויף אַ בוידעם-שטיבל. אַ בילעט האָט געקאָסט 20 קאָפּיקעס און די פאָרשטעלונג האָט געגעבן הכנסה 22 רובל [1].

דער רעזולטאַט פון שטרײַק איז געווען, אַז די באַלעבאַטים האָבן געצוווּנגען די אַרבעטער-באַלעבאַטים נאָכצוגעבן די פאָדערונגען פון זייערע אַרבעטער.

די זעצער האָבן בעתן שטרײַק פון די דרוקער-מאַשיניסטן ניט געשטרײַקט.

אין דעם שטרײַק האָבן אָנטיילגענומען 14 מאַן. די ווירקונג פון דעם דאָזיקן שטרײַק איז געווען אַ גוואַלדיקע. דער שטרײַק האָט מיטגעווירקט צו דער שנעלערער אָרגאַניזירונג פונעם דרוקער-פאַך.

די זעלבע אַנטוויקלונג, ווי ראָמס דרוקערײַ, מאַכן דורך אַלע איבעריקע יידישע דרוקערײַען, בלויז אין

---

1 אגב, דאָס אײַנאָרדענען ספּעקטאַקלען אויף יידיש איז דעמאָלט געווען גאַנץ פּאָפּולער בײַ די יידישע אַרבעטער-קרײַזלעך. אַזוי האָט ישראל-מיכל קאַפּלינסקי (שפּעטערדיקער פּראָוואָקאַטאָר) דראַמאַטיזירט דאָס ווערק „די מלחמה פאַרן לעבן" פון אַנסקין. און מען האָט עס פאָרגעשטעלט אומלעגאַל; מען האָט אויך פאָרגעשטעלט הויפּטמאַנס „וועבער" א"אַנד.

אַ קלענערן פאָרמאַט. ביסלעכווײַז, דורך גרויסע קאַמפן, באַפרײַען זיי זיך פון די מיטלאַלטערלעכע אַרבעטס־באַדינגונגען און פּאַסן זיך צו צו די פאָדערונגען פון דער נײַער צײַט.

בראש פון די יידישע דרוקערײַען גייט ראָם, און בראש פון די יידיש־רוסישע גייט סירקין. עס עקסיסטירט אויך אַ רוסישע דרוקערײַ פון די ראָמס, געגרינדעט אין אָנהייב די 60ער יאָרן, וואָס באַשעפטיקט עטלעכע צענדלינג יידישע אַרבעטער.

אין אָנהייב 20סטן י"ה קלײַבט זיך ראָמס דרוקערײַ אַריבער אין אַ נײַעם בנין אויף צערקעוונע גאַס, און ראָמס דרוקערײַ, וואָס האָט אָנגעהויבן פון די אַלטפרענקישע ספרים מיט די בלויע בלעטער, געדרוקט אויף האַנט־פּרעסן, ביז די ווערק פון די ליטווישע משכילים, לעבענזאָן, אברהם מאַפּו, יהודה־לייב גאָרדאָן, קלמן שולמאַן א"אַנד, און ביז די יידישע ווערק פון אײַזיק־מאיר דיק און מענדעלעס און לינעצקיס און דינעזאָנס „דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק", און ביז שמרס ראָמאַנען און נאָך ווײַטער.

די יידישע ספרים־אינדוסטריע איז געוואָרן אַ זאַך פון גרויסע פּראָפיטן, מיט געפּאַקטע לאַגערן סחורה, מיט אַ גרויסער קליענטור אין גאָר דער וועלט. טראַנספּאָרטן ספרים פלעגן וואַנדערן מיט די באַנען און מיט די שיפן



אַ טייל פון דער מאַשין־אָפּטיילונג אין ראָמס דרוקעריי

עס שטייען (פון רעכטס אויף לינקס): ח. פ. אַלפּעראָוויטש, ה' ראַפּאָפּאָרט (פאַרוואַל־טער פון דרוקעריי), י. אַלפּעראָוויטש (יוגנטלעכער), ב. געקער, י. גאָפּשטיין, ה. ראַמ־באַק, שאָסל לעווין און שרה־בלומע שוסטער.

דאָרטן שטעלט זי אַוועק צום ערשטן מאָל אַ דיזעל־מאָטאָר (געטריבן אויף נאַפט, וואָס ווערט שפּעטער אַ ביסל פאַר־ביטן אויף עלעקטריע), און דער דאָזיקער אויפטו ווערט ביסלעכווײַז אײַנגעפירט אין אַלע יידישע דרוקערײַען. דאָס איז שוין געווען די דריטע און די גרעסטע רעוואָלוציע אינעם יידישן דרוק־וועזן, און ראָמס דרוקערײַ און פאַרלאַג און אויך די איבעריקע דרוקן און פאַרלאַגן האָבן גענומען שטײַגן מיט אַ געוואַלדיקער שנעלקײַט.

אַלע דרוקערײַען מאַכן דורך אַ קאָלאָסאַלע אַנטוויקלונג, סײַ אין דער טעכנישער זײַט פון דער אַרבעט און סײַ אין די אינהאַלטן פון די אַרויסגעגעבענע ספרים, דערהויפּט קיין אַמעריקע, קאַנאַדע, אַפריקע, אַזיע און וווּ די וועלט האָט אַן עק, און אַזוי גייט עס מיט אַ שטײַגנדיקן טעמפּ באַרג אַרויף, ביז נאָך דער רעוואָלוציע.

ווי ווײַט דאָס יידישע דרוק־וועזן האָט געמאַכט גוטע געשעפטן, באַווײַזט דער פאַקט, וואָס די רעוואָלוציע פון 1905 האָט געטראָפן בײַ ראָמען אַ שטאַט פון 150 מאַן.

פּאַראַלעל מיט די דרוקער־אַרבעטער אַנטוויקלט זיך אויך אין אַ גרויסן מאַסשטאַב דער אײַנבינדער־פאַך. די דרוקערײַען פלעגן געבן מאַסן אַרבעט פאַר די אײַנבינדער. בײַ ראָמס און סירקינס דרוקערײַ זײַנען געווען אייגענע אײַנבינדערײַען, וואָס האָבן באַשעפטיקט בײַ אַ 100 מאַן.



די אַרבעטער זײַנען געווען אָנגעשטעלט ניט דירעקט פון די באַלעבאַטים פון די דרוקערײַען, נאָר פון באַלעבאַטים־אײַנבינדער, וואָס האָבן די אַרבעט גענומען אין אַרענדע. די עקספּלאָטאַציע פון די אַרבעטער איז געווען אַן אומגעהייערע, אַ סך אַ גרעסערע ווי בײַ די דרוקער, און די אַנטוויקלונג פון זייער באַוועגונג פאַרדינט באַזונדער באַשריבן צו ווערן.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון רוסלאַנד איז סוף 19טן און אָנהייב 20סטן י"ה געגאַנגען מיט ריזנטריט פאָרויס; דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויף אַלע געביטן פון דעם ווירטשאַפטלעכן לעבן, און אויך געווירקט אויף ווילנער קאַנט, פאַר וועלכן עס האָבן זיך געעפנט נײַע אָפּזאַץ־מערק. דאָס האָט זיך, צווישן אַנדערן, אויך אָפּגערופן אויף דעם יידיש־רוסישן דרוק־וועזן אין ווילנע. סירקין פאַרנעמט דעם ערשטן פּלאַץ צווישן די יידיש־רוסישע דרוקער. ער באַקומט באַשטעלונגען פון אַלע עקן רוסלאַנד, פון וולאַדיוואָסטאָק און כאַרבין און אָדעס און קאַווקאַז און מיטל־אַזיע. ער באַדינט גאַנצע אײַזנבאַן־ראַיאָנען און 27 פּאָסט־ און טעלעגראַף־ראַיאָנען. עס ווערן אַלץ מער יידישע אַרבעטער בײַ אים אין דרוק און זיי שטײַגן אַפילו אַריבער די צאָל פון 100. ס'איז גענוג צו זאָגן, אַז סירקינס דרוקערײַ פלעגט פאַרברויכן פאַר איינציקע מיליאָן רובל אַ יאָר פּאַפּיר.

עס דערנעענטערט זיך דער 5טער יאָר. עס פאַלן די אַלטע לעבנספאָרמען; עס פאַלן אויך די אַלטע, אָפּגעלעבטע אַרבעטס־באַדינגונגען אין אַלע וואַרשטאַטן. עס קומט אָן אַ נײַע צײַט מיט נײַע באַדינגונגען. אַ כוואַליע פון שטרײַקן צעגיסט זיך איבערן תחום און זיי מײַדן אויך ניט אויס די יידישע דרוקערײַען. מען שטרײַקט פאַר העפלעכע באַציִונגען, פאַר ניט אַראָפּרעכענען פאַרן ערשטן מאַי און אַנדערע פּאָליטישע שטרײַקן; מען שטרײַקט אויך פאַר עקאָנאָמישע פאַרבעסערונגען.

אין 1905 ברעכט אויס אַ גרויסער שטרײַק אין אַלע רוסישע דרוקערײַען, דערהויפּט בײַ סירקינען, וואָס דינט פאַר אַ סיגנאַל פאַר אַן עקאָנאָמישן שטרײַק אין אַלע פאַבריקן פון ווילנע און ווילנער קאַנט. די דרוקער־אַרבעטער האָבן דאַן אַרויסגעשטעלט אַזעלכע פאָדערונגען: 1) אָפּשאַפן דעם אינסטיטוט פון אַרבעטער־אונטערנעמער אָדער מעטראַנפּאַזשן, ווי דאָס האָט געהייסן, און אײַנפירן וואָכן־אַרבעט פאַר אַלעמען; 2) פאַר די עלטערע מעטראַנפּאַזשן — 14 ר' אַ וואָך און פאַר די יינגערע — 13 ר' אַ וואָך; 3) כפל אויף יום־טובים און 4) דאָס וויכטיקסטע — פאַר אַ 9שעהדיקן אַרבעטסטאָג.

אָנגעפירט מיטן דאָזיקן שטרײַק האָט דער אַרבעטער־טוער כאַצע מיצקון.

דער שטרײַק איז געווען איינער פון די גרעסטע שטרײַקן לויט זײַן פאַרנעם, אָבער די אַרבעטער האָבן בלויז טיילווײַז געוווּנען דעם שטרײַק.

וועגן דער וויכטיקײַט פון דעם שטרײַק קען מען זען דערפון, וואָס אין די אונטערהאַנדלונגען מיט די אַרבעטער האָט אויך אָנטיילגענומען דער דעמאָלטיקער ווילנער גובערנאַטאָר, פּאַלען.

אַזאַ שטרײַק איז אויך פאָרגעקומען בײַ ראָמען אין 1905, וואָס האָט זיך געצויגן עטלעכע וואָכן און זיך געענדיקט בלויז מיט אַ טיילווײַזן נצחון. ביסלעכווײַז האָט דאָס לעבן גענומען אָפּשאַפן די אַרכאַיִשע אַרבעטס־באַדינגונגען און די אַלטפרענקישע באַציִונגען. די באַלעבאַטים האָבן מיט דעם ניט געקענט שלום מאַכן, אָבער מיט דער צײַט איז פאַר זיי געוואָרן קלאָר, אַז אומזיסט איז זייער האָפענונג אויף אַ 15שעהדיקן אַרבעטסטאָג, אַז יענע „גוטע" צײַטן זײַנען שוין אַוועק, און דער יונגער דור אַרבעטער וועט זיך שוין ניט לאָזן אײַנשפּאַנען אין דעם אַלטן יאָך.

אַז די כוואַליע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג איז אין 4טן—5טן יאָר צוגעקומען צו ראָמס דרוקערײַ, זײַנען די באַלעבאַטים זייער ניט געווען צופרידן פון די נײַע פּאָראָנדקעס און פלעגן רופן די יונגע אַרבעטער „פּוילאַקעס" און „כוליגאַנעס" — און זיי האָבן געהאַט אויף וואָס צו זײַן ברוגז...

אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, זײַנען די עלטערע אַרבעטער צעטומלט געוואָרן. פון איין זײַט, איז זיי ניט געפעלן געוואָרן, וואָס די „יונגע שקאָצים" האָבן אויפגעהויבן דעם קאָפּ און פאַרלאָרן דעם דרך־ארץ פאַרן באַלעבאָס; פון דער אַנדער זײַט, האָט זיי אָבער הנאה געטאָן, וואָס אָנשטאָט 14 און 12 שעה אַ טאָג אַרבעטן זיי בלויז 9, און אָנשטאָט 5 ר' אַ וואָך אָדער גאָר 3, באַקומט מען 12 — אַזאַ געהאַלט, וואָס זינט זיי זײַנען אַרבעטער, האָבן זיי דערפון אַפילו ניט געחלומט.

מען דאַרף פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ גוואַלדיקע רעוואָלוציע די צײַט האָט געבראַכט, אַז ראָמס דרוקערײַ, וואָס איז געווען אַן אמתע באַסטיליע פאַר יעדן פרײַען גײַסט, אַז די דאָזיקע פאַרפאַנצערט־קאָנסערוואַטיווע דרוקערײַ זאָל אָננעמען צו דרוקן דעם ערשטן לעגאַלן סאָציאַליסטישן אָרגאַן, „דעם וועקער" א"אַנד, און זאָל אַליין אַרויסגעבן אין 1906 בראָשורן מיט אַ סאָציאַליסטישן אינהאַלט...

די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, וואָס האָט פאַרכאַפּט די גאַנצע יידישע אַרבעטערשאַפט, אַלע אירע טיילן, האָט אַרײַנגעצויגן אין אירע רייען אַ היבשע צאָל דרוקער־אַרבעטער. זיי האָבן בשתיקה געשלעפּט שריפט פון די יידישע דרוקערײַען און געהאָלפן שאַפן די אומלעגאַלע יידישע פרעסע; זיי האָבן אײַנגעשטעלט און געאַרבעט אין די ערשטע אומלעגאַלע יידישע דרוקערײַען, זיי האָבן ניט איינמאָל באַצאָלט מיט דער פרײַהייט און געדרוקט אין די הונדערטער־טויזנטער עקזעמפּלאַרן יידישע און רוסישע פּראָקלאַמאַציעס — די דאָזיקע אומלעגאַלע שריפטן, וואָס האָבן אויפגעברויזט דעם דעמאָלטיקן יידישן תחום און אַרויסגערופן די יונגע כוחות צו אַ רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַר אַ נײַעם און בעסערן לעבן.



# פון דרוקער-אַרבעטער אין ווילנע

אין סעפטעמבער 1906 איז, נאָך אַ 15יעריקער אומלעגאַלער עקסיסטענץ, אָנגעהויבן פון די שטרײַק־קאַסעס, לעגאַליזירט געוואָרן דער געזעצלעכער פּראָפעסיאָ־נעלער פאַריין פון די דרוקער־אַרבעטער א״נ „פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון די דרוקער־ און ליטאָגראַפן־אַרבעטער און ליני־רער אין ווילנע", מיט אַ ספּעציעלן סטאַטוט, לעגאַליזירט דורך דעם דעמאָלטיקן ווילנער גובערנאַטאָר ל י ו ב י מ אָ ו.

אין „פאָלקסצײַטונג" נומ׳ 163 פון 1906 געפינען מיר די ערשטע מעלדונג וועגן דער גרינדונג פון אַזאַ פאַריין, וואָס לייענט זיך אַזוי:

„מיר מעלדן אַלע ווילנער חברים דרוקער־ און לינירער־אַרבעטער, אַז הײַנט דינסטאָג, דעם 16טן



שטייען 1־טע ריי (פון רעכטס): ג. גורוויטש, א. דראפקין, ב. פעקע־, ט. גלאז, בערל, ח. קריינעס, 2־טע ריי: שוואבסקי, שיינע קאגאן, שרה שאליט, מאבליס, צ. לייפער, ל. שור, ש. לעווין. עס זיצן: ח. טייץ, ש. מעלאמעד, א. בערנאדיק, מ. ווילטער, א. מיאדלער, י. מ. קאפלינסקי (דער שפעטער בארימט געווארענער פראוואקאטאר), ק. סטאצקי. עס זיצן אונטן: א. זאלקינד, וואלאדיע, לעוויטאן, מ. גראזול און ל. גראזול.

סעפטעמבער, ווערט געעפנט די פאַרוואַלטונג פון דרוקער־פאַריין. מען בעט די חברים, וואָס ווילן זיך אײַנשרײַבן אַלס מיטגלידער אין פאַריין, צו מעלדן זיך אויף דעם פאָלגנדיקן אַדרעס: שוביצער גאַס (אַמאָליקע סיראָטסקאַיאַ, ראָג באַקשט — א. פּ.), הויף 14, קוו׳ 12.         ד י  ג ר י נ ד ע ר".

פון דער דאַטע אָן דאַרף מען רעכענען די לעגאַלע און אָפיציעלע עקסיסטענץ פון דעם פאַריין.

דעם 18טן אָקטאָבער פון זעלבן יאָר ווערט צונויפ־גערופן די ערשטע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אין זאַל פאַסאַזש, ניקאָדימער געסל (ניקאָדימסקי פּערעאולאָק), ווו עס ווערט אויסגעקליבן אַ פאַרוואַלטונג.

דער פאַריין איז לעגאַליזירט געוואָרן, צווישן אַנדערן, אויף די נעמען פון די אַרבעטער שמעיה מעלאַמעד, יוסף קאַמערמאַכער, אהרן זאַלקינד, ישראל־מיכל קאַפּלינסקי, שלמה רינדזונסקי, יוסף קאַהאַנאָוויטש און חיים־פּסח אַל־פּעראָוויטש.

די דרוקער האָבן אין פּראָפאַריין אויך אַרײַנגענומען ליניִרער און אײַנבינדער, און שפּעטער האָט ער זיך אַזוי גערופן: „דרוקער־ און אײַנבינדער־פאַריין".

אין „פאָלקסצײַטונג" פון 10טן פעברואַר 1906 ווערט אָפּגעדרוקט דער ערשטער באַריכט פאַר דעם משך צײַט פון 17טן נאָוועמבער 1905 ביזן 1טן פעברואַר 1906. אין באַריכט ווערט געזאָגט, אַז:

| | |
|---|---|
| די אַלגעמיינע צאָל מיטגלידער באַטרעפט. | 480 |
| פון זיי דרוק־אַרבעטער און אַרבעטערינס. | 314 |
| בוכבינדער . . . . . . . . . . . | 125 |
| ליניִרער־אַרבעטער . . . . . . . . . | 41 |

הכנסות:

| | |
|---|---|
| מיטגלידער־צאָלונגען . . . . . | 95 ר׳ 90 ק׳ |
| פון זאַמלונגס־ליסטעס . . . . | 87 ר׳ 85 ק׳ |
| צופעליקע נדבות פון מיטגלידער. | 20 ר׳ 14 ק׳ |
| פון אַן אָוונט . . . . . . . | 81 ר׳ 94 ק׳ |
| סך־הכל איז געווען אין קאַסע . | 285 ר׳ 83 ק׳ |

הוצאות:

| | |
|---|---|
| אויף שטרײַקן . . . . . . . | 106 ר׳ 35 ק׳ |
| אויף דירה־געלט . . . . . . | 79 ר׳ 50 ק׳ |
| אויף פאַרשיידענע הוצאות . . | 38 ר׳ 38 ק׳ |
| פאַר דער ביבליאָטעק פון פאַרײן. | 52 ר׳ 45 ק׳ |
| פאַר דעם ק׳ פון „בונד" . . . | 8 ר׳ |
| סך־הכל . . . . . . . . . | 284 ר׳ 68 ק׳ |

דער פאַרײן האָט אויך פאַרמאָגט אַ ביבליאָטעק, וואָס איז באַשטאַנען פון 550 ביכער — יידישע און רוסישע.

אַ היבשע צײַט איז געווען פאָרזיצער פון פאַרײן ישראל־מיכל קאַפּלינסקי. ער האָט געפירט אַ זייער אַקטיווע פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט און געהאַט אַ שטאַרקע השפעה אויפן פאַרײן. ער פלעגט מיט גרויס דערפאָלג דורכפירן פּראָפעסיאָנעלע אַקציעס. אויך די באַלעבאַטים האָבן זיך מיט אים שטאַרק גערעכנט.

מיטן גרינדן פון פּראָפעסיאָנעלן דרוקער־פאַרײן הייבט זיך אָן אַ נײַע עפּאָכע אין דרוקער־לעבן. עס ווערן פאַרפעסטיקט די פּאָזיציעס, וואָס זײַנען ביז איצט אויס־געקעמפט געוואָרן מיט אַזוי פיל מי אין משך פון אַ ריי יאָרן, און עס ווערט אויך געזאָרגט פאַר ווײַטערדיקע פאַרבעסערונגען. עס האָט זיך שטאַרק געבעסערט די מאַטעריעלע לאַגע פון די דרוקער־אַרבעטער און גלײַכצײַטיק האָט זיך אויך געהויבן זייער גײַסטיקער ניוואָ.

דאָס יאָר 1906 איז בכלל געווען זייער אַן אַקטיווער פאַרן פאַרײן — סײַ אין פּראָפעסיאָנעלער, סײַ אין פּאָליטישער הינזיכט.

אין 1906 איז אויסגעבראָכן אַ שטרײַק אין סירקינס דרוקערײַ צוליב ניט וועלן באַצאָלן פאַרן 1טן מאַי. עס האָבן געשטרײַקט ביז 110 מאַן. דער פאַרײן האָט זיך געווענדט צו די דרוקער־אַרבעטער פון פּעטערבורג, מאָסקווע און ריגע אונטערצוהאַלטן דעם שטרײַק און ניט דרוקן סירקינס באַשטעלונגען. דער שטרײַק האָט געדויערט 4 טעג און די אַרבעטער האָבן געוווּנען („פּאָלקסצײַטונג" נומ׳ 52, 11טער מאַי 1906).

דעם 8טן מאַי 1906 האָט דער פּראָפפאַרײן פון די דרוקער־ און אײַנבינדער־אַרבעטער פאַרעפנטלעכט אין „פּאָלקסצײַטונג" (נומ׳ 60) אַ סאָלידאַריטעטס־דערקלערונג מיט די דרוקער־אַרבעטער פון דער רוסישער צײַטונג „דוואַדצאַדטי וויעק", וואָס איז אַרויס אין פּעטערבורג. די רעדאַקציע פון דער דאָזיקער צײַטונג האָט אַרויסגעוואָרפן די אַרבעטער פאַר דער פאָדערונג אײַנצופירן זונטאָג־רו. דער פאַרײן רופט אויך צו באָיקאָטירן די צײַטונג.

אין 1906, בעת דער פראַגע, צי זאָל זיך דער „בונד" פאַראייניקן מיט דער רוסלענדישער ס"ד־פּאַרטיי, האָט אַ פאַרזאַמלונג פון די פּאָליטישע מיטגלידער פון דער ווילנער דרוקער־ און בוכבינדער־גרופּע באַשלאָסן, אַז בײַ דער פאַראייניקונג מוז אַרויסגעשטעלט ווערן דער פּרינציפּ פון אײנציקער פּאַרשטייערײַ (פ"צ נומ׳ 61, 1906).

אין זעלבן יאָר האָבן די ווילנער דרוקער־אַרבעטער, לויטן באַשלוס פון ראַט פון די אַרבעטער־דעפּוטאַטן, פאַר־ניכטעט דעם זאַץ פון דער צענזור־אויפשריפט „דאָזוואָלענאָ צענזוראָיו" (דערלויבט דורך דער צענזור) אויף אַלע ביכער (פ"צ נומ׳ 10, 1906).

אין זעלבן יאָר האָט דער דרוקער־פאַרײן אַרויסגעלאָזן אַ פּראָקלאַמאַציע (געדרוקט אין דער דרוקערײַ פון „בונד") וועגן דעם, וואָס אין דער אַנטיסעמיטישער דרוקערײַ „רוסקי פּאַטשין" האָט מען אָפּגעזאָגט 5 זעצער בלויז דערפאַר, וואָס זיי זײַנען יידן.

דער מיניסטער האָט דעמאָלט געהאַט אַרויסגעגעבן אַ צירקולאַר, אַז מען זאָל זאָגן אַלע יידישע אַרבעטער פון די מלוכישע פאַבריקן, „און כדי אונטערצולעקן זיך דער רעגירונג — שרייבט זיך אין דער פּראָקלאַמאַציע — אײַלן זיך די פּאַטריאָטן, די „עכט־רוסישע לײַט" פונעם „רוסישן פּאַטשין", אָפּצוריינייקן די דרוקערײַ פון „בונטאָוו־שטשיקעס".

דאָס זעלבע האָט אויך געטאָן די רעדאַקציע פון דער אַנטיסעמיטישער צײַטונג „בעלאַיאַ רוס", וואָס האָט אָפּגעזאָגט אַלע יידישע אַרבעטער, אַחוץ איינעם, ווײַל „דאָס איז אַן עלעמענט פון קראַמאָלע" (פ"צ נומ׳ 20, 1906).

דעם 4טן יוני 1906 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסער שטרײַק אין סירקינס דרוקערײַ. דאָס איז געווען די לעצטע און ענדגילטיקע שלאַכט פאַר אָפּשאַפן די רעשטלעך פון די פאַרעלטערטע אַרבעטס־באַדינגונגען. אויסער דער פאָדערונג פון העכערן שכירות און אָפּשאַפן שטיק־אַרבעט, איז געווען אַ הויפּט־פאָדערונג: אָפּשאַפן פאַרמיטלערײַ.

עס האָבן געשטרײַקט 110 מאַן. סירקין האָט אויך געהאַט אַן אָפּטיילונג אין ריגע. ביידע דרוקערײַען האָבן פאַרשטרײַקט. דער שטרײַק האָט געדויערט 33 טעג און אַלע פאָדערונגען האָט מען נאָכגעגעבן.

דער פאַרײן פירט אויך אַן אַקציע פאַרן העכערן די שכירות פון די אַרבעטער פון שניידערס שריפטגיסערײַ, וואָס באַקומען 2—$2^1/_2$ ר׳ אַ וואָך, אַ מײַסטער — 5 ר׳ אַ וואָך.

צום פאַרײן ווענדן זיך אויך יוגנטלעכע פון פּראָווינץ וועגן פאַרבעסערן זייערע אַרבעטס־באַדינגונגען.

נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905 האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסער אויפשוווּנג אין דעם דרוק־וועזן אין ווילנע. עס האָבן אָנגעהויבן דערשײַנען יידישע און העברעישע צײַטונגען און זשורנאַלן; ווילנע איז געוואָרן דער זיצאָרט פון אַלע יידישע פּאַרטייען, וואָס האָבן דאָ געהאַט זייערע אָרגאַנען; עס האָבן זיך געעפנט גרינדן ביכער־פאַרלאַגן; דער דרוקער־פאַך האָט דעמאָלט איבערגעלעבט זײַן האָניק־פּעריאָד. דער פּראָפפאַרײן פון די דרוקער איז געווען זייער צאָלרײַך. אין די יאָרן 1906—7—8 האָט ער געציילט ביז 600 מיטגלידער (אין דעם זײַנען אויך אַרײַן פון 50 ביז 60 מאַן קריסטן, וואָס האָבן געאַרבעט

אין רוסישע דרוקערײַען פון יידישע באַלעבאַטים; אַ געוויסע צײַט איז אויך אַ קריסט, ווענצעוויטש, געווען פּאָרזיצער פון פאַריין). יידישע אַרבעטער זײַנען געווען ביז 200 מאַן; יידיש=רוסישע — ביז 400 מאַן.

נאָך דער רעוואָלוציע איז אין יידישן דרוקער=פאַך אַנטשטאַנען אַ נײַס: יידישער און רוסישער מאַשין=זאַץ — פריער בײַ דעם פאַרלעגער ב. קלעצקין און דערנאָך בײַ סירקינען. אַ מאַשין=זעצער האָט גענומען פון 15 ביז 20 ר' אַ וואָך.

אין 1906 איז אין דער יידישער דרוק=טעכניק אײַנגעפירט געוואָרן נאָך אַ נײַס: די ראָטאַציע=מאַשין. די ערשטע צײַטונג, וואָס האָט זיך געדרוקט אויף אַ ראָטאַציע=מאַשין, איז געווען די „פאָלקסצײַטונג".

אין 1907 איז בײַ סירקינען געגרינדעט געוואָרן אַ לײַ=קאַסע פאַרן פערסאָנאַל. די באַלעבאַטים האָבן אויף דעם געגעבן 500 רובל, און דאָס איז געווען דער גרונט=קאַפּיטאַל. אַן אַרבעטער האָט געקענט אַנטלײַען ביז 20 רובל.

אין 1907 האָט דער דרוקער=פאַריין איבערגעלעבט אַ שפּאַלטונג. אין שײַכות מיט די נײַע לעגאַלע מעגלעכקײַטן האָבן זיך דעמאָלט בײַ פאַרשיידענע פּאָליטישע פּאַרטייען געשאַפן אָפּאָזיציעס, וואָס האָבן געטענהט, אַז דאָס לעגאַליזירן זיך איז אַ שחיטה פאַר דער באַוועגונג און מען מוז צוריק אַרײַן אין דער אונטערערד. די דאָזיקע מחלוקת איז אויך אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, און אויך אין דעם דרוקער=פאַריין האָט זיך געשאַפן אַזאַ אָפּאָזיציע. די אָנפירער פון דער אָפּאָזיציע זײַנען געווען: בערל העקער, עלטשיק קאַמערמאַכער, מאָטל סאַפּאָזשניקאָוו, קלמן דער געלער א"אַנד. אַ גרופּע מיטגלידער פון 10 מאַן זײַנען צוליב דעם אַרויס פון דרוקער=פאַריין, האָבן געבילדעט אַן אומלעגאַלן פאַריין און געפירט עקאָנאָמישע אַקציעס.

די אָפּאָזיציע האָט אויך אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף אונטערן נאָמען: „צו אַלע דרוקער און דרוקערינען".

וועגן דער דאָזיקער געשיכטע האָט דער דרוקער=פאַריין פאַרעפנטלעכט אין „פאָלקסצײַטונג" (נומ' 288, 1907) אַזאַ רעזאָלוציע, וואָס פון איר ווערן מיר געוואָר די פאַרשיידענע טענות, וואָס די אָפּאָזיציע האָט געהאַט צו דער פאַרוואַלטונג:

„די פאַרוואַלטונג פון דעם ווילנער פאַריין פון דרוקער=אַרבעטער האָט אַרומגעטראַכט אויף איר זיצונג דעם אויפרוף „צו אַלע דרוקער און דרוקערינען" און האָט אַרויסגעטראָגן די דאָזיקע רעזאָלוציע: 1) די באַשולדיקונג, אַז אין דער פאַרוואַלטונג באַטייליקן זיך פּערזאָנען, וואָס האָבן קיין שײַכות ניט צום דרוק=פאַך אין ווילנע, שטייען בכלל אָן דער זײַט פון אַרבעטער=קלאַס, איז דורכויס ניט קיין דערוויזענע, און די פאַרוואַלטונג פאַרוואַרפט זי. 2) די פאַרוואַלטונג געפינט, אַז אַפילו אין די ראַמען פון געזעץ פון 4טן מערץ קען מען אַוועקשטעלן די פאַרטיידיקונג פון די אַרבעטער=אינטערעסן אַ סך בעסער, איידער בײַ אומלעגאַלע באַדינגונגען. די הוצאות, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט דער עקסיסטענץ פון פאַריין, האַלט זי פאַר אומבאַדינגט נייטיקע און פּרוכטבאַרע. 3) די פאַרוואַלטונג אָנערקענט ווײַטער, אַז די פאַרטיידיקונג פון די אַרבעטער=אינטערעסן איז ניט אַ פּשוטע מאָגן=פראַגע, נאָר נעמט אַרום אַלע זײַטן פון אַרבעטער=לעבן. דעריבער קען ניט דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין שטיין אָן אַ זײַט פון דער אַרבעטער=באַוועגונג און בלײַבן גלײַכגילטיק צו „פּרינציפּן". 4) באַטראַכטנדיק באַזונדער די פּראָבע פון אייניקע געוועזענע מיטגלידער פון פאַריין צו אָרגאַניזירן צוגלײַך מיט דעם שוין לעגאַלן פאַריין אַן אומלעגאַלן און קעמפן מיט אים, געפינט די פאַרוואַלטונג, אַז די פּראָבע איז אַזאַ אַרבעט, וואָס דעזאָרגאַניזירט די אַרבעטער=באַוועגונג און ברענגט שאָדן דער גאַנצער אַרבעטער=זאַך".

די שפּאַלטונג האָט אָבער אָנגעהאַלטן ניט מער פון 3 חדשים און די אָפּגעשפּאָלטענע זײַנען ווידער אַרײַן אין פאַריין.

אין 1912 זײַנען אין אַלע גרעסערע דרוקערײַען אײַנגעפירט געוואָרן קראַנקנקאַסעס.

צווישן די יידישע דרוקערײַען, וואָס האָט אײַנגעפירט מער=ווייניקער מענטשלעכע באַציִונגען, נאָך פאַר דער רעוואָלוציע, און וואָס איז געווען אַוועקגעשטעלט מאָדערן און היגיעניש, איז ווערט צו דערמאָנען פּיראָזשניקאָווס דרוקערײַ. זײַן דרוקערײַ איז דעמאָלט געווען די מאָדערנסטע יידישע דרוקערײַ. בכלל איז פּיראָזשניקאָוו געווען אַ גרויסער אָריגינאַל. ער פלעגט אָפּשטעלן די אַרבעטער אינמיטן דער אַרבעט און דערציילן זיי אַ מעשה. ער פלעגט די אַרבעטער אויך לערנען שפּילן אויף קאָנצערטינע, וואָס אויף דעם אינסטרומענט איז ער געווען אַ מײַסטער.

אין 1911 איז בײַ דער דרוקערשער קלויז צוריק אויפגעלעבט געוואָרן דער גמילות=חסד, וואָס האָט עקסיסטירט נאָך אין די 70ער יאָרן און איז נאָכדעם צעפאַלן געוואָרן.

די גאַנצע געשיכטע מיטן גמילות=חסד און אַלע זײַנע אויפטוען זײַנען פאַרשריבן אין דעם פּנקס, וואָס הייסט „פּנקס העוסקים במלאכת הדפוס בעיר ווילנע, 1911—1913".

דער גמילות=חסד עקסיסטירט, אַגב, נאָך ביז הײַנטיקן טאָג. אין די שווערע מלחמה=יאָרן איז ער פאַר פיל דרוקער=אַרבעטער געווען אַ גרויסע הילף.

אין דעם יאָר 1912 האָט דער גמילות=חסד אַרויסגעגעבן 1661 ר' הלוואות פאַר די מיטגלידער. אַ הלוואה פלעגט מען געבן ביז 15 ר'.

דער גמילות=חסד האָט אויך געהאַט זײַנע מנהגים און תקנות.

ווי געזאָגט, איז דער דרוקער=פאַך אין די יאָרן פון נאָך דער רעוואָלוציע שטאַרק געשטיגן; ס'איז געווען



אַ סך אַרבעט, די אַרבעטספּרײַזן זײַנען געוואַקסן, און דער דרוקער-פאַריין איז געווען זייער אַ פעסטע אָרגאַניזאַציע.

די ווילנער דרוקער-אַרבעטער האָבן געהאַט אַ שם אומעטום. פון פאַרשיידענע שטעט פלעגט מען זיך ווענדן קיין ווילנע נאָך יידישע דרוקער-אַרבעטער אויף יידיש, העברעיִש און רוסיש — פון מינסק, אָדעס, ביאַליסטאָק, גראָדנע, קאָוונע, וואַרשע א״אַנד. ווילנער אַרבעטער האָט מען גענומען אין פעטערבורגער „פרײַנד“, „המליץ“ און „טאָג“, אין קיעווער „דאָס וואָרט“ אונטער דער רעדאַקציע פון ר׳ מרדכילע טשעמערינסקין, אין פאַרלאַג „מוריה“ בײַ ביאַליקן, אין ריגער יידישער צײַטונג אונטער דער רעדאַקציע פון בעל-מחשבות (אין 1910), אין בערדיטשעוו א״אַנד. ווילנער זעצער קען מען געפינען אין די גרעסטע יידישע צײַטונגען פון ניו-יאָרק, אין קאַנאַדע, אין אַרגענטינע, אין לאָנדאָן, אין ארץ-ישראל, אין מאָסקווע און פאַרשיידענע אַנדערע ערטער. ווילנע האָט אַ ריי מיט יאָרן געליווערט זעצער פאַר פאַרשיידענע יידישע צענטערס.

פריער די מלחמה און דערנאָך די שווערע אָקופּאַציע-יאָרן האָבן געגעבן אַ שטאַרקן קלאַפּ דעם דרוקער-פאַך. פיל זײַנען מאָביליזירט געוואָרן אין דער מלחמה, פיל האָבן זיך עוואַקויִרט קיין רוסלאַנד, אַ סך האָבן די דײַטשן צוגענומען אויף צוואַנג-אַרבעט, אַנדערע זײַנען אויסגעשטאָרבן — פון הונגער און קעלט און קראַנקייט. אויסער איין יידישער צײַטונג, וואָס איז אַרויס אין דער אָקופּאַציע-צײַט, „די לעצטע נײַעס“, איז ניט געווען וווּ צו אַרבעטן. פון דעם פאַריין איז געוואָרן אַ תּל. אין דער צײַט פון דער מלחמה און אָקופּאַציע איז פאַרניכט געוואָרן דער גאַנצער אַרכיוו פון דרוקער-פאַריין.

נאָך דער מלחמה האָט זיך דער דרוקער-פאַך די ערשטע צײַט געפּרוּווט נאָך אַ הייב טאָן, האָט אָבער שוין ניט געקענט קומען צו זײַנע פריערדיקע כּוחות. די רוסישע דרוקערײַען, פון וועלכע ער האָט געצויגן זײַן הויפּט-יניקה, די גרויסע דרוקערײַען, האָבן זיך אַ טייל עוואַקויִרט, די איבעריקע האָבן שוין ניט געהאַט דעם פריערדיקן מאַרק און זיי האָבן זיך געמוזט אָדער שליסן, אָדער זיי גוססן ביז הײַנטיקן טאָג.

פון די יידישע דרוקערײַען איז געוואָרן אַ תּל. אין דער גרעסטער יידישער דרוקערײַ פון ראָמען, וואָס האָט פריער באַשעפטיקט אַרום 150 מאַן, אַרבעטן איצט סך-הכּל עטלעכע מענטשן. די איבעריקע יידישע דרוקערײַען, וואָס האָבן נאָך געזשיפּעט, האָט דער קריזיס אונטערגעקאָשעט. דער צוטריט פאַר די יידישע דרוקער-אַרבעטער אין די פּוילישע דרוקערײַען, סײַ פּריוואַטע און סײַ אַנדערע, איז אַבסאָלוט געשלאָסן צוליבן שאַרפן אַנטיסעמיטיזם.

בײַ הײַנטיקן טאָג איז כּמעט דער גאַנצער דרוקער-פאַך פּרנסהלאָז. דער גרעסטער טייל אַרבעטער איז קאָנצענטרירט אין קאָאָפּעראַטיווע צײַטונגען, וואָס גיבן קוים 20—25 גילדן אַ וואָך פּרנסה. די גליקלעכע, וואָס אַרבעטן שוין פּריוואַט, באַקומען כּמעט אויך ניט מער. די נאָרמאַלע שכירות בײַ הײַנטיקן טאָג אין ווילנע איז 25—30, ביז עטלעכע און פופציק גילדן אַ וואָך, וואָס איז די מאַקסימאַלע נאָרמע, און דעם דאָזיקן פּרײַז באַקומען איצט אויך בלויז געציילטע.

פון דעם אַמאָל גרויסן און שטאַרקן דרוקער-פאַריין, וואָס האָט געציילט עטלעכע הונדערט מאַן, און וואָס צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס האָבן זיי געבילדעט אַן אַרמיי פון אַ פּאָר טויזנט נפשות, וואָס האָבן געלעבט פון דעם פאַך, פון דעם דאָזיקן דרוקער-פאַריין, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַזאַ רײַכע געשיכטע — פון דעם פאַריין איז איצט סך-הכּל געבליבן איבער אַ 100 מאַן, וואָס לעבן אין דלות און נויט און דחקות, בלויז מיט דער איינציקער האָפענונג אויף בעסערע צײַטן.





א. י. גאָלדשמידט

# די אַנטשטייונג פון דרוקער-פאַריין

(ערינערונגען)

ס'איז געווען אַ לעבעדיקע, שטורעמדיקע צייַט פון ליכטיקע האָפענונגען אויף פּאָליטישער און סאָציאַלער באַפרייַונג פון די פעלקער, ראַסן און קלאַסן אין דער אומגעהייַערער צאַרישער אימפּעריע. די בלוטבאָד פון 9טן יאַנואַר 1905, וואָס די בלינדע הערשער האָבן געמאַכט דעם נאַיוון גלויבנדיקן אַרבעטספּאָלק אויף די גאַסן פון פּעטערבורג, האָט געעפנט די אויגן אַלע גייַסטיק-בלינדע און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון די ברייטסטע מאַסן אויפן גאַנצן שטח פון אייראָפּעיִשן און אַזיאַטישן רוסלאַנד. און אָט די ברייטע באַוועגונג האָט זיך דערקייַקלט אויך ביז ווילנע, ווּ עס האָבן זיך גענומען אָרגאַניזירן אַלע ביז אַהער אָפּגעשטאַנענע פאַכן. די אָרגאַניזאַציע פון די פאַכן האָט מען דאַן פאַרשטאַנען ניט בלויז אין פּראָפעסיאָנעלן זין, נאָר אין ברייטסטן עקאָנאָמיש-פּאָליטישן זין. דאַן האָט מען פעסט געהאַלטן, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף מוז נייַן צוזאַמען מיטן פּאָליטישן געראַנגל און די פּראָפּאַגאַנדע, אַגיטאַציע און אָרגאַניזאַציע זייַנען געפירט געוואָרן אין אָט דער סאָציאַל-פּאָליטישער ריכטונג.

איינער פון די אָפּגעשטאַנענסטע פאַכן איז דאַן געווען—גראָד דער דרוקער-פאַך. הייַנט קומט עס אויס משונהדיק, אומגלייבלעך, אַז גראָד דער פאַך, וואָס האָט עסק נאָר מיט בוך, מיט בראָשור, מיט פּרעסע, זאָל זייַן איינער פון די אָפּגעשטאַנענסטע. און דאָך איז עס אַזוי געווען. אמת, איינצלנע דרוקער-אַרבעטער האָבן זיך זייער אויסגעצייכנט מיט באַוווסטזייַן און פּראַקטישער טעטיקייט, ווי, למשל, דער באַוווסטער מאָטל קאַמערמאַכער און אַ פּאָר חברים זייַנע, אָבער זיי זייַנען אַוועק אויפן וועג פון אַרבעט פאַרן כּלל יִדישער אַרבעטערשאַפט און מיט דער מאַסע דרוקער-אַרבעטער האָבן זיי זיך זייער ווייניק פאַרנומען. אַגב זייַנען זיי דורך דער צאַרישער „אָכראַנקע" גיך אַרויסגעריסן געוואָרן פון די אַרבעטער-רייען און קיין נייַע דרוקער-טוער האָבן זיך נאָך ניט באַוויזן.

די סיבות: אין דעם דרוקער-פאַך איז מער ווי אין אַ סך אַנדערע פאַכן געווען אייַנגעוואָרצלט דער פּאַטריאַר-כאַליזם אין די באַציִונגען צווישן די בעלי-בתּים און די אַרבעטער. אין ר אָ מ ס דרוק, למשל, האָבן אין משך פון איבער הונדערט יאָר געאַרבעט עלטער-זיידעס, זיידעס, קינדער און אייניקלעך, וואָס פלעגן איבערגיין צו די בעלי-בתּים „בירושה" פון דור צו דור. מ'האָט זיך גאָר ניט געקאָנט פאָרשטעלן די מיגלעכקייט אַוועקצוגיין אָדער, ווער רעדט, אַרויסגעשטויסן צו ווערן פון ראָמס דרוק. ווי קאָן מען דאָס גאָר לעבן אויף דער וועלט, אויב מ'זאָל ניט אַרבעטן אין ראָמס דרוק? די ראָמס זייַנען דאָך די זיכער-סטע ברויטגעבער! און עס האָט זיך אייַנגעבירגערט אין דעם פאַך דרוקער-אַרבעטער אַן „אַריסטאָקראַטיע" — די „אַריסטאָקראַטיע פון ראָמס דרוק", וואָס האָט געקוקט אויף אַלע אַנדערע שפּעטער צונעקומענע ווילנער יִדישע דרוקער-אַרבעטער פון אויבן אַראָפּ. אָט דאָס האָט זייער געשאַדט דעם גאַנצן פאַך.

די ראָמס האָבן זייער גוט אויסגענוצט אָט די געטרייַע אונטערטעניקייט פון זייערע וואַסאַלישע אַרבעטער-דינאַסטיעס. אומגעהייַער לאַנגער אַרבעטסטאָג און אומ-גלייבלעך קליינע שכירות זייַנען געווען אַ מנהג שטאַרקער פון אַלע דינים אין אָט דער אייגנאַרטיקער מלוכה, וואָס אַלע אַנדערע יִדישע דרוקער-אַרבעטער פון שטאָט האָבן אויף אַ משונהדיקן אופן געהאַלטן פאַר אַ באַזונדערן כּבוד און גליק צו ווערן אירע אונטערטאַנען.

אַזאַ מין מלוכה, נאָר אין אַ פיל קלענערן מאַסשטאַב, איז געווען אויך די אין סוף 50קער יאָרן פון 19טן יאָר-הונדערט אויפגעקומענע דרוקערייַ פון ראָזענקראַנץ און שריפטזעצער, וואָס האָט אין אַלץ נאָכגעטאָן די מנהגים פון ראָמס דרוק.

אויך די רייַכע רוסישע דרוקערייַ פון יהודה (יוליוס) סירקין, ווּ עס האָבן געאַרבעט יִדישע אַרבעטער, איז געווען אַזאַ מין אָפּגעשלאָסענע מלוכה מיט ענלעכע טראַ-דיציעס. אַלע אַנדערע יִדישע דרוקערייַען האָבן מיט קנאה געקוקט אויף די אויבנדערמאָנטע און האָבן געזוכן בייַ ז י ך וואָס מער צו פאַרלענגערן דעם אַרבעטסטאָג און כּסדר צו פאַרקלענערן די שכירות.

הכּלל, דער פאַך האָט זיך געפונען אין זייער אַ נידעריקן צושטאַנד,—און די ווילנער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" האָט באַשלאָסן צו מאַכן דערצו אַ סוף.

אין אַפּריל 1905 האָט דער קאָמיטעט פון „בונד" צונויפגערופן די „גרופּע פּראָפּאַגאַנדיסטן און פאַך-אָרגאַ-ניזאַטאָרן" צו באַטראַכטן די פראַגע וועגן אָרגאַניזירן אַלע נאָך פאַרבליבענע אָפּגעשטאַנענע פאַכן אין דער יִדישער ווילנע. אויף אָט דער באַראַטונג זייַנען בייַגעווען: „חבר אַראָן" (א. ווייַטער), „חבר פרידריך" (שמואל גאָזשאַנסקי—

לנו), מאיר ברומבערג פון סווענציאַן, „רפאלטשיק דער זנאַקנמאַלער", נחום דער גאַרבער, פײַוועשיק („איליאַ") דער שטעפּער. דער לערער שטערן, פאַני זײַדעל (אַ הויכע שיינע סטודענטקע, וואָס האָט זיך געלערנט מעכאַנישע שוסטערײַ אין אַ פאַבריק אויף סטעפּן=גאַס אונטער דער אָנפירונג פון אַברהם=יודל פאַראַד) און איר ברודער (זײַן נאָמען פאַרגעסן), „חבר כאַציע" (סטוד'=יורי מיצקון, אַ ברודער פון דעם געוועזענעם בונדישן טוער און פובליציסט ראובן מיצקון) און זײַן קוזין הירשל מיצקון (אַ באַגײַסטערטער אידעאַליסט, וואָס איז יעדע רגע גרייט געווען צו שטאַרבן פאַרן סאָציאַליזם), ח' גרשון (דער שרײַבער פון די שורות) און נאָך אייניקע, וואָס איך האָב פאַרגעסן זייערע נעמען.

דער פאָרזיצער חבר פרידריך האָט געהאַלטן אַ גײַסטרײַכע רעדע וועגן דעם „היסטאָרישן מאָמענט, וואָס מיר לעבן איצט איבער", און האָט גערופן די יונגע חברים צו „טראָגן ליכט פון באַוווּסטזײַן" אין די אָפּגעשטאַנענע ברייטע מאַסן און צו אָרגאַניזירן זיי.

„חבר אַראָן" האָט גערעדט אויספירלעך וועגן דעם דרוקער=פאַך, וואָס אים איז „היסטאָריש באַשערט צו שפילן אַ וויכטיקע און ליכטיקע ראָלע אין דער יִדישער אַרבעטער=באַוועגונג".

עס זײַנען געהאַלטן געוואָרן רעדעס אויך וועגן אַלע אַנדערע אָנגעמערקטע פאַכן.

די ווערטער האָבן אָנגעצונדן די הערצער פון די יונגע אידעאַליסטן, וואָס האָבן זיך געריסן צו אַרבעט. און דער קאָמיטעט האָט קיינעם קיין אַרבעט ניט געזשאַלעוועט. די אַרבעט איז צעטיילט געוואָרן. יעדער פּראָפּאַגאַנדיסט און אָרגאַניזאַטאָר האָט באַקומען אַ ספּעציעלן פאַך.

די חברים כאַציע, הירשל און גרשון האָבן באַקומען די מיסיע צו אָרגאַניזירן די דרוקער=אַרבעטער און קודם=כל די „ראָמער". מער אַרבעט איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויפן חבר גרשון, ווײַל ער האָט ביז אַהער געהאַט סך=הכל צוויי פאַכן, די בוי=אַרבעטער און דעם פאַך פון די „איידעלערע" מעטאַלן, בעת יענע חברים האָבן שוין געהאַט געטראָגן אויף זייערע יונגע פּלייצעס דרײַ און פיר פאַכן.

ח' גרשון, דאַן אַ בלוט יונגער ענטוזיאַסט, איז געווען נאָר וואָס אַרויס פון טורמע און האָט דערפאַר בײַם קאָמיטעט באַקומען „שליפעס": מ'האָט אים אַרײַנגענומען אין „גרופּע" און שוין אים אײַנגעטיילט אַזאַ חשובע און אַחריותפולע אַרבעט. ער איז געווען אויפן זיבעטן הימל פון גליק און האָט זיך אַרײַנגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט ברען, מיט לײַב און מיט לעבן.

ער האָט ניט געראַסט און ניט גערוט, אָן צערעמאָניעס געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט אייניקע דרוקער=אַרבעטער, וואָס האָבן עס אים געדאַרפט אַרײַנפירן אין פאַך. דאָס זײַנען געווען: דער מאַשיניסט בער העקער (שפּעטער באָריסאָוו), וואָס האָט אַלע מאָל געהאַט טיפע נייגונגען צו דער יִדישער בינע און האָט אונטער דער אָנפירונג פון „חבר אַראָן", מאַקס פּויזנער (אַ פלאַמענדיקער פּראָפּאַגאַנדיסט און אַגיטאַטאָר, וואָס איז יונגערהייט פון שווינדזוכט אַוועק פון דער וועלט) און קלמן קראַפּיווניק (וואָס האָט אין אַרכאַנגעלסקער פאַרשיקונג זיך גענומען דאָס לעבן) פיל מאָל דורכגעפירט אויף געהיימע אַרבעטער=פאַרזאַמלונגען יִדישע פּ־עסן און אינסצעניזאַציעס מיט אַ סאָציאַלן כאַראַקטער (אַנסקיס „מלחמה פאַרן לעבן" א"אַ); מאָטע קאַגאַן, אַ מאַשיניסט אין פּיראָזשניקאָווס דרוקערײַ, אַ קלוגער מענטש און אַ גרויסער סקעפּטיקער, וואָס געווינען אים פאַר דער אַרבעטער=באַוועגונג האָט זיך גערעכנט פאַר אַ גרויסן אויפטו (איצט איז ער אין אַמעריקע) און קיווע אַבראַמאָוויטש, אַ שיינער מיט אַ וואַלד געדיכטע לאַנגע האָר, ווי בײַ אַמאָליקע פּאָעטן,—אַ וואַלד האָר, וואָס האָט אַרויסגערופן בײַ די דרוקער אַ חשק פון חוזק מאַכן פון אים, און דאָך האָבן זיי אים געאַכט פאַר זײַן איידעלן כאַראַקטער. אָט די דרײַ אַרבעטער האָבן עס אַרײַנגעפירט גרשונען, כאַציען און הירשלען אין דער געהיימניספולער מלוכה ראָם.

זיי האָבן צונויפגערופן (בײַ קיווע אַבראַמאָוויטשן אין וווינונג—אין אַ בוידעם=שטוב אויף זאַוואַלנער גאַס) אַ פאַרזאַמלונג פון די „ראָמער" און אויך פון די עלטערע, דווקא פון די עלטערע אַרבעטער פון אַנדערע דרוקערײַען, כדי זיי זאָלן מיט זייער פאָרנעמקייט ווירקן אויפן גאַנצן פאַרזאַמלטן עולם און דורך דעם שוין אויפן גאַנצן פאַך.

חוץ די אויבנדערמאָנטע זײַנען אויף דער פאַרזאַמלונג נאָך בײַגעווען די דרוקער=אַרבעטער: יאָסל קאַהאַנאָוויטש, שלמה רינדזונסקי, די ברידער אַלטער און איציק מיאַדלער, העשל הורוויטש, העשל ראָמבאַק, אליה שיפּרין, ליווער, בערל וואָלאָזשינסקי, וואָס פלעגט זיך שטענדיק חכמהנען און האָט אַלץ געטענהט, אַז זיי אַלע ווילן גאָר ווערן בעלי=בתים פון אייגענע דרוקערײַען, איינער אַ יאַנקל, פון נידעריקן וווּקס מיט אַן אויסגעמאַטערטן פּנים פון אַ דערשלאָגענעם, איבערגעאַרבעטן מענטשן, און אַ סך אַנדערע, וואָס איך האָב שוין זייערע נעמען פאַרגעסן.

ח' כאַציע האָט געהאַלטן אַ שיינע אָפּגעטאָקטע רעדע וועגן דעם לעבן פון די דרוקער=אַרבעטער אין ווילנע בכלל און וועגן דעם לעבן פון די „ראָמער" בפרט און וועגן דעם, אַז עס גייט אַ נײַע צײַט, ווען דער אַרבעטער מוז נעמען זײַן גורל אין די אייגענע הענט. ח' הירשל האָט מיט גרויס התלהבות, אַליין ניט פילנדיק, איבערגעחזרט די רעדע פון ח' פרידריך, אַז אַפילו די פאַרבלענדטע רוסישע אַרבעטער, וואָס זײַנען געגאַנגען מיטן פּאָפּ גאַפּאָן, האָבן שוין דערזען, — בכן איז שוין צײַט, אַז אויך די פאַרבלענדטע „ראָמער" זאָלן דערזען.

ח׳ גרשון האָט געפּרוּווט דערווײַזן, אַז אומזיסט טראַכטן געוויסע חברים אַליין צו עפענען דרוקערײַען, אַז דאָס זײַנען פּוסטע חלומות, אַז עס גייט אַ פּראָצעס פון פּראָלעטאַריזאַציע און בכן מוזן די „ראָמער" אַרויסשטעלן זייערע בעלי־בתּים די פאָדערונגען צו פאַרקירצן דעם אַרבעטסטאָג, צו העכערן די שכירות, צו פאַרבעסערן די היגיענישע באַדינגונגען א״אַ.

נאָך די רעדעס האָט זיך אָנגעהויבן אַ דיסקוסיע. די מערהייט האָט זיך אַרויסגעזאָגט סקעפּטיש, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן נאָך אַ פאַרזאַמלונג, אַ גדעסעדע, צו באַטראַכטן די פראַגע.

אָבער ווּ זאָל פאָרקומען די צווייטע פאַרזאַמלונג? די חברים פון דער „גרופּע" האָבן געהאַלטן, אַז בײַ קיווען אין וווינונג איז ניט באַקוועם: די גאַס איז אַ קאָכעדיקע, קישעט מיט שמעקער און קיוועס וואַלד האָר קאָן פאַרראַטן. דאַן איז אויפגעשטאַנען קיווע און האָט אַ געריוטער מיט אַ פאַרשטיקטער שטימע געמאָלדן, אַז — חלילה! — ער וועט ניט פאַרראַטן, אַז עד איז גאָר גליקלעך, וואָס „אַזעלכע שיינע מענטשן" האָבן אים באַערט מיט אָפּהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג אין זײַן וווינונג און אַז ער איז גרייט אַוועקצוגעבן זײַן קאָפּ צוזאַמען מיט זײַן וואַלד האָר פאַר די ברידער אַרבעטער. ער האָט זיך שיר ניט צעוויינט און האָט זיך באַרויִקט בלויז נאָכדעם, ווי די חברים כאַציע און מאָטע קאַגאַן האָבן אים דערקלערט, אַז דער אויסדרוק „קיוועס וואַלד האָר קאָן פאַרראַטן" באַטײַט, פאַרקערט, אַז די שפּיקעס קאָנען אים אָננעמען צוליב זײַנע האָר פאַר אַ „באַקאַנטן" (אַזוי פלעגן זיך די בונדיסטן רופן צווישן זיך) און אַרעסטירן אים מיט אַלע פאַרזאַמלטע בײַ אים. דאַן האָט ער געמאָלדן, אַז ער איז גרייט אָפּצושערן זיך די האָר, נאָר מ׳זאָל בײַ אים מאַכן די פאַרזאַמלונגען. איך געדענק ניט, צי מיר האָבן אָנגענומען זײַן גרויסן קרבן, אָבער אַ פּאָר פאַרזאַמלונגען האָט מען בײַ אים נאָך דורכגעפירט.

אין רעזולטאַט פון עטלעכע זייער ערנסטע פאַרזאַמלונגען איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ שטרײַק — דער ערשטער שטרײַק אין ראָמס דרוק.

עס האָט געקאָכט די שטאָט. אַ קלייניקייט, אַ שטרײַק אין דער דרוקערײַ פון די וועלט־באַרימטע „האלמנה והאחים ראָם"! משיחס צײַטן!

אָבער מער פון אַלעמען האָט זיך געקאָכט מאַקסים ראָם — דעד שעף פון דרוק. „יאַ אים פּאָקאַזשו" (איך וועל זיי ווײַזן) — האָט עד געדונערט אויף די „בונטאַרן" (אַזוי פלעגט ער רופן די בונדיסטן).

ער האָט זיך געקאָכט, אָבער צום סוף האָט ער געשיקט רופן די „בונטאַרן", און זיי זײַנען גלײַך געקומען. ער האָט זיי אײַנגעלאַדן אין עסצימער, ווּ עס איז געשטאַנען אַ קאָכעדיקער סאַמאָוואַר און אויפן טיש גוטע זאַכן, און מ׳האָט זיי דערלאַנגט צו גלאָז טיי אין זילבערנע אײַנפאַסן. די „האָלאָדראַנצעס" האָבן אָבער צום טיי ניט צוגערירט זיך און פאָרגעלייגט מאַקסים ראָמען בעסער אַרײַנצוגיין מיט זיי אין אַן אַנדער צימער דורכצופירן דעם שמועס גיך, ווײַל זיי האָבן ניט קיין צײַט. ער האָט נאָכגעגעבן און אַרײַנגעפירט אונדז אין זײַן קאַבינעט. אָבער אָנשטאָט צו ריידן וועגן עיקר, איז ער אַרײַן מיט אונדז אין אַ פּאָליטיש־עקאָנאָמישן וויכוח און האָט אונדז געוואָלט ווײַזן, אַז ניט נאָר ער פאַרמאָגט אַן אייגענעם קאַפּיטאַל, נאָד ער האָט אויך מאַרקס „קאַפּיטאַל"—אין אַ פראַכטבאַנד. דאָס איז סוף־כל־סוף דערעסן געוואָרן און די „בונטאַרן" האָבן זיך אויפגעהויבן אַוועקצוגיין. דערזען, אַז ער האָט דאָ ניט צו טאָן מיט „יִינגלעך", כאָטש אַלע דרײַ, כאַציע, הירשל און גרשון, זײַנען נאָך גאָר יונגיטשקע געווען, — איז ער אַריבער צום ענין שטרײַק. עד האָט אָנגעהויבן אַ סיפּור המעשה וועגן די „פאָטערלעכע" באַציִונגען פון דער משפּחה ראָם צו זייערע „מענטשן", אָבער זיי האָבן אים דערוויזן די גאַנצע שעדלעכקייט פון דעם פּאַטריאַרכאַליזם און אים געמאָלדן, אַז דעם „בונד" גייט טאַקע אום דעם—אַ סוף צו מאַכן צו אָט דער אומגליקלעכעד סיסטעם און אַרויפצופירן דעם ייִדישן אַרבעטער אויפן ברייטן שליאַך פון קלאַסן־קאַמף.

דעד סוף פון אַלע סופן איז געווען, אַז מאַקסים ראָם האָט זיך דעדשפּירט באַזיגט און האָט מסכּים געווען אויף די צוויי ערשטע פאָדערונגען—צו פאַרקירצן דעם אַרבעטסטאָג און צו העכערן די אַרבעטער די שכירות, אָבער וואָס שייך די היגיענישע באַדינגונגען האָט ער געמאָלדן, אַז ער קען ניט איבערבויען דעם בנין פון דרוק, וואָס איז אין זײַנע אויגן אַ פולקומענער. מיר זײַנען אויך, נאָך אַ באַראַטונג מיט אונדזער העכערער אינסטאַנץ, אײַנגעגאַנגען דערויף.

דער נצחון איבער דער מלוכה דאָם האָט געהאַט אַ געוואַלדיקע ווירקונג אויף אַלע ייִדישע דרוקער־אַרבעטער אין ווילנע. עס זײַנען אויסגעבראָכן שטרײַקן אין די איבעריקע גרויסע דרוקערײַען און מיטן זעלביקן גוטן ערפאָלג.

דאַן איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון אַ דרוקערשן קלאַסן־פאַריין, וואָס איז ענדגילטיק דורכגעפירט געוואָרן אין די „פרײַע טעג" פון אָקטאָבער פון דעם זעלביקן יאָר אונטער דער השפּעה פון ח׳ מ. ליבער (מאיר־מיכאל גאָלדמאַן).

אין אַ קורצער צײַט, אין משך פּשוט פון עטלעכע וואָכן, איז דער „בונד" זייער פּאָפּולער געוואָרן בײַ די מאַסן דרוק־אַרבעטער. אַ סך פון זיי זײַנען אַרײַן אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע און האָבן אַרויסגעוויזן זייער מסירת־נפשדיקע איבערגעגעבנקייט באַזונדערס אין די מאָמענטן פון דרוקן פאַרשיידענע אומלעגאַלע בונדישע אויסגאַבעס.



כאַראַקטעריסטיש פאַר אָט דער מסירת=נפש איז דער פאָלגנדיקער פאַל:

דער ווילנער קאָמיטעט פון „בונד“ האָט סוף מאַי אָדער אָנהייב יוני 1905 געדאַרפט אָפדרוקן אַ פּראָקלאַמאַציע אין אַ סך טויזנטער עקזעמפּלאַרן—עקסטרע, שנעל. דורכפירן האָט מען עס געקענט נאָר אין אַ לעגאַלער, גוט איינגעאָרדנטער דרוקעריי. האָט דער קאָמיטעט איבערגעגעבן צו באַזאָרגן די זאַך דעם טריומוויראַט, וואָס האָט געאַרבעט ביי די דרוקער. די דריי האָבן צוגעקליבן צו זיך אַ זיבן=אַכט דדייסטע חברים און זיי אַלע צוזאַמען זיינען מיט „שפּייערס“ אין די קעשענעס, לויטן מנהג פון יענער צייט, אַריין אין אַ דרוקעריי—אין דער דרוקעריי פון פ. ג. און ל. ע., געמאָלדן די אייגנטימער וועגן צוועק פון זייער קומען, אַוועקגעשטעלט וואַכן לעבן דער טיר פון פּאַראַד=אַריינגאַנג און ביי דער הינטערטיר פון הויף, געהייסן די אייגנטימער בלייבן רויִק און דערלאַנגט עטלעכע זעצער טיילן פון דעם פּראָקלאַמאַציע=טעקסט אויף אויסצוזעצן.

די זעצער האָבן מיט התלהבות זיך גענומען צו דער אַרבעט, אָבער איינער פון די אייגנטימער, פ. ג., האָט גענומען לויפן איבער די ענגע דורכגענג פון דרוק און שרייען, אַז ער מוז רופן דעם גאָראָדאָוואָי פון גאַס. דאַן האָבן אים גלייך פאַרשטעלט דעם וועג צו די אָפענע פענסטער צוויי ווילדע יאַטעס מיט אויפגעהויבענע „שפּייערס“ אין די הענט. ער האָט אויפגעהערט שרייען און גענומען בעטן זיך, מען זאָל אַוועקגיין און אים ניט אומגליקלעך מאַכן. די חברה=לייט זיינען אָבער געבליבן קאַלט און רויִק אים געקוקט אין די אויגן. אַז פ. ג. האָט זיך פאַרגעסן און ווידער געוואָלט אָנהייבן שרייען, איז צו אים צו זיין שוואָגער ל. ע., — אַ הויכער, פולער שוואַרצבעדדיקער מענטש מיט גוטע קלוגע אויגן און מיט הומאָריש=שמייכלענדיקע ליפּן, — און איינדרוקספול אים באַפוילן צו באַרויִקן זיך. גלייך דערויף האָט ער זיך געווענדט צו ח' כאַציען:

— מיר שייגט, אַז איר זייט דער רבי פון דער חברה,—וויל איך ביי אייך פרעגן אַ דין.

— אַ דין ווייס אָט דער חבר,—האָט ח' כאַציע געוויזן אויף גרשונען,—ער קען גמרא.

— זאָגט=זשע מיר, — האָט זיך ל. ע. דאַן געווענדט צו ח' גרשונען,—ווי איז דער דין: אויב איר זאָלט, למשל, בינדן אונדז ביידן, מיך מיט אָט דעם חכם, און אַז פּאָליציי זאָל אַריין און אונדז געפינען ליגן אויף דער פּאָדלאָגע אין אַזאַ שיינער פּאָזע און אייך דרוקנדיק אייער געזאַלצענע און געפעפּערטע מצה,—צי קענען מיר כאַפּן אַ שנעל אין נאָז אָדער אַ גלעט איבערן באַק?

— מיר מעלדן אייער פּאָליציי גלייך, אַז מיר האָבן אייך געבונדן,—האָט געענטפערט ח' גרשון מיט אַ טאָן, וואָס האָט ניט דערלאָזט קיין שום צווייפל,—וויל איר האָט אונדז ניט געלאָזט דרוקן אונדזער פּראָקלאַמאַציע. דאַן וועט אייער פּאָליציי אייך אַ גלעט טאָן איבערן באַק...

— טאָ בינדט אונדז...

דאַן האָט דער טריומוויראַט — צוויי פון נידעריקן און איינער פון מיטעלן וווּקס—זיך גענומען מיט אַ מין דביקות בינדן די צוויי גרויסע אומגעלומפּערטע מאַנסבילן. די אויסטערלישע סצענע האָט זיך געבעטן אויפן לייוונט פון עפּעס אַ גוטן מאָלער, און ניט געקוקט אויף דער פייערלעך=געפערלעכער סיטואַציע פון דרוקן און אומלעגאַלן פלוגבלאַט, פאַר וואָס מען פלעגט מכבד זיין מיט פיר יאָר קאַטאָרזשנער טורמע, האָבן אַלע אַרבעטער געקייכט, געשטיקט זיך פון געלעכטער...

פ. ג. האָט געפּרוּווט קלאָגן זיך, אַז עס שניידט אים אין די הענט פון די שטריק,—האָט ל. ע. צו אים אַ שיקע געטאָן:

— שווייג, פּרא=אָדם,—דערפאַר וועסטו ניט זיצן אין חד=גדיא און וועסט האָבן עולם הבא.

דער גוטער יונג ח' הירשל האָט זיך אַ שושקע געטאָן מיט זיינע חברים און מען האָט פ. ג—ן ערלויבט זעצן זיך מיט זיינע געבונדענע הענט אויף הינטער—אויף אַ שטול און קרעכצן. ל. ע—ען איז אָבער געפעלן געווען צו בלייבן ליגן אַ געבונדענער אויף דער דיל און האָט זיך געוויצלט איבער דעם מיט אַ משונהדיקער הנאה.*

נאָכדעם איז פאָרגעקומען אַ קאָמישער אינצידענט מיטן פּאָליציאַנט פון גאַס, וואָס איז אַריינגעקומען נאָך „לאַפּוּוקע“, אָבער אַלץ איז אַראָפּ גוט, די פּראָקלאַמאַציע איז אָפּגעדרוקט געוואָרן, און די זעצער און דער מאַשיניסט האָבן זיך געשעצט פאַר גליקלעך, וואָס זיי האָבן „זוכה געווען אויסצופירן אַזאַ הייליקע אַרבעט“.

אין אַ קורצער צייט, זעען מיר דערפון, האָט זיך אינגאַנצן געענדערט די פּסיכאָלאָגיע פונעם ייִדישן דרוקער=אַרבעטער אין ווילנע.

* מער פון אַלעמען האָט זיך געפלייסט אין דער מצווה בינדן און געקאָכט זיך איבער דער מאַסע גרייזן אין די קאָרעקטעס פון דער פּראָקלאַמאַציע—דער ח' גרשון, האָט איבער זיינע שטרענגע פאָדערונגען האָט די אַרבעט פון זעצן פאַרנומען פיל איבעריקע צייט. איבער דעם אַלעם פלעגט זיך שפּעטער שטענדיק לוסטיק מאַכן ל. ע. און עד היום קען עס ניט פאַרגעסן—פ. ג.



א. י. גראָדזענסקי

# דער „פּנקס" פון יידישן דרוקער=אַרבעטער אין ווילנע

(וועגן צוויי דרוקערשע „גמילות=חסדים"=פאַריינען)

איך ווייס ניט, צי דער דרוקער=פאַריין איז די עלטסטע קלאַסן=אָרגאַניזאַציע אין ווילנע, נאָר אַז דער קלאַסן=באַוווּסטזײַן האָט זיך בײַם יידישן דרוקער=אַרבעטער דערוועקט שוין אין די 70ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, ד"ה מיט 60 יאָר צוריק, נאָך גאַנצע 30 יאָר פריער, איידער עס האָט זיך געשאַפן דער איצטיקער „פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון דרוקער = אַרבעטער אין ווילנע" — וועגן דעם געפינען מיר שפורן אין דעם „פּנקס העוסקים במלאכת הדפות בער (אויף גרײַזן האָט שוין דער דרוקער=פאַך אַ חזקה—ס'דאַרף זײַן: „הדפוס בעיר" — א. י. ג.) ווילנא", וועלכן איך האָב אויסגעזוכט אין „מוזיי בײַ דער היסטאָריש=עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אויפן נאָמען פון ש. אַנ—סקי", אין בנין פון דער ווילנער קהלה.

אין אָנהייב פון דער הקדמה, וועלכע איך ציטיר דאָ ווערטלעך, ניט ענדערנדיק סײַ די אויסשפּראַך, סײַ די אויסלייגענץ, לייענען מיר:

„דרקעראַי עקסעסטירט שאָין פון גאַנץ לאַנגע צייטין אין ווילנא; די האָחגעשעצטע, האָחגעאַכטעטע און קינצליחע אַרבּייט האָט אַראַין געצייגין אין זיך אַ ווינד פון פוסטע גראָסקייט וועלחע עס האָט יעדערין פעראײַנצילט אָפּגעזונדערט אין זיין פאַך, יעדער באַזונדער האָט זיך געהאַלטין העחער און ווירקליחער פון זיין חבר, איינער האָט ניט געוואוסט דעם צווייטינס לעבין, איינער דעם צווייטין האָט גאָרניט געוואָלט וויסין, אַלע האָבין געהאַלטין פעריסין דעם קאָפּף און טאַקע אָט דער פּאַר האָט מען מיט אַלעמען געאַרבּייט וויא מיט די פערד.

פיעל האָט עס ניט געדויערט ווייל דאָס מערסטע זיינד ערמידעט געוואָרין, צוא שטאָרבען, בּיי די רעחטע בּליענדע יאָהרין, פיעלע האָבּין זיך גענומען צו וואָס אַנדערס, וויא מיר געפינען נאָך יעצט בּיי היינטיגע יאָהרין, דאָס האָט זיך אַזייא געצייגין בּיז די יאָהרין 1865, 1870 און 1875 בּיז דער אַרבּייטער האָט גענומען זיך מיט פערשטאַנד אויס רעחענען זיין לאַגע, ווא ער האַלט און וואָס מיט אים טוט זיך. דאָס ערסטע האָט מען אויס געשטעלט פאָדערונגען: אַ מיטטאָג שטונדע, אַרבּייטען פון אַ צייט בּיז אַ צייט, ווערחליחע געצאָלט. און נאַחער איז געבּליבּען איינשטימיג דאָס מען זאָל מאַחען איין אויגענם מינין".

וואָס ס'איז געוואָרן פון יענע דרוקערשע „פאָדערונגען" איז ניט באַקאַנט. זיכער איז נאָך דאַן צו קיין שטרײַקן ניט געקומען. קלאָר אָבער, אַז דעם „אייגענעם מנין" האָבּן די דרוקער = אַרבעטער גענדאַרפט ניט אַזוי צוליבּן דאַוונען, נאָר כּדי ניט צו בּלײַבּן מער „פעראיינצילט אָפּגעזונדערט". אין מנין האָט מען זיך געקענט צונויפטרעפן און צוזאַמענריידן זיך וועגן די אייגענע אינטערעסן:

„מאַן האָט אָן געפאַנגען זיך צו פאַראייגען".
„עס האָט זיך אָן געפאַנגען צוא רודלען". „מיא האָט זיך אָן געפאַנגען צוא אינטעריסירין זיך איינער פאַרין צווייטין". „מען פלעגט פערלאַין געלט".
אין מנין האָט יעדער דרוקער=אַרבעטער געצאָלט וואָכער 3 קאָפּיקעס. אַזוי ווי וואָכער איז געווען מער



יצחק העלער, דער שרייבער פון „פנקס"

וויפיל דער מנין האָט געהאַט הוצאה, האָט מען באַשטימט מאַכן אַ „גמילות־חסד", כדי —

„צוא פאַרגרינגערן און אויסבעסערין דיא לאַגע פון פערדריקטן ברודער".

אַזוי האָט זיך דאָס אָנגעהויבן די באַוווסטזיניקע אַחדות בײַ די ווילנער יידישע דרוקער־אַרבעטער נאָך אַ צייט לאַנג, איידער עס האָט זיך אויסגעפורעמט די איצטיקע פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־אָרגאַניזאַציע.

שוין יענער ערשטער דרוקערשער „גמילות־חסד־פאַריין — דאַרף מען אָננעמען — איז געווען ניט קיין לעגאַליזירטער. מיר ווייסן אויך ניט, ווי לאַנג ער איז געווען טעטיק. עד איז שפּעטער צעפאַלן געוואָרן. די סיבות ווייסן אויך ניט די שרײַבער פון „פּנקס". ס'ווערן בלויז אָנגעגעבן אָנצוהערעניש וועגן דײַבונגען צווישן די אָנפירער פון פאַריין. מסתמא צוליב גבאות. אָט ווי דאָס ווערט פאָרגעשטעלט אויף דער שפּראַך פון די „פּנקס"־מחברים:

„דער ווינד פון די גראָסקייט האָט אָבער ניט גערוהעט, — און דאָך האָט ער געטראָפן זיין וואָהנונגסראָהט אין דיא מאַרך און הערדצער" פון די אָנפירער „און עס איז ביי היינטיגען טאָג ניט צו דערגיין, ווי אַזוי און פאַרוואָס דער גמ"ח האָט פאַרלאָרן זיין עקסיסטענץ".

„איז אַלעס פאַרדאָרבען, פערלאָהרען און פערשטאָרבען אָהנע בעוואָסטע אורהטהיילען, — עס געפינט זיך יאָ אַ בוך, אָבער מיט פילע אירטהומען און אָהנע איבערצייגונג".

אַ שאָד, וואָס אָט דאָס „בוך" פון ערשטן דרוקערשן „גמילות־חסד"־פאַריין, צו וועלכן די שרײַבער פון „פּנקס" באַציען זיך מיט אַזאַ ביטול, האָט זיך ניט אָפּגעזוכט. געוויס וואָלט מען געקענט זיך דאָרט אָנשטויסן אויף די אמתע סיבות, פאַרוואָס יענער ערשטער דרוקערשער פאַריין פון 1875 איז שפּעטער צעפאַלן געוואָרן.

מען דאַרף זיך משער זײַן, אַז מסתמא האָט די באַלעבאַטים אין יענער צײַט שוין ניט געלוינט, וואָס אַרבעטער הייבן אָן ווערן זעלבשטענדיק און אָרגאַניזירן זיך אין פאַריינען, זאָל זײַן אין אַזעלכע אומשולדיקע ווי אַ „גמילות־חסד", וואָס איז דאָך דאָן סוף־כּל־סוף געווען נאָר אַ דעקמאַנטל פאַרן אויפגעוואַכטן באַוווסטזײַן פון די דרוקער־אַרבעטער. די באַלעבאַטים האָט געלוינט, אַז זייערע אַרבעטער זאָלן ווײַטער בלײַבן הילפלאָז, ניט קענען זיך אַליין העלפן אָן זייער (די באַלעבאַטימס) הילף. האָט מען שוין אַזוי געמאַכט, אַז פון „גמילות־חסד"־פאַריין איז גאָרניט געוואָרן און אָנשטאָט אויף אַן אייגענעם „גמילות־חסד" איז מען ווידער געבליבן אויסגעשטעלט אויף דעם חסד פון באַלעבאָס.

ערשט אין פיל יאָרן אַרום האָבן די דרוקער־אַרבעטער ווידער געגרינדעט אַן אייגענעם „גמילות־חסד"־פאַריין. מיר ווייסן ניט, וויפיל צײַט ס'איז אַוועק פון דעם צעפאַלן פון ערשטן דרוקערשן „גמילות־חסד"־פאַריין ביזן גרינדן דעם צווייטן, שוין אַ לעגאַליזירטן, אין 1910. מען דאַרף פאַרשטיין, אַז אין דער צײַט פון 1905 האָט מען זיך שוין מערניט געניייטיקט צו באַהאַלטן אונטערן נאָמען: „גמילות־חסד". מען האָט שוין דאַמאָלסט געקענט זײַן אָפן אָרגאַניזירט אין אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. אָבער נאָכן 5טן יאָר איז ווידער געקומען אַ רעאַקציע און מען האָט ווידער געמוזט באַהאַלטן זיך אונטער אַ פילאַנטראָפּישן שילד פון אַ „גמילות־חסד"־געזעלשאַפט, וואָס איז דערלויבט געוואָרן דורכן ווילנער רוסישן גובערנאַטאָר לובימאָוו דעם 10טן מערץ 1911. דער „גמילות־חסד" איז געגרינדעט געוואָרן אין דער דרוקערשער קלויז (גרושקינס קלויז).

אָט צו יענער צײַט האָט מען דאָס אָנגעהויבן שרײַבן דעם „פּנקס". מען האָט צוגעגרייט אַ שיין־געבונדענעם דיקן בוך, זשורנאַל־פאָרמאַט, פון אַ וואָסערע 300 זײַטן. נומערירט זײַנען אָבער בלויז 73 זײַטן און אויסגעפּילט נאָך ווייניקער: בסך־הכּל 66 זײַטן במשך 2 יאָר צײַט, אַזוי אַז שוין אין 1913 האָט מען אין דעם בוך, אומבאַוווסט צוליב וועלכע סיבות, אויפגעהערט שרײַבן. דער לעצטער פּראָטאָקאָל ענדיקט זיך מיט אַ באַמערקונג, אַז „קיינע בעזאָנדערעס איז ניט אויפגעטאָן געוואָרן צוליב דעם, ווייל דער פאָרזיצער איז געווען שטערבליך קראַנק און דער סעקרעטאַר איז אַלײנגערע צייט אַרומגעגאַנגען אָן אַ שטעלע". קענטיק, אַז ס'איז פשוט ניט געווען ווער ס'זאָל זיך פאַרנעמען מיטן שרײַבן אין „פּנקס". אַגב, האָבן מסתמא ניט אַלע געקענט די מלאכה פון שרײַבן מיט געכתבהטע אותיות מרובעות, ווי דער „פּנקס" איז געשריבן. חוצדעם איז אינגיכן אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה, ס'איז נאָכדעם אויך געקומען דער פאַרבאָט פון דרוקן יידישע אויסגאַבן — איז במילא קיינעם ניט געלעגן אין זינען צו פאַרנעמען זיך מיט פּנקסים.

אָבער ניט דאָס בלויז זײַנען, ווי עס ווײַזט אויס, געווען די עיקר־סיבות, פאַרוואָס מען האָט מער דעם „פּנקס" ניט געפירט. מען דאַרף אָננעמען, אַז עס איז געווען אַ מער טיפערע סיבה — אַ קלאַסן־מאָמענט. ווי שוין דערמאָנט, איז דער לעגאַלער „גמילות־חסד" געגרינדעט געוואָרן אין גרושקינס קלויז. כּדי אָפּצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער מאַכט, האָבן די אַרבעטער־דרוקער אַהין אויך אײַנגעלאַדן די באַלעבאַטים. די לעצטע האָבן זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט, מיט דער כּוונה, אַז זײַענדיק צוזאַמען מיט אַרבעטער אין איין פאַריין, וועט זיי אַזוי־אַרום געלינגען די אַרבעטער אָפּצוציען פון קלאַסן־קאַמף. די אַרבעטער האָבן די דאָזיקע כּוונות פאַרשטאַנען און זיך ניט געמאַכט ווייסנדיק, איבערלאָזנדיק די באַלעבאַטים צו פאַרנעמען זיך

פנקס
להעוסקים
במל'הדפ'
בעיר ווילנא



רעקרוטן עקסיסטירט שוין פון גאנץ לאנגע צייטן אין ווילנא; די האנטווערקער, האנדארבעטער און קינצליכע ארבייט האט אריין געצויגן אין זיך א ווינד פון פוסטע גראַסקייט וועלכער עס האט יעדערן פאראייניקט און אפגעזונדערט. אין זיין פאך, יעדער באזונדער האט זיך געהאלטן העכער און ווירקליכער פון זיין חבר, איינער האט ניט געוואוסט דעם צווייטנס לעבן, איינער דעם צווייטן האט גאר ניט געוואלט וויסן, אלע האבן געהאלטן פאריסען דעם קאפ און טאקע אט דער פאר האט מען מיט אלעמען געארבייט שווער און ביטער: ערגער ווי מיט די פערד.

פיל האט עס ניט געדויערט ווייל דאס מערסטע זיינען ערמידעט געווארן, – זיי שטארבן ביי די רעכטע בליענדע יארן, פילע האבן זיך גענומען צו וואס אנדערש, ווי מיר

דרוקער=„פנקס" (געפינט זיך אין אנסקי-מוזיי אין ווילנע)



מיט פילאַנטראָפּיע און זיך דערווײַל פֿאַרנומען אומלעגאַל; ווײַטער מיט זייערע פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן, ניט האָבנדיק, פאַרשטייט זיך, אַזוי־אַרום קיין אינטערעס צו ציקלען זיך מיט אַ „פנקס".

וועגן די אַלע מאָמענטן איז, נאַטירלעך, אין „פנקס" מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט. דער „פנקס" שפּיגלט דעריבער ניט אָפּ דעם מאָדערנעם פּראָפעסיאָנעלן קלאַסן־קאַמף פון יענעם פּעריאָד. ער גיט אָבער יאָ אַ בילד וועגן דעם נוצן, וואָס ס'האָבן געהאַט פון דעם דאָזיקן „גמילות־חסד"־פאַריין די דרוקער־אַרבעטער צו יענער צײַט. אין דער רשימה פון די מיטגלידער, וואָס געפינט זיך אין „פנקס", האָבן מיר אָנגעציילט 161 אָרגאַניזירטע אַרבעטער פון 14 דרוקערײַען אין ווילנע אין יענער צײַט, ד"ה מיט 25 יאָר צוריק. פון די אַלע 14 דרוקערײַען איז שוין הײַנט צו טאָג אין ווילנע כמעט קיינע ניטאָ.

דער „פנקס" איז געשריבן אין 3 שפּראַכן: יידיש, העברעיִש און רוסיש. דער יידיש, ווי ס'איז צו זען פון די פריער ציטירטע זאַצן, איז אַ צעקאַליעטשעטער ביז גאָר, און דאָס איז אַ ביסל מאָדנע, ווײַל עס איז שוין אין יענער צײַט געווען אַ יידישע פּרעסע און ליטעראַטור. מילא די מדפּיסים פלעגן אַמאָליקע יאָרן פאָדערן, אַז אָנשטאָט „ע"ס זאָל מען זעצן „י"ן, ווײַל אַ „י" פאַרנעמט ווייניקער פּלאַץ, ער איז שמעלער, פלעגט דאָס זיי דעריבער אײַנשפּאָרן אָרט. אָבער פאַרוואָס האָט אויך דער שרײַבער פון „פנקס" געדאַרפט אײַנשפּאָרן אָרט אין „פנקס" און פאַרבײַטן די „ע"ס אויף „י"ן? מסתמא שוין פון געוויינהייט פון זעצן. וואָס שייך דעם העברעיִש, האָבן אים די אַמאָליקע אַלטע זעצער געקענט בעסער ווי יידיש, אָבער פאָרט אָן גרײַזן גייט עס אויך ניט בײַ זיי. דערפאַר איז שוין געלייגט געוואָרן מער אַכט אויפן רוסיש. קענטיק, אַז בײַם רוסיש שרײַבן האָט מען זיך ספּעציעל געפלײַסט. דאָס האָט דאָך אויך געדאַרפט לייענען די מאַכט. איז טאַקע דער רוסישער טעקסט אַ מער „גראַמאָטנער".

אין יידיש איז פאַרשריבן די פון פריער ציטירטע הקדמה וועגן ערשטן צעפאַלענעם גמילות־חסד־פאַריין און דאַן די געשיכטע ווי אַזוי עס איז אויפגעקומען דער שפּעטער לעגאַליזירטער נײַער גמילות־חסד און די תקנות. אין העברעיִש גייען די מאָטאָס און דאַנקען. אין רוסיש די פּראָטאָקאָלן פון די זיצונגען, די באַלאַנסן און דער סטאַטוט. הגם דעם רוסיש האָט מען געדאַרפט פאַר דער מאַכט, געפינען דאָך די שרײַבער פון די פּראָטאָקאָלן פונדעסט־וועגן פאַר נייטיק צו פאַרענטפערן זיך, אַז זיי שרײַבן רוסיש —

„דאַמיט אַללע נאַציִעס פון אַנדערע דרוקעראַי־
אַרבײַט זאָלין האָבין די מעגליכקײַט צוא לעזען און
צוא וויסין אַלעס דײַטליך".

דאָס הייסט אַפּנים, אַז אויך ניט־ייִד' דרוקער־אַרבעטער זאָלן עס קענען לייענען און וויסן ווי צו אָרגאַניזירן זיך, אַ באַהאַלטענער רמז אויף „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַרייניקט אײַך!"

פון סטאַטוט איז צו זען, אַז אַלס מיטגלידער אין פאַריין האָט מען אָנגענומען אַלע דרוקער־אַרבעטער אָן שום שוועריקייטן. מען האָט אַפילו ניט געדאַרפט דערלאַנגען קיין שריפטלעכע ביטע. פשוט: ווער ס'איז געקומען האָט מען אים אַרײַנגעשריבן אין פנקס. צאָלן האָט מען געדאַרפט $1-\frac{1}{3}$ רובל אַ יאָר. דערפאַר האָט אַ מיטגליד רעכט געהאַט צו באַקומען אָנפּראָצענטיקע הלוואות צו 5, 10 און צו 15 רובל, באַזונדערע שטיצע אין פאַל פון קראַנקײַט, אין פאַל פון טיפן עלטער און אויך אין פאַל פון אַ „שטאַרקער אָפּגעשוואַכטקייט".

דער „פנקס" איז אויפן נאָמען פון דאָס קינד חנה טייבע בת ר' לייב נעפּט[1]. דערבײַ קומט פאָלגנדיקע ווידמונג אין גראַמען:

„דער פנקס איז אויף דעם קינדס נאָמען געשריבען
„און איבערגעגעבן צוא אונדזער ווילנער דרוקערשן גמ"ח פאַריין;
„איין אָנדיינקונג אויף עוויג איז דאָס פערבליבען,
„ווייל אלע זייגע ענטוויקלונג בלייבן היער פאַלקאָם שטיין".
פאַרוואַלטונג.

עס קומען אין פנקס אויך פאָטאָגראַפיעס פון די גרינדער און פאַרדינסטפולע טוער אין פאַריין, אויך באַ־גלייט מיט ווידמונגען און גראַמען לויטן אויבן ציטירטן מין.

פאַר אַ מאָטאָ איז גענומען אַ פּסוק פון תנך:

„אם כסף תלוה את עמי
את העני עמך
לא תהיה לו כנשה
לא תשימון עליו נשך"

(אז דו וועסט לייען אַן אייגענעם געלט, זאָלסטו לייען דעם נויטבאַ־דערפטיקן, זאָלסט ניט מאָנען ביי אים, זאָלסט גיט נעמען ביי אים קיין פּראָצענט).

עס קומט אויך אין פנקס אַ העברעיִשער דאַנק פאַר די גרינדער און אויך מיט גרײַזן:

„ולאות תודה להנדיבים בעם אשר התעוררו
בטובת לבם ביום שבת קודש פ' ויקרא בחודש אדר
בשנ' תרע"א ליסד את חבורותנו הנכבדה גמילות
חסד בה ווילנא להועסקים במלאכת הדפ:ת והם ירו
אבן פנה ליוסד הקדוש ועתה הודות לעמלם הרב
גדלה חברתנו ותעש פרי ועבודה הפוריה הולכת
ומצלחת מיום אל יום לכן הסכימו כל אנשי חברתינו
לשלם להם כפעלם הטוב ולעשות מזכרת נצך לעזרה
הראשונים למען ינון שמם לעולם".

די אייביקע צעקריגטקייט מיט קאָרעקטור.

---

1 געפּט האָט דעם דרוקערשן מנין געשענקט אַן דירה־געלט די קלויז אין זיין הויף.





לסוף אַ רשימה פון די פאָלגנדיקע 161 מיטגלידער, וועלכע האָבן דאַן געהערט צום פאַריין:

אַבראַמזאָן ישעיה, אַרחימאָוויטש, אורינאָווסקי יצחק, אַקסעלראָד בנימין, אַס שלום, אַרלוק, באָבעס שלמה, בעזפראָזוואַני עלקע, בעזפראָזוואַני רבקה, בייגעל משה, באַרישניק שמואל, באַרישניק אליהו, בערנשטיין דניאל, באַסטאָמסקי, ברודנער, ברון, בערלאַוויטש, בראָידע, בערמאַן רחל, באָיאַרסקי יעקב, בראָידאָ רבקה, בערמאַן וועלוול, גרינשטיין חאַסל, געגס לייב, גולאַנד יצחק, גריליכעס טוביה, בעקער בערל, גאַלפערן יצחק, געלבאָרד רבקה, גראָדזענסקי פעסיע, גאָרדאָן, גינזבורג, גלאַזמאַן, גאָלדבערג שלמה, גרוכין מרדכי, גאַן משה, געגוזין ניסן, גאָלדנשטיין לייב, גאָלאָמב, גראָטמאַן, גאָלדבערג, דראָנזיק, דרוקמאַן אברהם, דראָזיץ חיים, הורוויץ יצחק, הורוויץ גרשון, העלער חנה, העלער יצחק, העלער, ווייַנער רחל, ווייַנשטיין, וואַפנער משה=דוב, וואָלאָזינסקי, וואַינעראָוויץ שרה, ווייַסבאָרד מלך, זאַמאָטשיק חיה, זעלזע אברהם=אליהו, זאַקהיים לוי, זובאָלעוויצקי, זלאַטקין, זירמונסקי, כאַרמאַץ גיטל, כאַיעט אַרקע, כאַיעט שלום, כאַנאָוויטש לייזער, כאַווין א., חאכאם שרה, חאָראָש כיענע, טירשטיין שמואל=יצחק, טייץ חיים=לייב, יאָפע זוסמאַן, יעשורין, יוקער זלאַטע, יאָפע צבי=הירש, לייעץ יאָכל, לעווין נחמן, לעווין חיים=יצחק, נאָוואָגרודסקי אַלטער, נאָטעס יוסף, נעמענצינסקי רבקה, נאָסאָגאַוויץ סטעסע, נידערמאַן, סאַפּאָזשניק שרה, סאָשענקאָ חסקל, סטעקין, סראָעלאָוו פסח, סאָכאַט משה, ספראָ זעלדע, סראָעלאָוו לייב, עמעס מרדכי, עפראָן חיים, ענאַראַנסקי דוד, פעקער חוה, פיאָר אהרן, פאָנאַר חיה, פאָפאַק פנחס, פרידלאַנד אַלטער, פלעקסער, פראָם יצחק, פרידמאַן שלמה, ציאָנסאָן יצחק, ציאָנסאָן, ציאַרקאָ, קאַמענמאַכער יחיאל, קהאַנקוויטש יוסף, קאַהאַנאָוויטש יצחק, קאָפינקע, וויץ יצחק, קול יענטע, קאָטין מאיר, קרינסקי יהושע, קאַזדאַן פייַטל, קאעס, קאָטאָן הענעך, קופיינע הירש, קאָוואַלסקי, קלאָג דוב=בער, קראַסעלשציק בסיה, קאַץ לייב, קנאָפּ מערע, קליאַטשקאָ ישעיה, קליאַטשקאָ שמואל, קאַרצמער מאיר, קאָן ראובן, קאָן איסידאָר, קאָבלינץ, ראָמבאַק העסל, ראַזענטאַל אהרן, ראָזנבלום יהודה, ריגעל שלום, ראָפּפּע, ראַבוכין, ראַבינאָוויטש ידידיה, קויפמאַן, שוסטער שרה=בלומע, שקוראָוויטש זאב=וואָלף, שטיינבער משה, שאָאַג שערל, שקלאָווער נחמה, שיפרין אליהו, שיפרין שלמה, שטיינבערג מאיר, שאַפּיראָ גדליהו, שיינוק ברכה, שער ברייַנע, שערנאָווישעסקאַ שאָסע, שטיר פעסיע, מיאַדלער אַלטער, מיאַדלער אברהם=יצחק, מאַלאַט ראובן, מולער לייב, מענדעלסאָן שרה=יאָכע, מאַלאַט יעקב, מאַלאַט ישראל, מאַלעץ, מירער, מאָסטווילישקער, מינקאָוו פסח, מאַץ בנימין מענאַקער, מיראָן, מאָסטאָוויטש מענדל און ציאָנסאָן יצחק (דער לעצטער אַלס ערן=מיטגליד).

די אַלע דערמאָנטע דרוקער=אַרבעטער זייַנען געווען אָנגעשטעלט אין די פאָלגנדיקע דרוקערייַען אין ווילנע:

ראָם, סירקין, עפראָן, נייַשול, ראָזענקראַנץ=שריפטזעצער, נאָוואָגרודסקי, ציאָנזאָן, מאַץ, העלער, קלעצקין, בוכדרוק פון פאַפערני, מערעמינסקי, בלומאָוויטש און ראַבוכין.

אין „לוח הניפטרם" (אָן אַ גרייַז גייט עס ווידער ניט — ס'דאַרף זייַן: „הנפטרים") זייַנען פאַרצייכנט דריי געשטאָרבענע מיטגלידער, אַלע פון דער פאַמיליע העלער. איינער פון די העלערס איז דאָס געווען דער סעקרעטאַר פון פאַריין און זיך אויך פאַרנומען מיט שרייַבן דעם פנקס. ער האָט ליב געהאַט צו פוצן די אותיות, אָבער, ווי אַלע זעצער, אויך ניט געהאַלטן פון קאָרעקטור. מעגלעך, אַז זייַן טויט איז אויך איינע פון די סיבות, וואָס דער פנקס איז מער ניט געפירט געוואָרן.

עס קומט אויך אַ רשימה פון נדבות, צווישן אַנדערע: אַ „מעשענער" שטעמפל פאַר דער פאַרוואַלטונג (פון אַרקוסקי), דער „גלאַזונער" בוך אויף דריי יאָר (פון סירקין), אַלע וואָך אַ רובל (פון ראָזענקראַנץ=שריפטזעצער) און איין „אויסזיכט אויף וועלכן עס איז אויסגעשריבן די געזעצע פון פאַריין" (פון העלער).

דאָס איז אין קורצן כמעט אַלץ, וואָס מיר קענען זיך דערוויסן פון דעם דאָזיקן דרוקערשן פנקס וועגן די צוויי דרוקערשע „גמילות=חסדים"=פאַריינען.

די עלטערע דרוקער דערציילן אָבער אויך, אַז אין צווישנצייַט פון די ביידע פאַריינען, דערמאָנטע אין פנקס, האָט אויך עקסיסטירט אַ ניט=לעגאַלער פאַריין אונטערן שילד פון אַ גמילות=חסד=געזעלשאַפט אין אַ קלויז אויף סאַוויטש=גאַס, בערך פון יאָר 1900 ביז האַרט פאַר דער רעוואָלוציע פון 1905. אָבער דאָס איז שוין ניט אונזער טעמע. אפשר וועלן זיך געפינען אַנדערע, וועלכע וועלן וועגן דעם דערציילן באַזונדער אין דעם יובל=בוך פון איצטיקן פראָפעסיאָנעלן דרוקער=פאַריין אין ווילנע, וועלכער דאַרף זיך שוין מערניט באַהאַלטן אונטער דעם שילד פון אַן אַזוי גערופענער „גמילות=חסד"=אינסטיטוציע ערגעץ אין אַ קלויז.

**ש. קאַהאַן**

# אַלטע זעצער דערציילן

איך האָב זיך דורכגעשמועסט מיט עטלעכע ווילנער עלטערע יידישע זעצער. זייער אַרבעטס־סטאַזש: ביז אַ האַלבן יאָרהונדערט. איינער הייבט אַפילו שוין אָן ציילן דעם זיבעטן צענדלינג יאָר פון פּראַצע. עס זײַנען אויפגעשווומען לאַנג פאַרגעסענע געשעענישן. בילדער פון אַרבעט, אונטער־דריקונג און קאַמף. שטייגער־קלייניקײַטן.

אַ צושטײַער צו דער געשיכטע פון דעם יידישן דרוקער־פאַך אין ווילנע, וואָס הייבט נאָך איצט אָן געשריבן צו ווערן.

*

חיים־פּסח אַלפּעראָוויטש דערציילט:

ער האָט געלערנט אין ראַמײַלעס ישיבה, אויף יידישער גאַס. זײַן טאַטע, אַ מלמד, האָט ניט געהאַט פון וואַנען אים צו שפּײַזן און געהייסן זײַן זון עסן טעג. אָבער דער פּופּצניאָריקער חיים־פּסח האָט זיך אײַנגעשפּאַרט: ער וועט ניט גיין צו פרעמדע טישן, ער וועט זיך שוין בעסער נעמען צו אַ מלאכה. ער איז געווען דער ערשטער באַל־מעלאָכע אין דער אַדעלער פאַמיליע און דער טאַטע האָט זיך בײַ אים אײַנגעבעטן כאָטש אויסקלייבן אַ „מלאכה נקיה וקלה" — זעצעריי.

אברהם־הירש קאַצענעלענבויגן האָט גע־האַט אַ קליינע דרוק אויפן שולהויף (אויף דעם אָרט, ווו עס איז איצט אָפּגעצאַמט וואָלף אוסיאַנס גערטנדל פון רעסטאָראַן. פאַר דער מלחמה האָט מען דאָרטן געהאַלטן די שטאָטישע טהרה־ברעטער און דעם קאַסטן). צו אים איז חיים־פּסח אָנגעקומען אויף דער לער. דאָס איז געווען מיט איבער פערציק יאָר צוריק.

אין דער דרוקערײַ פלעגט מען אַרײַנגיין פון שול־הויף. זי איז באַשטאַנען פון צוויי קליינע, פינסטערע צי־מערלעך. אין ערשטן צימערל זײַנען געשטאַנען עטלעכע קאַסטנס מיט שריפט און אַ פּרעס־מאַשין (קיין דרוק־מאַשין איז ניט געווען). אין צווייטן — אויך עטלעכע קאַסטנס שריפט און אַ סטערעאָטיפּ. א. ה. קאַצענעלענבויגן איז דאַן געווען דער איינציקער ייד אין ווילנע, וואָס האָט געהאַט אַ דערלויבעניש אויף צו האַלטן אַ דרוק מיט יידישע און רוסישע שריפט. די דערלויבעניש, צו וועלכער דאָס האָט זיך דאַן ניט געקענט דערשלאָגן, זאָל ער האָבן געקראָגן אַדאַנק דער שתדלנות פון זײַן קרובה זלאַטע ראַבינאָ־וויטש, וואָס האָט געקענט אַ סך אויספירן בײַם גובער־נאַטאָר (זי האָט געלעבט אין ווילנע מיט אַ יאָר 60—70 צוריק. מען פלעגט דערציילן, אַז מיניסטאָרן קומען צו איר טרינקען טיי). דער באַלעבאָס פון דרוק האָט געהאַט, בירושה, די שטעלע פון אַ נאמן אין צדקה־גדולה און דערפון האָט ער געלעבט. די דרוק האָט ער געהאַלטן נאָר פון כבוד וועגן. ער אַליין האָט אַפילו ניט געקענט זעצן.

אין אָט דער דרוקעריי איז חיים־פּסח אָנגעקומען אויף אַ טערמין פון צוויי יאָר, פאַר דרייסיק רובל אַ יאָר. ער האָט דאָרטן געפונען אַרבעטן דעם זעצער נאָטע קרופּ־ניק, אַ צוויי און צוואַנציק־יאָריקן יידן מיט אַ בערדל. קרופּניק האָט זיך גלייך פון אָנהייב גענומען אַ פּיר ניט צו לערנען דעם יינגל, נאָר אים טרײַבן אויף גענג. דער־הויפּט פלעגט חיים־פּסחן אויסקומען צו לײדן פון די גענג נאָך עסן. דאָ איז קרופּניקן דער עק הערינג ניט געפעלן, דאָ איז קרופּניקן דער קרופּניק געווען קאַלט. חיים־פּסח האָט צו דעם, נאָך היפּשע חדשים לײדן, געמאַכט אַ סוף אויף אַזאַ אופן: ער האָט געבראַכט פון גאַנטשאַר (אַזוי האָט געהייסן דער באַלעבאָס פון גאָרקיך אין ראַמײַלעס הויף, ווו ווילנער באַלמעלאָכעס פלעגן עסן) דעם מיטאָג און אַ זעץ געטאָן דעמאָנסטראַטיוו דעם טעפּל מיט דער פלייש־קניידל אָן דר'ערד *). פּטור געוואָרן אַזוי פון די גענג, האָט חיים־פּסח אין אַ קורצער צייט אַרום איינמאָל אָפּגעשטופּט קרופּניקן פון קאַסטן און זיך געשטעלט זעצן.

---

*) משה קאַרפּינאָוויטש, וואָס איז אָנגעקומען אויף אַ טערמין אין דער דרוקעריי פון ראָזענקראַנץ און שריפטזעצער אין 1903 און פלעגט אַלע טאָג מוזן ברענגען עסן פאַרן פּערסאָנאַל, דערציילט וועגן דעם אַזוי:

ווילנער זעצער האָבן דאַן געגעסן מאָטעלעס ברויט, פון דער ברויט־קראָם אויף יידישער גאַס, אַנטקעגן סטראַשונס ביבליאָטעק. דאָס ברויט איז געווען געבאַקן אין גרויסע קײַלעכדיקע לאַבנס ווי רעדער פון אַ וואָגן און פלעגט זיך שנײַדן אין גרויסע לוסטעס. מאָטעלעס ברויט האָט געהאַט אַ שם אין ווילנע און לעבן דער קראָם פלעגט פרישטיק און מיטאָג־צייט שטיין אַ גרויסע ריי פון אַלע ווילנער וואַרשטאַטן.

אַ זעצערשער פרישטיק האָט דערהויפּט אויסגעזען אַזוי: פאַר צוויי קאָפּיקעס ברויט, פאַר אַ גראָשן פוטער, פאַר אַ גראָשן האָלענדער קעז און פאַר אַ גראָשן הערינג. ווער עס האָט געוואָלט אַ יום־טוב פלעגט זיך קויפן פאַרנעסעס לעבער אָדער פאַר אַ קאָפּיקע גע־

מען דאַרף ניט מיינען, אַז אַזאַ זאַך וואָלט זיך דעם לערגיינגל איינגעגעבן. זיין גליק איז געווען, וואָס דער באַלעבאָס פון דער דרוק האָט זיך אים אָנגעקערט אַ שטיקל קרוב. קרופניק האָט דעריבער געמוזט שווײַגן.

א. ה. קאַצענעלענבויגן אַליין פלעגט אַראָפּקומען אין דרוק אין אָווגט. ער פלעגט זיך אַוועקזעצן דערציילן מעשיות ביז שפּעט אין דער נאַכט און די אַרבעטער האָט גיט געפּאַסט אַוועקצוגיין. אַז אַ באַלעבאָס רעדט קען מען ניט זײַן קיין גראָבער יונג — זיך אָנטאָן און אַוועקגיין. פלעגט מען אַרבעטן זעכצן שעה אַ מעת־לעת און אָפט גאָך טאָן דערצו די נעכט. צום סוף פון טערמין איז חיים־פסח געווען אין דרוק דער זעצער, פּרעסנציער און פאַרוואַלטער: פלעגט אָנגעמען באַשטעלונגען אויף חתונה־בילעטן און מגידישע דרשות. נאָכן טערמין איז ער געבליבן אַרבעטן אין דער זעלביקער דרוק פון שטיק: פאַר דרײַסיק קאָפּיקעס אַ בלאַט, ש״ס־פאָרמאַט. דורך אַ צופאַל האָט זיך אים דאַן געמאַכט אַ שטעלע אין ראָמס דרוקערײַ און ער איז אַוועק אַהין. זײַנע שווער פאַרהאָרעוועטע פאַרדיגסטן זײַנען געבליבן בײַם באַלעבאָס — אַן אָנגעקליבענער חוב וואָס מען האָט בשום אופן ניט געקענט אויפמאָנען.

אין ראָמס דרוק אַרבעט חיים־פסח אַלפעראָוויטש ביזן הײַנטיקן טאָג, שוין פערציק יאָר. ווען ער איז אָנגעקומען האָבן דאָרטן געאַרבעט הוגדערט און פופציק מאַן (איצט — צען), עס זײַנען געגאַנגען זעכצן מאַשינען (איצט — דריי). ער האָט שוין געקענט גוט די מלאכה און איז אָנגעקומען אויף שטיק־אַרבעט. אָבער די עלטערע זעצער האָבן געטרודפּט די יונגע, אויסגעקליבן פאַר זיך די בעסערע שטיקער. ווען זיי האָבן דערזען, אַז דער גיי אָנגעקומענער איז אַ האַרטער נוס און גאָך דערצו אַ פעיִקער זעצער, האָבן זיי אים אַריינגענומען אין קאָמפּאַניע. די אַרבעט פלעגט אויסטראָגן אַ 6—8 רובל אַ וואָך. אָנקומען צו ראָמען איז געווען גיט פון די גרינגע זאַכן. בײַ די זעצער איז אין דער הינזיכט געווען אחדות און זיי האָבן בשום אופן קייגעם גיט צוגעלאָזט. ראָמס דרוק איז געווען ווי אַ פעסטונג און אויף חיים־פסחן האָט זי געמאַכט אַן אײַנדרוק פון אַ באַזוגדערער, פינסטערער וועלט מיט ווילדע ברואים. די אַרבעטער זײַנען געגאַנגען לאַנג געקליידט, מיט גאַרטלעך, יאַרמלקעס, סאַמעטענע קאַשקעטן, מיט פּושקעס שמעקטאַבעק אין די העגט.

*

אויך אברהם־יצחק מיאַדלער איז אָנגעקומען אַרבעטן אין ראָמס דרוק אַן ערך אין דער זעלביקער צייט. זײַן עלטערער ברודער אַלטער האָט דאָרטן געאַרבעט אַלס מאַשיניסט און געמיינט, אַז צוליב דעם זכות וועט אים גריגגער זײַן צו מאַכן דעם דרײַצניאָריקן אברהם־יצחקן פאַר אַ זעצער. אָבער גיט אַזוי גרינג איז דאָס אים אָנגעקומען.

עס האָבן זיך געענדיקט די צײַטן, ווען מען פלעגט אויסזעצן אַ סידור און אָנהייבן אים זעצן פונדאָסניי. מיטן אײַנפירן אין ראָמס דרוק דעם סטערעאָטיפּ, האָט זיך די אַלטע זעצער אויסגעוויזן, אַז עס גייט אונטער די וועלט — זעצער וועלן אויסגיין פון הונגער. זיי האָבן דעריבער אָפּגעמאַכט בײַ זיך טײַער צו האַלטן דעם רעשט איבערגעבליבענע אַרבעט, וואָס וועט זיי מיסטאָמע קלעקן אינגאַנצן אויף עטלעכע יאָר — און גיט צולאָזן קיין נײַע אַרבעטער צום פאַך.

אין ראָמס דרוק האָבן דאַן געאַרבעט צוויי קאָמפּאַניעס — פון שטיק און פון וואָך. ביידע קאָמפּאַניעס האָבן גיט געוואָלט צולאָזן קיין לערנייגלעך, אָבער אויף די וואָך־זעצער האָט מאַקסים ראָם פאָרט געהאַט אַ דעה און אויסגעפירט זיי זאָלן צונעמען אַ ייגגל (יוסף יודעלסאָגען). איצט, אַז איין וואַגט איז שוין געווען דורכגעבראָכן, האָט מאַקסים ראָם גענומען אַרײַגטײַגען מיט די שטיק־זעצער און סוף־כל־סוף געפועלט, אַז דער אָנפירער פון דער שטיק־קאָמפּאַניע לייב ראָזעגטאַל זאָל זאָגן: זיי, די וואָך־זעצער, האָבן געמעגט געמען אַ יינגל? — לאָמיר אויך געמען!

א. י. מיאַדלער איז אָנגעגומען געוואָרן, אָבער גיט אין אַ גוטער שעה. צוליב אים איז אין דער שטיק־קאָמפּאַניע פארגעקומען אַ גרויסע קריג און דער זעצער ברוך מילשטיין, אַ הויכער, דיקער ייד פון אַ יאָר פערציק, האט זיך קריגגדיק אַזוי צעשריען (ער איז געווען קעגן אָנגעמען אַ לערנייגגל), אַז ער איז געוואָרן קראַנק און אין עטלעכע טעג אַרום געשטאָרבן. אַ צייט לאַנג פלעגן דערנאָך די חברים אויפוואַרפן מיאַדלערן: צוליב אים איז געשטאָרבן אַ זעצער.

די אַלטע זעצער זײַגען אַרומגעגאַנגען אָנגעכמורעטע, געקוקט בייז אויפן לערניינגל, וואָס פּורקעט זיך ביים קאַסטן, געטײַטלט מיט שוואַרצע בלײַ־אײַנגעשמירטע פינגער און אַרײַנגעטײַגעט:

— וואָס דאַרפסטו זעצערײַ? לערן זיך בעסער אַן אַנדער מלאכה. זעסט: אט דאס, וואס דו זעצסט אויס וועט קלעקן אוף הונדערטער יארן. לערן זיך אויס אַן אַנדער אַרבעט. אַלץ איז גוט: שנײַדערײַ, שוסטערײַ, סטאָלערײַ — גאר גיט זעצערײַ. דאס איז איצט די ערגסטע ברויט.

א. י. מיאַדלער איז אנגעקומען אין ראמס דרוק אויף אַ טערמין — פינף יאר. דעם ערשטן יאר קריגט ער 50 קאפּיקעס אַ וואך, דעם צווייטן — 80 קאפּ׳, דעם דריטן — 1 רובל מיט 20 קאפּ׳, דעם פערטן — 2 רובל, דעם פינפטן —

טריקנטע פיש. גאָר גרויסע פארדינער פלעגן זיך פארגינען צו עסן א געקאָכטן פרישטיק ביי דער פאגיעגקע, א רעסטאָראַן אויף רודניצקער גאס. פאר זעקס קאָפּיקעס פלעגט מען דאָרטן קריגן: א גרויסע פלייש-קניידל, קאשע און ברויט. צו אזא פרישטיק האָט מען געדארפט האבן אן אייגענעם טעפּל און דער לערניינגל פלעגט דאָס ברענגען צו טראָגן אין מארשטאט אריין.



דריטהאַלבן רובל. ניט אַזוי גיך איז דעם לערניינגל פריי געוואָרן דער וועג צום קאַסטן. זײַן אַרבעט איז געווען: ברענגען פון קראָם די איבערבײַסנס פאַר די זעצער, אָנגיסן די לאָמפּן מיט נאַפט, אָנטראָגן וואַסער, סאָרטירן די פּוסטיי (שריפט). ביים סאָרטירן האָט דער יינגל געדאַרפט וויסן וויפיל פונקטן עס האָט יעטוועדער אות. אָבער די זעצער זיינען געווען אין כעס, וואָס מען דרייט זיי אַ קאָפּ און א. י. מיאַדלער האָט זיך שוין אַליין געמוזט געבן אַן עצה.

דעם צווייטן יאָר האָט מען שוין צוגעלאָזט דעם יינגל פונאַנדערוואַרפן שריפט אין די קאַסטנס. בלויז פונאַנדערוואַרפן און ניט זעצן. מען פלעגט כסדר אונטעררוקן דעם יינגל נייע קאַסטנס צום וואַרפן: די שטיק-מענטשן האָבן נאָכאַנאַנד געדאַרפט שריפט. דער לערניינגל האָט אָבער אָנגעהויבן פאָדערן: זעצן! און בלית-ברירה האָט מען אים געגעבן רש"י-אותיות און באַוויזן ווי מען זעצט נקודות.

*

פּנחס ווייצענפעלד שטאַמט פון דורות זעצער. זײַן זיידע איז געווען אַ זעצער, זיין טאַטע, זײַן זון און זײַן אייניקל (אין אַמעריקע) זײַנען אויך זעצער. ער איז געקומען קײַן ווילנע פון זשיטאָמיר אין יאָר 1881 אַלט זײַענדיק 23 יאָר. ער איז געווען אַ רוסישער זעצער און גלײַך געקראָגן אַ שטעלע אין ראָמס רוסישער דרוקעריי פאַר פיר רובל אַ וואָך. אין צוויי יאָר אַרום האָט ער חתונה געהאַט און געקראָגן אַ הוספה — זעקס רובל אַ וואָך (דער עלטסטער זעצער האָט דאַן אין דרוק געקראָגן צען רובל).

אין ווילנע איז דאַן געווען פאַר זעצער אַ סך פרײַער דער צוטריט צו אַרבעט ווי אין זײַן היימשטאָט. דאָ האָט קיינער ניט געדאַרפט קײַן פאַפירן בײַם אָנקומען אין אַ דרוק. אין זשיטאָמיר אָבער האָט יעדער דרוקער-אַרבעטער געמוזט האָבן אַזאַ דאָקומענט:

בילעט נומ׳ 12.

דעם אויסווײַזער, בירגער פון שטעטל סודילקאָוו פּנחס ווייצענפעלד, 18 יאָר אַלט, ווערט ערלויבט זיך צו פאַרנעמען מיטן דרוקערשן און ליטאָגראַפישן פאַך אין אַלע זשיטאָמירער דרוקערײַען, ליטאָגראַפיעס און ענלעכע אונטערנעמונגען, מיטן אָפּהיטן די פאָלגנדיקע תקנות:

1. אַלע פערזאָנען, וואָס פאַרנעמען זיך אין זשיטאָמיר מיטן דרוקערשן און ליטאָגראַפישן פאַך, ווי: פאַקטערס, זעצער, זעצער-לערניינגלעך, פרעסנציער, אויפגעבער*, גראַווירן און אותיות-גיסער זײַנען מחויב צו האָבן אַזאַ בילעט.

2. אַלע אייגנטימער פון דרוקערײַען, ליטאָגראַפיעס, מעטאַלאָגראַפיעס און ענלעכע אונטערנעמונגען זײַנען מחויב אָנצונעמען די אויבנדערמאָנטע פערזאָנען ניט אַנדערש ווי נאָר אויף אַזאַ בילעט מיטן אָפּצייכענען אויף אים סײַ די צײַט פון דעם אַרבעטערס אָנקומען אין דער אונטערנעמונג סײַ די צײַט פון זײַן אַוועקגיין.

3. בײַ יעדן אַרבעטערס אַוועקגיין פון אַן אונטערנעמונג און בײַ זײַן אָנקומען אין אַ צווייטער, זײַנען די אייגנטימער פון די אונטערנעמונגען מחויב וועגן דעם מודיע צו זײַן דעם באַאַמטן, וואָס גיט אַכטונג אויף די דרוקערײַען, ליטאָגראַפיעס און ענלעכע אונטערנעמונגען, כדי עס זאָלן קענען געמאַכט ווערן די געהעריקע אָפּצייכענונגען אין די באַזונדערע אַלעפבייסן.

4. דער בילעט איז גילטיק נאָר פאַר דער שטאָט זשיטאָמיר און קען ניט דינען ווי אַ צײַגעניש אויף וואוינרעכט.

14טער נאָוועמבער 1873.

דער אכטגעבער אויף די דרוקערײַען, ליטאָגראַפיעס און ענלעכע אונטערנעמונגען, עלטערער באאמטער פאר כאזונדערע איפטראָגן בײַם חאַלינער גובערנאַטאָר

(אונטערשריפט ניט לעזבאר).

פּ. ווייצענפעלד האָט אָפּגעאַרבעט בײַ ראָמען זיבן און צוואַנציק יאָר.

*

די דרײַ דערמאָנטע זעצער דערציילן וועגן פאַסירונגען בײַ דער אַרבעט, מאָלן אָפּ לאַנג פאַרגעסענע זעצער-טיפּן, שילדערן די עקספּלואַטאַציע פון די באַלעבאַטים איבער אַלעמען און פון די עלטערע זעצער איבער די לערניינגלעך. עס איז געווען אַ קייט: דער שטאַרקערער האָט געדריקט דעם שוואַכערן און אַלעמען האָט געדריקט דער מעכטיקסטער — דער באַלעבאָס. פון צײַט צו צײַט פלעגט זיך עמעצער ווי אַרויסרײַסן פון דער פאַרפישופטער ראָד און אָנשרײַען אויפן באַלעבאָס; פלעגט מיט אַ שפּיצל אָפּנאַרן דעם אויסנוצער, אַז די אַרבעטער זאָל ווערן בעסער. דער באַלעבאָס פלעגט קלוג פאַרשווײַגן די אומשעדלעכע בונטן: ער האָט געוווּסט, אַז דער אַלטער זעצער איז קײַן גזלן ניט. לאַנגע יאָרצענדלינגער ווי ער לייגט אַוועק פאַרן באַלעבאָס זײַנע כוחות מיט שטומער הכנעה. נאָך אַ יאָר און מען וועט פּטור ווערן פון די אַלטע, אויסגעהאָרעוועטע לײַט. אַ נײַער דור פון יונגע, שטאַרקע זעצער וועט פאַרנעמען זייער אָרט.

און עס איז טאַקע געוואַקסן אַ נײַער דור. בײַ די לאָג, אַרום די קאַסטנס, צווישן די מאַשינען האָבן זיך געפּאָרעט יונגע בחורימלעך אין אויסגענייטע רוסישע בלוזקעס, געקוקט פון אַ זײַט אויף דעם אַלטוואַרג און געטראַכט ווי איבערצומאַכן די וועלט. דאָס יאָר 1905 איז פאַר זיי געווען אַ ברענענדיקער סימן, אַז זייערע חלומות זײַנען גאָר ניט ווײַט פון דער וואָר.

* איידער עס איז נאָך נעהוען אײַנגעפירט די דרוק-מאַשין, פלעגט מען דרוקן אויף אַ פרעס און אַרום איר האָבן געאַרבעט עטלעכע מענטשן. אויטנעבער (אויף רוסיש: батырщик) האָט געהייסן דער, וואָס טראָגט אויף (באַשמירט) די שריפט מיט פאַרב.

# פון דרוקער-אַרבעטער אין ווילנע

*

מיט אַ פערציק יאָר צוריק איז אין ראָמס דרוקערײַ געוואָרן עלטסטער זעצער ישראל=הערש יאָכעלסאָן. ער איז שוין דאַן געווען איבער אַכציק יאָר און צו דער אַרבעט ביי דאָמען איז ער אָנגעקומען אַ בר=מצווה=יינגל. אַ פּראָסטער ייד אָבער זייער אַ פרומער, האָט ער זיך די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן שוין ניט פאַרנומען מיט זעצערײַ (טייל זעצער צווייפלען, צי ער האָט בכלל רעכט געקענט די אַרבעט), נאָר פלעגט אַרומגיין אין דרוק אין דער קאַפּאָטע, סאַמעטענער היטל און דער יאַרמלקע אונטער איר, מיט דער פּושקע שמעק=טאַבעק און אַכטונג געבן, צי די זעצער היטן יידישקײַט. מען האָט פאַר אים מורא געהאַט, ווײַל מען האָט געוווּסט, אַז ווען ער הייסט די באַלעבאַטים זיי זאָלן אָפּזאָגן פון דער אַרבעט — איז אָפּגעזאָגט. און פאַרלירן די אַרבעט האָט מען געקענט בײַ ר' ישראל=הערשן צוליב דער קלענסטער עבירה. איינעם אַ לערניינגל, נאָסקע האָט מען אים גערופן, האָט ר' ישראל=הערש אָפּגעזאָגט דערפאַר, ווײַל יענער פלעגט גייענדיק נאָך וואַסער פּײַקלען אין דעק פון קרוג. אויף איינעם אַ יונגן זעצער, יוסף=משה (זײַן טאַטע — יצחק — איז געווען אַ פּאַקער בײַ ראָמען אין דרוקערײַ) האָט זיך דער אַלטער אָנגעזעצט און אים אַזוי לאַנג געמאַטערט, ביז ער איז פון אים פּטור געוואָרן. נאָך ווייניק, וואָס ער איז געגאַנגען צו די באַלעבאַטים זאָגן מען זאָל אים אָפּזאָגן, האָט ער נאָך אָנגעבעטן אין אַלע ווילנער דדוקערײַען מען זאָל דעם זעצער ניט נעמען און יוסף-משה איז געווען געצוווּנגען אַוועקצופאָרן קײַן אַמעריקע. און פאַדזינדיקט האָט זיך דער זעצער נאָר מיט איין זאַך: ער האָט גענומען אויף זומער פאַר צען רובל אַ דאַטשע. דעד אַלטער האָט דערפון געדרונגען, אַז יוסף=משה איז ניט קײַן אָרנטלעכער מאַן — ער גאַנוועט מיסטאָמע פון דרוק.

אַ זעצער האָט געטראָגן אַ לענגלעכע מאַרינאַרקע, אַ העמד און הויזן. אויפן האַלדז האָבן אַנדערע געטראָגן שאַליקעס. קיין קראַגן האָט ד' ישראל=הערש אויף די אויגן ניט אַרויפגעלאָזט. * ווען אַ שטיק=זעצער פלעגט זיך ערלויבן צו קומען אין אַ קראַגן, האָט ער אים גלײַך געמוזט אויסטאָן און באַהאַלטן, אַז דער עלטסטער זעצעד זאָל הלילה ניט באַמערקן די אפיקורסות. איינמאָל איז דער זעצער יצחק יעזנער, אַ בחור, געקומען אין דרוק אָנגעטאָן אין באַבלימלטע שטעקשיך. ר' ישראל=הערש איז דערפון געוואָרן זייער אויפגעבראַכט און זיך צעשריען:

— וואָס איז דאָס! שוין אויסטאָן!

ראָמס זעצער האָבן געמוזט שטדענג אָפּהיטן אַלע תעניתים. ר' ישראל=הערש פלעגט דערבײַ היטן די יונגאַטשעס, צי כאַפּן זיי ניט בשתיקה אַ ביס. לצנים פלעגן אָפּנאַרן דעם אַלטן, אים אָנווײַזן, אַז דער און דער זעצער פּראַוועט אַ סעודה אין אַ באַהעלטעניש און אַרומטרײַבן אים איבער אַלע ווינקעלעך. איינמאָל האָבן זיי אים דערבראַכט דערצו, אַז ער האָט געריסן די טיר פון אָפּטרעט, ווו אַ יונגער זעצער איז אַרײַן אין אַ תענית=טאָג:

— וואָס טוסטו דאָרטן?

מנחה און מעריב האָט מען אין דרוק געמוזט דאַוונען מיט אַ מנין.

מער פון אַלעמען האָבן געליטן פון ר' ישראל=הערשן די לערניינגלעך. דער עלטסטער זעצער האָט אַלעמאָל געהאַט אונטער דער האַנט אַ פּאָר יינגלעך. געלעדנט האָט ער זיי ווייניק, אָבער פּעטש געגעבן — לרוב און ניט פאַר שלעכט אַרבעטן, נאָר פאַר ניט מאַכן אַ ברכה אויף אַ טרונק וואַסער, צי אויף אַ ביס ברויט. ניט איין זעצער האָט געוויינט צוליב אים. דערפאַר איז אָבעד געווען גרויס די שמחה ווען ער איז געשטאָרבן. ראָמס זעצער האָבן נאָך דעם אַלטנס לוויה זיך רעכט אָנגעטרונקען און איינער פון זיי דאובן מאַרמוט האָט זיך אַזוי אָנגעשיכורט, אַז מען האָט אים געמוזט אַוועקפירן פון דרוק אויף אַ שליטל אַהיים.

*

די אַלטע זעצער האָבן אויסער דער אַרבעט פון קײַן שום זאַך ניט געוואָלט וויסן. פון קינדווײַז אײַנגעשפּאַנט, האָבן זיי געשלעפּט דעם יאָך אַ גאַנצן לעבן און דערבײַ

---

* ר' ישראל-הערש האָט אָנגעטאָן אַ קראַגן מיט אַ מאַנישקע און אַ שניפּס איין מאָל אין זײַן לעבן — אויף גוטענבערגס 500יאָריקן יובילײ, וואָס איז געפּראַוועט געוואָרן אין ווילנע. אַלע דרוקבאַלעבאַטים זיינען דאַן געקומען מיט זייערע אַרבעטער אייפן באַל אין זאַל „ערמיטאַזש" אויף זוויעריניעץ, ווו עס איז אויך געקומען דבורה ראָם מיט אירע זעצער און געלייגט אַ קראַנץ אויף גוטענבערגס ביוסט. ר' ישראל-הערש איז געגאַנגען גלײַך נאָך איר אין דער לאַנגער קאַפּאָטע (מען האָט אים צוגערעדט אָנצוטאָן אַ קורצן סורדוט, אָבער דאָס האָט מען שוין בײַ אים בשום אופן ניט געקענט אויספירן). בײַם טיש האָט ר' ישראל-הערש, נאָכן נעמען אַ טרונק ווײַן, זיך געקושט מיט אַ העכערן מיליטער-מאַן פון דער שטאַב-דרוקערײַ און געשריען די עטלעכע ווערטער, וואָס די זעצער האָבן אים אויסגעלערנט:

— יאַ שעסטדעסאַט ליעט!

דערמיט האָט ער אויפגעקלערט, אַז ער אַרבעט שוין זעכציק יאָר בײַ די ראָמס. מער קײַן רוסיש האָט ער ניט געקענט (זע מאיר קאַסטאָפּס „פון אַ פאַרגאַנגענער עפּאָכע — אַ קאַפּיטל זכרונות").

דער באַל האָט זיך אַגב פאַרוואַנדלט אין אַ פּאָליטיש-רעוואָלוציאָנערער דעמאָנסטראַציע. נאָך דער רעדע פון ווילנער הויפּט-צענזאָר, אַז די זעצער דאַרפן זײַן גליקלעך, וואָס זיי איז אויסגעפאַלן דער גורל צו פאַרשפּרייטן ליכט אויף דער וועלט, איז אַרויס מיט אַ פלאַמיקער רעדע דער מיטאַרבעטער פון „סעוועראָ=זאַפּאַדנאַיע סלאָוואָ" מינאָר:

— מיר, די ליכט-פאַרשפּרייטער, זײַנען מיט קייטן געשמידט צו דער אַרבעט. וויפיל פון אונדז זײַנען בײַם פאַרשפּרייטן דאָס ליכט געבליבן אָן הענט, אָן לונגען, אָן אויגן!

בעת מעשה האָט דער שיקיינגל פון ראָמס קאַנטאָר יונה צעשאָטן אין זאַל פּראָקלאַמאַציעס.

מינאָר איז שפּעטער, לויט דער פאַראָרדענונג פון ווילנער גענעראַל-גובערנאַטאָר, אַרויסגעשיקט געוואָרן פון ווילנע קײַן סלוצק, מינסקער גובערניע.

אַליין אַכטונג געגעבן ניט צו פאַרלירן אומזיסט די צײַט.

אַזאַ האַוועניק איז אין דער אַרבעט געווען דער אַלטער זעצער יעקב אַליטער. איינמאָל איז ער אַראָפּ אויפן הויף זיך אָנטרינקען מיט וואַסער, איז ער שוין פאַראיינ־וועגס אויך אַרײַן אין אָפּטרעט און כדי ניט צו פאַרלירן די צײַט מיטגענומען אַ קענדל. מאַנע ראָם האָט דאָס גראָד באַמערקט און אים אויסגעמוסרט. אָבער י.קב אַליטער איז ניט נתפּעל געוואָרן און נאָך אויסגעזידלט דעם באַלעבאָס:

— דו ביסט שוין אויך אַ גאַנצער מענטש געוואָרן? ווי לאַנג האָסטו געריטן אויף אַ ציג?

מאַנע ראָם האָט אויף דעם נאָר אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס און געזאָגט:

— גיי מאַך מיט אַזוינע ברואים!

וועגן זעצער מרדכי בינעס דערציילט מען: עס איז געווען אין ווילנע אַ פאַרפלייצונג און פון די גאַסן זײַנען געוואָרן טײַכן. בינעס איז געווען גראָד אין דער היים אויף אָנבײַסן. וועט ער בלײַבן אין שטוב און פאַר־לירן אַ האַלבן טאָג אַרבעט? האָט ער זיך געלאָזט אין וועג און מען גיט אַ קוק: מאָטע בינעס שווימט! דאָס וואַסער האָט שוין אים פאַרטראָגן צו ראָמען.

פאַרן האַוועון האָבן די זעצער געקראָגן דעם געהע־ריקן דאַנק: הירש גלאַז האָט אָפּגעאַרבעט בײַ די ראָמס פינף און זעכציק יאָר. דאָס איז געווען אַ שטילער, אָרנטלעכער מענטש, אַ גרויסער למדן און אַ גוטער באַל־מעלאָכע. ער פלעגט זיך ניט מישן אין קײַן קריגערײַען און איז אָפּגעשטאַנען אַ לעבן שטיל בײַם קאַסטן. אויף דער עלטער האָט ער שוין ניט געקענט אַרבעטן, האָט דער פאַרוואַלטער בערגער געהייסן מען זאָל אים ניט אַרײַנ־לאָזן אין דער דרוקערײַ. דאָס האָט אויף הירש גלאַזן אַזוי געווירקט, אַז ער איז אין אַ קורצער צײַט אַרום געשטאָרבן פון קלעמעניש.

*

עס זײַנען געווען צווישן ראָמס אַלטע זעצער אויך אַזוינע, וואָס האָבן געהאַט אַן אָפן אויג אויף אַלץ אַרום און געפּרוווט העלפן די חברים. ר' איטשעלע הור־וויטש, דער בעסטער פאַכמאַן אין ווילנע אויף ספרים־אַרבעט און אַ גרויסער ברעכער (מעטראַנפּאַזש), איז געווען אַ מענטש מיט אַ טײַער האַרץ. ער איז אין דרוק אַלעמאָל געווען דער ערשטער אויף קעגנשטעלן זיך אַן עוולה און אָננעמען זיך פאַרן יושר. די חברים האָבן אים זייער ליב געהאַט. ער האָט אָפּגעאַרבעט אין ראָמס דרוקערײַ פינף און פופציק יאָר. בשעת דער מלחמה איז ר' איטשעלע הורוויטש געשטאָרבן פון הונגער. *

* ח. פ. אַלטערמאַן וויל צו דערציילן, אַז אין דער מלחמה־צײַט זײַנען אויסגעגאַנגען פון הונגער אַכצן אַרבעטער פון ראָמס דרוקערײַ. נאָך דער מלחמה, ווען ראָמס פאַרוואַלטער בערגער איז גע־קומען צוריק פון רוסלאַנד, האָט ער געפונען אין קאַסע 75 טויזנט רובל פּאַפּיר־געלט און האָט דאָס פאַרקויפט אויף מאַקולאַטור.

אַ חכם און אַ גוטער מענטש איז געווען דער עלט־סטער זעצער בן־ציון אַס. ער האָט איינמאָל אָפּגעטאָן די באַלעבאַטים אַזאַ שפּיצל: מען האָט געאַרבעט אויף אַ שווערן ספר, באַקומען שוואַך באַצאָלט און דערצו פלעגט נאָך אויסקומען כסדר צו פאַרריכטן, ווײַל מען פלעגט אי־בערמאַכן דעם אָריגינאַל. זײַנען די זעצער אַרײַן אין קאַנ־טאָר בעטן אַ הוספה. בן־ציון אַס, דער פאַרטרויונגס־מאַן בײַ די באַלעבאַטים, איז דאַן אַרויס מיט אַ דרשה קעגן די זעצער:

— סטײַטש, מען קען דאָך מיט אײַך ניט אָנהייבן אַרבעטן! אַלע ווײַלע קומט איר מיט טענות! איר זײַט אומגערעכט!

די באַלעבאַטים זײַנען געשטאַנען דערבײַ און האָבן אָנגעקוואָלן. ער האָט זיי פאַרשפּאָרט צו ריידן. דאַן האָט בן־ציון אַס פאַרענדיקט:

— זעט איר, פאַר איבערמאַכן — דאַרף מען אײַך באַצאָלן. ווי דען? — דאָס איז דאָך ניט אײַער שולד.

אַזוי איז געבליבן און פון דעם געלט פאַרן איבער־מאַכן האָבן די זעצער געהאַט טאָפּלט ווי פון אַ הוספה.

*

אַ טשעקאַווער טיפּ איז געווען שמואל טראַכטענ־בערג. אַ ייד אַ גוואַר (ווען עס פלעגט אים אויסקומען צו פאַרריכטן זאַץ אין מאַשין און עס האָט אים געפעלט זאונטער דער האַנט אַ צוואַנציקפּונקטיקער פּי־רעט, פלעגט ער אַזאַ אות איבערבײַסן מיט די ציינער). האָט ער זײַן גאַנצע גבורה אויסגעלאָדן אין דער פריי־לעכקײַט. ער פלעגט זיך שטענדיק וויצלען, ריידן קלעז־מער־לשון, אָדער גלאַט פאַרשטעלט. זײַנס אַ ווערטל איז געווען:

— מיט די וואָנצעס איז מיר אײַנגענעם צו ריידן, אָבער מיט דער באָרד איז ניט אַזוי גוט. ערגער פון אַלעמען איז מיר אָנצוקומען צום ציפּיק.

דערמיט האָט ער געמיינט, אַז מיט מאַקסים ראָמען קומט ער דורך, מיט מאַנע ראָמען איז אים ניט גרינג, ערגער איז אים אָבער מיט דער באַלעבאָסטע דבורה ראָם.

שמואל טראַכטענבערג איז געווען לויטן יחוס דער צוועלפטער דור פון תוספות יום־טוב און פלעגט אַלע ראש־חודש אדר מאַכן פאַר די זעצער אַ יומטובדיקע וועטשערע. אויף דעם פלעגט ער קלײַבן געלט אַ גאַנצן יאָר. צו די יונגע, וואָס זײַנען געגאַנגען קעגן קייסער, האָט ער זיך באַצויגן ווי צו אַלץ — מיט אַ גלײַכווערטל. צו א. י. מיאַד־לערן האָט ער זיך איינמאָל אָפּגערופן:

— גייסט פאַרריכטן די וועלט? — גיי בעסער פאַר־ריכטן דײַנע שיך!

*

בײַ אַ געלעגנהײַט פלעגן ראָמס אַלטע מענטשן באַ־ווײַזן, אַז זיי האָבן ניט מורא פאַר די באַלעבאַטים. יעקב־

לייב שריפטזעצער האָט אָפּגעאַרבעט זײַן גאַנצן לעבן אין ראָמס דרוק. אויף דער עלטער איז ער אַוועק און געעפנט אַ טשײַנע אין קאָוונערס הויף אויף סווועטשער גאַס. ער האָט זיך אָבער ניט געהאַלטן פאַר אַ פרעמדן און פלעגט אַלע יאָר, ערב פּסח, קומען אין דרוק אַרײַן נאָך אַ קוויטל: ווײַן אָדער געלט (מאַנע און מאַקסים ראָם פלעגן זיצן אין שוואַרצע רעק און טיילן די קוויטלען). יעקב-לייב פלעגט זיך נאָך דערבײַ דינגען, עס איז אים אַלע מאָל געווען ווייניק. איינמאָל, ווען מאַנע ראָם האָט אים געזאָגט: „וואָס דינגסטו זיך, האָסט דאָך פונוואַנען צו לעבן!" האָט זיך יעקב-לייב צעשריען, קלאַפּנדיק מיטן שטעקן אין דער וואַנט:

— יעדער ציגל פון מויער איז מײַנער, מײַן בלוט און פלייש!

בײַ די ראָמס איז געווען אַ שומר ברוך בינדער. אַ פרומער ייד. איינמאָל מיטאָגצײַט, ווען די דרוק איז געווען פאַרמאַכט, איז געקומען אַ ייד מיט אַ ספר צום דרוקן. ווען מאַקסים ראָם איז נאָך מיטאָג געקומען אין דרוק, האָט אים ברוך בינדער איבערגעגעבן, אַז עס איז געווען אַ מחבר.

— וואָס האָט ער געוואָלט?

— ער האָט געמאַכט אַ פּירוש אויף דער תורה.

מאַקסים ראָם האָט זיך דאַן אָפּגערופן:

— אַ נס, וואָס גאָט האָט זיי געגעבן אַ תורה — האָבן זיי אַלע אויף וואָס צו מאַכן. זיי האָבן שוין גענוג אָנגעמאַכט אויף דער תורה!

דער פרומער ברוך בינדער האָט אים דאַן געענטפערט:

— ווען זיי וואָלטן ניט אָנגעמאַכט וואָלט איר ניט געהאַט וואָס צו עסן.

פאַר די ווערטער איז ב. בינדער אָפּגעזאָגט געוואָרן פון דער שטעלע. ער האָט אָבער פון מאַקסים ראָמען גע-קראָגן אַן אַנדער שטעלע — אין אַ קאָנווערטן-פאַבריק, בײַ ראָמס מומע. אינגאַנצן אָפּזאָגן האָט ראָם פונדעסטוועגן בײַ זיך ניט געפּועלט.

הערצע פּויזנער, מיט אַ פּאָר צענדליג יאָר צוריק אַ ייד פון אַ יאָר זיבעציק, איז געווען זייער פרום. ער פלעגט זאָגן אַ שיעור אין דער דרוקערשער קלויז פאַר די זעצער. זײַן לײַדנשאַפט איז געווען — בראַנפן. בראַנפן האָט אַלעמאָל געמוזט זײַן. ווען ער האָט ניט געהאַט קײַן געלט, פלעגט ער נעמען דעם סידור-אָריגינאַל, פון וואַנען מען פלעגט זעצן, אַוועקטראָגן אויפן שולהויף און פאַרקויפן די פאַקנטרעגער. ער איז געווען אַ גרויסער בעל-העזה און זיך ניט געשעמט אויסצוזידלען אַפילו די באַלעבאַטים.

מיט אַ יאָר פופציק צוריק האָט דער זעצער וועלוול אײַכער אַ פּאַטש געטאָן אַן אַרבעטער. מאַנע ראָם האָט דערפאַר געוואָלט אָנטזאַגן אייכערן, אָבער אַלע פערציק זעצער האָבן זיך געשטעלט ווי איינער: ניט לאָזן! און הערצע פּויזנער איז אַרײַן צו מאַנע ראָמען און געזאָגט:

— ר' מאַנע, זײַט ניט קײַן יחסן! אַלעקסאַנדער דעם צווייטן האָט מען געקענט הייסן גיין?

וועלוול אייכער איז געבליבן אַרבעטן.

*

ווי עס איז פריער דערמאָנט געוואָרן, זײַנען א. י. מיאַד-לער און יוסף יודעלסאָן אָנגעקומען אויף דער לער אין ראָמס דרוקערײַ אין איין צײַט. זיי ביידע זײַנען אויך גע-ווען די ערשטע פון ווילנער יידישע זעצער, וואָס האָבן אָנגעהויבן זיך פאַרנעמען מיט רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. דאָס איז געווען אַזוי:

בײַ ראָמען האָט זיך דאַן (אין יאָר 1892) געדרוקט אַ בוך „דער סולטאַן", אַן איבערגעזעצטער ראָמאַן. מיאַד-לער און יודעלסאָן האָבן אַלע טאָג געדאַרפט טראָגן די קאָרעקטור-בויגנס צום איבערזעצער וואַנעל אַהיים. דער מחבר, אַ קליינינקער, דאַרער, הויקערדיקער מענטש אין די פערציקער, פלעגט מיט די ייִנגלעך שמועסן און איינמאָל פאָרגעלייגט צו לערנען מיט זיי רוסיש. ביסלעכווײַז האָט ער זיי אַרײַנגעצויגן אין אומלעגאַלער אַרבעט און שפּעטער איבערגעגעבן צו אַ צווייטן אַרבעטער-טוער — שמואל קאַץ, וואָס האָט געגעבן די ייִנגלעך אָנצוהערעניש, אַז עס איז נייטיק שריפט.

א. י. מיאַדלער האָט זיך דאַן אָנגעהויבן באַמיען אַרײַנצוקריגן אין סקלאַד פון דעם שריפט, וווּ עס איז גע-ווען אויפזעער ר' ישראל-הערש יאָכעלסאָן. אינגיכן איז ער צוגעטיילט געוואָרן צום אַלטן אויפזעער און — געוואָרן דער הויפּט-צושטעלער פון שריפט פאַר אַלע אומלעגאַלע דרוקערײַען אין דער גאַנצער ווילנער פּראָווינץ. צו ערשט האָט ער געבראַכט די אותיות ע, י, ן, וואָס האָבן געפעלט אין דער אומלעגאַלער דרוקערײַ, וווּ עס האָט זיך געדרוקט „די אַרבעטער-שטימע". שפּעטער האָט ער באַטיילט די דרוקן מיטן גאַנצן אלף-בית. א. י. מיאַדלער האָט ניט געמאַכט קיין חילוק צווישן פּאַרטייען און צוגעשטעלט אין משך פון אַ 10—12 יאָר שריפט אַלעמען, ווער עס האָט נאָר גע-קעמפט מיטן צאַריזם. יידישן שריפט האָט מען דאַן בײַ אים גענומען פון „בונד", פּפּ"ס, ס"ר א"אַנד.

עס האָט זיך דערנעענטערט דער פינפטער יאָר. דער פּראָלעטאַריאַט פון דער רוסישער אימפּעריע איז געוואָרן אַלץ דרייסטער אין קאַמף פאַר זיינע רעכט. דער יונגער דור זעצער פון ראָמס דרוקערײַ איז ווי אַרויס פון אונטער דער ערד און באַוויזן זײַן פּנים. עס זײַנען צוגעקומען אַ סך יונגע זעצער און מיטגעבראַכט מיט זיך די פרײַהײַט, וואָס האָט זיך דאַן געטראָגן אין דער לופטן. ראָמס דרו-קערײַ ווערט דאַן אויסגענוצט אויף שריט און טריט. מען דרוקט אין איר כסדר פּראָקלאַמאַציעס. דער אַלטער דור קוקט און שווײַגט. עס דוכט זיך אים, אַז די וועלט גייט אונטער.





איינער פון ראָמס מגיהים (קאָרעקטאָרן) גאַווריעלאָוו, האָט דאַן געזאָגט וועגן די יונגע זעצער:

— איך וואָלט זיי אַלץ מוחל געווען, נאָר דער פונק זאָל בײַ זיי בלײַבן.

און דערמיט האָט ער באַוויזן ווי ווײַט עס איז שוין דערגאַנגען אין דער פעסטונג פון פרומקײַט — בײַ ראָמען. עס איז שוין געווען אַפילו אַ רייד וועגן דעם, צי עס וועט בלײַבן בײַם יונגן זעצער דער פונק פון יידישקײַט.

*

אַ באַזונדערע וועלט פאַר זיך איז געווען ראָמס רוסישע דרוקערײַ (פון אָנהייב אויף יודע-מאַנסקיס זאַווּליק, אין לעווינס הויף, דערנאָך אויף ברייטער גאַס אין הויף פון דער ניקאָלאַי-צערקווע, שפּעטער — אין קאַראַסיקס הויף, אויף ראָג זאַוואַלנע און קליין-פּאָהוליאַנקע). דאָ האָבן געאַרבעט אַ פופצן זעצער, צווישן זיי פיר ניט-יידן און עס איז געווען אַ באַזונדערער פאַרוואַלטער. די אַרבעט איז באַשטאַנען דער עיקר פון באַשטעלונגען פאַר מלוכה-אַמטן. שפּעטער האָט זיך דאָ געדרוקט די רעגירונגס-צײַטונג „ווילענסקי וויעסטניק".

די זעצער פון ראָמס ביידע דרוקן האָבן ניט געהאַט צווישן זיך קײַן שום קאָנטאַקט. און כאָטש די לוינען זײַנען אין ביידע ערטער געווען כמעט די זעלביקע, זײַנען אָבער די אַרבעטס-באַדינגונגען געווען פאַרשיידענע. אין ראָמס רוסישער דרוק האָט צווישן די אַרבעטער ניט געהערשט יענע פאַרווילדעטע פרומקײַט, וואָס אין דער יידישער. דאָ האָבן אַלע זעצער, אָן אויסנאַם, אַפילו זיבעציק-יאָריקע פרומע יידן, געאַרבעט אָן היטלען און אין דרוק האָט מען ניט געוווּסט פון קײַן דאַוונען. די עקספּלואַטאַציע איז געווען גענוג שטאַרק. געאַרבעט האָט מען צען שעה אַ טאָג און דאָנערשטאָג — ביז צוועלף אַ זייגער בײַנאַכט (כדי אָפּצואַרבעטן פאַר פרײַטאָג, ווען מען האָט געאַרבעט ביז צוויי אַ זייגער), אָבער די באַציִונג פון די עלטערע זעצער צו די ייִנגערע איז ניט געווען אַזאַ שלעכטע ווי אין דער יידישער.

אין די נײַנציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט איז פון פּאָלאָצק אַראָפּגעקומען קײַן ווילנע און אָנגעקומען אין ראָמס רוסישער דרוק דער זעצער סווערדלאָוו* און אָנגעהויבן אַגיטירן זײַנע חברים זיי זאָלן זיך ניט לאָזן אַזוי אויסנוצן פון זייערע באַלעבאַטים. פון יענער צײַט האָבן די זעצער פון ראָמס רוסישער דרוק אָנגעהויבן פאָדערן הוספות און די באַלעבאַטים האָבן יעדעס מאָל נאָכגעגעבן. צו קײַן שטרײַקן איז דאָ קיינמאָל ניט דערגאַנגען.

* סווערדלאָוו איז אין אַ צען יאָר אַרום געשטאָרבן פון אַ קראַנקייט, וואָס ער האָט געקראָגן אין טורמע. אויף זײַן לוויה איז געקומען אַ גרויסער עולם מיט רויטע פאָנען. קאָזאַקן האָבן מיט די נאַהײַקעס צעטריבן די אַרבעטער פון בית-עולם.

אין יאָר 1905 איז אַרײַן אין מאָדע אַ נײַער מעטאָד פון דרוקן פּראָקלאַמאַציעס: באַפאַלן אַ דרוק, פאַרכאַפּן די מאַשין, אַרײַנשטעלן מיטגעבראַכטע פלאַטן און אָפּדרוקן אין אַ קורצער צײַט די נייטיקע צאָל פלוגבלעטלעך. אַזעלכע בליץ-איבערפאַלן זײַנען דאַן פאָרגעקומען אַ סך. איינער פון זיי, אין ראָמס רוסישער דרוקערײַ איז פאָרגעקומען אַזוי:

מאַנע ראָם פלעגט זעלטן זײַן אין דרוק און דער פאַרוואַלטער, אַרקאַדי עפּשטיין, וואָס האָט געהאַט אַ דירה אין דרוק גופא, האָט דאָך דעם גאַנצן טאָג אין דרוק ניט געקענט זײַן. אײַנמאָל, ווען דער פאַרוואַלטער איז געווען אין גאַס, איז אַראָפּגעקומען דער מאַשיניסט מ. קאַהאַן, דער זעצער איליוטאָוויטש און אַ לייגערקע, רחל קלאָק*, געבראַכט מיט זיך פלאַטן און אַרײַנגעשטעלט אין מאַשין. דער מאַשיניסט האָט אָפּגעטאָן זײַניקע און איז אַוועק. די לייגערקע האָט אַוועקגעלאָזט די מאַשין און בײַ אַלע טירן האָבן זיך צעשטעלט מענטשן מיט רעוואָלווערן אין די הענט.

אין דעם איז אָנגעקומען דער דרוק-אינספּעקטאָר סודאַקאָוו, אַ זעכציק-יאָריקער דאַרער, הויכער באַאַמטער. מען האָט אים העפלעך אַרײַנגעפירט אין קאַנטאָר, געבעטן זיצן און אַוועקגעלייגט אויפן טיש אַ רעוואָלווער. ער איז געזעסן איבער אַ שעה און געוואַרט ביז מען איז פאַרטיק געוואָרן. דאַן האָט מען אים געהייסן גיין. אין אַ געוויסער צײַט אַרום האָט די מאַכט פאַרחתמעט די דרוק.

זיבן חדשים איז דאַן געווען פאַרמאַכט צוליב דעם ראָמס דרוקערײַ, ביז דער באַלעבאָס פון הויף האָט אָנגעגעבן אַ בקשה צו דער מאַכט, מען זאָל אים באַפרײַען די דירה. דאַן האָט זיך ראָמס דרוקערײַ איבערגעקליבן אויף פּיוונער גאַס, אין אייגענעם הויף. אָבער קײַן סך אַרבעט, ווי פריער, איז שוין מער ניט געווען. אַלע אַמטן און בענק, וואָס האָבן פריער געדרוקט זייערע פּאַפּירן בײַ ראָמען, זײַנען פאַר דער צײַט אַוועק צו אַנדערע דרוקערײַען.

*

דאָס יאָר 1905 האָט געמאַכט אַ סוף צו דער דורות-לאַנגער אײַנגעשראָקנקײַט פון ראָמס אַרבעטער. די עלטערע זעצער זײַנען פון די קאָפּשווינדלדיקע געשעענישן צעטומלט געוואָרן און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף דער וועלט. און די יונגע, די יונגע זײַנען אַפילו אין די שפּעטערדיקע יאָרן פון רעאַקציע, געשטאַנען מיט אויפגעהויבענע קעפּ בײַ די קאַסטנס, געזונגען אַרבעטער-לידער פאַר די באַלעבאַטים אין די אויגן און געהאַט אַזעלכע פּנימער, ווי זיי, די יונגע זעצער, וואָלטן מיט זייער אייגענעם ווילן אָפּגעלייגט די רעוואָלוציע אויף עטלעכע יאָר.

* אָט די רחל איז געווען אַן אַרבעטער-טוערין און אויף איר פלעגט מען זאָגן, אַז „זי האָט דעם שליסל פון זאַוואַלנע גאַס", ווײַל זי פלעגט אַלע טאָג קומען די ערשטע אויף זאַוואַלנע, ווו עס איז געווען די אַרבעטער-בערזע.



מ. ציאַרקאָ

# פון אַמאָליקן דרוקער=לעבן

עס קומט מיר אויס אין די זכרונות צו שרײַבן נאָר וועגן אַ קורצן משך צײַט פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענ=הייט — פון סאַמע אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט, ד"ה אַרום דעם שטורמישן יאָר 1905. אויך מוז איך מיך באַגרענעצן מיטן באַשרײַבן דאָס לעבן, די אַרבעטס=באַדינגונגען און דאָס אויסקעמפן פון בעסערע באַדינגונגען נאָר פון די רו=סישע דרוקער=אַרבעטער, ד"ה די אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט אין יענער צײַט בײַ דער רוסישער שפּראַך — סײַ ייִדן און סײַ ניט=ייִדן צו טייל. אין יענע יאָרן איז די גאַנצע דרוק=פּראָדוקציע אין ווילנער קאַנט געווען כמעט בלויז אין רוסיש, אויסער רעליגיעזע געבעט=ספרים, וואָס פלעגן געדרוקט ווערן אין לשון=קודש און אין פּויליש. בײַ דער ייִדישער שפּראַך האָט מען דאַן נאָך זייער זעלטן גע=אַרבעט. קיין צייטונגען אָדער זשורנאַלן אויף ייִדיש זײַנען דאַן ניט געווען, סײַדן אַ פּאָר מעשה=ביכלעך, וואָס מ'פלעגט פון צײַט צו צײַט דרוקן אין די ייִדישע דרוקע=רײַען.

אויב ר אָ מ ס דרוקערײַ איז אין יענע יאָרן געווען דער צענטער פון די י ִ ד י ש ע דרוקער=אַרבעטער אין ווילנע און אין דער דאָזיקער דרוקערײַ האָט זיך אַלעמאָל אַנטשיידן דער גורל אויך פון אַלע איבעריקע ייִדישע דרו=קער=אַרבעטער אין די ייִדישע דרוקערײַען אין ווילנע, איז צו יענער צײַט געווען אין ווילנע ס י ר ק י נ ס דרוקערײַ די גרעסטע פון די ר ו ס י ש ע דרוקערייען אין דער גאַנצער צפון=מערב=געגנט פון אַמאָליקן רוסלאַנד און די אַרבעטער פון דער דאָזיקער דרוקעריי האָבן טאַקע דעריבער גע=שפּילט די גרעסטע ראָלע אין לעבן פון אַ ל ע ווילנער דרו=קער=אַרבעטער—סײַ רוסישע, סיי ייִדישע. אַלע באַדינגונגען פון דער דאָזיקער דרוקעריי זײַנען געווען אַלעמאָל מאָס=געבנדיק אויך פאַר אַלע אַנדערע אַרבעטער אין אַנדערע ווילנער דרוקערייען, וועלכע פלעגן אַלעמאָל נעמען אַלס בײַשפּיל סירקינס אַרבעטער.

סירקינס דרוקעריי איז דאַמאָלסט געווען דער צענ=טער און אַרבעטס=פּלאַץ פאַר הונדערטער דרוקער=אַרבעטער ניט נאָר ווילנער, נאָר אויך פון דער גאַנצער ווילנער פּראָ=וויץ, ד"ה פון עטלעכע שכנותדיקע גובערניעס און אַפילו פון קאָנגרעס=פּוילן (מערסטנס פּאָליטישע, פּאָליצייִש אַרויס=געשיקטע אַהער ייִדן און פּאָליאַקן) און אויך פון די גרויס=רוסישע גובערניעס. אויסער די שטענדיקע זעצער, וואָס האָבן אין דער דאָזיקער דרוקעריי געאַרבעט, האָט מען אין סעזאָן=צײַט — דעם גאַנצן זומער — באַשעפטיקט יעדערן, וואָס איז נאָר געקומען בעטן אַרבעט, און מען האָט דאַן אַפילו געאַרבעט איבערשעהן. עס איז ניט געווען אין יענער צײַט כמעט קיין איין דרוקער פון ווילנע און אויך פיל פון אַנדערשוו, וואָס זאָל ניט אַדורכגיין סירקינס דרוקעריי. די שטענדיקע צאָל אַרבעטער האָט זיך דאַן דאָרטן גערעכנט איבער 100 מאַן, אויסער דער איינבינ=דעריי=אָפּטיילונג (בײַ 20 מאַן).

מיט דער פירמע „א. ג. ס י ר ק י ן" האָבן אָנגעפירט די צוויי ברידער יולי אַלבערטאָוויטש און יעפים אַלבער=טאָוויטש. דער ערשטער — מיט דער דרוקעריי און דער צווייטער — מיט דער בוכהאַנדלונג, וואָס איז געווען די גרעסטע בוך=קראָם אין דער גאַנצער געגנט און האָט באַ=שעפטיקט צענדלינגער אָנגעשטעלטע. אין דעם בוך=געשעפט איז אויך געווען אַ נאָטן=אָפּטיילונג און זייער אַ רײַכע ביבליאָטעק, וואָס האָט דאַן באַדינט די גאַנצע שטאָט.

די דרוקערײַ האָט זיך געטיילט אויף דרײַ אָפּטיי=לונגען. די מאַשין=שטוב האָט געהאַט 12 מאַשינעס פון גרויסן פאָרמאַט, וואָס האָבן געאַרבעט טאָג און נאַכט. בײַ דער בײַנאַכטיקער אַרבעט זײַנען געווען באַשעפטיקט כמעט אַלע קריסטן. די מאַשינעס זײַנען געטריבן געוואָרן דורך אַ ספּע=ציעלן לאָקאָמאָביל, בײַ וועלכן ס'זײַנען געווען באַשעפטיקט אַ ספּעציעלער מאַשיניסט=מעכאַניקער (עפּשטיין דער שוואַר=צער) און זײַנע געהילפן — קאָטשעגאַרן. די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן און געענדיקט מיט אַ „פּײַף" פון „פּאַראָ=וויק" אויף אַ פאַבריק=שטייגער. די דרוקערײַ האָט אויך געהאַט אַן אייגענע עלעקטרישע סטאַציע.

די מאַשינעס אין דער דאָזיקער דרוקערײַ פלעגן דרוקן זייער גרויסע אויפלאַגעס פון דער באַן=אַרבעט. נאָך גרעסער זײַנען געווען די אויפלאַגעס פון די פּאָסט=טעלע=גראַפישע באַשטעלונגען, ווײַל סירקינס דרוקערײַ האָט גע=דרוקט טעלעגראַף=בלאַנקען פאַר האַלב רוסלאַנד. מען פלעגט אַוועקלאָזן די מאַשינעס אויף עטלעכע וואָכן אָן הפסקה, ניט בײַטנדיק די פּלאַטן. בײַ די דאָזיקע אויפלאַגעס זײַנען געווען באַשעפטיקט די עלטסטע מאַשיניסטן אין דער דרו=קעריי א ה ר ן פ י אָ ר ָ און כ אָ נ ע ל ע וו י, וועלכע האָבן

אָפּגעאַרבעט אין סירקינס דרוקעריי די גאַנצע צײַט, וואָס די דרוק האָט עקסיסטירט (איבער 50 יאָר). צוזאַמען מיט כאַנע לעווי האָט דאַמאָלסט אויך געאַרבעט זײַן זון לאָזער און זײַן אייניקל (לאָזערס זון) שייעלקע, אַלס זעצער. אויך מיט אהרן פּיאָרן האָבן גלײַכצײַטיק געאַרבעט זײַנע זין. גאַנצע משפחות האָבן דאָרטן געאַרבעט. אהרן פּיאָר פּלעגט זיך אַוועקלאָזן זײַן מאַשין מיט די פּלאַטן און אַרומשפּאַצירן איבער דער זעצערײַ, מאַשין־שטוב, סטערעאָ־טיפּיר־צימער, אײַנבינדערײַ און דערציילן פאַרשיידענע מעשהלעך. אַז מ'פּלעגט אים פרעגן: „ר' אהרן, וואָס הערט זיך?" — פּלעגט ער ענטפערן: „שוין באַלד דאָנערשטאָג —

די אַרבעטער פון סירקינס דרוקערײַ האָבן זיך אינ־גאַנצן אונטערשיידט פון ראָמס אַרבעטער מיט זייער אַרט לעבן, מינהגים און אָנשוינגען. זיי זײַנען שוין ניט גע־גאַנגען אין די „בלעכענע" קאַפּאָטעס, מיט דער רויטער פּאַטשיילקע און מיט דער פּושקע שמעק־טאַבאַק, זיי זײַנען שוין געווען מער וועלטלעך. קיין מינחה האָט מען אין דרוק ניט געדאַווענט. זעלטן ווען—צו אַ יאָרצײַט.

דעם צווייטן גאָרן האָט פאַרנומען די גרויסע זע־צערײַ, אין וועלכער ס'האָבן געאַרבעט בײַ אַ 60—70 זעצער. דעם דריטן — די אײַנבינדערײַ.

די זעצערײַ האָט זיך געטיילט אויף 3 גרופּעס: איין



דער פּערסאָנאַל פון סירקינס דרוקערײַ (1906)

עס שטייען אין דער 1סטער ריי (פון רעכטס): שוואַרצבראָם, מ. שקלאָווער און קרוגלאָוו. עס שטייען, 2טע ריי: ש. פּלעקסער, גורוואַן, קאַק־פּאָלאַצקי, י. קול, א. ליבסקינד, ביילע, ריווע-לאה, גורוויטש, סיפּאָוויטש, (ווייטערדיקער אומבאַקאַנט), פּ. גומקאָווסקי, (ווייטערדיקער אומבאַקאַנט), י. ראַבינאָוויטש און י. וויסאָצקי. עס שטייען 3טע ריי: ס. באַטוראַ, י. מאַלעץ, איסאַק, חיגושין, בערמאַן, בראָבע, ל. בערלין, (ווייטערדיקע אומבאַקאַנט), מאַריאַשע, ע. ברעזין, ח. פּאַנאַר, ראַמבאַק, ה. מעריינע און א. זאַלק. עס זיצן: ש. אַרלוק, י. סטעקין, ש. אַס, סאָלאָווייטשיק, ס. גאַלפּערין, קרייז, ל. גיידאַמאָוויטש, מ. יוזעפאָוויטש, ה. עפּשטיין, מ. סטראַשון, פּ. קאַזודאָן, ש. דמאָרקין, ש. עפּשטיין, ח. לעווי און א. פּיאָר. עס זיצן אונטן: ה. עלטערמאַן, (ווייטערדיקע צוויי אומבאַקאַנט), ר. פּיאָר, גאָלפּער, ראַסקין, קאַפּלאַנסקי, קאַמיאַנסקי, (ווײַטערדיקער אומ־באַקאַנט), ראַפּאַלאָוויטש און ח. גינזבורג. עס ליגן: סאַסגאָווסקי, (ווייטערדיקער אומבאַקאַנט), ב. דראַגוניק, ב. אַס און ל. באַסטאַמסקי.

וועט מען באַקומען שכירות. וואָס ווילט איר זאָל זיך הערן?". די לייגער און די לייגערינס האָבן געאַרבעט צו צוויי גלײַכצײַטיק אויף איין מאַשין און עס זײַנען געווען ספּעציעלע אומבײַטערס, ווײַל די מאַשינעס זײַנען דאָך געגאַנגען אָן הפסקה.

מיט דער מאַשין־אָפּטיילונג האָט אָנגעפירט לודוויק גיידאַמאָוויטש, פון פאַך אַ זעצער, אַ פּאָליאַק, גערעדט פּרײַ ייִדיש, אַ קלוגער מענטש. בײַ אַ קאָנפליקט צווישן די אַר־בעטער און באַלעבאַטים איז ער אַלעמאָל געווען נייטראַל.

גרופּע זעצער איז באַשטאַנען פון וואָך־מענטשן; די צווייטע גרופּע זעצער זײַנען געווען די אַזוי גערופענע דעמאָלט „מעטראַנפּאַזשן" — פּאַרמיטלער, וועלכע פּלעגן אָננעמען די אַרבעט אין קאָנטאָר פון בויגן און האַלטן פון זיך זעצער, וועמען זיי פּלעגן צאָלן פון וואָך. זיי האָבן טאַקע פון די געדונגענע אַרבעטער גוט פאַרדינט.

די „מעטראַנפּאַזשן" האָבן זיך געטיילט אויף 2 קאָמ־פּאַניעס: וואַפּנערס קאָמפּאַניע און יאָפּעס קאָמפּאַניע. די ביידע קאָמפּאַניעס פּלעגן אויך פירן צווישן זיך

# פון דרוקער-אַרבעטער אין ווילנע

אַ שטענדיקן קריג. יעדערע פון זיי האָט געוואָלט פאַרכאַפּן אין קאַנטאָר די בעסערע אַרבעט („שפּעקאָווע אָריגינאַלן") און דעריבער פלעגט זיך יעדערער פון זײַן קאָמפּאַניע אונטערחנפענען דעם דירעקטאָר פון דער דרוקערײַ — אַוורבאַכן, וואָס האָט זיך דאַן געפּילט ווי עפּעס אַ „מיניסטער" פון סירקינס „מלוכה". אויך פלעגן זיי רק קריכן צו דעם הויפּט=בוכהאַלטער קרייז, וועלכער האָט געשפּילט דאָרט די ראָלע פון עפּעס אַ דיקטאַטאָר. ער איז געווען זייער אַ שטרענגער ביוראָקראַט און אַ טרײַער דינער דעם געשעפט. אים איז שווער געווען אָפּצוקויפן בלויז מיט אַ חניפהלע. כדי פון אים אַ טובהלע אַרויסצוקריגן, צ"ב אַן אַוואַנס אד"גל, האָט מען אים געמוזט לאַנג בעטן און דערעסן מיטן צושטיין צו אים...

אינטערעסאַנט איז געווען צו אָבסערווירן ווי איינער פון אַ קאָמפּאַניע גייט אַרײַן אין קאַנטאָר. גלײַך נאָך אים פלעגט נאָכגיין ווער עס איז פון דער צווייטער קאָמפּאַניע. מען פלעגט זיך פאַרפאָלגן און ניט האָבן איינער צום אַנדערן קיין צוטרוי. אויך פלעגט מען איינער בײַם צווייטן גנבענען מאַטעריאַל, און אפילו אויפרײַסן שלעסער. עס איז געווען אַמאָל אַזאַ פאַל: דער עלטערער מעטראַנפּאַזש וואַפּנער איז געקומען אין דרוקערײַ אום שבת, ווען אויסער דער צײַטונג איז קיינער אין דער זעצערײַ ניט געווען. ער איז געקומען דירעקט פון קלויז (ווו ער איז געווען גבאי) אין זײַן צילינדער. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך זײַן שוואַרצן סורדוט און גענומען זיך צו דער אַרבעט: אַרומנעמען און שלעפּן מאַטעריאַל פון יאָפּעס קאַסטנס און צונעמען אַ פּאָר ברעטער, אויף וועלכע מען שטעלט זאַץ. כדי מ'זאָל זיי בײַ אים ניט דערקענען, האָט ער אַראָפּגעקראַצט די צייכנס, וואָס יאָפּע האָט געמאַכט אויף די ברעטער. די קריסטלעכע צײַטונגס=זעצער האָבן דאָס אָבער באַמערקט, האָבן זיי געלאַכט און געבעטן אויף אַ „האַלבער פלעשל" פאַרן ניט אויסזאָגן פון חדר. דאָך האָט זיך יאָפּעס קאָמפּאַניע דערפון דערוווּסט און מען האָט צוריק אָפּגענומען בײַ וואַפּנערס קאָמפּאַניע די ברעטער מיט אַ גרויסן „הוראַ", וואָס די גאַנצע זעצערײַ האָט דאַן געמאַכט.

אַזוינע מינים עפּיזאָדן, וואָס זײַנען פאָרגעקומען צווישן די ביידע קאָמפּאַניעס, האָט מען געקענט פאַרצייכענען נאָך זייער אַ סך. די קאָמפּאַניעס זײַנען אָבער פאַרשווונדן מיט דעם מאָמענט, ווען עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די „מעטראַנפּאַזשעסטוואָ". פון די ביידע קאָמפּאַניעס האָט מער סימפּאַטיע געהאַט בײַ אַלעמען יאָפּעס, וועלכע האָט ניט אַזוי עקספּלאָאַטירט ווי וואַפּנערס, דעריבער האָבן זיך אַלע געדונגענע זעצער געריסן בעסער צו יאָפּען.

די „מעטראַנפּאַזשעסטוואָ" איז געווען בײַ סירקינען אין דרוק עפּעס ווי אַ אַווטאָנאָמע מלוכהלע אין אַ מלוכה. מען מוז באַמערקן, אַז בײַם אָפּשאַפן די „מעטראַנפּאַזשעסטוואָ" האָט יאָפּעס קאָמפּאַניע אין גרעסטן טייל ניט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד. דאָרט האָט זיך געפונען אַ עלעמענט וואָס האָט אַליין געשטרעבט און האָט מיטגעהאָלפן אָפּצושאַפן די ניט נאָרמאַלע באַשעפעניש אין דרוקער=לעבן. דאָס זײַנען געווען די חברים יוסף סטעקין, סאַמועל דוואָרקין און נאָך אַנדערע.

די וואָכמענטשן אין סירקינס דרוקערײַ זײַנען דעמאָלט באַשעפטיקט געווען בײַ לערנביכער און טאַבעלן, וואָס די דרוקערײַ האָט אויסגעפירט פאַרן בילדונגס=קוראַטאָריום, וועלכער האָט אַרומגענומען עטלעכע גובערניעס. אַלע לערנביכער פאַר די רוסישע שולן, אין וועלכע ס'האָבן זיך געלערנט יידישע קינדער, פלעגן זיך אויך דאָרטן דרוקן. אויך פלעגט די אָפּטיילונג אויספירן צופעליקע באַשטעלונגען. אין דער אָפּטיילונג פון די וואָכמענטשן איז אין יענער צײַט די אַרבעט געווען לפי=ערך ניט זייער שווער אפשר צוליב דעם, וואָס זייער עלטערער זעצער איז דאַן געווען י. גינזבורג — אַ מענטש אַן אינטעליגענטער, איידעלער און אַ שטילער, „אָן אַ גאַל", אין קעגנזאַץ צום צווייטן עלטערן זעצער מאיר יוזעפּאָוויטש, אויך אַן אינטעליגענטער מענטש (געלערנט אַמאָל אין ראַבינער=שול), אָבער אַ היציקער. גינזבורגן מיט זײַן שיינער באָרד האָט גיכער געפּאַסט צו זײַן אַ לערער איידער צו זײַן אַ „סטאַרשי נאַבאָרשטשיק". מען האָט די זעצער פון דער אָפּטיילונג געהאַלטן פאַר „מולירער". דערפאַר איז אָבער די שכירות אויך געווען ניט קיין גרויסע. בײַ זייער „לײַכטער" אַרבעט האָט מען אויך געדאַרפט אָפּשטיין אין דרוק אַ 10 שעה אַ טאָג.

אין דער צווייטער גרופּע בײַ די „מעטראַנפּאַזשן" האָט מען געזעצט די סטאַטיסטיק און אַלע אַרבעטן פאַר איינער פון די לענגסטע באַן=קנופּן אין געוו' רוסלאַנד, די אַרבעט איז געווען אַ שווערע און מען האָט דאָך עפּעס געהאַט איבער זיך אין יעדער קאָמפּאַניע אַ 8—10 באַלעבאַטים. עס איז אויך אויסגעקומען אַמאָל צו אַרבעטן איבערשעהן נאָך דער 10שעהדיקער בײַטאָגיקער אָנגעשטרענגטער אַרבעט. אין דער אָפּטיילונג זײַנען געווען באַשעפטיקט כמעט אַלע ייִדן. בײַ די „וואָכמענטשן" זײַנען שוין געווען באַשעפטיקט אויך קריסטלעכע אַרבעטער.

דער עלעמענט פון סירקינס פּערסאָנאַל איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקער. עס זײַנען געווען אינטעליגענטערע און באַוווּסטזיניקע און אויך אָפּגעשטאַנענע — אַזוי פון עלטערן דור אַזוי אויך פון דער יוגנט. ווער פון די איציקע עלטערע חברים געדענקט דאָס ניט דעם אַלטן זעצער ראַדין מיט זײַן אינטערעסאַנטער „העקעלע", וואָס מען האָט אויף איר געקענט אויסזעצן אַ שורה פון אַ 20 קוואַדראַט די לענג. ער איז געווען אַ מענטש מיט בילדונג. עס איז געווען אַ זעצער באַרישניק — דער בעסטער אַקסידענץ=זעצער אין דער דרוקערײַ — געקומענער פון אָדעס, אַסימילירט, געקענט ווייניק ייִדיש, מיט אים איז





אָבער געשען אַ ווונדערלעכער פאַל: ער האָט זיך גענו=מען אינטערעסירן מיט ייִדיש, מיט רעליגיעזע לימודים, ביז ער איז דערגאַנגען צו גמרא. ער איז אַרײַנגעטראָטן אין חברה ש"ס און יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט האָט ער געלערנט און אפילו אַליין אָנגעפירט מיט אַ שיעור. נאָך דער מלחמה, לויט ווי מע גיט איבער, איז ער געוואָרן אַ העברעיִשער לערער אין ליטע. עס האָט געאַרבעט, שוין אַ ביסל שפּעטער, דער זעצער סטראַשון, וועלכער האָט געענדיקט אין מאָסקווע גימנאַזיע (ער האָט געשטאַמט פון דער אַלטער ווילנער יחוסדיקער פאַמיליע סטראַשון; אַ זון פון אַן אַרויסגעשיקטן בעת דעם גרוש מאָסקווע). פאַר יענע צײַטן גימנאַזיע ענדיקן איז געווען אַ גרויסע זאַך — בפרט נאָך פאַר אַ ייִדן. ער האָט זיך גערעכנט אין ווילנע פאַר אַ זעצער אַ קינסטלער און איז אויך געווען מער=ווייניקער טעטיק אין דער אַרבעטער=באַוועגונג.

אייניקע אינטעליגענטע זעצער זײַנען דאַן אַוועק פון פאַך: דער זעצער פון „גאָלאָס", ראָפּעס, איז געוואָרן אַ דענטיסט; יעפים מאָלטשאַדסקי (איצט לויט דער סצענע מאָלסקי) האָט אַוועקגעוואָרפן דעם דרוקער=פאַך, גענומען שטודירן און געענדיקט פראָוויזאָר. שוין ניט זײַענדיק אין דרוקער=פאַך פלעגט מאָלטשאַדסקי אין יע=נע יאָרן נאָך חברן זיך מיט די דרוקער, האָבן אַ קאָנטאַקט מיט זיי; ווען דער פאַריין פלעגט נאָר אײַנאָרדענען וועלכן ס'איז ספּעקטאַקל אָדער פאַרווײַלונג, פלעגט ער אַלע מאָל אָנטיילנעמען שוין אַלס אַקטיאָר.

אַן אויסטערלישער טיפּ איז געווען אין דער דרוקע=רײַ דער „האַלבער" זעצער שֶבַח. דאָס איז געווען אַן אמתער „שֶבַח" — אַ ייִד מיט אַ בלאָנד בערדל, אַ פרומער, זײַן אינטערעס איז גאָר געווען געווענדט צום שול=הויף מיט מגידים און חזנים. ער איז געווען אַ ביסל דעפעקטיוו. זײַן אַרבעט איז געווען אין דער דרוקערײַ פונאַנדערצוסאָר=טירן דעם „סיפּ" (אָנגעשאָטענע אותיות), וואָס מען פלעגט צונויפקלײַבן אַלע טאָג אין דער זעצערײַ אַרום דער גרוי=סער צאָל זעצער. ער האָט גוט געוווּסט אַלע שריפטן ווו זיי ליגן און אויך מאַטעריאַל און אָרנאַמענטן. פאַר אַ נײַ אָנגעקומענעם זעצער איז ער טאַקע גוט צוניץ געקומען אַלס אינפאָרמאַטאָר. ער פלעגט זײַן פלינק ווי אַ האָז, געהאָר=זאַם און באַוועגלעך. ווען איינער פלעגט פרעגן: „שֶבַח, ווו ליגט דער שריפט"—איז ער שנעל אַראָפּגעשפּרונגען פון זײַן ספּעציעלן פּלאַץ און גלײַך דערלאַנגט יענעם דעם שריפט מיט גרויס צופרידנקײַט. אָבער פאַר חברה לייצים, שטיפער האָט ער געדינט אַלס שפּילצײַג: זיי פלעגן מאַכן שפּאַס מיט אים און אפילו וואַרפן מיט טיכער. דערפון איז ער גראַד געווען צופרידן, ווײַל עס האָט געטראָפן, ווען ער האָט שוין ניט געהאַט וואָס צו „ראַזביראַיען", פלעגט ער אַליין צעשיטן זײַנע אויסגעסאָרטירטע אותיות און האָט ווידער געהאַט אַרבעט. און אויב די יונגאַטשעס פלעגן אים צעשיטן זײַן „ראַזבאָר", איז דאָך שוין זײַן געוויסן געווען ריין און אַרבעט האָט ער ווידער געהאַט.

עס איז געווען אַ פאַל, אַז שֶבַח האָט אַמאָל געבעטן יעפים סירקינען אויף אַ ברית. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט זיך יעפים, אַדורכלויפנדיק לעבן שֶבַחן, דערמאָנט וועגן דעם און אים אַ פרעג געטאָן:

— נו, שֶבַח, ווי איז עס געגאַנגען דער ברית? צי איז עס עפּעס געווען אַ פײַנער ברית?

גלעטנדיק דאָס בערדל, האָט אים שֶבַח, אין גרויס פאַרלעגנהײַט, גלײַך אָפּגעענטפערט:

— פאַניע סירקין, איר זאָלט מיר זייער אַנטשולדיקן פאַרוואָס מײַן ווײַב האָט גאָר געבוירן אַ מיידל...

מ'קען זיך שוין אַליין פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ שטאָף צום לאַכן פון שבחן דער פאַל האָט דאַן געגעבן.

די דריטע אָפּטיילונג אין דער זעצערײַ איז געווען די צײַטונגס=אָפּטיילונג. דאָס איז שוין געווען אַ באַזונדער וועלטל פאַר זיך. דאָ איז שוין געווען גאָר אַן אַנדער עלעמענט זעצער, אַן אַנדער אָרדענונג בײַ דער אַרבעט און אַ סך שווערערע אַרבעטס=באַדינגונגען.

די צײַטונג, וואָס האָט זיך בײַ סירקינען געדרוקט, האָט געהייסן: „סיעוועראָ=זאַפּאַדני גאָלאָס" („צפון=מערב=שטימ"). די דאָזיקע צײַטונג איז אין יענער צײַט געווען דער איינציקער רוסישער פּראָגרעסיווער אָרגאַן אין גאַנצן צפון=מערב=געגנט פון געוו' רוסלאַנד. עס איז געווען אין ווילנע נאָך אַ צײַטונג—דער „ווילענסקי וויעסט=ניק"—אַ רעאַקציאָנערע, וואָס האָט באַקומען סובסידיע פון דער צאַרישער רעגירונג. זי איז געווען ניט קיין אינטערעסאַנטע. אַ טרוקענע, אַ קאַזיאָנע, נאָר פאַר טשינאָווניקעס און רעאַקציאָנערן. זי האָט זיך געדרוקט אין ראָמס רוסי=שער דרוק.

דער „סיעווערא=זאַפּאַדני גאָלאָס" האָט פאַרטיידיקט ניט נאָר ייִדן, נאָר אויך אַלע אײַנוווינער פון ווילנע און אומגעגנט. און זי איז טאַקע געלייענט געוואָרן דורך אַלע נאַציאָנאַליטעטן. דאָרטן האָבן מיטגעאַרבעט דעמאָלט אוי=סער אירע שטענדיקע מיטאַרבעטער ניקאָלאַי ראַדין (רע=דאַקטאָר), שאַט, מאַרקאָוו, באַראָן שטעמפּעל, אילין א"אַנד; אויך די ליבעראַלע און ראַדיקאַלע אינטעליגענץ פון יענער צײַט.

עס האָבן געשריבן אין דער צײַטונג: ד"ר צ. שאַ=באַד, ד"ר ה. קאָוואַרסקי, אײַזנשטאַט (יודין), ראובן מיצ=קון (כאַציע מיצקונס עלטערער ברודער), האָמונקולוס (זאַ=סלאַווסקי; דאַן נאָך אַ סטודענט, דערנאָך איז ער געוואָרן איינער פון די באַרימטסטע זשורנאַליסטן אין רוסלאַנד—הויפּט=מיטאַרבעטער פון איינער פון די גרעסטע אין רוס=לאַנד דאַן צײַטונגען „קיעווסקאַיאַ מיסל"), אַראָן דעוויט=נישסקי (ווײַטער), פּאַסטאַיאַנני (שמריהו גאָרעליק), שפּע=טער צו א. י. גאָלדשמידט און ראַפּעס (ד"ר ראַפּעסעס





אַ ברודער), אויף פּאָליאַקן (אַ לענגערע צײַט האָט מיטגעאַרבעט אין דער צײַטונג אַ פּאָליאַק — אַן אָפיציר פון דער רוסישער אַרמיי).

דער פאָרמאַט פון דער צײַטונג איז געווען אַ גרויסער, ווי פון די רעזידענץ־צײַטונגען. זי איז געגרינדעט געוואָרן דורך גענעראַל טשערקאַסאָוו און קלעטשקאָווסקי אונטערן נאָמען „סיעוועראָ־זאַפּאַדנאַיאַ סלאָוואָ״, דערנאָך איז זי איבערגעגאַנגען צו ראַדינען און געביטן דעם נאָמען אויף „גאָלאָס״.

דער זעצער־פּערסאָנאַל פון דער צײַטונג איז באַשטאַנען פון קריסטן און ייִדן. פון אָנהייב מער קריסטן (רוסן און פּאָליאַקן), שפּעטער איז געווען העלפט אויף העלפט (פּאַרקערט, אויף דעם „ווילענסקי וויעסטניק״ זײַנען געווען כמעט אַלע ייִדן). די באַדינגונגען זײַנען דאָרטן געווען אומדערטרעגלעכע און שולדיק זײַנען געווען די אַרבעטער אַליין.

די מעטראַנפּאַזשן גאַלפּערן און גראַץ (שפּעטער, ווען גראַץ איז אַוועק, געעפנט אַן אַנאָנסן־קאָנטאָר, איז געבליבן אויף זײַן אָרט קאָפּקע רײַכער) האָבן געהאַלטן די צײַטונג פון קאָנטאָר און זיי האָבן געצאָלט די זעצער פון טויזנט אותיות: אין יענער צײַט — 15 קאָפּיקעס אַ טויזנט, פּאָר פּעטיט — מיט אַ קאָפּיקע טײַערער. דער גרעסטער טייל פון די רוסן איז באַשטאַנען פון שיכורים, וואָס גאַלפּערן האָט אַראָפּגעבראַכט אַזש פון סמאָלענסק. אין יענער צײַט האָט אויסגעפעלט דער מין צײַטונגס־זעצער (רוסישע) און די שיכורים האָבן טאַקע אָנגעשטעקט די אַנדערע מיטן חשק צום ביטערן טראָפּן.

אין די אַנדערע זעצערײַ־אָפּטיילונגען האָט מען נאָך געאַרבעט כאָטש פון שטיק, נאָר „ביז אַ צײַט״, מיט אַ גרענעץ — 10 שעה, אָבער אויף דער צײַטונג האָט מען געהאָרעוועט גאָר אָן אַ צײַט. מען פלעגט קומען אין דער פרי און אַרײַנאַרבעטן ביז אַ זייגער 9—10 אין אָוונט. און אַ צוגאָב אַ פּאָר דיזשורן אַ וואָך, אויף אַ גאַנצער נאַכט — קיין דעפּעשן האָבן דאַן ניט געפעלט — עס איז דאַן פאָרגעקומען די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה. מען האָט דאָך געאַרבעט פון שורה, האָט מען דאָך געדאַרפט וואָס מער אַרײַנכאַפּן. עס איז געווען ווי די רוסן פלעגן זאָגן: „סוועטאַ ניע אוווידיש, אי וו׳ באַניו ניע פּאַידיאָש״ (ווועסט די וועלט ניט אָנזען און אין באָד ניט גיין) — דאָס ווערטל שטאַמט טאַקע פון די פּעטערבורגער זעצער. אָפּטמאָל האָבן די „ניכטערע״ זעצער געמוזט אַרויסהעלפן די „נאַסע״ — האָט מען געמוזט צ׳רבעטן נאָך שפּעטער.

דעם „ראַזבאָר״ (אָפּלייג־זאַץ) פלעגט מען ניט אײַנטיילן אַלעמען גלײַך, נאָר ווען די עמודים פלעגן אַרויפקומען מיט דער ווינדע פון מאַשין־שטוב, פלעגן שוין אַלע זײַן באַוואָפנט מיט די שופלעס און — אַ וואָרף געטאָן זיך אויף די עמודים מיט געשרייען און מיט זידלערײַען, מיט אמתע „רוסישע ווערטער״, ווי הונגעריקע וועלף און ווער עס איז געווען שטאַרקער האָט געכאַפּט מער שריפט, און די שוואַכערע פלעגט בלײַבן בײַ ווייניק אָדער אַמאָל בײַ גאָרנישט. אַזאַ שלימזל האָט אויף דער שפּראַך פון די שטאַרקערע געהייסן אַ „גענעראַל״. אויף וועמען מען איז געווען אין כעס, דעם האָט מען שוין געמאַכט פּאַר אַ „גענעראַל״. עס איז געווען אַזאַ פּאַקט: עס איז אָנגעקומען אַ נײַער זעצער (אַ רוס), גראָד ניט קיין „טרינקער״ — האָט מען אים דערלאַנגט אַ „מעניו״ (אַזאַ מנהג איז בײַ די „טרינקער״ געווען — אַ נײַער מענטש מוז אָפּגעבן די „קאַבלוקי״); יענער האָט זיך אָבער ניט געאײַלט מיטן געבן אויף שנאַפּס, האָט מען אים שוין אויף מאָרגן געמאַכט פּאַר אַ „גענעראַל״ — קיין ראַזבאָר ניט געגעבן. ער איז דאַן אַוועק פון דער דרוקערײַ און שוין מער ניט געקומען (דער זעצער האָט געהייסן זריעלאָוו).

אָט די זעצער פלעגן אָנוואַרפן אַ קאַסטן שריפט אַ צווייסטאַקיקע: אַז די קאַסע איז שוין געווען פול, פלעגן זיי אַרומלייגן די פּעכלעך מיט שטעגעס און וואַרפן שריפט אין צווייטן שטאָק. איינמאָל איז אַרײַן אין דער דרוקערײַ אַן אַרבעטסלאָזער, האָט זיך צו אים געווענדט דער זעצער יעמעליאַנאָוו: „גיב אויף אַ האַלבער פלעשעלע, גיב איך דיר אַוועק די קאַסע שריפט אפילו מיטן „שפּעק״, וואָס איך האָב שוין אויסגעזעצט״ (בײַ אַ „גראַנקע״ זאַץ). דער אַרבעטסלאָזער האָט אים גלײַך דערלאַנגט די 20 קאָפּיקעס און האָט זיך געשטעלט אויף זײַן אָרט בײַ זײַן צווייסטאָקיקן זאַץ־קאַסטן, פאַרן ראַזבאָר צוליב וועלכן יעמעליאַנאָוו האָט זיך אַזוי געשלאָגן און שוין מער ווי אַ האַלבן טאָג געהאָרעוועט מיטן אָנוואַרפן אין אים דעם שריפט.

דער פּאַקט האָט פּאַסירט מיטן זעצער ליפּעלעס (עמיגרירט דערנאָך קיין אַמעריקע). דאָס איז אָבער גיט דער איינציקער פּאַל. אַזאַ שוואַכקײַט האָט אַ טייל זעצער געהאַט צום בראַנפן.

ניט האָבנדיק קיין קרעדיט אויף בראַנפן, פלעגן די טרינקער פאַרזעצן בײַ קראָניקן אין שענק (אויף די לאָטאָשקעס), אין הויף בשכנות מיט דער דרוקערײַ די קאָרעקטור־אָפּצוגן, וואָס זיי האָבן געדאַרפט צושטעלן דעם מעטראַנפּאַזש צום רעכענונג. פלעגט דערנאָך דערגיין צו אַזעלכע בילדער: עס קומט אָן דער טאָג פון דער „פּאָלוטשקע״ (אויסצאָלונג פון די שכירות), דער מעטראַנפּאַזש גאַלפּערן זעצט זיך אַוועק בײַם טיש מיט אַ בלײַפעדער אין דער האַנט, כּדי צו באַרעכענען יעדערנס שורות, וואָס מען האָט אויסגעזעצט פּאַר דער גאַנצער וואָך. ווענדט ער זיך דאַן צום שטאַט:

— גאָספּאָדאַ, דאַווײַטיע סטראָקי, סטראָקי דאַווײַטיע!

(מײַנע הערן, גיט די שורות, די שורות גיט!).

אַ טייל זעצער גיבן זייערע קאָרעקטורן. אָבער די וואָס האָבן פאַרזעצט די קאָרעקטורן אין שענק, געפינען זיך אין אַ טראַגי־קאָמישער לאַגע, און קוקן זיך איבער

אייגער מיטן צווייטן, קראַצגדיק אין קאָפּ. דאַן ווערט שוין גאַלפערן אין כּעס און שרײַט אויס גאָכאַמאָל מיט אַ בייזער שטים:

— עי, טשערטי, סטראָקי דאַווײַטיע, דאַווײַטיע סטראָקי, טשערטי! (עי שיידים, די שורות גיט, גיט די שורות, שיידים!) — יאַ גיע אימיעיו ורעמעני ס'וואַמי וואַזיטסיאַ (איך האָב ניט קיין צײַט מיט אײַך זיך צו פּאַרדרייען).

דאַן שושקעגען זיך די זעצער אייגער מיט צווייטן און לויפן אין שענק, טוען דאָרטן אויס די מאַגטלען, די מאַרינאַרקעס און די היטלען, פּאַרבײַטן אויף די פּאַרזעצטע קאָרעקטורן.

גאַלפערן וואַרט מיט אומגעדולד און בייזערט זיך, ביז עס קומען די זעצער מיט די קאָרעקטורן, ציטערגדיק פון קעלט (אין גאַס איז אַ פראָסט) און אויסזעעגדיק אָן די בגדים ווי אַרומגעפליקטע העגדלעך.

די הויפּט=העלדן פון אַזויגע עפּיזאָדן זײַנען געווען: פּליטער, יעמעליאַנאָוו — אַ רוס פון סמאָלענסק, אַ געוועזענער וואָלאָסטנאָי שרײַבער, אושיגסקי — אַ טויבשטומער, אַן אינטעליגענטער מענטש, אַ מיגיסטערס אַ שוואָגער, וועגצעוויטש — אַ ווילגער פּראַוואָסלאַוונער און גאָך אַגדערע. צו דער פריילעכער קאָמפּאַניע קען מען אויך צורעכענען דעם יונגן זעצער קאָדקין — אַ ייִדישער בחור, געשטאַמט פון אַ באַלעבאַטישער פאַמיליע אין גראָדנע, דאַכט זיך געהאַט בילדונג, ער איז אָבער שוין געווען אין „פּיטיער" (אַזוי האָבן די זעצער גערופן פּעטערבורג) און שוין באַוויזן אָפּצוגעבן אַן עקזאַמען אויף שיכּורן. דער קאָדקין, זײַענדיק עטלעכע יאָר אין פּעטערבורג בלויז אין דער סביבה פון די רוסישע „איטאַליעגער" (אַזוי האָט מען דאָרט גערופן די שיכּורים, וואָס האָבן זיך שוין אַראָפּגעלאָזן צום „דעק"), האָט זיך שטאַרק אַסימילירט אין רוסישן גײַסט, קיין איין וואָרט ייִדיש ניט געוואָלט ריידן און געווען אַ הייסער רוסישער פּאַטריאָט. עס האָט אַמאָל פּאַסירט, דער מעטראַנפּאַזש האָט קאָדקינען געגעבן אַ דרײַרובלדיקן באַנקנאָט ער זאָל אויסבײַטן אויף קליינגעלט און געמען פאַר זיך אַ רובל אַלס אַוואַנס, — דאָס איז געווען מאָנטאָג, איז קאָדקין געקומען צוריק ערשט שבת—געוויס שוין אָן דעם רעשט.

אַזעלכע טיפּן זײַנען געווען נאָך אַ סך און אַזעלכע פאַלן זײַנען פאָרגעקומען אויך מיט אַנדערע. און מיט אַזוינע מענטשן האָט מען דאָס געדאַרפט אַ צײַטונג אַרויסלאָזן. געווען פאַלן, ווען עטלעכע זעצער מיטאַמאָל האָבן זיך „פּאַרגולאַיעט", האָט מען געמוזט אָנקומען צו די זעצער פון די אַנדערע אָפּטיילונגען און ווען יענע האָבן ניט געוואָלט אַרבעטן, האָט מען געמוזט אַלאַרמירן די „גיכע הילף" פון דער שטאָב=טיפּאָגראַפיע (אויף ברייטער גאַס; ניט ווײַט פון סירקינס דרוקערײַ איז דאַמאָלסט געווען דער גענעראַלער מיליטער=שטאָב — דאָרטן איז אויך געווען אַ דרוקערײַ, האָט מען פון דאָרט אײַנגעלאַדן עטלעכע סאָלדאַטיקעס זעצער. קיין ייִדן האָבן דאָרט ניט געאַרבעט.

דער פּאַרוואַלטער מיט דער דרוקערײַ איז דאַן געווען דער פּאָלקאָווניק אַסס, אַ ווילגער געשמדטער ייִד. צווישן די זעצער זײַנען אויך געווען סימפּאַטישע ייִנגלעך — מאָסקוויטשעס, זייער באַוווסטזיניקע. זיי פלעגן אַליין אויך קומען אָפט אין סירקינס דרוקערײַ — מ'פלעגט זיך חברן מיט זיי, אײַנלאַדן אויף פּאַרווײַלונגען און שמחהס, חתונות בײַ די ציווילע רוסישע דרוקער).

פּליטער פלעגט, זײַענדיק בײַ „שטימונג", אָפט זינגען זײַן באַליבט לידל:

ניע פּלאַטש, גאָלובטשיק פּליטער,
טשטאָ אומער, אומער שריטער;
נאָ קעלער, בראָקמאַן, שטאָקמאַן * זשיוווי יעשטשאָ,
דאַוואַי חיפּיאָם זאַ איך זדאָראָוויע אי זשיזניאָ.

אויף ייִדיש הייסט עס:

וויין ניט, טײַבעלע פּליטער,
וואָס עס איז געשטאָרבן, געשטאָרבן שריטער;
אָבער קעלער, בראָקמאַן, שטאָקמאַן גאָך לעבן,
לאָמיר אויסטרינקען פאַר זייער געזונט און לעבן.

עס איז איגטערעסאַנט צו דערמאָנען דעם עלטסטן זעצער פון דער צײַטונג — מיישטאָוויטש, וואָס איז געווען זייער אַן איגטערעסאַנטער טיפּ. ער האָט געשטאַמט, לויט ווי ער פּאַרזיכערט, פון דער באַוווסטער פּוילישער אַדעליקער פאַמיליע אין ווילנער קאַנט. אַן איגטעליגענטער און איידעלער מענטש, איז ער געווען שוין אַלט אין יאָרן, אָבער פיזיש שטאַרק. ער פלעגט זעצן ריין, אָן גרײַזן — זײַנע קאָרעקטעס האָט דער קאָרעקטאָר גאָר גיט געלייענט. מיישטאָוויטש האָט געפירט אַן אַרט לעבן עפּעס ווי פון אַ פּרוש. אָפּגעזונדערט פון דער וועלט. סירקינס דרוק איז פאַר אים געווען אַלץ—אי זײַן אַרבעטספּלאַץ, אי זײַן דירה. ער האָט זיך אײַנגעאָרדנט גאַנץ געמיטלעך זײַן וואוינונג אונטערן רעאַל. ווו ער איז געשטאַנען און געאַרבעט. דאָרטן האָט ער געהאַט זײַן עס=צימער און שלאָף=צימער. וואָס איז באַשטאַנען פון אַ שטרויזאַק און אַ קישעלע. דאָרט האָט ער אויך געהאָדעוועט זיין קאַץ, וואָס זי פלעגט אים היטן פון מײַז. פון דרוק פלעגט ער אַרויסגיין זעלטן, ווײַל פון דער אַרבעט אַהיים האָט ער דאָך ניט געדאַרפט גיין ווײַט... ער פלעגט איינמאָל אין עטלעכע טעג אָדער אין וואָך אַרויסגיין פון דרוק אין זײַן לאַנגער גראַנעטענער פעלערינע. אונטער וועלכער ער פלעגט טראָגן זײַן פּראָוויאַנט און דעם גרויסן קרוג מיט געקעכץ, וואָס האָט געקלעקט פאַר אים אויף אייניקע טעג. ער האָט אויסגעזען מיט זײַן מאַיעסטעטישער פיגור אין

* שריטער, קעלער, בראָקמאַן און שטאָקמאַן זײַנען געווען אַמאָליקע רוסישע בראַנפן-פאַבריקאַנטן, און דאָס לידל האָבן געזונגען די פּעטערבורגער זעצער פּליטערן, ווען עס איז געשטאָרבן שריטער.

דער פעלערינע עפּעס ווי אַן צעטפּרענקישער פּראָפעסאָר, איז טאַקע זײַן אַדורכמאַרשירן אין אַזעלכע פאַלן איבער דער גרויסער זעצערײַ געווען פאַר אַלעמען אַ סענסאַציע און מען האָט אים טאַקע באַגעגנט מיט געזאַנג פון אַן אַלט־פּוילישער מעלאָדיע און אַקאָמפּאַנירט מיט דער דאַן טראַדיציאָנעלער „זעצער־מוזיק" (אַלע מיט אַמאָל האָבן מיט זייערע זאַץ־ליניעס געגומען רײַבן און קראַצן איבער די פעכעלעך פון זייערע זאַץ־קאַסטנס). דאָס האָט אים פאַרשאַפט גרויס כבוד און פאַרגעניגן.

מיישטאָוויטש איז געווען בײַ אַלעמען באַליבט. ער האָט מיט מיר אָפטמאָל גערעדט וועגן דעם לעצטן פּוילישן אויפשטאַנד און וועגן דער האָפענונג אויף פּוילנס באַפרײַונג. ער האָט געגלייבט אין דעם ווי אַ פרומער ייד גלייבט, אַז משיח וועט קומען. ער האָט מיט אַ פעסטער זיכערקייט געזאָגט, אַז פּוילן וועט געוויס צוריק ווערן זעלבשטענדיק. דאָס אַלץ פלעגט ער מיט מיר ריידן אין דער שטיל, ווײַל דאַן האָט נאָך געשוועבט איבער דער ווילנער ערד דער שאָטן פון מוראַוויאָוו דעם הענקער. עס האָט אים זייער וויי געטאָן, ווען די רוסן פון דער צײַטונג פלעגן אָנרופן דעם פּוילישן אויפשטאַנד מיט פאַראַכטונג: מיאַטיעזש. מיישטאָוויטש פלעגט זיך מיט מיר אַ ביסל פאַרהערן אין דער פּוילישער שפּראַך, וועלכע איך האָב דאַן באַהערשט מער ווי אַנדערע ווילנער זעצער.

די סירקינס, וועלכע מ'האָט געהאַלטן פאַר יידישע אַריסטאָקראַטן (זיי האָבן געשטאַמט פון די דאַנציגס, פון דער מוטערס צד — דעם חיי־אָדמס אור־אור־איינִיקלעך) האָבן מיישטאָוויטשן געלאָזט ווױנען אין דער דרוקערײַ, געגעבן אַוואַנסן און אים געאַכט ניט ווייניקער ווי דעם עלטסטן זעצער פון די וואָך־מענטשן, ישראל מאַגאַט, וועלכן די באַלעבאַטים האָבן אויך אײַנגעאָרדנט אַ 40־יאָריקן יובל. דער יובילאַר איז פאָרגעקומען זייער פײַערלעך, דער יובילאַר האָט אויך באַקומען אַ סך מתנות. ישראל מאַגאַט פלעגט זיך אַרומשפּאַצירן איבער דער זעצערײַ, ניט אַרבעטנדיק, רק קוקן אויף דעם גאָלדענעם זייגער, וואָס ער האָט געקראָגן צום יובילײַ. די באַלעבאַטים פלעגן פון אים קיין אַרבעט ניט פאָדערן. ער פלעגט זיך קומען אין דער פרי, געזעצט זיך לייענען אַ צײַטונג, דערציילן מעשיות, אַמאָל אומבײַטן עפּעס אַ פאַמיליע אין אַ פאַרטיקן זאַץ פון אַ שול־אָטעסטאַט אָדער אַרײַנשטעלן אַ פאָר אַרויסגעצויגענע אותיות אין אַ „שפּעקאָוון" זאַץ. מאַגאַט איז געווען אַ ליבער אַלטיטשקער, אַזוי ווי מיישטאָוויטש, און די באַציִונג פון די באַלעבאַטים און אַרבעטער צו זיי ביידן איז געווען אַ גלײַכע.

אַזוינע טיפּן, וואָס איך האָב נאָר־וואָס דערמאָנט, זײַנען געווען צווישן די רוסישע דרוקער נאָך אַ סך — און ניט דווקא אויף דער צײַטונג „סיעוועראָ־זאַפּאַדני גאָלאָס". איך האָב נאָר געבראַכט עטלעכע טיפּן אַלס אָפּשפּיגלונג פון יענער צײַט, אין וועלכער ס'האָט נאָך געהערשט אין זייער אַ גרויסער מאָס פינצטערניש, אָפּגעשטאַנענקייט, שיכּרות צווישן די רוסישע מאַסן. די שווערע אַרבעטס־באַדינגונגען, די איבערגעמאַטערטקייט פלעגן ברענגען צום ביטערן טראָפּן. אַ פאַרענטפערונג האָבן אויך געהאַט די זעצער אין זייער אַרבעטן בײַ בלײַ און פלעגן האָבן אַ תּירוץ, אַז דער בלײַ־שטויב ווירקט אַזוי שלעכט אויפן אָרגאַניזם, אַז דער זעצער מוז אים פאַרניכטן מיטן בראַנפן.

דער מערקווערדיקסטער טיפּ פון גאַנצן פּערסאָנאַל אויפן „סיעוועראָ־זאַפּאַדני גאָלאָס", און אויך צווישן אַלע דעמאָלטיקע ווילנער זעצער, איז געווען קאָפּקע רײַכער. ער איז געווען רײַך מיט זײַן פאַרשיידנאַרטיקן און שטורמישן לעבן. דער צווייטער מעטראַנפּאַזש אויף דער צײַטונג, האָט ער זיך גערעכנט אין ווילנע פאַר דעם גיכסטן זעצער און מעטראַנפּאַזש. עס איז ניט געווען אַ טאָג, ווען ער זאָל ניט טרינקען. ער האָט אָבער, ווי מ'האָט דאַן געזאָגט, „געטרונקען ניט ווי אַלע שיכּורים, נאָר קלוג — ער כלעגט נאָך יעדער מאָל טרינקען גוט עסן". עס פלעגט פּאַסירן, אַז קאָפּקע האָט אַ גאַנצן טאָג געשיכּורט, אָבער די צײַטונג האָט פון דעם ניט געליטן. געקומען בײַנאַכט מיט פאַרגאָסענע אויגן און — געגומען „וואַרפן" די שפּאַלטן אין די עמודים מיט אַזאַ שנעלקײַט, אַז אַלע ניכטערע זײַנען נתפּעל געוואָרן. ער פלעגט נאָך חוץ דעם אויך אָפטמאָל אַ פאַרמאַטערטער פון דער שווערער נאַכט־אַרבעט אַרויסהעלפן אַ חבר מיט אַ 100 שורות. ער איז געווען אַ גוטער ברודער. יענעם אַ טובה צו טאָן איז ער געגאַנגען אין פײַער.

קאָפּקע איז געווען איינער פון די גרעסטע פאַר־דינער צווישן די זעצער. אַרבעטנדיק אַלס מעטראַנפּאַזש בײַנאַכט, פלעגט ער אָפט בײַטאָג צואַרבעטן אין סירקינס דרוקערײַ און אַז ער פלעגט זיך אָוועקשטעלן זעצן, פלעגן די שפּאַלטן בײַ אים וואַקסן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. ער האָט געדינט ווי אַ בײַשפּיל פאַר די, וואָס זאָגן, אַז „אַלע גוטע טרינקער זײַנען אויך גוטע אַרבעטער". אַליין געשטאַמט פון באַלעבאַטיש־באַלמעלאָכישע עלטערן, האָט ער זיך אָבער דערנעענטערט צו דער אונטערוועלט און פלעגט זיך חברן מיט פאַרשיידענע טונקעלע פאַרשוינען. ער האָט זיך ניט פונאַנדערגעקליבן, ווער זיי זײַנען — אַבי צו פאַרברענגען אַ גוטן טאָג. ער פלעגט אָפט שיכּורן מיט אינטעליגענטן, אויך מיט דער אונטערוועלט אין משה דעם הינקעדיקן בדחנס רעסטאָראַן אין ליטעראַרישן געסל. דער פּאָליצײַ איז ער שוין געווען גוט באַקאַנט צוליב זײַנע אָפטע אַוואַנטורעס. ער פלעגט זיך צעשלאָגן מיט סטודענטן, יונקערס, קאַזאַקן, נאָכן מאַכן אַ פּראָטאָקאָל, פלעגט ער מיט זיי אין רעסטאָראַן מאַכן שלום. ניט געקוקט אויף דעם, איז ער בײַ אַלעמען געווען באַליבט.



קאָפּקע האָט אויך געקענט גוט צוניצקומען אין די הייסע טעג פון דער רעוואָלוציע. מען האָט דאַן איבערגעגעבן, אַז אין די אָקטאָבער-טעג פון 1905 זיינען בײַ אים געווען באַהאַלטן די דעמאָלטיקע גרעסטע אָנפירער און רעדנער אין ווילנע — דער סטודענט ס ט ע פּ אַ ן (אַ רוס) און ט אָ מ אַ ש (אַ פּאָליאַק). דער סטעפאַן מיט די שוואַרצע לאַנגע האָר, אין דער סטודענטן-קורטקע, פלעגט אָנצינדן די יונגע הערצער פון דער יוגנט מיט זײַנע פײַערדיקע רעדעס אויף די מיטינגען. ער איז געווען דער צאַפּגאָט פון די מאַסן, באַזונדערס פון „שיינעם געשלעכט". דער פּאָליאַק טאָמאַש ווידער מיט זײַן איידעלן אינטעליגענטן אויסזען, מיט זײַן בלאָנד בערדל — האָט אויך מיטגעריסן מיט זיך אַפילו די מער געלאַסענע עלטערע מענטשן. ער פלעגט ריידן אויף די מיטינגען אין פּויליש און האָט טאַקע בײַ די פּאָליאַקן געהאַט אַ גרויסן ערפאָלג. אָט די מענטשן האָבן אין יענע גרויסע טעג געהאַט קאָנספּיראַטיוו בײַ קאָפּקע רײַכערן. דאָס האָט מען דערקלערט דערמיט, וואָס דאָרט זײַנען זיי געווען זיכערער, ווײַל אויף קאָפּקען האָט ניט געקענט פאַלן קיין חשד.

קאָפּקע איז אויך געווען אַ גרויסער אַווטאָריטעט בײַ די דערמאָנטע שיכּורים-דרוקער, אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט, און געהאַט אויף זיי אַ גרויסן אײַנפלוס. פאַר זיי איז געווען אַ כּבוד, אַז קאָפּקע פלעגט מיט זיי טרינקען. זײַנער אַ וואָרט איז פאַר זיי געווען הייליק. אַ סך פון אָט די מענטשן האָבן אונטער זײַן ווירקונג חתונה געהאַט. עס איז געווען אַ פאַל: איינער אַ זעצער, ניט קיין ייד, האָט זיך פאַרליבט אין אַ יידיש מיידל און זי האָט אים געבאָרן אַ זון. האָט קאָפּקע דעם זעצער אויפגעפּאָרערט, אַז ער זאָל מיט דער מיידל חתונה האָבן, און אַזוי איז געווען. נאָך מער — דעם ייִנגל האָט קאָפּקע געוואָלט מאַכן פאַר אַ יידן, האָט ער געפּראַוועט בײַ זיך אין דער היים דעם ברית. דער פאָטער איז דאַן געשטאַנען אויפן הויף, ווו קאָפּקע האָט געוווינט (אויף פּאַפּלאַוועס) און האָט שטאַרק באַדויערט די אָפּעראַציע, וואָס מען האָט געמאַכט איבער זײַן קינד (שפּעטער זײַנען די מוטער מיט די קינדער געוואָרן קאַטוילן). דער פאָטער האָט אָבער ניט פּראָטעסטירט, ווײַל אַזוי האָט געוואָלט זײַן רבי, זײַן פּאַטראָן...

קאָפּקע רײַכער האָט אויך עטלעכע פון די דערמאָנטע מינים זעצער חתונה געמאַכט, אָבער מיט וועמען ע ר האָט געוואָלט. דעם זעצער ק אָ ד ק י ן — זײַן בעסטן חבר — האָט ער חתונה געמאַכט מיט אַ גאַסן-מיידל. דעם שוואַרצינקן זעצער ל י אָ ו ק ע  ק ר ע מ ע ר, מיט די לאַנגע שפּיציקע וואָנסעס ווי בײַ אַ קאָטער, און נאָך עפּעס אַ זעצער כון דרום-רוסלאַנד (איך האָב פאַרגעסן זײַן פאַמיליע) האָט ער דאָסגלײַכן אויסגעשדכנט ווײַבער — אויך געוועזענע גאַסן-מיידלעך. ליאָווקע קרעמער האָט זיך גערעכנט פאַר אַן „איטאַליענער". ער פלעגט זיך באַרימען, אַז ער איז געגאַנגען צו פוס פון פּעטערבורג קיין מאָסקווע „פּאָ שפּאַלאַם" (פאַזע דער באַן-ליניע) און „אָפּאָרקעס" (כאָדאַקעס). אַזאַ העלדישקייט פלעגן די פאַרשיכּורטע זעצער אין יענער צײַט באַוווּנדערן.



דער זעצער-פּערסאָנאַל ;
פון דער צײַטונג „סיעוועראָ-זאַפּאַדני גאָלאָס" (1909)

ס'שטייען פון רעכטס: קאַיעס, נ. קלעפּיקאָוו, א. פּאַסקעוויטש, מ. קאַץ, צ. מאַרקעלעס. ס'זיצן פון רעכטס: קאָוואַלעווסקי, קאָפּקע רײַכער, ר. גאַלפּערן, מ. ציאַרקאָ, נירערמאַן.

עס האָבן צו יענער צײַט געהערשט פאַרשיידנאַרטיקע באַפרײַונגס-שטרעמונגען און אידעען. מען איז דאָך דאַן געווען באַהערשט מיט דעם געדאַנק, אַז מען דאַרף אַלע געפאַלענע אויך „מאַכן פאַר מענטשן" — גנבים און גאַסן-מיידלעך מאַכן פאַר פּראָדוקטיווע און נוצלעכע פאַר דער געזעלשאַפט. בײַ די ווילנער דרוקער-אַרבעטער איז דאַן דער הויפּט-אָנפירער פון דער אידעע געווען וו ע ל פּ ט ש י ק  ק אַ מ ע ר מ אַ כ ע ר (דער ייִנגערער ברודער פון מאָטלען [קעפּאַלין] — שמואל קאַמערמאַכערס זון; שוין אויך געווען אַ פּאָר יאָר אויף פאַרשיקונג אין סיביר, איצט אין אַמעריקע). ער האָט אויך אַ געוויסע צײַט געאַרבעט אויף דער צייטונג „סיעוועראָ-זאַפּאַדני גאָלאָס". דאַן האָט מען טאַקע צוריקגעקערט צו אַ נאָרמאַלן און פּראָדוקטיוון לעבן ק אָ ל ק ע  או ר אָ נ אָ ווס קי ן, וועלכער איז געווען





אַ לענגערע צײַט אַ פּראָפעסיאָנעלער גנב. ער איז געווען געשמדט — דאָס האָט ער געטאָן צוליב דעם, כּדי מ'זאָל אים פאַרקלענערן זײַן האַרבע שטראָף, וואָס מ'האָט אים צוגעמשפּט פאַר אַ גרויסן פאַרברעכן. שפּעטער איז ער ווידער געוואָרן אַ ייד. מען האָט קאָלקען באַשעפטיקט אַלס זעצער אויף דער צײַטונג „ווילענסקי וויעסטניק" (אין די יונגע יאָרן איז ער געווען אַ זעצער), און אַזוי האָט ער אָפּגעאַרבעט די גאַנצע צײַט ביז דער מלחמה.

מען האָט אויך „געמאַכט צוריק פאַר אַ מענטשן" די פּראָסטיטוטקע יודיסקע — אַ שיינע, בלאָנדע מיידל, אַ מינסקערין. מען האָט איר אויסגעלערנט פאַר אַ לייגערין און זי האָט געאַרבעט אין די ווילנער דרוקערײַען. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן צוערשט נאָר אַדאַנק קאָפּקע רײַכעין. ער איז עס געווען דער שדכן, דער צושטעלער פון דעם מין מענטשן=מאַטעריאַל, ווײַל ער האָט דאָך געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט דעם סאָרט מענטשן.

אָט דאָס איז געווען קאָפּקע רײַכער! אין אים איז געווען פאַרקערפּערט גוטס און שלעכטס. בײַ אים אין וווינונג אויף פּאָלאָצקער גאַס, אין וואַפּנער דעם זעצערס הויז, זײַנען אַ סך מאָל פאָרגעקומען קאָנספּיראַטיווע פאַרזאַמלונגען פון די אַרבעטער פון „גאָלאָס", און כאַציע מיצקון האָט געהאַלטן זײַנע אַגיטאַציע=רעדעס. קאָפּקע איז אויך געווען פון די ערשטע געבער אויף אַ „פּאָדפּיסקע".

אין יענער צײַט איז נאָך ניט געווען קיין קראַנקן=קאַסע, קיין אַרבעטסלאָזע=אונטערשטיצונג, קיין סאָציאַלע פאַרזאָרגונג. איז דער איינציקער מיטל צו העלפן אַ קראַנקן, אַן אַרבעטסלאָזן און הונגעריקן געווען — אַ „פּאָדפּיסקע" (איצט רופט מען דאָס אַ באַשטײַערונג), ד"ה מ'פלעגט צונויפמאַכן פאַר אַזאַ נויטבאַדערפטיקן אין די דרוקערײַען. מ'האָט קיינעם ניט אָנטזאַגט — סײַ אַ היגן, סײַ אַ דורכפאָרער (קיין פאַריין איז נאָך דאַן ניט געווען). עס איז געווען אַ פאַל שוין אין דער שפּעטערדיקער צײַט, אַז מ'האָט אַפילו געמאַכט אַזאַ „פּאָדפּיסקע" פאַר אַ זעצער, וואָס האָט נאָך געאַרבעט, נאָר ער האָט שוין געדאַרפט ווערן אַן אַרבעטסלאָזער אין אַ וואָך אַרום (דאָס איז פאָרגעקומען אין קלעצקינס דרוקערײַ).

*

אָט אַזוי האָט מען אין יענער צײַט געאַרבעט, געאַרבעט שווער און ביטער, ניט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט פרײַ און עפנטלעך דאָס לעבן צו פאַרגרינגערן, צו פאַרבעסערן. ס'זײַנען דאָך דאַן געווען פאַרווערט אַלע מיטלען דערצו: פאַרזאַמלונגען, שטרײַקן, פאַריינען, די פרײַהײַט פון וואָרט אאַז"וו. יעדער פּרווו פון אַרבעטער צו ווילן זיך העכערן די שכירות אויף אַ האַלבן אָדער אַ גאַנצן רובל אַ וואָך האָט זיך דאַן אָנגעשטויסן אויף אַ געפאַר. מיט גוטן האָבן די באַלעבאַטים ניט געוואָלט געבן, האָבן די אַרבעטער געמוזט אין געהיים זיך צונויפריידן און מאַכן אַ שטרײַק — דאָס האָט שוין דאַן געהייסן „קראַמאָלע", פּאָליטיק, כאָטש די פאָדערונגען זיינען געווען ריין עקאָנאָמישע, און פאַר „קראַמאָלע" האָט מען געזעצט אין די טורמעס און פאַרשיקט אויף סיביר. האָבן טאַקע די אָפּגעשטאַנענע און אײַנגעשלעפּערטע אַרבעטער זייער גאַנצן כּעס און אומצופרידנקייט מיט זייער גורל דערטרונקען אין בראַנפן און פאַרשפּילט אין קאָרטן, ניט וועלנדיק זיך קריגן און שטעלן זייער פרײַהײַט אין געפאַר. עס איז אָבער אויך געווען אַ גאָר קליינער טייל, וואָס זייער באַוווּסטזײַן האָט זיי דיקטירט, אַז אַזוי קען דאָס ניט בלײַבן און אַז זיי מוזן אויפוועקן פון שלאָף די אומבאַוווּסטזיניקע צו אַ קאַמף קעגן די באַדינגונגען, וואָס שטערן צו פאַרבעסערן און פאַרשענערן דאָס לעבן פון דרוקער=אַרבעטער אין יענער צײַט.

אָט אַזוי איז דאָס זיך געגאַנגען, ביז עס קומט דער יאָר 1905. דעם „נײַ=יאָר" פּראַוועט מען נאָך אויך לויט די אַלטע אָנגענומענע טראַדיציעס: מען באַגריסט די באַלעבאַטים מיט דעם נײַעם יאָר. אַזוי פלעגט דאָס געוויינלעך פאָרקומען אין סירקינס דרוקערײַ. אויף דער באַגריסונג האָבן שוין געהאַט די אויסשליסלעכע רעכט די זעצער פון „גאָלאָס", פליטער און יעמעליאַנאָוו (אַ ייד און אַ קריסט). זײַנען זיי טאַקע אַרײַן אין קאַנטאָר פון דער דרוקערײַ און איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיי זיך גענומען בייגן ביז דער ערד פאַרן באַלעבאָס אוןביידע מיט אַמאָל אויסגערופן: „ס נאָווים גאָדאָם", „ס נאָווים שטשאַסטיעם" („מיט אַ נײַעם יאָר", „מיט אַ נײַ גליק"). געוויס האָבן זיי געמיינט ניט די הגדה — און דער הער סירקין האָט זיי טאַקע נאָכן ענטפערן „וואַם טאָזשע" („אײַך אויך"), דערלאַנגט אַ דרײַערל אָדער אַ פינפערל אויף בראַנפן, ניט פילנדיק, אַז דער „נײַ=יאָר" איז שוין אפשר דער לעצטער פון די יאָרן, ווען אַרבעטער פלעגן זיך בייגן אין דרײַען פאַר זייערע ברויטגעבער; אָבער דאָס האָבן דאַן די אַרבעטער אויך ניט געפילט.

אָט גייט אַוועק אַ וואָך נאָך נײַ=יאָר, אַכט טעג, נײַן טעג, צען טעג. דער צענטער יאַנואַר. אַלע זײַנען בײַ דער אַרבעט. די מאַשינען קלאַפּן, די זעצער שטייען בײַ די זאַץ=קאַסטנס, כאַפּן פלינק מיט די שפּיץ פינגער די בלײַענע אותיות, שטעלן זיי פאָרזיכטיק אין העקעלע אַרײַן און וואַרפן מיט די אויגן אויף אַלע זײַטן — דאָ אויף די ניט=דײַטלעכע אָ ד י ג י נ אַ ל ן (מאַנוסקריפּטן), קנייטשנדיק דעם שטערן און שילטנדיק דעם אַווטאָר פאַר זײַן „שווערער האַנט" („די האַנט זאָל אים אָפּדאַרן!"), דאָ אַ קוק אין די פעכעלעך, וווּ די אותיות ליגן, דאָ אַ וואָרף מיט אַן אויג אויף דער אויסגעזעצטער שורה אויפן העקעלע, און דאָ אַ וואָרף מיטן צווייטן אויג אויפן שכנס גראַנקע (שופלע), צי האָט ער שוין פילײַכט מיט אַ העקעלע מער פון אים אויסגעזעצט, און דעריבער מוז ער זיך אָנשטרענגען מיט אַלע כּוחות אים צו דעריאָגן. אָט אַזוי זײַנען אַלע אַרײַנגעטאָן אין דער אַרבעט.

מיטאַמאָל איז די אַרבעט איבערגעריסן געוואָרן. עס האָט זיך דערהערט פּלוצלונג אַ שטאַרקער קלאַפּ, אַ בראַזג אין די שויבן פון דער דרוקעריי. אַלע האָבן אויפגעציטערט. עפּעס ווי אַ דונער אין אַ מיטן העלן טאָג. און מיטאַמאָל זײַנען ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן אַגיטאַטאָרן־סטודענטן. זיי האָבן גערופן גלײַך צו וואַרפן די אַרבעט אַלס פּראָטעסט קעגן דער בלוט־באָד, וואָס איז פּאָרגעקומען אין פּעטערבורג דעם 9טן יאַנואַר. זיי האָבן געהאַלטן פײַערדיקע רעדעס, דערציילט מיט צער און צאָרן, ווי די פּעטערבורגער אַרבעטער האָבן זיך פּאַרזאַמלט אין גרויסע מאַסן צוזאַמען מיט די ווײַבער און קינדער און זײַנען אַוועק צום קייסערס פּאַלאַץ אונטער דער אָנפירונג פון גלח גאַפּאָן בעט׳ן ברויט און פרײַהייט און ווי מען האָט זיי באַגעגנט מיט אַ האָגל פון ביקסן־קוילן.

אויסגעהערט פון די רעדנער די שרעקלעכע נײַס, זײַנען אַלע אַרבעטער אָן אונטערשייד — באַוווּסטזיניקע, אומבאַוווּסטזיניקע, יונגע, אַלטע — מיטגעריסן געוואָרן און אַפּלאָדירט. אַלעמען האָבן די נעכטיקע פּעטערבורגער בלוטיקע געשעענישן שרעקלעך אויפגערעגט. מען האָט גלײַך דעמאָנסטראַטיוו געוואָרפן די אַרבעט. מען האָט גענומען פּאַרלאָזן די דרוקעריי — געוויינלעך אַפּריער די יינגערע, דערנאָך די עלטערע אַרבעטער; כאָטש די עלטערע אַרבעטער זײַנען שוין דאַסמאָל ניט געווען קעגן דעם שטרײַק, וועלכער האָט זיך בליץ־שנעל פּאַרשפּרייט איבער גאַנץ רוסלאַנד — דאָך האָבן זיי נאָך ניט געהאַט אַזוי פיל דרייסטקייט אַליין צו וואַרפן די אַרבעט; זיי פלעגן זיך אַלעמאָל פּאַרענטפערן פּאַר די באַלעבאַטים, אַז די יונגע שנעקעס, די יונגאַטשעס צווינגען זיי דערצו.

לויט ווי מען האָט דאַן איבערגעגעבן, איז דער אָנפירער פון „באָיעוואָי אָטריאַד" (באָיעוואָקע), וואָס האָט געהאַקט די שויבן אין סירקינס דרוקעריי, געווען לאָזקע קלאָק — דער יונגינקער דרוקער־אַרבעטער מיט די שוואַרצע געקרײַזלטע האָר, אין רויטן העמדל. ער איז געווען אין יענער צײַט זייער אַקטיוו. ווו עפּעס אַן אַקציע, איז לאָזקע פּול געווען — די ערד האָט אונטער אים געציטערט; ער איז טאַקע דעריבער געווען געצוווּנגען אין אַ געוויסער צײַט אַרום צו פּאַרלאָזן דעם ווילנער באָדן.

אין דעם זעלבן מאָמענט האָבן אויך פּאַרשטרײַקט אַלע ווילנער דרוקערײַען און אויך אַלע אַרבעטער פון ווילנע. די אויפרעגונג איז דאַן געווען גוואַלדיק. מ׳האָט גענומען אײַנאָרדענען קאָנספּיראַטיווע פּאַרזאַמלונגען. עס זײַנען פּאָרגעקומען מאַסן־אַרעסטן, און מען האָט אויך אַרעסטירט אַ פּאַרזאַמלונג פון דרוקער־אַרבעטער. די פּאָליציי האָט אָבער אַלעמען גלײַך באַפרײַט, ווײַל זי האָט זיך ניט געקענט מיט אַזוי פיל מענטשן אַן עצה געבן און יודער האָט זי אײַנגאַנצן דעם קאָפּ פּאַרלאָרן.

דער שטרייק איז געווען אַ סטיכישער, אָן אַ באַשטימטן פּלאַן. די אַרבעטער האָבן אויסגענוצט דעם מאָמענט: גענומען דערלאַנגען די באַלעבאַטים פּאָדערונגען. אַזוי האָבן אויך די אַרבעטער פון סירקינס דרוקעריי צוגעטראָגן זייערע באַלעבאַטים אַ פּאַפּיר מיט פּאָדערונגען, צו וועלכע די אַרבעטער האָבן שוין לאַנג געשטרעבט און געגאַרט. די פּאָדערונגען זײַנען געווען אומגעפער פּאָלגנדיקע: 1) אָפּשאַפן די שטיק־אַרבעט, 2) אײַנפירן אַ 9שעהדיקן אַרבעטסטאָג, 3) אָפּשאַפן די מעטראַנפּאַזשערײַ, 4) אַ הוספה פון די שכירות און 5) „וויעזשליוואָיע אָבראַשטשעניע" (העפלעכע באַציִונג) צו די אַרבעטער.

די סירקינס זײַנען אויף די פּונקטן פון אָנהייב ניט אײַנגעגאַנגען, נאָר נאָכן דינגען זיך, זיינען זיי שוין געגאַנגען אויף אַ קאָמפּראָמיס — אײַנגעשטימט אויף דער הוספה, אָבער אויף קיין פּאַל ניט אויף אַ 9שעהדיקן אַרבעטסטאָג און אויף אָפּשאַפן די שטיק־אַרבעט. בײַ יענעם מאָמענט האָט אָבער געשפּילט די הויפּט־ראָלע די פּאַרקירצונג פון אַרבעטסטאָג, דאָס האָט דאָך אין יענער צײַט געהאַט אַ פּאָליטישע ראַדיקאַלע באַדײַטונג.

אָבער די עלטערע און די אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער האָבן גיכער געוואָלט אַ רובל הוספה איידער ווייניקער אַרבעטן, און ווידער האָבן זיי ניט געוואָלט פּאַרשאַרפן דעם קאָנפליקט מיט די באַלעבאַטים. און זיי טאַקע האָבן געבראַכט אַ גרויטן שאָדן דער אַקציע, דערמוטיקנדיק די באַלעבאַטים ניט צו זײַן נאָכגיביק.

פּלוצלונג האָט מען זיך דערוווּסט, אַז עטלעכע אַרבעטער האָבן געבראָכן אויף מאָרגן דעם שטרײַק אין דרוקעריי. דאָס איז געווען אַ קליינער טייל אַרבעטער פון די גאָר אַלטע אין יאָרן און עטלעכע אָפּגעשטאַנענע. ווען מען האָט געוואָלט אַראָפּנעמען די שטרײַקברעכער פון דער אַרבעט, איז געקומען צו סקאַנדאַלן צווישן די מער אַקטיווערע אַרבעטער און די באַלעבאַטים. אָבער די דרוק, אין אַלגעמיין, האָט ניט געאַרבעט. עס איז דערגאַנגען ענדלעך דערצו, אַז דער אַרבעטס־אינספּעקטאָר האָט זיך גענומען פּאַרמיטלען אין קאָנפליקט. דעם אינספּעקטאָר עפּראָסימאָוו האָט מען געהאַלטן פּאַר אַ ליבעראַל און ווי מען האָט איבערגעגעבן, איז ער גאָר געווען אַ ס״ר (ער האָט זיך אין געהיים דאַן אויסגעדריקט פּאַר עטלעכע אַרבעטער: „איר ווייסט, אין גיכן וועלן מיר האָבן אַ קאָנסטיטוציע"), אַלס „טשינאָווניק" אָבער האָט ער זיך ניט אַרויסגעגעבן.

מ׳האָט זיך געטומלט אַזוי אַ גאַנצן טאָג, געשאַמפּערט זיך צווישן זיך. די אַרבעטער פון דער דרוקעריי האָבן זיך צעטיילט אין צוויי לאַגערן: די אַקטיווע און באַוווּסטזיניקע — פּאַרן שטרײַקן ביז אַן ענדגילטיקן נצחון, אומבאַדינגט כאָר 9 שעה; די עלטערע און די אומבאַוווּסט־זיניקע האָבן זיך באַנוגנט בלויז מיט דער הוספה, אַבי עס זאָל שוין נעמען אַ סוף צום שטרייק. אַזוי האָט מען זיך געטומלט, געקריגט, געזידלט — ביז עס איז געקומען

דער אַרבעטס־אינספעקטאָר און געמאַכט אַ סוף צום שטרייַק. ער האָט פאָרגעלייגט, מען זאָל דורכפירן אַן אָפּשטימונג צווישן די אַרבעטער — ווער עס איז פאַר 9 שעה און ווער פאַר אַ הוספה. די אָפּשטימונג איז געווען אַן אָפענע, אַ נאָמענטלעכע, דער רעזולטאַט איז אָבער געווען אַ פאַטאַלער. די, וואָס האָבן געשטימט פאַר דער הוספה, האָבן באַקומען אַ מערהייַט. דאָס איז געווען צוליב דעם, ווייַל מיט די עלטערע און אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער האָבן זיך פאַרייניקט עטלעכע ייִנגערע אַרבעטער, אונטער־לעקער און זיך אינגאַנצן אָפּגעהאַלטן פון שטימען. אינטערעסאַנט איז, אַז אַפילו דער צאַרישער טשינאָווניק — דער אינספעקטאָר, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער אָפּשטימונג — האָט אַליין אַגיטירט די אַרבעטער, מען זאָל שטימען פאַר 9 שעה.

דער רעזולטאַט פון דער אָפּשטימונג האָט געמאַכט אויף די באַוווּסטזיניקע אַרבעטער זייער אַ שווערן אייַנדרוק, ווייַל עס האָט געהייסן, אַז דער שטרייַק איז פאַרשפּילט ניט נאָר פאַר סירקינס דרוקערייַ, נאָר אויך פאַר אַלע אַנדערע ווילנער דרוקער־אַרבעטער, וועלכע האָבן געלייגט אַזוי פיל האָפענונג אויף דער אַקציע בייַ סירקינען.

אויף מאָרגן האָט מען זיך, ווי געוויינלעך, געשטעלט צו דער אַרבעט. די מער אַקטיווע און באַוווּסטזיניקע אַרבעטער אין דרוקערייַ זייַנען געווען זייער אויפגעבראַכט פון פאַרדרוס און שאַנדע צוליבן דורכפאַל פון שטרייַק, שטיקנדיק אין זיך דעם כּעס און צאָרן אויף די, וואָס האָבן גורם געווען די מפּלה, איבערהויפּט אויף די ייִנגערע, צו די אַלטע אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער האָט מען דאָך קיין צו גרויסע טענות ניט געקענט האָבן. ענדלעך האָט געפּלאַצט דאָס שווייַגן. מען האָט אָנגעהויבן צו מאַכן שאַרפע פאָרווורפן און אַפילו זידלען די ייִנגערע — די „קליינע מענטשעלעך". זיי האָבן אָבער גאָרניט געענטפערט, אַראָפּלאָזנדיק די אויגן, ווי שולדיקע.

מ'האָט אָבער ניט פאַרלאָרן דעם גלויבן און האָפענונג אויף דער צוקונפט. זיי האָבן ניט גערוט. מען האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט נייַע קרעפטן, מיט נייַע מיטלען און מעטאָדן.

בעת יענעם שטרייַק האָבן זיך דער עיקר אויס־געצייכנט מיט זייער אַקטיוויטעט: דער יונגער זעצער קאַצעוו (אַן אַנטאָקאָלער); דער זעצער דוואָרקין; די יונגע זעצער, די ברידער גזרוויטש; ראַבינאָוויטש (אַ פּאָלאָצקער, אַוועק קיין אַמעריקע) און נאָך עטלעכע אַנדערע. פון מאַשין־שטוב זייַנען דאַן געווען אַקטיווער פון אַלעמען דער יונגער מאַשיניסט מאָטל סאַפּאָזשניקאָוו און דער לייגער־אַמעריקאַנשטשיק קאַץ פּאָלאַצקי, אויך די לייגערין כאַנקע די שוואַרצע פון נאָוויגאָרעד. אָט פאַר דער שיינער ברונעטין מיט אַ גריכישן אויסזען האָבן אַלע געציטערט — געציטערט ניט פאַר דער „גרויסער מויל", וואָס מאַנכע פון די לייגערינס האָבן געהאַט, נאָר פאַר איר אַוטאָריטעט. אירס אַ וואָרט איז בייַ אַלעמען געווען אָנגענומען. זי איז געווען זייער אַ ווערדיקע, אַ שטאָלצע. זי פלעגט זיך ניט אונטערלעקן — ניט דעם מאַשיניסט און ניט דעם באַלעבאָס. אָט די כאַנקע די שוואַרצע האָט אַלעמען פון די לייגערינס און אַפילו מאַשיניסטן געהאַלטן אין צוים. אַז עס איז געקומען צו עפּעס אַן אַקציע, האָט זי אַלעמען אַגיטירט, געוועקט. מיט איין וואָרט — זי איז געווען איבערגעגעבן דער אַרבעטער־זאַך מיטן גאַנצן האַרצן. עס איז געווען אַ פאַל, ווען דער שטרייַק אין סירקינס דרוקערייַ איז געווען אין געפאַר פאַרשפּילט צו ווערן, האָט כאַנקע געוויינט ווי אַ קליין קינד (כאַנקע האָט חתונה געהאַט מיטן רוסישן זעצער סאַמועל זאַמאַלין, אַ זון פון אַ קאָרעקטאָר אין „גאָלאָס" און אַן עלטערער ברודער פון חיים זאַמאַלין, אויך אַ זעצער, איצט אין ניו־יאָרק. סאַמועל איז געווען אַ שיינער ברונעט און אַן איידעלער מענטש. ער איז יונגערהייט געשטאָרבן אין ענגלאַנד. כאַנקע, זייַן פרוי, איז איצט אין אַמעריקע).

*

קומענדיק צו זיך פון דעם פאַרשפּילטן שטרייַק אין סירקינס דרוקערייַ, האָט מען זיך גענומען מיט כּרישע כּוחות צו אָרגאַניזירן די דאָרטיקע אַרבעטער און צוצוגרייטן זיי ווידער צו אַ שטרייַק, וואָס ער זאָל שוין האָבן אַ געזיכערטן ערפאָלג. דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר פון סירקינס אַרבעטער און אויך פון די אַנדערע ווילנער דרוקער־אַרבעטער איז געווען כאַציע מיצקון. דער דאָזיקער יונגער סטודענט האָט געשטאַמט פון דער משפּחה, וואָס האָט זיך דאַן אין ווילנע באַרימט געמאַכט מיט אירע קינדער אויפן רעוואָלוציאָנערן געביט (כאַציעס עלטערער ברודער, ראובן, האָט אין יענע גרויסע טעג געשפּילט איינע פון די וויכטיקסטע ראָלעס. ער פלעגט אַרויסטרעטן אויך אין די אָקטאָבער־טעג 1905 אויף מיטינגען. נאָך אַ ברודער, אַ דענטיסט, איז אויך געווען דעמאָלט אַקטיוו). כאַציע איז ניט געווען קיין מאַסן־רעדנער, פלעגט ניט אַרויסטרעטן פאַר קיין גרויסן עולם. דערפאַר איז ער אָבער געווען אַ גלענצנדיקער פּראָפּאַגאַנ־דיסט, אַ שטילער אַגיטאַטאָר.

עס איז אויך צו יענער צייַט געווען טעטיק בייַ דער אָרגאַניזירונג פון די דרוקער דאַן נאָך גאָר אַ יונגע קורסיסטקע, ראַכיל (אַ קאָוונערין). ווי מ'גיט איבער, איז עס איצט די באַוווּסטע ייִדישע פּעדאַגאָגין העלענע כאַצקעלעס.

די אָרגאַניזירונג פון סירקינס אַרבעטער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט אַלע טאָג גערופן אַנדערע 8—10 אַרבעטער ערגעץ אין אַ קאָנספּיראַטיווער דירה און דאָרטן האָט מען זיי אַגיטירט, באַוווּסטזיניק געמאַכט, געלערנט די תּורה פון סאָציאַליזם און צוגעגרייט צום שטרייַק. אַמאָל איז פאָרגעקומען אַזאַ „סכאָדקע" אויף





אַ בוידעם=שטיבל אין הויף וווּ דאָס שחיטה=שטיבל געפינט זיך, אַמאָל אין די אַלטע מויערן פון „זוואָניצע" (ראָג לידסקי זאַווולֿיק און גיטקע טויבעס זאַווולֿיק, וואָס גרענעצן זיך מיט די אַלטע מויערן פון פראַנציסקאַנער קלויסטער). נאָר צום אינטערעסאַנטסטן איז צו דערמאָנען די „סכאָדקע", וואָס איז פאָרגעקומען אין די חורבות פון דײַכעסעס הויף, אַנטקעגן דעם וואָקזאַל. דאָס איז געווען אין אַ פאַרלאָזענער ניט=פאַרוווינטער אונטערערדישער הויז.

אָט אַזוי איז צוגעגאַנגען די צוגרייטונג צום שטרײַק ביז אין מיטן זומער 1905.

די געהיימע פראָפּאַגאַנדע = פאַרזאַמלונגען זײַנען געווען אײַנגעאָרדנט נאָר פאַר די ייִנגערע, די עלטערע האָט מען אינגאַנצן ניט געטשעפּעט; ערשטנס, זײַנען זיי געווען אין דער מינדערהײַט און צווייטנס, האָט מען די צוגרייטונגס=אַרבעט געהאַלטן בסוד, ווײַל דורך די עלטערע וואָלט מען זיך לײַכט דערוווּסט אין קאַנטאָר פון דרוקערײַ. וויכטיק איז נאָר געווען צו מאַכן באַוווּסטזיניק דעם ייִנגערן עלעמענט און געווינען אים פאַר דער זאַך.

ווען מען האָט זיך שוין געפילט גענוג צוגעגרייט אי מאָראַליש, אי פינאַנסיעל, האָט מען אויסגענוצט די גינסטיקסטע צײַט פון יאָר — ווען די אַרבעט אין דער דרוקערײַ איז דרינגענדיק — און באַשלאָסן צוצוטרעטן צו דער אַקציע, זײַענדיק זיכער אויף 100 פּראָצענט אין ערפאָלג. די שטימונג איז דאַן שוין געווען בײַ אַלעמען גאָר אַן אַנדערע ווי בײַם ערשטן שטרײַק אין יאַנואַר, ווײַל די שטימונג אין גאַנצן לאַנד איז שוין געווען גאָר אַן אַנדערע.

און עס איז געקומען דער טאָג — דאָס איז געווען אין יוני, צי אין יולי — ווען מען האָט שוין גענומען ריידן אין דער דרוקערײַ וועגן שטרײַק. מען האָט שוין גערעדט אָפן. עס האָט זיך גענומען רודערן. אַנדערע האָבן זיך דענערווירט, אַנדערע ווידער זײַנען געווען צופרידן, וואָס ענדלעך איז שוין געקומען דער געגאַרטער מאָמענט. מען האָט אויסגעקליבן אַן אָנפירערשאַפט, צונויפגעשטעלט די פאָדערונגען: 9 שעה אַ טאָג אַרבעטן און אָפּשאַפן די שטיק=אַרבעט, אָפּשאַפן די מעטראַנפּאַזשערײַ, מענטשלעכע באַציִונג צו די אַרבעטער, און מען האָט דערלאַנגט די פאָדערונגען די באַלעבאַטים — דאָסמאָל שוין דרייסטער און זיכערער.

די באַלעבאַטים האָבן טאַקע דאָס גוט געפילט; זיי האָבן שוין גוט געוווּסט, אַז זיי האָבן איצט צו טאָן מיט אַ קראַפט, מיט אַן אָרגאַניזירטער מחנה — שוין ניט ווי בײַ יענעם סטיכישן אַרויסטריט, וואָס די „היצקעפּ" האָבן אַרויסגערופן. דעריבער האָבן זיי שוין גערעדט מיט די אַרבעטער מיט גאָר אַן אַנדער טאָן. זיי האָבן זיך אַפילו געפילט באַליידיקט אויפן פונקט, וואָס מען האָט זיי געשריבן: „וויעזשליוואָיע אָבראַשטשעניע". ס'טײַטש, ווי קומט מען זיי דאָס פאָרצוּוואַרפן, זיי — אַזעלכע איידעלע מענטשן, אַריסטאָקראַטן! איינער פון די אַרבעטער האָט זיי טאַקע דערמאָנט, ווי דער עלטערער סירקין, יוליוס, האָט אים באַליידיקט. דאָס איז געווען בײַם ערשטן שטרײַק, ווען יענער איז געקומען אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט די אַלטע לײַט; דאַן האָט זיך יוליוס אָפּגערופן צו אים:

— איִלי ראַבאָטאַט, אילי אידיטיע וואָן אָט סיודאַ (אָדער אַרבעטן, אָדער טראָגט זיך אָפּ פון דאַנען).

אויסגעהערט די ווערטער, האָט סירקין זיך שטאַרק פאַרענטפערט, אַז דאָס קען ניט זײַן, אפשר איז ער געווען אויפגערעגט — און דערבײַ האָט ער אַרויסגענומען זײַן זילבערנעם פּאָרטסיגאַר, גענומען אַ פּאַפּיראָס און דערלאַנגט דעם זעלביקן אַרבעטער, וועלכן ער האָט אַמאָל פון דרוק געטריבן, און אויך געגעבן פײַער צום פאַררויכערן.

דאָס באַווײַזט אַלץ, ווי די באַלעבאַטים האָבן געפילט דאַן די קראַפט פון זייערע אַרבעטער, בפרט אַז די אַרבעט איז דאַן געווען אין דרוקערײַ אין רעכטן ברען און דערצו נאָך באַשטעלונגען אויף קאָנטראַקטן מיט קויציעס.

בײַ די ערשטע אונטערהאַנדלונגען האָבן די באַלע=באַטים געטענהט, אַז זיי האָבן גאָרניט קעגן די פאָדערונגען פון די אַרבעטער; אַדרבא, די פאָדערונגען זײַנען גערעכטע, נאָר זיי האָבן ניט קיין מעגלעכקייט בײַם בעסטן ווילן זיי נאָכצוגעבן, ווײַל דער געשעפט דערלויבט דאָס ניט און ווען זיי זאָלן ענדערן די אַרבעטס=באַדינגונגען — פאַר=קלענערן דעם אַרבעטסטאָג, אָפּשאַפן די שטיק=אַרבעט — וועלן זיי זײַן באַנקראָט, ווײַל די אַרבעטן אין דרוקערײַ האָבן זיי גענומען אויף אַזעלכע פרײַזן, וועלכע אַנטשפּרעכן די אַלטע אַרבעטס=באַדינגונגען און דערצו נאָך זײַנען די באַשטעלונגען פאַרקאָנטראַקטירט אויף אַ געוויסן טערמין.

לאַנג דינגענדיק זיך מיט די באַלעבאַטים, האָבן די אַרבעטער=פאָרשטייער זיי „צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט" — פאַרלאַנגט, אַז די פירמע זאָל ווײַזן די ביכער פון געשעפט, וועט מען זען, צי ס'איז טאַקע אמת, וואָס זיי זאָגן, אַז דער געשעפט וועט ניט טראָגן אויף נײַע באַדינגונגען; מען האָט געוווּסט אויף זיכער, אַז די פירמע סירקין וועט נאָכגעבנדיק די פאָדערונגען פון די אַרבעטער ניט באַנקראָטירן, ווײַל עטלעכע פון די בוכהאַלטערס און קאָנטאָר=מענטשן זײַנען דאָך געגאַנגען האַנט=בײַ=האַנט מיט די אַרבעטער (ווי, למשל, די ברידער בערמאַן א"אַנד), און זיי האָבן דאָך געוויס געוווּסט די לאַגע פון דער אונטערנעמונג.

די באַלעבאַטים האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו ווײַזן די געשעפטס=ביכער, צוליב געשעפטלעכע סודות. און פאַרשטייענדיק, אַז דאָס איז נאָר אַ תירוץ ניט צו באַווײַזן די ביכער, זײַנען די אַרבעטער נאָך פעסטער געוואָרן אין זייערע פאָדערונגען.

ענדלעך האָט מען, נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען, געמאָלדן די באַלעבאַטים, אַז די אַרבעטער פאַרשטרײַקן. און אַזוי איז עס געווען. אַלע, יונג און אַלט, האָבן פאַר־לאָזן די דרוקערײַ מיט דער האָפענונג אויף אַ זיכערן נצחון.

ס'איז אַוועק אַ טאָג, צוויי. די אַרבעטער האַלטן זיך אין גרעסטן טייל אָפּטימיסטיש, מונטער. מען טרעפט זיך אַלע אין „גאַי" (בערנאַרדינער גאָרטן). די מער באַוווסט־זיניקע האַלטן אונטער דעם מוט פון די אָפּגעשטאַנענע, מען טיילט אַ ביסל געלט די נויטבאַדערפטיקע. די באַלע־באַטים, זעענדיק, אַז די אַרבעטער האַלטן זיך דאָסמאָל אַזוי שטאַרק און די האָפענונג אויסהונגערן זיי לאָזט זיך ניט פאַרווירקלעכן, האָבן זיך גענומען פאַרן לעצטן אויסגעפּרוּווטן מיטל.

מיטאַמאָל האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז מען אַרעסטירט סירקינס שטרײַקנדיקע אַרבעטער. די קלאַנגען האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיקע. און נאָך האָט מען זיך דערוווסט, אַז די אַרעסטירטע, וועלכע זײַנען ניט קיין ווילנער געבוירענע, מעגן זיי ווױנען אין ווילנע שוין פון קינדווײַז אָן, וועט מען אַרויסשיקן אין די ערטער, וווּ זיי זײַנען געבוירן געוואָרן (אַזוינע זײַנען דאַן געווען אין סירקינס דרוקערײַ אַ סך).

עס איז געוואָרן אַן אַלאַרם בײַ דער גאַנצער דרוקער־משפּחה אין ווילנע. די אויפֿרעגונג איז צוליב דעם אַרעסט געווען גרויס ניט נאָר בײַ די דרוקער, נאָר אויך בײַ אַנדערע אַרבעטער, ווײַל די שטרײַקנדיקע האָבן זיך רויִק פאַרהאַלטן, קיין גוואַלד־מעשים ניט באַגאַנגען. עס איז געווען אויך אַ מיינונג בײַ די ווילנער פּאַרטייען אויסצורופן צוליב דעם אַן אַלגעמיינעם פּראָטעסט־שטרײַק אין ווילנע.

די קרובים פון די אַרעסטירטע זײַנען געלאָפן צו סירקינען און געמאַכט סקאַנדאַלן, פאָדערנדיק, מען זאָל באַפרײַען זייערע קינדער, מאַנען, פאָטערס, חתנים. די סירקינס האָבן דאָס אַרויפגעוואָרפן אויף דער פּאָליציי, פאַרזיכערנדיק, אַז זיי זײַנען גאָרניט שולדיק.

דער הויפּט־אָנפירער מיט די אַרעסטן איז דאַן געווען דער פּריסטאַוו פון 6טן צירקל, דער טאָטער זאַפּאַראָפּאָלאַ, זייער אַ שטרענגער פּאָליציאַנט. ער פלעגט אָנוואַרפן אַ שרעק מיט זײַן אויסזען — אַ דיקער, מיט גרויסע גראָבע וואָנצעס (ער איז אין אַ געוויסער צײַט אַרום פאַרוווּנדעט געוואָרן פון אַ באָמבע *, וואָס דער יידישער בחור קאָראָטקי האָט געוואָרפן אויף דעם אָשמענער צי סמאָרגאָנער איספּראַווניק. לעבן דעם גובערנאַטאָרס הויז אויף ווילנער גאַס).

דערוויסנדיק זיך וועגן דעם אַרעסט, האָבן זיך די אָנפירער פון שטרײַק אויסבאַהאַלטן, מען זאָל זיי ניט אַרעסטירן, און זיך צוזאַמענגעקליבן אויף אַ באַראַטונג. עס איז באַשלאָסן געוואָרן זיך צו ווענדן צום אַרבעטס־אינספּעקטאָר, ער זאָל אינטערווענירן, מען זאָל באַפרײַען די אַרעסטירטע. דער אינספּעקטאָר האָט זיך זייער גינסטיק באַצויגן צו זייער ביטע און האָט געקלונגען אין טעלעפאָן צום פּאָליצמײַסטער. דער ענטפער איז זָבער געווען, אַז ער קען גאָרניט העלפן, ווײַל עס הענגט אָפּ פון גובער־נאַטאָר. דאַן האָט דער אינספּעקטאָר געגעבן אַן עצה, אַז אַ דעלעגאַציע זאָל גיין צום גובערנאַטאָר און ער, דער אינספּעקטאָר, וועט אין דעם מיטהעלפן.

אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. דער אינספּעקטאָר האָט זיך פאַרשטענדיקט מיטן גובערנאַטאָרס קאַנצעלאַריע, וועלכע האָט מסכים געווען אויפצונעמען אַ דעלעגאַציע פון די אַרבעטער. עס איז אינטערעסאַנט, אַז אַזוי ווײַט איז דאַן דער שטרײַק געווען ערנסט און געהאַט אַזאַ וויכטיקע באַדײַטונג, אַז דעם גובערנאַטאָר האָט מען ספּעציעל אויפגעוועקט פון שלאָף און ער האָט אויפגענומען די דעלעגאַציע אין דער צײַט, ווען ער נעמט שוין קיין אינטערעסאַנטן ניט צו.

דאָס איז געווען אַרום 3 אַ זייגער בײַטאָג. די דעלעגאַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון 5 מאַן: ז. יאָפּע, ש. אַס, י. סטעקין, ס. דוואָרקין און מ. ציאַרקאָ, איז אויפ־גענומען געוואָרן דורכן גובערנאַטאָר גראַף פּאַלען גאָר פרײַנדלעך. די אויפנאַמע איז פאָרגעקומען אין אַ גרויסן זאַל. גראַף פּאַלען, אַ דײַטש פון די באַלטישע גוטבאַזיצער, אַ שטיק' שטאַמלער, האָט ליב געהאַט אַ סך צו ריידן. אויסגעהערט די טענות פון דער דעלעגאַציע און די בקשה צו באַפרײַען די אַרעסטירטע און אויב ניט, זאָל ער די דעלעגאַציע אויך אַרעסטירן — האָט ער אָפּגעענטפערט מיט אַ לאַנגער רעדע. ער האָט, פאַרשטייט זיך, פאַרטיידיקט די באַלעבאַטים און זיך אויך פאָרגעשטעלט פאַר אַ פרײַנד פון די אַרבעטער. ער האָט געגעבן בײַשפּילן פון די אַרבעטער אין זײַנע גיטער אין קורלאַנד און געבראַכט אַ משל מיט אַ „דאָינאַיאַ קאָראָוואַ" (מעלקעדיקע קי); דאָס הייסט — האָט ער געזאָגט — אַז דער אַרבעטס־געבער איז די מעלקעדיקע קו און די אַרבעטער זײַנען דאָס די מעלקער פון מילך בײַם באַלעבאָס (דאָס ווערטל איז אַ לאַנגע צײַט אַרומגעגאַנגען צווישן די ווילנער דרוקער). ער האָט צווישן אַנדערן פאָרגעלייגט, אַז די אַרבעטער זאָלן גרינדן אַרטעלן, ד"ה קאָלעקטיוון, און צוגעזאָגט צו געבן אַ דערלויבעניש אויף אַ דרוק, וואָס דאַן איז דאָס זייער שווער געווען צו קריגן (עס איז אינטערעסאַנט איצט צו דערמאָנען, אַז דער „אַרטעל פּעטשאַטנאָוואָ דיעלאָ",

* די באָמבע איז געווען די ערשטע פון די, וואָס די אַנאַר־כיסטן האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן צו באַנוצן אין ווילנע, און דער קלאַפּ פון איר איז געווען אַזאַ שטאַרקער, אַז דערהערנדיק אין דער גאַנצער שטאָט, האָבן זיך אַלע געכאַפּט פאַר די זייגערס, מיינענדיק, אַז ס'איז שוין 12. פאַר דער רוסישער הערשאַפט אין ווילנע פלעגט אַלע טאָג פונקט 12 אַזייגער אויסשיסן אַ האַרמאַט, וואָס איז געשטאַנען אויפן שלאָס־באַרג, און נאָך דעם שאָס האָבן אַלע אָנגעשטעלט די זייגערס, און די חײַבער דערהערנדיק שבת דעם שאָס, פלעגן לויפן אַרויסנעמען די טשאָלנטן.

וואָס איז שפּעטער געגרינדעט געוואָרן, איז טאַקע געווען מיט דער דערלויבעניש און איניציאַטיווע פון גובערנאַטאָר פאַלען). ער האָט אַלץ גערעדט אין פאַרטיידיקונג פון די באַלעבאַטים, אַז זייערע געשעפטן דערלויבן ניט צו פאַר־בעסערן די באַדינגונגען פון די אַרבעטער און האָט זיך צום סוף אַזוי צעהיצט, אַז ער האָט זיך אַ שמעל געטאָן, צוגעגאַנגען צום קייסערס פּאָרטרעט, וואָס איז געהאַנגען אין אַ ברייטער גאָלדענער ראַם אין דער גאַנצער הייך פון דער וואַנט, און אַ זאָג געטאָן, אין אַן אויפגערעגטן טאָן, ווייַזנדיק מיטן פינגער אויפן פּאָרטרעט:

— „יאַ אָטוויעטשאַיו פּיערעד גאָסודאַראָם אימפּעראַ־טאָראָם ניקאָלאַיעם ווטאָרים אי ניע פּאָזוואָליו, טשטאָבי „בונד" וויאָל מעניאַ זאַ נאָס" („איך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן קייסער דעם אימפּעראַטאָר ניקאָלאַי דעם צווייטן און איך וועל ניט דערלויבן, אַז דער „בונד" זאָל מיך פירן פאַר דער נאָז").

נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן אייַנריידן, אַז מען זאָל ניט פאָלגן די סטודענטן, וועלכע ווילן זיך ניט לערנען, און אַז מען וואַרפט זיי אַרויס פון די אוניווערסיטעטן, צעבונטעווען זיי דעם „נאַראָד" (ער האָט טאַקע אַ טייל אמת געזאָגט: אין דער צייַט, וואָס די דעלעגאַציע איז בייַ אים געווען, איז אויף ווילנער גאַס, בייַם סעדל, געשטאַנען כאַציע מיצקון מיט עטלעכע חברים און געוואַרט אויפן רעזולטאַט).

אויף אַלע טענות און אַרגומענטן פון גובערנאַטאָר האָט געענטפערט דער חבר דוואָרקין, וואָס איז געווען דער ראש־המדברים פון דער דעלעגאַציע. ער האָט באַהערשט גוט די רוסישע שפּראַך, גערעדט מיט אַ ריכטיקן רוסישן אַקצענט און אַ גוטער דיקציע. אויך דייַטש האָט ער גערעדט, ווייַל ער איז געווען אַ לענגערע צייַט אין ריגע — און ווען דער גובערנאַטאָר אַלס דייַטש האָט זיך דאָס דערוואוסט, איז דאָס אים געפעלן געוואָרן.

דער סוף איז געווען, אַז דער חבר דוואָרקין האָט אויף דעם גראַף פאַלען געווירקט און געמאַכט אים נאָכגעביק. דערהויפּט האָט דאָ געהאָלפן דער אַרגומענט, אַז סירקין זאָגט זיך אָפּ צו ווייַזן די געשעפטס־ביכער. ווען דער גובערנאַטאָר האָט דאָס דערהערט, האָט ער גלייַך אַ זאָג געטאָן: „לאַדנאָ, בודיעט כאָראָשאָ, יאַ סאַם פּאָיעדו ק' סירקינו" („עס וועט זייַן גוט, איך וועל אַליין פאָרן צו סירקינען") — און אַ קלונג געטאָן אין גלעקל. עס איז גלייַך אַרייַן דער פּאָליצמייַסטער, וואָס איז די גאַנצע צייַט געשטאַנען אין צווייטן צימער, און דער גובערנאַטאָר האָט אים אין קעגנוואַרט פון דער דעלעגאַציע געהייסן גלייַך באַפרייַען די אַרעסטירטע. דער פּאָליצ־מייַסטער (קלימאָוויטש האָט ער געהייסן) האָט טאַקע גלייַך גענומען קלינגען אין טעלעפאָן צו די פּריסטאַווס פון די צירקלס, מען זאָל באַפרייַען סירקינס מענטשן. אָבער ניט אַלע האָט מען גלייַך באַפרייַט; אַנדערע זייַנען נאָך געזעסן אַן איבעריקן טאָג (דאָס איז אויך פאָרגעקומען מיט חיים גינזבורגן און קאָוואַלעווסקין), ווייַל אַ סך זייַנען שוין געווען צוגעגרייט אַרויסגעשיקט צו ווערן און די פּאָליציי האָט קיין טאָלק ניט געקענט דערגיין. מען האָט זיי געהאַט אַוועקגעשיקט אין די אַרעסט־הייַזער, וואָס האָבן ניט געהערט צו דער שטאָט ווילנע. דעריבער זייַנען די קרובים פון אָט די אַרעסטירטע אַרומגעלאָפן איבער די פּאָליציי־אַרעסטן, זוכנדיק די אַרעסטירטע.

דער גובערנאַטאָר האָט טאַקע געהאַלטן וואָרט — ער איז געקומען צו פאָרן אין סירקינס דרוקערייַ. ער האָט דאָרטן באַגעגנט אַן עולם ווייַבער — דאָס זייַנען געווען די מוטערס, ווייַבער, קינדער, שוויגערס, כּלות פון די אַרעסטירטע. זיי זייַנען אַלע באַפאַלן די קאַרעטע און דער גובערנאַטאָר האָט זיי באַרויִקט, אַז די אַרעסטירטע וועלן זייַן פריי. אַנדערע זייַנען שוין געווען פריי. בייַ דער געלעגנהייַט האָט מען אויך אייַנגעמאַסערט פאַרן גובער־נאַטאָר דעם העלד פון די אַרעסטן, דעם פּריסטאַוו זאַפּאַראַפּולאַ, וואָס האָט זיך באַצויגן צו די אַרבעטער ברוטאַל (דער פּריסטאַוו האָט גלייַך אויף אַן אָרט געכאַפּט פון גובערנאַטאָר אַ שטרענגן אויסרייד).

נאָך לאַנגע רייד מיט די סירקינס האָט דער גובער־נאַטאָר, זאָגט מען, געפאָדערט בייַ זיי צו ווייַזן די בוך־האַלטאָרישע ביכער פון דער אונטערנעמונג, און ווען מען האָט אים אָפּגעזאָגט, האָט ער געפאָדערט אומבאַדינגט נאָכצוגעבן די פאָדערונג פון די אַרבעטער וועגן אַ 9שעה־דיקן אַרבעטסטאָג (דאָס איז געווען די הויפּט־פאָדערונג. אָפּשאַפן די שטיק־אַרבעט האָט מען דערווייַל ניט שטאַרק געפאָדערט).

אַזוי האָט זיך געענדיקט דער שטרייַק מיט אַ נצחון, וואָס די אַרבעטער האָבן אויפגענומען מיט גרויס פרייד און דער נצחון איז געווען ניט נאָר פאַר סירקינס אַרבעטער נאָר אויך פאַר אַלע דרוקער אין ווילנע. בייַ ראָמען, אין מאַצס ליטאָגראַפיע (בייַ 100 מאַן) און אין די איבעריקע דרוקערייַען האָט מען אייַנגעפירט דעם 9שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. אַפילו אין דער גובערניאַלער דרוקערייַ האָט דער גובערנאַטאָר אַליין אייַנגעפירט דעם 9שעהדיקן אַרבעטס־טאָג.

מען דאַרף צוגעבן, אַז דאָס, וואָס דער גראַף פאַלען האָט אַליין זיך באַמיט און מיטגעהאָלפן די פאָדערונגען פון די אַרבעטער זאָלן באַפרידיקט ווערן, איז ניט געווען פון זייַן אייגענעם ווילן. דאָס האָט שוין געמוזט אין יענער ברויזנדיקער צייַט זייַן אַ ווונק פון אויבן, אַז מען זאָל מיט די אַרבעטער ניט אייַנרייַסן.

*

אויב די אַרבעטער פון סירקינס דרוקערייַ האָבן געהאַט אַ גרויסן נצחון מיט אויסקעמפן דעם 9שעהדיקן אַרבעטסטאָג, האָט אָבער אַ טייל פון סירקינס אַרבעטער געהאַט נאָך אַ גרעסערן נצחון: די אַרויסגעבער פון דער

צײַטונג „סעוועראָ־זאַפּאַדני גאָלאָס", ניט האָבנדיק קיין געדולד מער צו וואַרטן ביז די סירקינס וועלן נאָכגעבן די פאָדערונגען זייערע שטרײַקנדיקע אַרבעטער — ס'איז דאָך אַ טאָג־צײַטונג! — זײַנען איבערגעגאַנגען מיט דער צײַטונג אין אַן אַנדער דרוקערײַ און האָבן נאָכגעגעבן זייערע אַרבעטער אַלע פאָדערונגען — ניט נאָר 9 שעה אַרבעט, נאָר אויך אָפּגעשאַפט די שטיק־אַרבעט. דאָס איז פאָרגעקומען שוין אין לעצטן מאָמענט, ווען דער שטרײַק האָט שוין געהאַלטן בײַם פאַרענדיקט ווערן.

די צײַטונג „גאָלאָס" האָט זיך דאַן אָנגעהויבן צו דרוקן אין דער רוסישער דרוקערײַ „רוסקי פּאָטשין", וועלכע האָט געהערט צו אַ גרופּע באַאַמטע עכט־רוסישע פּאַטריאָטן, ווי אויך פּראַוואָסלאַוונע גײַסטלעכע. דער פּאַרוואַלטער איז געווען גרונטשענקאָ, אַ קאָזאַק. דאָס איז געווען האַרט פאַר די אָקטאָבער־טעג 1905, דעריבער האָבן זיך די באַלעבאַטים פון דער דרוקערײַ ניט געמאַכט זעענדיק, וואָס מען האָט געשריבן אין דער צײַטונג, און זיי האָבן טאַקע אַראָפּגעלאָזן די נאָז, געווען געפאַלן בײַ זיך. דער „גאָלאָס" האָט זיך דאַן געפונען אויפן 2טן שטאָק אין אַ באַזונדערער אָפּטיילונג — עפּעס ווי אַן אויטאָנאָמע מלוכה. געווען מאָמענטן, ווען די זעצער פון „גאָלאָס", וואָס זײַנען באַשטאַנען פון יידן און פּאָליאַקן, אויך אייניקע „באַוווּסטזיניקע" רוסן, — האָבן אָנגעהויבן זינגען עפּעס אַ רעוואָלוציאָנערע ליד, האָבן די זעצער פון דער צווייטער אָפּטיילונג — די מערהײַט עכטע רוסן — פּאַטריאָטן, אויף דעם געענטפערט מיט „באָזשע צאַריאַ כראַני".

פון דאַן אָן האָט זיך אָנגעהויבן אויף דער דאָזיקער צײַטונג גאָר אַן אַנדער לעבן. מען האָט אָנגעהויבן אַרבעטן און לעבן ווי מענטשן. מיטן אָפּשאַפן די שטיק־אַרבעט, פאַר וואָס די באַוווּסטזיניקע אַרבעטער איז אויסגעקומען אַזוי פיל צו אַגיטירן, אויפצוקלערן און וועקן די אָפּגע־שטאַנענע, פינסטערע, פאַרשיכורטע אַרבעטער,—האָט זיך אָנגעהויבן גאָר אַן אַנדער אַרט לעבן אויף דער צײַטונג, וואָס אַלע אָן אויסנאַם האָבן דאָס מיט צופרידנקייט דערקענט. זיי האָבן געזאָגט: „אַ טיפּעיער סוויעט מי אוּווידים אי וו'באַניו מי פּאָידיאָם" (איצט וועלן מיר שוין די וועלט אָנזען און אין באָד גיין). און אַזוי ווי מען האָט שוין געאַרבעט נאָר 9 שעה אַ טאָג אָנשטאָט 12—14, האָט מען געמוזט צונעמען נײַע עטלעכע זעצער, האָט זיך דער פּערסאָנאַל פאַרגרעסערט און אויך אָפּגעפרישט מיט נײַע „ניכטערע" מענטשן, צווישן וועלכע ס'זײַנען אויך געווען איגנאַץ פּאַשקעוויטש (אַ פּאָליאַק) און קלעפּיקאָוו (אַ רוס, אַ ס"ר) — ביידע אָנטיילנעמער אין דער פרײַהייטס־באַוועגונג. פּאַשקעוויטש איז שפּעטער נאָך גאָר אַ יונגער אויסגעקליבן געוואָרן אין יאָר 1907 אַלס מיטגליד פון דער פּאַרוואַלטונג פון דרוקער־פאַראיין. ער האָט אויך געשפּילט פיל מאָל לטובת דעם פאַראיין — האָט געענדיקט קאַזי־מיראָס דראַמאַטישע קורסן. קלעפּיקאָוו איז געשטאָרבן יונגערהייט.

אַלע האָבן דאַמאָלסט מיט צופרידנהייט אָנערקענט די פּרוכט פון דעם לאַנגן און שווערן קאַמף. מען האָט זיך שוין ניט געדאַרפט קריגן און זידלען פאַרן ראַזבאָר, ניט יאָגן זיך מיטן אויסזעצן וואָס מער שורות און אַרבעטן אָן אַ צײַט.

די דיסציפּלין און די אָרדענונג איז געוואָרן אַן אַנדערע. שוין ניט געווען הפקר: פאַרן פאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט אָדער פאַר פאַרהוליען זיך פלעגט מען באַשטראָפט ווערן ניט מצד די באַלעבאַטים, נאָר פון די אַרבעטער אַליין. עס זײַנען געווען אַזעלכע פון צווישן די רוסישע אַרבעטער, וואָס זײַנען נאָך געווען אַזוי אָפּ־געשטאַנען, אַז זיי פלעגן זאָגן: „די אַרבעטער, וואָס בונטעווען זיך, דאַרף מען געבן אַ קויל אין קאָפּ". עס איז געווען אַ פאַל מיט איינעם אַזאַ זעצער, וועלכן מען האָט אויך אַרעסטירט בעת סירקינס לעצטן שטרײַק, און ער האָט שוין דאַן געוואָלט אַרויסגעבן דער פּאָליציי די אָנפירער פון דעם שטרײַק, נאָר מען האָט אים באַפרײַט, האָט ער זיך באַרויִקט. אָט דער זעלביקער האָט דאָס נאָכדעם אַליין דערציילט פאַר אַלעמען און גערדאַנקט די דאַמאָלסטיקע אָנפירער פאַרן פאַרבעסערן, פאַרגרינגערן און פאַרשענערן זײַן לעבן.

סוף־כל־סוף האָט די צײַטונג געמוזט אַריבערגיין פון דער שוואַרצמאהדיקער דרוקערײַ אין ציונסאָנס דרוקערײַ. דאָרט האָט אויך געדרוקט זײַן רוסישע צײַטשריפט וו. מעדעם. אין 1908 האָט ראַדין אַריבערגעפירט דעם „סיעוועראָ־זאַפּאַדני גאָלאָס" אין קלעצקינס דרוקערײַ. אויך דאָרט האָט ער אָנ־געהויבן דרוקן זײַן צווייטע צײַטונג „נאַשאַ קאָפּייקאַ". זײַן כוונה איז דאַן געווען צו זעצן די דאָזיקע צײַטונגען אויף די זאַץ־מאַשינעס, די זעצער אָבער האָבן דערצו ניט דער־לאָזן. אָט די זאַץ־מאַשין איז טאַקע דאַן געווען איינע פון די סיבות, וואָס די דרוקער־מאַסע איז געוואָרן פּאָליטיש אָפּ־געשטאַנען און געוואָרן אַנטטוישט אין די פריִערדיקע אָנפי־רער פון פאַריין, ווײַל די ערשטע זאַץ־מאַשינעס האָט דאָך אין ווילנע אײַנגעפירט די „פּאָלקסצײַטונג", ווו ס'האָבן געאַרבעט בלויז פאַרטיילײַט און אויך מוטניק (גליעב) און זיי האָבן אויסגעזען בײַ דער מאַסע ווי פאַררעטער פון דרוקער־פאַך.

*

נאָכן 17טן אָקטאָבער 1905 האָט זיך אָנגעהויבן אין רוסלאַנדס אַלע געביטן אַן אַנדער אַרט לעבן בײַ די אַרבעטער. ס'האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַ מער־ווייניקער לעגאַלע אַרבעט, באַוועגונג. די אָרגאַניזאַציעס און די פאַריינען זײַנען שוין אַרויסגעקראָכן פון אונטער דער ערד און גענומען זיך אָרגאַניזירן עפנטלעך. צוערשט אין אַזוי גערופענע דאַן קלובן (אויף ראָג דאָמיניקאַנער גאַס און איגנאַטאָווסקי זאַווולִיק און אויף ברייטער גאַס אין לאַכינ־



סקיס הויף; דאָרטן איז לאָזקע קלאָק אויך געווען איינער פון די טעטיקסטע אָנפירער); נאָכדעם, ווען די פאַריינען זײַנען שוין געווען לעגאַליזירט דורך דער מאַכט, האָט מען אויפגערופן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען און אויס-געקליבן אַ „ביוראָ" *.

*

אין יאָר 1906 האָבן סירקינס אַרבעטער ווידער זיך גענומען אַדורכצופירן אין דער דרוקערײַ די פאָדערונגען, וועלכע זיי האָט זיך ניט אײַנגעגעבן אויסצוקעמפן אין לעצטן גרויסן שטרײַק אין יאָר 1905. מען האָט זיך גענומען אַדורכצופירן דעם פונקט פון אָפּשאַפן ענדגילטיק די שטיק-אַרבעט — די סיסטעם פון דער מעטראַנפּאַזשערײַ, וואָס האָט דאָרטן אַ לאַנגע צײַט געהערשט.

דער שטרײַק איז אויך פאָרגעקומען אין מיטן זומער, אויך בײַ אַ גוטער קאָניונקטור אין דער דרוקערײַ, און צו שטרײַקן איז שוין דאַן געווען פרײַער — מען האָט שוין ניט אַרעסטירט. דער זעלבער פּריסטאַוו זאַפּאַ-ראַפּולאָ, וועלכער איז געווען פאַרן 17טן אָקטאָבער 1905 אַזוי ברוטאַל צו סירקינס אַרבעטער, האָט איצט — בײַם צווייטן שטרײַק — באַגעגענענדיק די זעלביקע אַרבעטער, זיי דער ערשטער באַגריסט מיט אַ שמייכל. אָט דער שטרײַק איז אָבער, ניט קוקנדיק אויף די גינסטיקע באַדינגונגען, געווען זייער אַ שווערער, אַ פאַרביסענער און אַ לאַנגדויערנדיקער — ער האָט זיך געצויגן בײַ אַ 6 וואָכן. דעם ציל האָט מען אָבער פאָרט דערגרייכט.

מען האָט שוין געהאַט אַראָפּגענומען סירקינס מאַגאַ-זין, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע אָפּטיילונגען און האָט באַשעפטיקט אַ סך אָנגעשטעלטע. דאָס האָט אָבער אויך ניט געהאָלפן, ביז וואַנען מען האָט ניט אָפּגעשטעלט סירקינס דרוקערײַ אין ריגע. דאָס איז געשען אַדאַנק דעם חבר דוואָרקין, וועלכער האָט דאַן באַוויזן אַ העלדנטאַט: דוואָרקין, אַליין אַן אַרויסגעשיקטער פון ריגע, ווו עס איז דאַן געווען קריגס-צושטאַנד (אין דער גאַנצער באַלטישער געגנט האָט דאַן דער גענעראַל מעלער-זאַקאָמעלסקי מיט אַ שטראָף-עקספּעדיציע „באַרויִקט" די צעבונטעוועטע לעטן) — איז אַוועקגעפאָרן אַהין און אָפּגעשטעלט סירקינס ריגער דרוקערײַ.

ווען די סירקינס האָבן זיך אין ווילנע דערוווּסט וועגן זייער לעצטער מפּלה, האָבן זיי דערפילט, אַז זיי זײַנען באַזיגט געוואָרן און האָבן נאָכגעגעבן די פאָדערונגען פון די אַרבעטער.

אָט אַזוי האָבן סירקינס אַרבעטער ענדגילטיק אויס-געקעמפט זייערע גערעכטע פאָדערונגען. פון דעם מאָמענט אָן זײַנען אַלע אַרבעטער בײַ סירקינען געוואָרן גלײַך — זיי זײַנען בלויז געווען עקספּלאָאַטירט פון איין באַלעבאָס.

*

מיטן געבן רעכט נאָכן יאָר 1905 די אונטער-דריקטע פעלקער, וואָס האָבן באַוווינט די ווילנער געגנט, האָט זיך, פאַרשטייט זיך, די דרוק-פּראָדוקציע שטאַרק פאַרגרעסערט. די ערשטע פּוילישע צײַטונג, וואָס האָט דערזען די ליכטיקע שײַן אויפן ווילנער באָדן נאָך אַזוי פיל יאָרן אונטערדריקונג, דער „Kurjer Litewski" (איר שעף-רעדאַקטאָר איז דאַן געווען דער באַרימטער פּובליציסט און ליטעראַט טשעסלאַוו יאַנקאָווסקי), האָט זיך אין די ערשטע טעג פון איר דערשײַנען געדרוקט אין סירקינס דרוקערײַ. נאָכדעם איז זי אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין גלח נאָוויצקיס דרוקערײַ. פּוילישע זעצער פאַר דער צײַטונג האָט מען דערהויפּט געמוזט אַראָפּ-ברענגען פון וואַרשע (אויפן „קוריער ליטעווסקי" האָבן אַ געוויסע צײַט געאַרבעט צוויי יידישע זעצער: י. סטעקין און מ. סטראַשון).

אויך די ערשטע ליטווישע און ווײַסרוסישע זשורנאַלן האָבן זיך געדרוקט בײַ סירקינען.

*

עס האָט זיך ענדלעך אָרגאַניזירט און געעפנט דער לעגאַלער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון די דרוקער-אַרבעטער אין ווילנע. דער פאַריין איז דאַן באַשטאַנען פון איבער 500 מיטגלידער, יידן און ניט-יידן. צום פאַריין האָבן אויך געהערט אײַנבינדער, ליטאָגראַפן און ליניערער, וועמעס אָנפירער עס איז דאַן געווען י. ריקלעס.

די אַרבעט אין פאַריין איז געווען אַ לעבעדיקע. אַלע ביכער און פּראָטאָקאָלן האָבן זיך געפירט אין דער רוסישער שפּראַך. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען האָבן אויך געמוזט געפירט ווערן אין דער רוסישער שפּראַך, ווײַל עס זײַנען בײַגעווען פאַרשטייער פון דער פּאָליציי, אָבער פאַר אַ רובל האָט מען זיך געקענט אָפטמאָל באַפרײַען פון די אומגעבעטענע עדות. איינמאָל איז אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג בײַגעווען דער אָקאָלאָדאָטשניק פּאַראַפּאַנאָוויטש — האָט אים דער דעמאָלטיקער פּאָרזיצער פון פאַריין, ישראל-מיכל קאַפּלינסקי, דערלאַנגט אַ רובל און יענער איז אַוועק, בעטנדיק בײַ ישראל-מיכלען, מען זאָל וועגן זײַן אַוועקגיין ניט איבערגעבן אין דער

---

* דאַן האָט מען די פאַרוואַלטונג און דעם גאַנצן פאַריין גערופן: ביוראָ. די לייציס פלעגן זאָגן דאַן אַנשטאָט: „די חברים פון ביוראָ" — „די חברים פון בירעלע". דאָס רופן די פאַרוואַלטונג „ביוראָ" דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס די ערשטע אָרגאַניזאַטאָרן און אָנפירער פון נײַ געגרינדעטן פאַריין זײַנען געווען די אמגעסטירטע פּאָליטישע עמיגראַנטן אין דער שווייץ, וואָס זײַנען געקומען נאָכן יאָר 1905 קיין ווילנע — די זעצער מאַרק ווילסער, איסער ראַבקין, שלום לעווין — און זיי האָבן דאָס געבראַכט דעם נאָמען פון דאָרטן אַהער. די אַלע חברים האָבן געאַרבעט אין קלעצקינס דרוקערײַ אויף זאַוואַלנע גאַס. זיי זײַנען געווען פון די ערשטע זעצער אין דער דרוקערײַ און האָבן געאַרבעט אויף די ערשטע זאַץ-מאַשינעס אין ווילנע. אויסער זיי האָבן דאָרטן דעמאָלט אויך געאַרבעט אויף דער זאַץ-מאַשין לייב שור און מאַכלעס (?), וועלכע זײַנען ספּעציעל פון דער דרוקערײַ געשיקט געוואָרן קיין בערלין זיך לערנען אַרבעטן מאַשין-זאַץ. דאָרטן האָט דאַן אויך געאַרבעט אַלס מאַשיניסט אויף דער ערשטער ראָטאַציע-מאַשין ישראל-מיכל קאַפּלינסקי. די אַלע אויבנדערמאָנטע פּערזאָנען האָבן דאַן געהערט צום „בונד".

אָכראַנע (ער האָט טאַקע, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן מיט ישראל-מיכלען, געהאַט בײַ וועמען צו בעטן).

אין דער צײַט, ווען ישראל-מיכל איז געווען פאָרזיצער, האָט ער זיך מיט דער אַרבעט פון פאַריין זייער אַ סך אָפּגעגעבן. געפירט די אַרבעט פּראַקטיש, אמת—צו פיל פשרהדיק, אײַנגעאָרדנט אָוונטן אין פאַריין, פאַרווײַלונגען.

ישראל-מיכלס פּסעוודאָנים איז געווען „לאַנגזאַם און איז אינגאַנצן געווען צוגעפּאַסט צו זײַן כאַראַקטער זײַן אַרט ריידן אאַז"וו. ישראל-מיכל פלעגטריידן זייער לאַנגזאַם, ציען די ווערטער פויל, מאָנאָטאָן און אָן אויפרעגונג. ער איז אַלעמאָל געווען רויִק, קאַלט — אַזוי פלעגט ער גיין, אַזוי פלעגט ער שטיין — קיינמאָל זיך ניט



ישראל-מיכל קאַפּלינסקי

געאײַלט. אַלס געוועזענער ישיבה-בחור פלעגט ער ליב האָבן אין זײַנער אַ רעדע אויף אַ פאַרזאַמלונג אָפט צו באַנוצן עפּעס אַ פּסוק אָדער צו אָפּערירן מיט אַ וועלכן ס'איז משל. דאָס האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז דאָ רעדט עפּעס אַ מגיד בײַם שטענדער; דערצו האָט אים טאַקע גוט געפּאַסט זײַן בערדל.

אינטערעסאַנט פלעגט זײַן, ווען ישראל-מיכל פלעגט זיך אַמאָל אין פאַריין פאַרטשעפּען מיטן יידישן זעצער מאָזעס קאַרפּינאָוויטש (נאָך דער מלחמה — משה קאַרפּינאָוויטש, דער ווילנער טעאַטער-דירעקטאָר). דאַן איז שוין געווען דער ריכטיקער דועט פון צוויי „לאַנגזאַמס", ביידע מיט בערד — איינער מיט אַ בלאָנדער, דער צווייטער מיט אַ שוואַרצער. משה קאַרפּינאָוויטש פלעגט אָפט בײַ עפּעס אַ פראַגע אין פאַריין פאַרמאַטערן דעם רויִקן און קאַלטן ישראל-מיכלען און אויך די גאַנצע פאַרוואַלטונג, ווײַל דער „לאַנגזאַם" האָט געהאַט, חוץ זײַן אייגנשאַפט פון פּאַמעלעכקייט, אויך אַ סך אײַנפאַלן *.

ישראל-מיכל פלעגט אויך מיטהעלפן אַרבעטן אין אַנדערע פאַריינען. ווּ עפּעס אַ קאָנפליקט — איז ער געווען אײַנגעלאַדן און קיינעם איז ניט אײַנגעפאַלן, אַז דאָס האָט אים געלוינט אומעטום אַרײַנצושטעקן זײַן נאָז. ער פלעגט אויך זאָגן, אַז ער איז מקנא דעם, וואָס קען טרינקען בראַנפן. דאָס איז געווען דאַן, ווען בורצעוו האָט שוין געהאַט דעמאַסקירט אַזעפן. קאַפּלינסקי האָט שוין געוויס געשפּירט, אַז די ריי קומט צו אים אויך. ער איז דאַן שוין אַרומגעגאַנגען אַ פאַרקלעמטער, אַ פאַרדאגהטער און זיך געהאַלטן פאַרן האַרצן, זאָגנדיק, אַז ער איז קראַנק. ענדלעך איז טאַקע ישראל-מיכל קאַפּלינסקי פון בורצעוון אויך דעמאַסקירט געוואָרן. די סענסאַציע און איבערראַשונג איז געווען גרויס. עס האָט געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם אויף אַלעמען בכלל און אויף די דרוקער בפרט. ער איז באַלד פון ווילנע אַנטלאָפן.

דער פאַריין איז נאָך קאַפּלינסקיס אַנטלויפן אינגאַנצן אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ס'איז ניט געווען אַזאַ מענטש, וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיטן פאַריין ווי ער. די רעאַקציע האָט דאַן געבושעוועט. די אַלטע טוער זײַנען שוין מיד געוואָרן, אַנדערע אַנטטוישט, אַנדערע. אַרויס פון טורמע, האָבן זיך שוין געוואָלט אָפּרוען. צו די דאָזיקע האָט אויך געהערט יאַנקל ווייצנפעלד (אַ ס"ר). געווען זייער טעטיק אין דער באַוועגונג, עטלעכע מאָל אַרעסטירט, אָבער אַ פּאָר יאָר פאַר דער מלחמה איז ער ווידער אַרײַן אין פאַרוואַלטונג און געאַרבעט דאָרט ביז זײַן עמיגרירן אין דער צײַט פון דער דײַטשער אָקופּאַציע קיין אַמעריקע.

„פאַרדעכטיקע" האָט מען דאַן בכלל ניט געקענט אויסקלײַבן אָפיציעל אין פאַרוואַלטונג. מען האָט געמוזט צוציען נײַע ניט קיין קאָמפּראָמיטירטע מענטשן. פאַר דעם פאָרזיצער פון פאַריין האָט מען דאַן אָפיציעל אָנגעגעבן דער מאַכט דעם זעצער פון „גאָלאָס", ווענצעוויטש (אַ רוס). דער ווענצעוויטש איז געווען ניט קיין באַוווּסטזיניקער און אַ שטאַרקער ליבהאָבער פון ביטערן טראָפּן, אָבער אַן אָרנטלעכער מאַן. די פאָרזיצערײַ איז פאַר אים אויך געווען אַ גרויסע טובה, די גאַנצע צײַט פון זײַן פאָרזיצערײַ האָט ער ניט געטרונקען און אַזוי האָט ער זיך פון זײַן קראַנקײַט ביסלעכווײַז אויסגעהיילט. איינמאָל האָט אים דער גובערנאַטאָר וועראָווקין אַרויסגערופן און געשטראָפט, ווי קומט ער אַלס רוס צו זײַן צוזאַמען מיט יידן.

דער פאַריין האָט שוין דאַן געאַרבעט ניט מיט דעם טעמפּ ווי פריער.

* ער האָט צ"א אויסגעקלערט אַ יידישן שריפט, געגאָסן צוזאמען מיט נקודות, וועלכן מ'רופט אין ווילנע נאָך ביז הײַנטיקן טאָג „קאַרפינאָוויטשעס שריפט".

נ. א. ניעקראסאוו

# די זעצער*

וואָס פאַראַ ליד פול ווייען
דערטראָגט זיך עס צו מיר?
פון בלײַענע אַרמייען
דער שטילער קאָמאַנדיר —

דער זעצער, ער זינגט אויס עס
בײַם קאַסטן שטייב זײַן פײַן,
פלינק שטעלנדיק די אותיות
אין העקעלע אַרײַן:

— אין אַרבעטן דער פיר איז
בײַם זעצער זייער שלעכט.
דיר נייט ניט אײַן די שכירות
קוים שלאָפסטו ניט די נעכט!

אַ וועלט מיט אַרבעט יאָגט דיר
און נאָגט דיר אויס דעם קליי,
ערשט נאַדיר גאָר — מען טראָגט דיר
אַ נײַע העפט... ווײ, ווײ!

דאָס העפט איז גראָב אין רוקן, —
אויף וואָכן אַ געשעפט.
נאָר דאַרפסט מיט שטאָלץ ניט קוקן,
דו פיקחותדיקע העפט!

מיר זעצן דיר און שיקן
צום צענזאָר קאָרעקטור,
דו זע נאָר ניט צו קריגן
די ד ע ר אין דער צענזור!

דער צענזאָר לעזט. אָט פרײַכט ער
פאַר פלײַס, ער קײַט די באָרד
און פאָטערלעך דיר שטרײַכט ער
געשמײַדיק וואָרט נאָך וואָרט.

נאָר שוואַך איז ער מיסטאָמע, —
די האַנט האָט ניט דערדינט
און ס'האָט אין רויטע שטראָמען
אַ פלייץ געטאָן די טינט.

ניטאָ קיין איין ריין ערטל!
און ווו דו וואַרפסט אַ בליק —
עס שטעקט אַן איינזאַם ווערטל
גלײַך ווי אין מילך אַ פליג.

אין כּעס, נעמט דער רעדאַקטאָר
צוזאַמענקלײַבן זיי,
דעם רעשט פון אַ צעהאַקטער,
צעממיתטער אַרמיי;

מיט מי די זעלנער קלײַבט ער,
צעשטעלט זיי קאָפּ צו קאָפּ,
און אַ באַפעל אונדז שרײַבט ער:
„פאַרריכט און שיקט עס אָפּ".

וואָס ס'איז פאַרמעקט געוואָרן —
דאָס טאָר ניט זען די שײַן.
ווי מתים אין די קברים
מיר וואַרפן דאַן אַרײַן

די אותיות און זיי שטומען.
ווער קען זיי איצט פאַרשטיין?
אַ סוף איז שוין געקומען
צו זייער קלוגן מיין.

אַזוי קען מען ניט וויסן
וואָס פאַראַ טעם עס האָט
אַ פּרוכט — אַראָפּגעריסן
פון שטורעם־ווינט אין סאָד.

(דער משל איז אַ שיינער,
ניט אמת, זאָגט אַליין?
ס'איז דאָ בײַ אונדז ניט איינער,
וואָס קען פאַרפאַסן שיין.

---

* צווייטע ליד פון ציקל „לידער וועגן פרייען חאַרט". געהען אַרייַנגעשריבן אין דער בקשה, וואָס די דעלעגאַציע פון דער דרוקערשער שטרייק־קאַסע האָט דערלאַנגט דעם אַרבעטס־אינספעקטאָר אין 1891, בעת דער שטרייק־אַקציע צו פאַרקלענערן דעם אַרבעטסטאָג אויף אַ שעה און אָפּשאַפן די ביינאַכטיקע אַרבעט (זע א. פרידקינס „צו דער געשיכטע פון דער יידישער דרוקער אַרבעטער־באַוועגונג אין ווילנע").

אַ סך זײַנען געוואָרן
נאָך דענקער אויך דערבײַ:
מען זעצט דאָך ניט צײַט יאָרן
בלויז פוסטע פלוידערײַ.

ס'פּאַסירט מען זעצט אויס זאַכן
גאָר אָפט פון קלוגע לײַט –
געדאַנקען קלוגע מאַכן
אונדז ביסלעכווײַז געשײַט...)

ווי קליין ס'איז דער אַרטיקל
שוין איצט אין קאָרעקטור;
באַלד וועט מען אים נאָך פליקן
אויפסנײַ אין דער צענזור.

אָט ברעכט מען שוין די שפּאַלטן!
נאָר, העפט, וואָס איז מיט דיר?
דו קענסט זיך דאָך באַהאַלטן
אין הויפן דאָ בײַ מיר!

און ס'טרעפט נאָך: ס'קומט דער אַוטאָר–
זײַן צער איז זייער גרויס –
צעזיפצט זיך אַ פאַרגאַפטער
און וואַרפט דיר גאָר אַרויס!

ס'איז אונדז אַ קנאַפּער חילוק –
צעוואַרף, דרוק יאָ, דרוק ניט, –
דרײַ פערטל קאָפּקעס סילוק
פון שורהלע און – קוויט!

נאָר ס'אַרט אונדז יאָ, וואָס יאָגן
מיר דאַרפן זיך בײַם טאָן.
מיר ווערן בלינד, דערשלאָגן...
צי שרײַבט איר עפּעס אָן?

אָט האָט איר טעמעס פײַנע:
אין זאַץ־שטוב פון אַ בלאַט
קומט האַלבע נאַכט אַרײַן נאָר –
אַ גיהנום אַקוראַט!

דער זעצער, אויסגעזויגן,
איז חושך ווי די נאַכט...
ווער האָט דעם צײַטונגס־בויגן
דעם בייזן אויסגעטראַכט?

זוך אויס די וועלט: – אויף בערגער,
צי אין די שאַכטעס, – איז
ניטאָ אַ פאַך נאָך ערגער:
מען שטייט רק אויף די פיס;

פון בלײַ, פון שטויב, פון וואַכן –
עס ווערט פון אונדז אַ תל;
מיר זײַנען אַלע שוואַכע,
מיר זײַנען גרין און געל.

אין וואַרשטאַט שלעכט דער פיר איז –
דו לעבסט דערפאַר ניט לאַנג,
און וואָס איז דיר די שכירות
קוים ביסטו שלאָף און קראַנק...

נאָר אָט האָט מען געגעבן
די וואָרט־פרײַהײַט דעם פאָלק –
איצט וועט זיך, אפשר, לעבן
מיט מערער זין און טאָלק!

כ אָ ר.

ביסט, פרייהייט, גוט געקומען!
טראַ־לאַ, לאַ־לאַ, לאַ־לאַ!
דו האָסט אַראָפּגענומען
פון אונז אַ יאָך אַזאַ!

פון רוסיש: שמשון קאַהאַן.



י. ריקלעס

# 30 יאָר לינירער= און אײַנבינדערײַ=סעקציע בײַם דרוקער=אַרבעטער=פאַריין אין ווילנע

דער לינירער=פאַך, הגם ער געהערט צו דער זעלבער פראָפעסיע פון גראַפישער קונסט ווי דרוקערײַ איז אָבער נאָך גאָר אַ יונגיטשקער, אַ צוציק, קעגן דעם אַלטן דרוקער=פאַך וואָס ציט זײַן יחוס אַזש פון גוטנבערגן אַליין.

דער לינירער=פאַך איז אָבער אין די פּאָר צענדלינג יאָר פון פאַר דער וועלט=מלחמה שטאַרק אויסגעוואַקסן, באַזונדערס אין ווילנע, וועלכע איז אין יענער צײַט געוואָרן דער צענטער פון ליניר= און העפטן=פראָדוקציע. צוגלײַך מיט דעם וווּקס פון דער פאַבריקאַציע איז אויך געוואַקסן די צאָל באַשעפטיקטע אַרבעטער.

ביז דעם יאָר 1901 האָט דער לינירער=פאַך ניט געהאַט קיין שום פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאציע. אין 1902 האָט דער „בונד" אין ווילנע אָנגעהויבן אָרגאַניזירן דעם פאַך און דער דאַמאָלסטיקער בונדישער טוער שלום לעווין, אַליין אַן אײַנבינדער, איז קאָמאַנדירט געוואָרן צום לינירער=פאַך, כּדי צו שטעלן זיך אין אַ קאָנטאַקט מיט די מער אַקטיווערע אַרבעטער.

דער טראָפּ איז אָבער אין יענע צײַטן געשטעלט געוואָרן אויף דער פּאָליטישער אַרבעט און דאָס ביסל אַקטיווערע אַרבעטער אין פאַך זײַנען אַרײַן אין די פּאָליטישע קרײַזלעך, איבערלאָזנדיק די פראָפעסיאָנעלע אַרבעט פאַר דער בונדישער אָרגאַניזאַציע גופא.

דערפאַר איז קײַן וווּנדער ניט, וואָס דער לינירער=פאַך איז דאַן געווען צוגעשפיליעט צו די... מעכאַנישע שוסטער, וואַרשײַנלעך צוליב פּאָליטישע מאָטיוון. פאַרן לינירער=פאַך איז דער דאָזיקער זיווג גראָד אַרויסגעקומען זייער געראָטן. די מעכאַנישע שוסטער האָבן ניט איינמאָל אַרויסגעהאָלפן אין שווערע שטרײַק=מאָמענטן. אין דער געשיכטע פון לינירער=פאַך איז פאַרצייכנט אַ פאַל, ווען איין אײנציקער מעכאַנישער שוסטער (קלמן האָט ער געהייסן, און גראָד ניט קײַן ייד) האָט אין עטלעכע געציילטע מינוטן ערלײדיקט אַ פאַרצויגענעם שטרײַק בײַ דער פירמע „פאַפּ" (ווי אַזוי ער האָט דאָס געטאָן, פאַרבלײַבט אַ סוד אין דער געשיכטע).

אין די יאָרן 1902, 1903 און 1904 האָבן די לינירער און אײַנבינדער דורכגעפירט מיט ערפאָלג אַ ריי עקאָנאָמישע שטרײַקן בײַ „פאָלזאַ", „מאָיסיי", „פאַפּ", „יאָפע" א"אַנד. דער פאָרשטייער פון די אײַנבינדער=אַרבעטער, בערל לאַוואַרישעק (געשטאָרבן אין אַמעריקע), האָט דערפאַר באַצאָלט מיט זײַן שטעלע, און דעם מחבר פון די דאָזיקע שורות האָט מען געשלעפּט אויף „קאָנפערענצן" אין דער פּאָליציי צוליב דער מסירה פון פאַבריקאַנט ס. א. יאָפע.

אין אַלגעמיין האָט אָבער די ריין פראָפעסיאָנעלע טעטיקײַט אין יענע עטלעכע יאָר זיך געפירט כאַאָטיש און בלויז אַדאַנק דער „פראָספּעריטי" אין לינירער= און טייל=ווייז אין אײַנבינדער=פאַך האָט מען דאַן אויסגעקעמפט דערטרעגלעכע לוינען. אַזוי, למשל, פלעגן די באַלעבאַטים כמעט צו יעדן סעזאָן אָפּריידן אַרבעטער איינער פון צווייטן; דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, געווירקט אויף דער העכערונג פון לוין.

גאָר אָט איז אָנגעקומען דער רעוואָלוציאָנערער יאָר 1905 און צוזאַמען מיט אים אויך דער היסטאָרישער 17טער אָקטאָבער מיט ניקאָלאַיס מאַניפעסט וועגן „פרײַהײַטן" (נאָך וועלכן ס'זײַנען גלײַך געקומען פּאָגראָמען און דערשיסונגען). און דאָ מוז פאַרצייכנט ווערן, אַז די ערשטע וואָס האָבן אויפן רעוואָלוציאָנערן שטייגער (явочным порядком) האָט דאָס געהייסן) געגרינדעט אַ פראָפעסיאָנעלן פאַריין, זײַנען געווען די יידישע דרוקער=אַרבעטער אין ווילנע.

בײַ צאַר ניקאָלאַי האָט נאָך ניט אָפּגעטריקנט דער טינט פון פעדער, מיט וועלכער ער האָט אונטערגעשריבן די קאָנסטיטוציע, און בײַ די יידישע דרוקער=אַרבעטער אין ווילנע האָט שוין פונקציאָנירט דער אַפּאַראַט פון אַ פראָפעסיאָנעלן פאַריין מיט אַן אָפענעם פאַריינס=לאָקאַל, מיט אַ קלוב, אַ ביבליאָטעק און אַ דראַמאַטישער סעקציע, אָנגעפירט דורך ל. שריפטזעצער.

באַלד אין די ערשטע האָניק=חדשים פון דער רוסישער קאָנסטיטוציע, איז געגרינדעט געוואָרן די סעקציע לינירער=אַרבעטער בײַם דרוקער = פאַריין, און דער שרײַבער פון דעם איצטיקן יובל=אַרטיקל האָט דאַן זיך געמאָלדן צו דער פאַרוואַלטונג פון דרוקער = פאַריין, אויף סובאָטש=גאַס,

מיט אַ מאַנדאַט פון עטלעכע און פופציק מיטגלידער פון דער ליגירער=סעקציע, וועלכע האָבן דורכגעפירט וואַלן פון אַ פאָרשטייער.

קורץ דערנאָך האָט די ליגירער = סעקציע מיט דער הילף פון דער פאַרוואַלטונג פון דרוקער=פאַריין דורכגעפירט מיט ערפאָלג אַ שטרייק=אַקציע אין דער דרוקעריי „סירקין" ווו מ'האָט אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט דעם ליגירער על= טערמאַן. אָט אַזוי איז געמאַכט געוואָרן די התחלה צו דער ווייטערדיקער געמיינזאַמער פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט פון דרוקער=פאַריין מיט דער ליגירער=סעקציע.

אין די זעלבע חדשים איז אויך פאָרגעקומען די גרינדונג פון דער איינבינדעריי = סעקציע און איר אָנשלוס צום דרוקער=פאַריין.

30 יאָר זיינען אַריבער זינט יענעם פריילעכן און דערמוטיקנדיקן יאָר 1905. פאַר דעם דאָזיקן פעריאָד צייט האָבן דער יידישער דרוקער=אַרבעטער=פאַריין אין ווילנע און זיינע סעקציעס דורכגעמאַכט און דורכגעלעבט שווערע יאָרן פון קאַמף, נצחונות און מפּלות. טיילמאָל האָט דער דינער פאָדעם, וואָס האָט צונויפגעהעפט די ליגירער= און איינבינ= דער=סעקציעס מיט דעם פאַריין פון די יידישע דרוקער=אַר= בעטער אין ווילנע זיך איבערגעריסן. אָבער די לעבעדיקע טיילן פון אַ פונקציאָנירנדיקן אָרגאַניזם פאַרמאָגן דאָך די וווּנדערלעכע אייגנשאַפטן פון זיך אַליין צוריק זיך צונויפ= וואַקסן. אַזוי איז אויך געשען מיטן פאַריין און זיינע סעקציעס.

היינט, צום 30סטן יובל פון דעם יידישן דרוקער= אַרבעטער=פאַריין אין ווילנע, טרעפן מיר ווידער אַ לעבעדיקן פונקציאָנירנדיקן פאַריינס = אַפּאַראַט צוזאַמען מיט די סעק= ציעס. יינגערע, קרעפטיקערע הענט האָבן איבערגענומען דעם רודער פון דער אָנפירונג מיטן פאַריין, און לאָמיר האָפן, אַז די אַקטיווע טוער פון דעם נייעם דור ווילנער יידישע דרוקער = אַרבעטער וועלן ווייטער פירן די אַרבעט אין אַ פּראָלעטאַרישער אָרגאַניזאַציע מיט דער זעלבער אי= בערגעבנקייט, ווי די טוער פון דעם היסטאָרישן יאָר 1905.




**דרוקער= און איינבינדער=פּערסאָנאַל פון „אַרטעל" (1911)**

עס שטייען (פון רעכטס אויף לינקס): חענגראַח, חאַפנער, בערלאַחיטש, וואָראַביי, קאַחארסקי, כ. געסקעס, שטיינבערג און א. גאַרדאָן. עס זיצן: י. גערמייזע, מ. גראָדסקי, מ. פילניק, ח. גינזבורג, ל. לעחי, מ. חאַפנער, מירער. עס זיצן אונטן: סטאַנקעחיטש, (הייטערדיקער אומבאַקאַנט), עלפּעראָוויטש, זשורעוויטש און י. טייץ.

מאיר קאַסטאָף (ניו־יאָרק)

# אַ בלעטל פון מיינע זכרונות

...קיין ווילנע בין איך אָנגעקומען אין יאַנואַר 1906, און בין דאָרטן געווען אין דינסט פון די „סיימאָוויצעס", פאַרוואַלטנדיק אַ לענגערע צייט מיט זייער אומלעגאַלער דרוקעריי, וועלכע האָט זיך געפונען אין צווי פּלעצער: פריער אויף אַ שאַלקע אין הויז פון נתן אַרקוסקי אין שניפּישאָק, און דערנאָך אין אַן אַנדער הויז ערגעץ אויף פּאָפּלאַווע.

אין יענעם יאָר האָט זיך געגרינדעט אין ווילנע דער ערשטער דרוקער־פאַריין, און איך בין דאָרטן גלייך געוואָרן אַ מיטגליד. אָבער אַריינצוקומען אַרבעטן אין איינער פון די דאָרטיקע יידישע דרוקערייען, איז געווען ניט פון די גרינגע זאַכן, ווייל די עלטערע זעצער האָבן פּשוט ניט צוגעלאָזן די יינגערע. פאַר מיר האָט מען פונדעסטוועגן געמאַכט אַן אויסנאַם, ווייל איך האָב דאָך שוין געהאַט געאַרבעט אין „פריינד" אין פּעטערבורג. דערפאַר בין איך אַריינגעקומען אין דער דרוקעריי פון „האלמנה והאחים ראָם".

אָבער ניט אַזוי פּשוט איז עס מיר אָנגעקומען אַריינצוגיין אין דער דאָזיקער גרויסער, וועלט־באַרימטער דרוקעריי. די דאָרטיקע זעצער זיינען געווען גוואַלדיקע מיוחסים און געהאַט אַ „חזקה" אויף דער דרוקעריי, ניט צוצולאָזן קיין „פרעמדע". מען האָט געדאַרפט באַזונדערע „דיפּלאָמען" פון ווילנער ישיבות, אום צו קענען אַריינקומען אַהין זיך לערנען די אַרבעט. אָבער אין די שטורמישע יאָרן פון 1905—6 האָבן די „יונגע" זעצער דורכגעבראָכן די וואַנט מיט דעם כּוח פון זייער יידישער זעצעריי־אַרבעט אין די אומלעגאַלע דרוקערייען. טיילווייז אויף דעם סמך איז עס טאַקע אויך מיר געלונגען אַנצוקומען אין דער דאָזיקער אַלטער פעסטונג פון יידישער זעצעריי.

די זעצער האָבן דאָרט אויך מיט זיך פאָרגעשטעלט באַזונדערע טיפּן, באַזונדערס צוגעפּאַסט צו זייער אויפגאַבע אין דער דאָזיקער וועלט־באַרימטער יידישער דרוקעריי. איך האָב דאָרטן געאַרבעט אויף דער צייטונג „די צייט", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון די זעלביקע מענטשן ווי דער העברעיִשער „הזמן", און ווען די „צייט" האָט אויפגעהערט צו דערשיינען, האָב איך געזעצט ביכער און זשורנאַלן אין דער זעלבער אָפּטיילונג פון ראָמס דרוקעריי. דאָ האָב איך זיך געטראָפן מיט פילע פון מיינע קאָלעגן זעצער, — און וועגן עטלעכע פון זיי וויל איך דאָ אויך איבערגעבן אַ פּאָר כאַראַקטעריסטישע שטריכן.

דער הויפּט־מעטראַנפּאַזש ר' איטשעלע הורוויטץ איז געווען אַ ייד אַ למדן, וועלכער האָט פון קינדווייז אָן געאַרבעט ביי ראָמען, און זעצנדיק אַזוי פיל מאָל געוויסע ספרים, פלעגט ער צו אייניקע פון זיי אפילו ניט דאַרפן נאָכקוקן אין אָריגינאַל, נאָר ער פלעגט זיי זעצן אויף אויסווייניק.

ס'האָבן אויך געאַרבעט זיינער אַ זון און נאָך אַ פּאָר נאָענטע פריינד, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי ראָמען צוליב זיין זכות; אַן אַלטער זעצער, מרדכי־פסח שריפטזעצער, וועלכער איז שוין דאַן געווען געקומען פון אַמעריקע און ער פלעגט האַלטן אין איין דערציילן די גוזמאות פון די אַמעריקאַנער גליקן בכלל און פון זעצער־פאַך בפרט; די ברידער אַלפּעראָוויטש, דודקע האָן און דער סעקרעטאַר פונעם דעמאָלט נאָר־וואָס געגרינדעטן ערשטן דרוקער־פאַריין אין ווילנע, גרשון גליזער.

עס איז אויך געווען ראָמס אַן אַלטער זעצער, ר' משה קנאָרינג, וועלכער איז געווען דער הויפּט־מעטראַנפּאַזש אין „פריינד", ווען איך האָב דאָרטן געאַרבעט. ער, קנאָרינג, האָט נאָך פריער געאַרבעט אויפן „המליץ" 25 יאָר. איידער ער איז געקומען צום „פריינד", און ער האָט צוזאַמענגעשטעלט דעם ערשטן זעצער־פערסאָנאַל אין פּעטערבורג פאַר אַ יידישער טעגלעכער צייטונג — פון די איבערגעבראַכטע זעצער פון ווילנע און וואַרשע — וועלכע האָבן אין אָנהייב געזעצט יידיש מיט נקודות, אַזוי ווי עס איז געווען געזעצט אַן אַלטמאָדישער טייטש־חומש, אָבער גאַנץ גיך האָט מען עס פאַרביטן אויף דער סיסטעם פון זעצן מיט „האַלבע נקודות" אויף איין און דער זעלבער שורה. אָט דער משה קנאָרינג פלעגט דערציילן, ווי אין די ערשטע יאָרן, אַרבעטנדיק אויפן „המליץ", בעת אין פּעטערבורג האָט מען ניט געקענט קריגן קיין יידישע זעצער צוליב „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ", פלעגט ער דאַרפן לערנען רוסישע זעצער — אמתע גוייִם — צו זעצן העברעיִש. און אַ סך פיינע אַנעקדאָטן פלעגט ער זיך אָנדערציילן וועגן דער דערפאַרונג זיינער.

אַ זעלטענער טיפּ צווישן ראָמס זעצער איז אויך געווען ר' הירש גלאַז. אין מיינע צייטן איז ער שוין געווען אַ ייד אַ זקן פון 70 יאָר און ער האָט שוין געהאַט אין זיין לעבן דריי מאָל צוזאַמענגעשטעלט גאַנץ ש"ס. ערשט ביים דריטן מאָל איז דער ש"ס־הגדול געמאַכט געוואָרן אין סטערעאָטיפּ־פּלאַטן, וועלכע זיינען צו יענער צייט ערפונדן געוואָרן. דער דאָזיקער ר' הירש גלאַז פלעגט יעדן אָוונט זאָגן אַ שיעור גמרא אין ר' שאול קאַצענעלנבויגנס שול און איז דאָרט געווען דער שטענדיקער בעל־קורא. אָט דער אַלטיטשקער פלעגט גערן פאַרברענגען מיט אונדז „יונגע" און אונדז דערציילן זעלטן שיינע מעשיות פון די אַמאָליקע זעצער אין ראָמס דרוקעריי. אַ פּאָר פון זיי וועל איך דאָ פאַרצייכענען:

ווען מען האָט געפײַערט אין ווילנע דעם 500יאָריקן יובילייַ פון יאָהאַן גוטענבערג, דעם דערפינדער פון דרוק, איז דער „העלד פון טאָג״ געווען אַ יידישער זעצער, ר׳ ישראל=הירש יאָכעלסאָן. ער איז אַלט געווען 95 יאָר און איז געווען דער עלטסטער זעצער אין ווילנע. ער האָט נאָך דאַן געאַרבעט און געפילט זיך גאַנץ שטאַרק. אין דער דאָזיקער פײַערונג האָט מען אים אָפּגעגעבן פיל כבוד און דער הויפּט=פאַרוואַלטער פון דער ווילנער גענעראַל=שטאַב=דרוקערײַ האָט געטרונקען אַ טאָסט לכבוד דעם יידישן זעצער. ר׳ ישראל=הירש, זײַענדיק אַ ביסל צעטומלט, ראָמס דרוקערײַ. אַ גאַנצן יאָר פלעגט ער קלײַבן געלט פאַר דעם דאָזיקן טאָג און דערנאָך מאַכן אַ סעודה פאַר אַלע אָנגעשטעלטע אין ראָמס דרוקערײַ און אָנגעגרייט פאַר דעם פון שענסטן און בעסטן. דער יאָרצײַט=טאָג איז געווען אַן אמתער יום=טוב אין ראָמס דרוקערײַ פאַר אַ סך יאָרן. אינטערעסאַנט איז, אַז אפילו נאָכדעם ווי ר׳ שמואל טראַכטנבערג איז געשטאָרבן, האָבן די זעצער אַליין אָנגעהאַלטן די דאָזיקע אינסטיטוציע פאַר אַ לאַנגער צײַט. די זעצער האָבן אויך געהאַט זייער אייגענע ספר=תורה און פלעגן דאַוונען מנחה און מעריב בציבור. זיי האָבן אויך



אַ גרופּע זעצער פון ראָמס דרוקערײַ, אויף דער צײַטונג די „צײַט״ (1906)

עס שטייען (פון רעכטס אויף לינקס): ל. מולער, ג. גליזער, מ. קאָסטאָף, י. געלער, ד. הורוויטש, ה. פרעסמאַן.
ס׳זיצן: ד. ל. קרענגעל, ד. האַן, ח. פּ. אַלפּעראָוויטש, י. הורוויטש, מ. אַלפּעראָוויטש, מ. פּ. שריפטזעצער און נ. קרופּניק.
ס׳זיצן אי־נטן: ל. לעוויסאָן און בענצל.

האָט אויך מיטגעטרונקען. אויף מאָרגן האָבן די זעצער אין דרוק אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ער האָט געטרונקען „יין=נסך״. ער איז דערפון פלוצלונג פאַרענדערט געוואָרן און איז גלײַך אַרײַנגעפאַלן אין אַ מרה=שחורה, פון וועלכער ער איז אין אַ פּאָר טעג אַרום געשטאָרבן.

נאָך אַ זעצער איז דאָרטן געווען, ר׳ שמואל טראַכטענבערג. ער האָט געשטאַמט פון דער פאַמיליע תוספות יום=טוב, און ער האָט זיך שטענדיק געזאָרגט דערפאַר, אַז ערב ראש חודש אדר זאָל דער יאָרצײַט, לויט דער צוואה פון תוספות יום=טוב, צומשענסטן געפּראַוועט ווערן אין געהאַט איינעם פון די זעצער, וואָס פלעגט דאָרט גופא פאַרקויפן אַ שנעפּסל, אַן אַנדערן וואָס פלעגט פאַרקויפן געבעקס אאַז״וו. מען קען זאָגן, אַז אַן אייגענע ווירטשאַפט און אַ זעלבשטענדיקער ישוב.

* * *

אָפּאַרבעטנדיק אַ קאַרגן יאָר אין ראָמס דרוקערײַ אין ווילנע, דער חלום פון מײַן יוגנט, האָב איך געמוזט פאַרלאָזן רוסלאַנד. איך בין דאַן אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע, עס איז אַוועק אַ נײַע סדרה פון אַרבעט און קאַמף, וואַנדערנישן און גילגולים...



**טוביה גלאַז** (ניו-יאָרק)

# מיט דרײַסיק יאָר צוריק

## (ז כ ר ו נ ו ת)

מען דאַרף באַזיצן מער, ווי דאָס וואָס מ'רופט „זכרון"; מען דאַרף פשוט האָבן אַן „אײַזערנעם מוח", כדי צו קענען, מיט פיל יאָרן שפּעטער, אָפּפרישן, פונאַנדערווילקלען און אַרויסברענגען אויפן פּאַפּיר אַלע זכרונות פאַר 30 יאָר.

אין יאָר 1903, ווען איך בין אַרויס פון קלויז און אַרײַן אין דרוק (בײַ ראָזענקראַנץ און שריפטזעצער), ווו איך האָב זיך געלערנט זעצערײַ, האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אָן דער בונדישער באַוועגונג און בין געווען אײנער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון די דרוקער און אײַנבינדער אין ווילנע; אין חודש אָקטאָבער 1907 האָב איך זיך שוין אַריבערגעפּעקלט קיין אַמעריקע.

צו יונג בין איך דאַן געווען צו האָבן די גענויע פאַרשטענדעניש צו פאַרצייכענען די זייער אינטערעסאַנטע מאָמענטן פון יענער צײַט, וועלכע איך האָב דורכגעלעבט, זײַענדיק ענג פאַרבונדן מיט די דערמאָנטע צוויי אָרגאַניזאַציעס. וואָלט איך אין מײַן פריער יוגנט געוווּסט, אַז איך וועל האָבן דעם כבוד בײַצושטײַערן אַ חלק געשיכטע צום זאַמלבוך פונם ווילנער דרוקער-פאַך, וואָלט איך דאַן זיכער פאַרצייכנט די וויכטיקע געשעענישן און פּאַסירונגען, דאַטעס, נעמען פון די פּערזאָנען, מיט וועלכע מיר איז אויסגעקומען זיך צו טרעפן אַאַז"וו.

איצט לײַד איך שטאַרק צוליבן „כּוח השיכחה": עס איז שוין אַ בחור פון אַ יאָר 28 (ווײַל איך בין שוין אַזאַ צײַט אַוועק פון ווילנע) און שטייט ווי אַ לײמענער גולם און באַשטייט אויף דאָס זײַניקע:

— פאַרגעסן!..

•

די ערשטע פּערזאָן, וועגן וועלכער איך וויל דערציילן, איז חיים דער דרוקער. באַגעגנט האָב איך זיך מיט אים סוף זומער 1903, ווען איך בין אין אַ פאַרנאַכט נאָך דער אַרבעט אַרויס פון דער דרוקערײַ „ראָזענקראַנץ און שריפטזעצער".

חיים האָט אויף מיר געמאַכט זייער אַ גוטן אײַנדרוק; כאָטש ער איז געווען אַ מאַסן-מענטש, דאָך איז ער געווען אינטעליגענט — און זײַן האַלטונג, ריידן און באַנעם זײַנען געווען צוציענדיק. מ'האָט זיך געפילט היימיש צו זײַן אין זײַן געזעלשאַפט. ער האָט געוווּסט, אַז איך בין נאָך אַלץ אַ קלויזניק, אַז איך פאַרפעל ניט יעדן אָוונט דעם בלאַט גמרא-שיעור אין חברה „חיי-אָדם-קלויז"; אָבער זײַן צוגאַנג איז געווען אַזאַ, וועלכן בלויז אַ קלויזניק קען אָפּשאַצן — און ער האָט געוווּנען מײַן פולשטענדיקן צוטרוי. און טאַקע אויף מאָרגן, ווען איך בין אַרויס פון דער אַרבעט, האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן און אויף מײַן וועג אַהיים האָב איך שוין מיטגעטראָגן מיט זיך דעם ערשטן טרייף-פּסול-ביכל, וואָס איך האָב דאַן מיט גרויס התמדה אָנגעהויבן צו לייענען: א. ליטוואַקס „וועגן ציוניזם".

אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען פאַר אַ לענגערער צײַט, ביז חיים האָט מיר גענומען אָנטרויען אַגיטאַציע-אַרבעט; און ווען אַ גרופּע בונדיסטן פונעם דרוקער-פאַך האָט זיך אָרגאַניזירט, האָט מען זיך גענומען גרינדן דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון דרוקער און אײַנבינדער. נאַטירלעך, צוערשט אויף די זעלבע באַדינגונגען ווי דער „בונד", ד"ה אַלס אַן אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע, און ערשט אין 1905—6 האָט מען זיך שוין אַרײַנגעקליבן אין אַ דירה מיט אַן אויפשריפט אויף דער טיר, וואָס האָט דערציילט, אַז דאָ געפינט זיך דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון די דרוקער. אָבער דער סאַמע יסוד, דער פונדאַמענט פון דעם דאָזיקן פאַריין איז געלייגט געוואָרן אין 1903—4.

*

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף חיים דעם דרוקער, ראשית, ווײַל ער איז געווען די ערשטע פּערזאָן, וועלכער האָט מיך אַרײַנגעצויגן אין אַן אָרגאַניזאַציע און האָט מיך געשפּײַזט מיט ליטעראַטור, דורך וועלכער איך האָב דערזען די ליכטיקע שײַן; צווייטנס, איז ער מער ווי אַלע אַײַנגעבאַקן טיף אין מײַן זכרון; אָבער איך מוז דאָ אויך דערמאָנען די חברים גרשון און לאָזערקע קלאָק, וועלכע זײַנען געווען זייער אַקטיווע בחורים, איבערגעגעבענע צום פאַריין און אמתע אידעאַליסטן.

אַ גרויסע ראָלע אין דער דרוקער-באַוועגונג האָט געשפּילט חבר כאַציע. ער איז דווקא ניט געווען קיין דרוקער; ער האָט זיך גאָר געגרייט צו אַדוואָקאַטור, ער האָט אָבער זייער פיל מיטגעהאָלפן אין דער אויפלעבונג און אויפהאַלט פון דרוקער-פאַריין.



# פון דרוקער-אַרבעטער אין ווילנע

אַ גרויסער שטויס פּאָרויס צו דער פאַרשטאַרקונג פונעם פאַריין איז געווען דער זיגרייכער שטרייק אין ראָמס דרוקעריי אין יאָר 1905. דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין האָט פולשטענדיק געוווּנען אַלע אַרויסגעשטעלטע פאָדערונגען: אַן 8שעהדיקן אַרבעטסטאָג, וואָך-אַרבעט אָנשטאָט שטיק-אַרבעט און די פאַרטיילונג פון שכירות לויט די קענטענישן און פעיִקייטן פונעם זעצער — 8 רובל, 10 רובל און 12 רובל אַ וואָך — וואָס איז, לויט יענער צייט, געווען גאַנץ יושרדיק איינגעטיילט; אָבער וויכטיקער פון אַלץ איז געווען דער געוווּנענער 8שעהדיקער אַרבעטסטאָג, און דער דאָזיקער זיג האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר אַן 8שעהדיקן אַרבעטסטאָג פאַרן גאַנצן דרוקער-פאַך אין ווילנע.

דער שטרייק האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן — אפשר אַ צוויי וואָכן צייט, אויב איך האָב קיין טעות ניט; דערפאַר אָבער איז אָנגענאַנגען אַ לעבעדיקער קאַמף מיט פיל אינטערעסאַנטע מאָמענטן. איך געדענק נאָך עד-היום, ווי מאַקסים ראָם, מיט זיין הויכער פיגור און אינטעליגענטן אויסזען, מיט זיין מאַיעסטעטישקייט און אַריסטאָקראַטישקייט, האָט אין אַ געוויסן טאָג, ביי זיך אין קאַנטאָר, געזאָגט צו מיר: „עס איז אַ קאַמף צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט. מיר וועלן זען, ווער עס וועט קענען לענגער אויסהאַלטן". איך האָב אים דאַן פאַרזיכערט, אַז וואָס שייך אונדזער אויסדויער, זאָל ער זיך ניט זאָרגן. „מיר זיינען גרייט צו קעמפן ביז אונדזערע בערד וועלן גרוי ווערן" — האָב איך אים מיט פעסטקייט פאַרזיכערט.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט אונדז מאַקסים ראָם ווידער גערופן צו זיך אין קאַנטאָר און מיט גלאַסנקייט און רויִקייט — ווי זיין שטייגער — געזאָגט: „מיר האָבן אייערע פאָדערונגען ניט געוואָלט נאָכגעבן, ווייל עס איז געווען קעגן אונדזער טראַדיציאָנעלן שטאָלץ, אַז עמעצער זאָל אונדז אַ דעה זאָגן, ווי אַזוי מ'זאָל אַרבעטן אין אונדזער דרוק, אָבער איר האָט געזיגט" — און אויסשטרעקנדיק זיין האַנט, האָט ער פאַרענדיקט: „איר האָט מוטיק געקעמפט, איך גיב אייך נאָך אַלע אייערע פאָדערונגען".

עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז קיין קאָנטראַקטן זיינען ניט אונטערגעשריבן געוואָרן, און דאָך איז דער אָפּמאַך אָפּגעהיט געוואָרן הונדערטפּראָצענטיק — אַדאַנק דער שטאַרקייט פונעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון אונדזערע דרוקער.

אַ צווייטער אינטערעסאַנטער פאַקט איז געווען די פינאַנסירונג פון דעם שטרייק. אַזוי ניך ווי דער שטרייק איז דערקלערט געוואָרן, האָבן מיר גרופּעסווייז זיך אַוועקגעלאָזן איבער די חתונה-זאַלן: פּאַסאַזש, מאַכליס און שלאָסבערגס, און ווו נאָר אַ שמחה ביי יידן — געהאַלטן רעדעס און געזאַמלט געלט. איינמאָל, ווען איך האָב גערעדט אין שלאָסבערגס זאַל, האָבן מיך 2 „נאַרדאָוואָיס" אַ נעם געטאָן, אָבער אונדזערע „באַיאָוויקעס", זאָלן לעבן, האָבן צעלאָזן זייערע הענט און דורכגעפירט אַזאַ שטיקל אַרבעט, אַז די „נאַרדאָוואָיס" האָבן גערדאַנקט גאָט, וואָס מיר האָבן זיי געגעבן אַ געלעגנהייט, זייערע מאַמעס זאָלן זיי דערקענען...

פונעם געזאַמלטן געלט האָבן מיר געהאַט געגעבן צו צאָלן פאַמיליע-מענטשן 3 רובל אַ וואָך און בחורים צו רובל און אַ האַלב אַ וואָך (דאָס גליק האָט אונדז דאַן שטאַרק צוגעשפּילט, ווייל 95 פּראָצענט פון די שטרייקערס זיינען ניט געווען קיין פאַמיליע-מענטשן).

*

עס האָט ניט געדויערט לאַנג און ראָמס דרוקעריי האָט זיך געעפנט און ס'האָבן דאָרט אַריינגעטראָמט אַרום 20—40 יונגע זעצער. אין דער זעלבער צייט זיינען דאָרט דערשינען 3 טעגלעכע צייטונגען: דער „הזמן" — אין העברעיִש, דער „וועקער" — די בונדיסטישע פּאַרטיי-צייטונג, און די „צייט" — אַ ציוניסטישע צייטונג. צו יענער צייט האָבן דאָרט געאַרבעט אַרום 50—60 זעצער, אַריינ-רעכנענדיק אויך די, וועלכע האָבן געאַרבעט אויף די רומל-ספרים. צוזאַמען האָבן אין ראָמס דרוקעריי געאַרבעט אין אַלע אָפּטיילונגען אַרום 120—130 מאַן, און אַלע האָבן געהערט צום פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון די דרוקער און איינבינדער.

דער פאַריין האָט אַרונטערגענומען אונטער זיינע פליגלען אַלע דרוקערייען אין שטאָט — צוזאַמען אַ גאַנץ היפּשע צאָל: ראָמס יידישע דרוק, סירקינס רוסישע דרוק, מאַצס פון נעאָרנעוווסקי פּראָספּעקט, ראָזענקראַנץ און שריפטזעצערס, מאַצס יידישע דרוקעריי, טאַשמאַנס, פּיראָזש-ניקאָווס, דוואָרזשעצעס א"אַנד.

די דרוקער, זעמשער און נאַרבער האָבן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין ווילנע צו יענער צייט געגעבן דעם בעסטן עלעמענט.

*

אַ סך אינצידענטן און פּאַסירונגען לויפן דורך דורכן זכרון — און אַ סך פון זיי לאָזן ניט רוען, באַזונדערס די אָנגענעמע דערינערונגען פון קאַמף און דערגרייכונגען. ווי קליין און אומוויכטיק זיי זאָלן ניט זיין לגבי די קאַמפן און זיגן פון דעם אַרבעטער ביים היינטיקן טאָג — דאָך האָבן די דאָזיקע קאַמפן מיטגעווירקט צו דער אָרגאַניזירונג פון דעם דרוקער-פאַך און פון דער אַרבעטער-באַוועגונג אין ווילנע בכלל, סיי עקאָנאָמיש און סיי פּאָליטיש.

ווי איינער פון די, וועלכע זיינען געשטאַנען ביים וויגעלע פונעם דרוקער-פאַריין אין ווילנע, פיל איך עס פאַר אַ גרויסער פּריווילעגיע אָנטיילצונעמען אינעם יובל-בוך — און איך שיק מיין בעסטן און האַרציקסטן גרוס צו די פירער און מיטגלידער פונעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון די דרוקער-אַרבעטער אין ווילנע.



**משה גראַזול** (ניו=יאָרק).

# צו דער פייערונג פון 30=יאָריקן יוביליי פון ווילנער פּראָפ׳ דרוקער=פאַריין

מײַנע ליבע חברים דרוקער=אַרבעטער!

ווען איך וואָלט זיך איצט געפונען צווישן אײַך בײַ דער פײַערונג פון דעם 30=יאָריקן יובל פון אונדזער דרוקער=פאַריין און וואָלט געפילט דירעקט אײַער יום=טובדיקע שטימונג און אײַער פרייד, וואָלט מײַן באַגריסונג געווען גאָר אַנדערש.

אין 1914, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די וועלט=מלחמה, האָב איך געמוזט פאַרלאָזן מײַן געבורט=שטאָט און אַוועק פון מײַנע אייגענע, פון מײַנע פרײַנד און חברים דרוקער=אַרבעטער.

איך ווייס, אַז די לעצטע 19 יאָר זײַנען געווען די שרעקלעכסטע יאָרן אין דער עקסיסטענץ פון דרוקער=פאַריין. דאָס זיינען געווען יאָרן פון הונגער און אַרבעטס=לאָזיקײַט, יאָרן וואָס ניט נאָר האָט קײַן רייד ניט געקענט זיין וועגן בויען. נאָר מען האָט מיט מסירת=נפש געדאַרפט אויפהאַלטן דאָס אַלטע, דאָס שוין אויפגעבויטע.

און דאָך, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס דער דרוקער=פאַריין ראַנגלט זיך פאַר זײַן עקסיסטענץ; ניט געקוקט אויף די אַלע צרות, וואָס דאָס יאָר 1914 האָט געבראַכט דער וועלט, און וואָס אויף אונדזער ווילנע איז אויסגעפאַלן דער גרעסטער חלק — איז עס אַ גרויסע פרייד, ווען אַרבעטער ציען אונטער אַ סך=הכּל פון דעם פאַרגאַנגענעם און נעמען זיך אָן מיט נײַע כּוחות צו פירן ווײַטער זייער שווערן קאַמף פאַר נײַע דערגרייכונגען.

דרײַסיק יאָר דרוקער=פאַריין אין ווילנע! — וויפיל זכרונות דאָס רופט אַרויס בײַ איינעם, וואָס איז געשטאַנען בײַם וויגעלע פון אונדזער פאַריין! וויפיל בילדער, וויפיל שיינע מאָמענטן פון די דרײַסיק יאָר קומען אַרויף אויף די געדאַנקען!

איך געדענק נאָך גוט די צײַט פון גרויסן קאַמף וואָס אונדזערע דרוקער האָבן געפירט פאַר אַן אַכט=שעהדיקן אַרבעטס=טאָג. און ווען איך וואָלט נאָר וועגן דעם אַליין געשריבן, וואָלט עס שוין געווען איינער פון די אינטערע=סאַנטסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון אונדזער דרוקער=פאַריין. איך געדענק נאָך גוט די צײַט, איידער אונדזער פאַריין איז לעגאַליזירט געוואָרן, דאָס הייסט ביזן יאָר 1905, ווען דער קלענסטער פּרוּוו צו אָרגאַניזירן די דרוקער איז געווען פאַרבונדן מיט מסירת=נפש, טורמע און פאַרשיקונג. איך וואָלט אויך געקענט דערציילן וועגן דער צײַט פון נאָכן יאָר 1905, ווען אונדזער דרוקער=פאַריין איז געשטאַנען אויף זײַן גרעסטער הויך, ווען דער פאַריין האָט געציילט ביז 800 מיטגלידער,—אָבער איך וועל עס בעסער איבערלאָזן פאַר יענע חברים מיינע דרוקער, וואָס זײַנען עד היום געקניפּט און געבונדן מיטן ווילנער דרוקער=פאַריין. איך בין זיכער, אַז די לעבעדיקע עדות, די חברים מיינע וואָס לעבן און קעמפן צוזאַמען מיט אונדזער פאַריין — זיי וועלן ניט דורכלאָזן קײַן איין=איינציקן עפּיזאָד, קיין איין וויכטיקע היסטאָרישע געשעעניש אינעם לעבן פון אונדזער פאַריין פאַר די גאַנצע דרייסיק יאָר אויף זיין לאַנגן שווערן וועג, וואָס אונדזער דרוקער=פאַריין האָט דורכ=געמאַכט.

און איך וועל זיך באַנוגענען נאָר מיט אָט די פּאָר ווערטער:

מיינע טייערע חברים דרוקער! איך באַוווּנדער אײַער ווילן און באַגער אויפצוהיטן אין זכּרון דאָס פאַרגאַנגענע. איך באַגריס אײַך פון טיפן האַרצן צו אייער יום=טוב פון 30 יאָר פאַריין=עקסיסטענץ.

מיין האַרציקסטן גרוס צו אַלע מײַנע חברים דרוקער=אַרבעטער פונעם ווילנער פּראָפעסיאָנעלן דרוקער=פאַריין.

איך ווינטש אויך די פירער פון פאַריין גענוג כּוחות אויפצוהאַלטן די אייניקייט פון די דרוקער=אַרבעטער אין זייער קאַמף פאַר אַ בעסערן און שענערן לעבן!

י. ר.

# זכרונות

## I

### די געהיימע בונדישע אײַנבינדערײַ אין שטאַב פון דער „שוואַרצער מאה“ אין ווילנע

אויף דער גרופּע אײַנבינדער — אַקטיווע טוער אין ווילנע צו גלײַך מיט די דרוקער איז אויסגעפאַלן דער כּבוד ניט נאָר צו טאָן פּאַרטיי-אַרבעט בכלל, נאָר אויך צו זײַן די „טעכניקער“ פון דער רעוואָלוציע.

ביזן 1905טן יאָר איז די אַרבעטער-ליטעראַטור געווען אומלעגאַל און יעדעס ביכל אָדער בראָשור וואָס פלעגט זיך באַקומען פון אויסלאַנד פלעגט דורכגיין הונדערטער הענט, וואָס פלעגן דאָס אויסבאַהאַלטן פון אַ פרעמד אויג.

כּדי דאָס ביכל זאָל דאָס אויסהאַלטן, האָט מען עס באַדאַרפט אײַנבינדן אין אַ לײַכטן, אָבער שטאַרקן אײַנבונד. די אָ אַרבעט האָט גענומען אויף זיך די גרופּע אַקטיווע אײַנבינדער-אַרבעטער אין ווילנע.

גראָד האָט זיך געמאַכט, אַז דער פאָרשטייער פון דער אײַנבינדער- און לינירער-גרופּע, אין די יאָרן 1902 – 1903, שלום לעווין, האָט געקראָגן אַ שטעלע אין דער אײַנבינדערײַ פון פּאַפּיר-געשעפט אַנדרייעוו (געווען דאַן אויף ווילנער גאַס) און אָט אין דער דאָזיקער אײַנבינדערײַ וואָס האָט זיך געפונען אין אַ קליין שטיבל אויפן זעלבן הויף ווו דאָס פּאַפּיר-געשעפט, האָט שלום לעווין אײַנגעאָרדנט די אײַנבינדערײַ און דעם ליטעראַטור-סקלאַד פון ווילנער בונדישן קאָמיטעט.

און הגם דער פּאַפּיר-קרעמער אַנדרייעוו איז געווען דער פאָרשטייער פון דער ווילנער פיליע פון „סאָיוז רוסקאַוואָ נאַראָדאַ“, האָט ער אָבער דעם יִדישן אײַנבינדער געגעבן אַרבעט און אַפילו אים אָנגעטרויט די שליסלען פון וואַרשטאַט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די קאָנספּיראַציע פון דער דאָזיקער בונדישער אײַנבינדערײַ, וועלכע האָט זיך געפונען אין שטאַב פון דער ווילנער שוואַרצער מאה, איז געווען שטרענג אָפּגעהיט.

מיר אָבער, אַלס סובלאָקאַטאָר אין שלום לעווינס דירה און אַלס פאָרשטייער פון די סעקציעס, איז אייניקע מאָל אויסגעקומען צו באַזוכן די געהיימע אײַנבינדערײַ און אַפילו צוהעלפן נייען מיט דער דראָט-מאַשינקע די סך עקזעמפּלאַרן פון דער „אַרבעטער-שטימע“, „בונד“ און אַנדערע דרוק-זאַכן וואָס שלום לעווין פלעגט באַקומען פון דער צענטראַלע.

די דאָזיקע געהיימע אײַנבינדערײַ איז געווען טעטיק אַ פּאָר יאָר צײַט, ביזוואַנען שלום לעווין איז אָפּגעפאָרן פון ווילנע.

## II

### אײַנבונדן מיט טאָפּלטע טאָוולען אין דינסט פון דער אַרבעטער-באַוועגונג

אין דעם לינירער- און אײַנבינדערײַ-וואַרשטאַט „מיצקון–בלאָך“ (געווען אויף סאַוויטשער גאַס) האָט געהערשט אַ „רעפּובליקאַנישע“ אָרדענונג. די שליסלען פון וואַרשטאַט פלעגן זיך געפינען בײַ די עלטערע אַרבעטער, די בעלי-בתּים האָבן געהאַט אַנדערע געשעפטן ווו זיי זײַנען געווען פאַרנומען, און האָבן ווייניק וואָס פאַרבראַכט אין וואַרשטאַט.

איינער פון מיצקונס זין רוווים (ראובן) מיצקון, אַ מיטגליד פון בונדישן קאָמיטעט אין יענע יאָרן, איז געפאַלן אויפן פּלאַן אויסצונוצן דעם אייגענעם וואַרשטאַט פאַר דער אַרבעטער-באַוועגונג. דער אײַנבינדער פון וואַרשטאַט ה. פלעגט נאָך דער אַרבעט זיך פאַרמאַכן אינעווייניק און האָט לויט רוווימס באַשטעלונג אײַנגעבונדן ביכער מיט טאָפּלטע טאָוולען.

מיט דער הילף פון אַזעלכע געבונדענע ביכער, האָט דער ווילנער בונדישער קאָמיטעט אויפגעהאַלטן אַ רעגולערן קאָרעספּאָנדענץ-פאַרקער מיט די קאָמיטעטן אין רוסלאַנד און אין אויסלאַנד. קיינעם פון די צאַרישע פּאָסט-באַאַמטע פלעגט גאָרניט אײַנפאַלן, אַז צווישן די טאָוולען פון דעם פּראַכטפול געבונדענעם בוך פון אַ גאַנץ אומשולדיקן אינהאַלט, געפינט זיך דער „דינאַמיט“ פון דער רעוואָלוציע, וואָס האָט שפּעטער צעשמעטערט דעם צאַריזם אין רוסלאַנד.



נ. שײַנער

# אָפּגעריסענע יאָרן

## (אַ ביסל זכרונות)

1903. נאָך מײַן בר-מצווה איז אין שטוב געבליבן, אַז ס'איז צײַט פאַר מיר צו נעמען זיך פאַר אַ תּכלית. אין יענער צײַט איז זעצערײַ אָנגעגאַנגען פאַר אַן איידעלער מלאכה, מחמת מ'האָט כּסדר צו טאָן מיט די שוואַרצע פּינטלעך. האָט מען מיר אָפּגעגעבן אין אַ דרוקערײַ.

קיין פּאַריין, וועלכער זאָל רעגולירן די אַרבעט, איז נאָך דעמסטמאָל ניט געווען, האָבן משמעות די אַרבעטער גופא אַכטונג געגעבן, אַז עס זאָלן זײַן וואָס ווייניקער „סטודענטן" אין די דרוקערײַען.

אויפן צווייטן טאָג ווי איך בין אָנגעקומען אין דער דרוקערײַ, ווען איך בין אַרויס מיט אַן אויסגעשמירטער נאָז, כּדי צו גיין אַהיים, איז צו מיר צוגעגאַנגען אַ מענטש, וואָס איז געווען דרײַ מאָל אַזוי גרויס ווי איך און האָט זיך אָפּגערופן צו מיר בזה הלשון:

— ייִנגעלע, אויב דו ווילסט לעבן, זאָלסטו מאָרגן ניט קומען צו דער אַרבעט – אַניט וועט מען דיר שטעכן מיט אַ מעסער...

אָפּגעזאָגט און ניט געוואָרן. אַ דערשראָקענער צום טויט בין איך געקומען אַהיים און דערציילט וועגן מײַן באַגעגעניש, און ס'האָט קיין ספק ניט געפעלט, אַז איך זאָל שוין מער קיין דרוקערײַ אין די אויגן ניט אָנזען. אָבער דאָ האָט זיך אַרײַנגעמישט מײַנער אַ קרוב, אַן אָנגעזעענער מענטש צווישן די ווילנער „קרוזשאָטשנע," וועלכער האָט זיך אָנגענומען צו ערליידיקן דעם ענין, אַז איך זאָל זײַן אַ דרוקער און איך זאָל אַפילו בלײַבן לעבן...

ווײַזט אויס, אַז ער האָט עס טאַקע דורכגעפירט. דעם בעסטן סימן האָב איך, אַז איך בין אָפּגעווען צירקא דרײַסיק יאָר אַ דרוקער און עס איז מיר ניט געשען קיין שום בייז.

ניט אומזיסט האָבן זיך אַ סך יוגנטלעכע געריסן אין די דרוקערײַען, מחמת די באַדינגונגען זײַנען געווען „גלענצנדיקע". אָנגעקומען איז מען אויף אַ דרײַ-יאָריקן טערמין: דעם ערשטן יאָר האָט מען ניט באַקומען קיין גראָשן, דעם צווייטן — אַ האַלבן רובל אַ וואָך, און די גאַנצע שמאַלץ האָבן די באַלעבאַטים איבערגעלאָזן פאַר די תּלמידים אויפן לעצטן יאָר.

אין דער דרוקערײַ, וווּ איך בין אָנגעקומען, בין איך געווען דער פינפטער ייִנגל. דערוואַקסענע זײַנען אויך ניט געווען מער. אונדז האָבן די עלטערע זעצער אַ נאָמען געגעבן „דער חדר". אונדזער אַרבעט איז באַשטאַנען פון פאָלגנ אַ גאַנג, ברענגען דעם באַלעבאָס דעם מיטאָג, אַ קאַן טיי פון טשײַנע, און אַז עס איז געבליבן פרײַע צײַט, האָט דער „חדר" געקליבן „סיפּ", ס'הייסט די אותיות וואָס פלעגן אַרויספאַלן אויף דער פּאָדלאָגע. ווײַזט אויס, אַז אין דער דרוקערײַ איז מיטן „סיפּ" געווען ווי מיטן קריגל בוימל-צוליב וואָס מיר האָבן דעם יום-טוב חנוכּה: וויפיל מיר האָבן ניט געראַמט, זײַנען די בערג געוואַקסן. דער באַלעבאָס האָט אונדז כּסדר אונטערגעיאָגט און מיר אַליין האָבן זיך אויך געסטאַרעט דעם אַרטיקל וואָס גיכער מבער צו זײַן, מחמת דער באַלעבאָס האָט אונדז צוגעזאָגט, אַז ווי נאָר מיר ווערן פּטור פון די בערג מיסט — שטעלט מען אונדז צום קאַסטן — דער גרעסטער אידעאַל פון אַ לערן-ייִנגל אין אַ דרוקערײַ.

איינמאָל האָבן מיר שיר ניט פאַרשפּילט אונדזער דרוקערשע קאַריערע — טאַקע דער גאַנצער „חדר" אין קאָרפּאָרע. מיר זײַנען אַזוי געזעסן אין ענגן צימער אַלע פינף „סטודענטן", אויסגעשמירטע ווי די שדים, בײַ די „סיפּ" און פלײַסיק געאַרבעט: געשאָטן פון איין אָרט אויפן אַנדערן, אויסגעזעצט אַ העקעלע, פלוצלונג אַ שטופּ די האַנט און — טראַך: ווידער דער זעלביקער באַרג. דער באַלעבאָס קומט אַרײַן, זעט ווי מיר פּראַצעווען און ער איז קענטיק געווען צופרידן פון אונדז. רופט ער זיך אָפּ, אַז אויב מיר וועלן עס מאַכן איינס-און-צוויי גיט ער דעם עולם אונדזערן אַ גאַנצע פלאַש ביר.

מיר האָבן געשלאָסן דעם אָפּמאַך, אָבער מיט דעם תּנאי, אַז די פינף קאָפּיקעס אויף דעם ביר זאָל ער געבן פאָרויס. מיר דאַרפן דאָס, האָבן מיר אים געגעבן צו פאַרשטיין, כּדי מיר זאָלן אַרבעטן מיט קוראַזש. זייער שווער איז אים געווען צו געזעגענען זיך מיט די עטלעכע קאָפּיקעס, אָבער סוף-כּל-סוף האָט ער אויסגעקראַצט די מטבע. פאַרשטייט





זיך, אַז מיר האָבן גלײַך געמאַכט אַ „לחיים"—זאָלבעפינפט אַ פלאַש ביר — און נאָכדעם האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט טראַכטן, ווי ווערט מען פּטור פון דעם פּגר.

איינעם פון אונדז איז אײַנגעפאַלן אַ גלענצנדיקע אידעע, וועלכע מיר האָבן תּיכּף אָנגענומען און טאַקע גלײַך אויף אָן אָרט מקיים געווען. אין דעם צימער, ווו מיר האָבן געאַרבעט, איז געווען אַ גרויסער באַק-אויוון, וועלכער איז אין דער דרוקערײַ געווען נייטיק—ווי אַ לאָך אין קאָפּ. אָט אין דעם אויוון, איז עס געבליבן, זאָל מען פאַררוקן דעם „טשאָלנט". געערעדט און געטאָן: פינף פּאָר הענטלעך האָבן גענומען פּאַקן דעם „סיפ" אין פּאַפּירן און ס'האָט ניט גע-דויערט קיין פּאָר שעה, ווי מיר האָבן געמאַכט דעם צימער פּסחדיק. פאַרנאַכטלעך קומט אַרײַן דער באַלעבאָס אַ קוק טאָן, ווו האַלטן מיר אין דער אַרבעט—ערשט עס איז ניטאָ פון דעם „סיפ" קיין סימן. ער האָט געמאַכט אַ גוואַלד—פונקט מען וואָלט אים געקוילעט. און עס איז גאָרניט קיין ווונדער: ווען דער גאַנצער „חדר" וואָלט געזעסן ימים ולילה און געאַרבעט, וואָלטן זיי אפשר באַוויזן צו מאַכן דערמיט אַ טאָלק אין אַ יאָר, און דאָ איז געשען אַזאַ „נס", אַז אין איין האַלבן טאָג איז פון די אַלע בערג „סיפ" ניט געבליבן קיין זכר...

אין דרוקערײַ האָט זיך געטאָן חושך: אַלע אַרבעטער זײַנען זיך צונויפגעלאָפן, און דער באַלעבאָס האָט געשריען מיט באַנומענע קולות:

— גזלנים, ווו האָט איר אַהינגעטאָן אַזוי פיל שריפט?..

מיר זײַנען געשטאַנען ווי אָפּגעשמיסענע און ניט אַרויסגערעדט אַ וואָרט, און בײַ דער ערשטער געלעגנהייט, ווען דער באַלעבאָס האָט זיך אָפּגעקערט אָן אַ זײַט, איז פון אונדז קיין געדעכעניש ניט געבליבן.

סוף-כּל-סוף האָט זיך דער באַלעבאָס געכאַפּט ווו דער אוצר איז באַגראָבן געוואָרן, און מ'האָט מיט גרויס פּאַראַד אַרויסגעשלעפּט די מציאה צוריק אויף דער ליכטיקער שײַן.

אויף מאָרגן איז קיין איין יינגל אין דרוקערײַ ניט געקומען, מיר האָבן פּשוט מורא געהאַט זיך צו ווײַזן אויף זײַנע אויגן.

ערשט אין אַ פּאָר טעג אַרום זײַנען מיר געקומען מיט די מאַמעס, און נאָכן צוזאָגן צו זײַן גוט און פרום, האָבן מיר זיך ווידער גענומען צו די „סיפ", אָבער אַ שטיקל נחת-רוח האָבן מיר יאָ געהאַט: די פלאַש ביר האָט ער שוין צוריק ניט געקענט נעמען...

* * *

1905. די צאַרישע מאַכט האַלט זיך נאָך פעסט, אָבער עפּעס יוירט שוין אינעווייניק. וועגן די „קרוי-זשאַטשנע" רעדט מען שוין ניט מיט קיין חוזק, נאָר מיט אַ ביסל דרך-ארץ און טיילווײַז מיט מורא. די אַרבעטער-בערזע אויף זאַוואַלנער גאַס, לעבן „הקדש", איז אַלע פאַר-נאַכט געפּאַקט — ניט דורכצושפּאַרן זיך. גאַנץ אָפט קומען פּאָר אָבלאַוועס, עס הייבט זיך אָן אַ געיעג, און אויף מאָרגן—ווידער די זעלביקע מעשה. בײַ ליפשען אין „טשײַנע" אויף הקדש-גאַס קאָכט עס ווי אין אַ קעסל. מען קען זיך קוים דערשלאָגן צו אַן אָנבײַסן. ליפשעס מאַן, אַ מאַלער-אַרבע-טער, האָט אַפילו פאַרוואָרפן זײַן פאַך און האָט זיך עוסק געווען בײַם דערלאַנגען עסן. בײַ ליפשען איז געווען די „יאַוועקע" פון די עסעסאָוועצעס. אַלע טאָג האָבן זיך דאָרטן באַוויזן נײַע פּנימער, קוריערן פון אַנדערע שטעט. עס זײַנען אָפּט דערמאָנט געוואָרן די נעמען דווינסק, וויטעבסק. עס האָט שטאַרק אימפּאָנירט די חברשאַפט צווישן די עסעס-אָוועצעס—מען פלעגט בײַם באַגעגענען אַ נײַעס חבר, זיך קושן און האַלזן.

דערווײַל האָט מען זיך נאָך באַנוצט מיט אומלעגאַלער ליטעראַטור, וואָס איז אויסגעפּאַרטיקט געוואָרן לויט דעם גוט-באַקאַנטן נוסח: ערגעץ אין אַ קעלער האָט מען געהאַט אַ ביסל שריפט, און נאָך גרויס מאַטערניש פלעגט מען אָפּ-דרוקן די פּראָקלאַמאַציעס. די צײַט האָט אָבער גענומען פאָדערן מער סחורה, און די אומלעגאַלע דרוקלעך האָבן ניט געקענט באַפרידיקן דעם גרויסן נאָכפרעג אויף דעם אַרטיקל.

דענסטמאָל האָבן זיך די ווילנער פּאָליטישע פּאַרטייען גענומען צו די לעגאַלע דרוקערײַען. די ריזיקע דערבײַ איז געווען אַ גאַנץ גרויסע, אָבער דערפאַר האָט מען דאָרטן געקענט אויפטאָן אין איין טאָג—מער ווי אין אַ חודש אין אַ אונטערערדישער דרוקערײַ.

אונדזער דרוקערײַ האָט זיך געפונען אין סאַמע רוי-שיקסטן צענטער שטאָט, אויף זאַוואַלנער גאַס און אַרײַנ-פאַלן אַהין דרוקן פּראָקלאַמאַציעס, האָט פּשוט געהייסן קריכן אין פײַער. די פּאַרטיי-סטראַטעגן האָבן אָבער גע-האַלטן, אַז דווקא דער טומל איז אַ מעלה. קיין ריזיקאַנטן האָבן צווישן זיי אויך ניט געפעלט, און אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך אַלע צונויפגערעדט—דווקא אין אָט דער דרוקערײַ האָבן זיי אָנגעהויבן אָפּשטאַטן וויזיטן.

דאָס ערשטע מאָל זײַנען אַלע געבליבן געפּלעפּטע: דורך דער פאָדערשטער טיר און דורך דער הינטערשטער האָבן זיך פּלוצים אַרײַנגעשאָטן אַ צענדלינג יונגעלײַט מיט אויסגעשטרעקטע שפּײַערס, און נאָכן אָפּזאָגן דעם פּזמון—„אין נאָמען פון „בונד" פאַרנעמען מיר די דרוקערײַ, קיי-נער זאָל ניט וואַגן זיך צו רירן—אַניט וועט מען שיסן"—האָבן זיי זיך גענומען צו דער אַרבעט. דאָס רוב פלעגן זיי ברענגען פאַרטיקע פלאַטן, אַרײַנשטעלן עס אין מאַשין, „אַנטלײַען" בײַם באַלעבאָס פּאַפּיר וויפיל מען האָט גע-דאַרפט, אָפּדרוקן צענדלינגער טויזנטער עקזעמפּלאַרן, און—ניט ווערן. ס'ערשטע מאָל איז שיער ניט געקומען צו אַ גרויסער אַוואַנטורע. ווער עס איז נאָר אַרײַנגעקומען אין דרוקערײַ, האָט מען שוין צוריק ניט אַרויסגעלאָזן. איז זיך אַרײַנגעקומען אַ ניט-היגער חתן באַשטעלן חתונה-בילעטן,





האָט זיך אויסגעקליבן אַ מוסטער פון בילעט — פון אויבן אַ מגן-דוד און אין די זײַטן פייגעלעך–געגעבן האַנטגעלט, און ער וויל זיך שוין נעמען צו דער קליאַמקע. ערשט — סטאָפּ!

— איר וועט זיך באַמיען צוזעצן. ווען איר וועט מעגן אַרויסגיין, וועט מען אײַך אָנזאָגן...

דער חתן האָט זיך גענומען בונטעווען, אָנגעהויבן ריידן אויף די הויכע טענער–האָט אַ פּינקל געטאָן אַ שפּײַער לעבן זײַן נאָז, און ערשט דענסטמאָל האָט ער פאַרשטאַנען מיט וועמען ער האָט אַן עסק.

אַ צווייטער אינצידענט איז פאָרגעקומען מיט אונדזערן אַן אַרבעטער — אַן אָפּגעשטאַנענער, וועלכער האָט קיין אַנונג ניט געהאַט וועגן דער גאַנצער חתונה. ס'איז געקומען מיטאָג-צײַט, האָט ער, ווי אַלע מאָל, אָפּגעוואַשן די הענט, אָנגעטאָן דעם גומענעם קראַגן מיטן אויסבינדער, אויסגע-פּוצט די וואָנצעס אין שפּיגעלע, אַרויפגעצויגן דעם מאַנטל און לאָזט זיך צו דער טיר.

— יונגערמאַן—האָט זיך צו אים אָפּגערופן איינער פון דער חברה—איר וועט ניט גיין... איר זײַט אַרעסטירט...

יענער האָט אויף אים אויסגעגלאָצט זײַנע גרויסע שוואַרצע אויגן, האָט זיך גענומען קלאַפּן אין האַרצן מיט די קולאַקעס:

— פיר יאָר האָב איך געדינט דעם קייסער און בין קיין איין מאָל ניט אַרעסטירט געווען, אַפילו קיין „זאַמע-טשאַניע" ניט געהאַט, און איר וועט מיר אַרעסטירן? ווער זענט איר דאָס אַזעלכער? כ'רוף שוין אַרײַן אַ גאָראָדאָוואָי!

בקיצור, מען האָט געבראַכט שטריק און ס'האָט שיר ניט געהאַלטן, מ'זאָל דעם מענטשן בינדן.

אַ מיטאָג האָבן מיר שוין יענעם טאָג געגעסן אַ „קאַ-זיאָנעם". חברה האָבן אַרײַנגעבראַכט אַ לאַבן ברויט, הערינג און קעז, מיר האָבן אַרײַנגענומען דעם חתן-בחור אינמיטן און האָבן זיך משמח געווען. ערשט שפּעט בײַנאַכט האָט מען אונדז באַפרײַט.

אַזעלכע וויזיטן זײַנען געוואָרן אַ מעשה בכל יום. דער באַלעבאָס פון דער דרוקערײַ האָט זיך ניט געקענט באַקלאָגן, אַז ער האָט צו ווייניק אַרבעט. דערצו איז ער בײַ פּאָפּן געוואָרן אַ גרויסער אָפּנעמער פון פּאַפּיר, און ווי ער פלעגט עס נאָר ברענגען, האָט מען תיכף געמאַכט אַ „פּאַטשאַטעק"...

עס זײַנען אַמאָל אויך געקומען אַנאַרכיסטן און עסע-ראָווצעס. אָבער דער הויפּט-קאָנסומענט פון דער דרוקערײַ איז געווען דער „בונד" — ער האָט געגעבן צו לייזן ראַק מער. עס איז אונדז ניט איינמאָל אויסגעקומען צו נעכטיקן אין דרוקערײַ, ווײַל די אַרבעט איז נאָך ניט געווען פאַרטיק...

איינמאָל האָט דער באַלעבאָס געוואָלט זײַן אַ חכם. דער „בונד" איז געקומען דרוקן אַ פּראָקלאַמאַציע. דאָס מאָל האָט ער ניט געבראַכט קיין אָפּגעגאָסענע פּלאַטע, נאָר אויסגעזעצטן זאַץ. מ'האָט עס געדרוקט אַ גאַנצן טאָג און אויך די נאַכט. פאַרטאָג האָבן חברה געכאַפּט אַ ווײַלע אַ דרעמל, און אַזוי ווי די מאַשין איז געשטאַנען, איז ער צוגעגאַנגען שטילינקערהייט און צעגראַבלט דעם גאַנצן זאַץ. ער האָט געמיינט, אַז וויבאַלד דער זאַץ איז שוין ניטאָ, וועלן זיי זיך ניט גיין פאַרדרייען מיטן אויסזעצן אַ נײַעם זאַץ. ער האָט אָבער געהאַט אַ ביטערן טעות. ווען חברה האָבן אויפגעעפנט די אויגן און דערזען דעם בראָך—האָט מען גלײַך צעשניטן די פּראָקלאַמאַציע אויף שטיקלעך, און צען פאָר הענט האָבן זיך גענומען מיט ברען צו דער אַרבעט. עס האָט ניט געדויערט קיין שעה, ווי די מאַשין האָט שוין אַרויסגעוואָרפן פרישע פּראָקלאַמאַציעס.

דער באַלעבאָס האָט געזען, אַז ס'איז קיין תכלית ניט, ער וועט ווערן אויס מדפיס און דערצו האָט ער שטאַרק מורא געהאַט, מ'זאָל אַמאָל ניט דורכפאַלן און מ'וועט אים נאָך חושד זײַן, אַז ער האָט דערפון פּרנסה, איז ער אַוועק אין „אוטשאַסטאָק" און געמאָלדן דעם פּרי-סטאַוו, אַז מ'איז באַפאַלן זײַן דרוקערײַ, און אויב ער וויל, אַז דאָס זאָל זיך מער ניט איבערחזרן, זאָל ער זען אַן עצה.

סניטקאָ, אָדער סניטקין, ווי מ'האָט אים גערופן, דער פּריסטאַוו פון ערשטן צירקל, האָט זיך אָן דער מעשה אָנגעכאַפּט ווי אָן אַ הייסן שטיין. סניטקאָ, מיט דער ברייטער באָרד, אַז ער האָט אַרײַנגעכאַפּט אין זײַנע הענט אַ פּאָליטישן, האָט יענער קיין האָניק ניט געלעקט. פאַר-קערט, פאַר די קרימינעלע און גנבים איז ער געווען ווי אַ טאַטע. וועגן אים האָט מען דערציילט אַזאַ זאַך: ווען מען פלעגט צו אים ברענגען אַ קעשענע-גנב, וועלכער האָט נאָך די גנבה געהאַט בײַ זיך, פלעגט דער גנב פאַלן פאַרן פּריסטאַוו אויף די קני, און פאַראיינוועגס אַרײַנשפּאַרן אים אין כאַליאַווע פון שטיוול דעם געגנבעטן פּאַליאַרעס. ערשט נאָכדעם פלעגט מען דעם גנב באַזוכן, און ס'פלעגט זיך אַרויסווײַזן, אַז מ'האָט נעבעך אויף אַן אָרנטלעכן בירגער אויסגעטראַכט אַ בילבול. און דער געליטענער פלעגט נאָך אַרײַנכאַפּן אַ פאָרציע מי-שברכס סײַ פון פּריסטאַוו, סײַ פון גנב...

סניטקאָ האָט צוגעטראַכט אַזאַ מיטל קעגן די „אי-בערפאַלן" אויף דער דרוקערײַ: דער גאָראָדאָוואָי וואָס איז געשטאַנען ניט ווײַט פון דער דרוקערײַ אויף זײַן שטענדיקן פּאָסטן, האָט געדאַרפט עטלעכע מאָל אַ טאָג אַרײַנכאַפּן זיך אַ שמעק טאָן, צי ס'זײַנען ניטאָ קיין אורחים.

דער גאָראָדאָוואָי האָט גענומען אָפּשטאַטן זײַנע וויזיטן, און דער באַלעבאָס האָט זיך געריבן די הענט פון שמחה—פטור געוואָרן פון די אומגעבעטענע געסט. עטלעכע טעג איז טאַקע געווען שטיל — אַזוי ווי די חברה וואָלטן אין וואַסער אַרײַן.

מיטאָמאָל—מזל-טוב: זיי זײַנען ווידער דאָ. דער באַלעבאָס וואָרנט זיי, אַז מ'וועט זיי זיכער אַרעסטירן, מחמת דער גאָראָדאָוואָי קען יעדער רגע אַרײַנגיין. אָבער די „בונדאָווצעס" טרייסטן אים, אַז זיי נעמען שוין די ריזיקע אויף זיך. דענסטמאָל האָט ער זיי געזאָגט, אַז ער וועט מאַכן אַ גוואַלד — סײַדן מען זאָל אים בינדן—וועט עס כאָטש הייסן, אַז ער האָט זײַן חוב געטאָן, נאָר מ'האָט אים ניט געהערט...

די טובה האָט מען אים געטאָן. מ'האָט געבראַכט שטריק, אָוועקגעזעצט אים אויף אַ שטול, אַרומגעבונדן און מ'האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט.

בײַ די אַרבעטער פון דער דרוקערײַ איז דאָס מאָל די שטימונג געווען זייער אַ נערוועזע, מחמת מ'איז געווען זיכער, אַז חברה גייען אויף אַ הונדערטפּראָצענטיקן דורכפאַל. דערווײַל פליען פון מאַשין פּראָקלאַמאַציעס, קיין „אָפּנעמער" פעלן ניט; פּאַרטיק אַ פּעקל, און ער איז באַלד ניטאָ.

און דאָ קומט דער מאָמענט, אויף וועלכן אַלע האָבן זיך געריכט: דער גאָראָדאָוואָי לאָזט זיך אַרײַן, ער זעט, אַז עס איז קיין עין הרע אַ היפּשער עולם, ער גייט אַרײַן אין מאַשין-שטוב—דער באַלעבאָס זיצט אַ געבונדענער און פון מאַשין פליען די באַקאַנטע לענגלעכע בלעטלעך...

מיר האָבן געמיינט, אַז ער ציט באַלד אַרויס זײַן שפּײַער, און עס וועט ווערן אַ באַטאַליע. ערשט, ער דרייט זיך אויס, לייגט צו די האַנט צום היטל—אַלץ, הייסט עס, אין בעסטער אָרדענונג. דער גאָראָדאָוואָי איז אַוועק צוריק אויף זײַן פּאָסטן, און די פּראָקלאַמאַציעס האָבן זיך גע-דרוקט—ווי ס'וואָלט קיין זאַך ניט געשען.

ערשט דרײַ שעה נאָכן גאָראָדאָוואָיס אַוועקגיין, האָט זיך דער עולם עוואַקואירט. דענסטמאָל האָט דער באַלעבאָס אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די שטריק, איז אַראָפּגעלאָפן אויפן גאַס און געמאַכט אַ גוואַלד.

ס'איז גלײַך געקומען דער פּריסטאַוו מיט נאָך פּאָ-ליציאַנטן, זיי האָבן געשמעקט אַהער און אַהין—ניטאָ קיין זכר. אויף מאָרגן האָט מען אונדז אַלעמען, מקטון ועד גדול, אײַנגעלאַדן אין אוטשאַסטאָק.

אין דער פרי, ווען מיר האָבן זיך שוין געקליבן גיין צו סניטקאָן—דער נעכט־קער גאָראָדאָוואָי איז דאָ, און ער פאַרלאַנגט פון אונדז אַ טובה, וואָס עס גייט אים אין לעבן: מיר זאָלן זאָגן, אַז בשעת ער איז געווען אין דער דרוקערײַ, זײַנען יענע חברה דאָרטן נאָך ניט געווען.

ער האָט אונדז געזאָגט, אַז ער האָט אַלץ פאַרשטאַנען, סײַ לויט דער צאָל מענטשן, סײַ לויט די ניט באַקאַנטע פּנימער, אלא וואָס? ער איז ערשטנס אַ טאַטע פון קינדער און האָט מורא געהאַט פאַר זײַן לעבן, און צווייטנס, איז ער אַ סימפּאַטיקער פון „בונד"...

מיר האָבן דעם גאָראָדאָוואָי מיט דער גרויסער סאָבּליע עטלעכע מאָל דערלאַנגט אַ הייב אין דער הייך און מיט אַ „הורא" האָבן מיר זיך געלאָזן צו סניטקאָן. די פּראָצעסיע איז געווען אַ גאַנץ אָריגינעלע: דער באַלעבאָס מיטן גאַנצן שטאַט און אינמיטן אַ גאָראָדאָוואָי, די שטימונג און דער אויסזען אונדזערער איז געווען אַזאַ, אַז גיכער האָבן מיר געפירט דעם גאָראָדאָוואָי — ווי ער אונדז...

סניטקאָ האָט אונדז געפרווט דרייען אַהער און אַהין, געטופּעט מיט די פיס—אַזש די שפּאָרן האָבן אָפּגעקלונגען, אָבער ער האָט גאָרניט געקענט מאַכן—מיט גנבים איז ער גיכער דורכגעקומען.

נאָכדעם האָט מען אונדז אַוועקגעפירט צום „זשאַנ-דאַרמסקן"—אַ הויכער אָפיציר און אַ גרעסערער מומחה אין אַזעלכע ענינים ווי סניטקאָ. ער האָט אונדז געוויזן פאָטאָ-גראַפיעס — אַלץ באַקאַנטע ווילנער בונדיסטן און אַנדערע פּאַרטיי-טוער — און מיר מיט איין קול: ניטאָ קיין איינער צווישן זיי, וואָס זאָל האָבן געווען אין דער דרוקערײַ...

* * *

יאַנואַר 1907. איך אַרבעט אויפן העברעאישן „הזמן". דער באַלעבאָס איז פּײַוול מאַרגאָלין—דער שפּעטער באַרימט געוואָרענער אַרויסגעבער פון די „לעצטע נײַעס" בעת דער דײַטשער אָקופּאַציע.

ווי בהוואוסט, עקסיסטירט איצט אין אַ סך צײַטונגען די ציל-אַרבעט: יעדער זעצער דאַרף מאַכן אַ באַשטימטע צאָל שורות. אויב איך האָב ניט קיין טעות, איז אָט די סיסטעם ס'ערשטע מאָל אײַנגעפירט געוואָרן אויפן „הזמן". גענומען האָט זיך עס דערפון: אויף דער צײַטונג האָבן גע-אַרבעט פערצן זעצער, און ווי עס פלעגט קומען צום שטעלן דעם נומער—איז קוים געווען אויף צוויי זײַטן. די זעצער האָבן זיך נוהג געווען אַזוי ווי מ'האָט געצאָלט שכירות איינעם אַ רב. בײַ אַ רב האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ פעסל און יעדער באַלעבאָס האָט געדאַרפט אַהין אַרײַנגיסן אַ קוואַטירל ווײַן. האָט זיך איינער מיישב געווען: וואָס פאַר אַ ווערדע וועט עס האָבן אַ קוואַטירל וואַסער אויף אַזוי פיל ווײַן? אָבער דעם חשבון האָבן געהאַט אַ סך באַלעבאַטים, און דער סוף איז געווען, אַז דער רב האָט געפונען אַ פעסל וואַסער.

די צײַטונג האָט כמעט אַלע טאָג פאַרשפּעטיקט צוליב דעם, וואָס עס איז ניט געווען וואָס צו שטעלן אין נומער. מ'האָט געזוכט פאַרשיידענע תּרופות און צום סוף האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אויף ציל-אַרבעט. גלײַך אויפן צווייטן טאָג האָט שוין דער נומער ניט פאַרשפּעטיקט און עס זײַנען נאָך איבערגעבליבן אַ פּאָר אַרטיקלען.

אין יענער צײַט איז אויסגעבראָכן אַ שטרײַק, וואָס איז אפשר איינער אין דער גאַנצער וועלט—צוליב אַ קאָנ-טראַמאַרקע אין טעאַטער. ביעלאַיעוו, דער דירעקטאָר פון דער רוסישער טרופּע, וואָס האָט געשפּילט אין אַלטן ראַטהויז, האָט געגעבן אינגאַנצן איין קאָנטראַמאַרקע פאַר דער צײַטונג, און אָט די איינציקע קאָנטראַמאַרקע האָט





צוגענומען די רעדאַקציע. די זעצער האָבן זיך געבונטעוועט, געפירט אונטערהאַנדלונגען, אָבער אָן דעם מינדסטן דערפאָלג.

אַזוי ווי אַלע פרידלעכע מיטלען צו דערגרייכן די געדרעכטע זאַך זײַנען אויסגעפּרוּווט געוואָרן — איז געבליבן דער לעצטער מיטל: אַ שטרײַק.

דער באַלעבאָס האָט געמיינט, אַז מען לאַכט עס: צוליב אַ קאָנטראַמאַרקע וועט מען וואַרפן די אַרבעט? ער האָט אָבער אַ טעות געהאַט: די צײַטונג איז דרײַ טעג ניט אַרויס און אויסגעפירט האָט—די רעדאַקציע, און מיר האָבן מיט חרפּה דעם שטרײַק פאַרשפּילט, און אין שטאָט האָט מען נאָך געשאָטן זאַלץ אויף אונדזערע וווּנדן, מען האָט פון אונדז געלאַכט אין די הויפנס, און אין דער גאַנצער דרוקערשער ווילנע איז דער שטרײַק געווען די טעמע פון טאָג.

* * *

גלײַך ווי עס איז אויסגעבראָכן די וועלט-מלחמה און די צאַרישע אַרמייען האָבן געליטן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער, האָבן זיך די קלוגע קעפּ אין די „הויכע פענסטער" געכאַפּט, אַז די סיבה דערפון איז די — ייִדישע פּרעסע. קיין סך ייִדישע צײַטונגען זײַנען דענסטמאָל ניט געווען, אָבער אַ קלאַפּ איז עס געווען אַ צווייִקער: דער ייִדישער עולם איז געבליבן אָן אַ לעבעדיקן וואָרט, און די ייִדישע זעצער—אָן אַרבעט.

די דאָזיקע לאַגע האָט זיך געצויגן ביז דער דײַטשער אָקופּאַציע. ווען די דײַטשן האָבן פאַרנומען ווילנע, האָבן זיך די רוסישע זעצער—מיר מיינען דאָ ייִדישע זעצער וואָס האָבן געזעצט רוסיש—מיט די זעצער אין די ייִדישע דרוקערײַען געגעבן די הענט: סײַ די און סײַ די האָבן ניט געהאַט קיין אַרבעט. אין יענער צײַט זײַנען די רוסישע זעצער געווען אין אַן ערגערער לאַגע, מחמת רוסיש איז געווען טרייף ווי חזיר, און ס'איז ניט געווען קיין שום האָפענונג, אַז די לאַגע זאָל זיך בײַטן—סײַדן דער אָקופּאַנט זאָל אַוועקגיין. אַלע רוסישע דרוקערײַען זײַנען ווי אָפּגעשטאָרבן.

פאַרקערט, די ייִדישע דרוקערײַען האָבן יאָ געקענט אַרבעטן. מ'האָט קיינעם ניט געשטערט צו דרוקן חומשים און מחזורים, נאָר זיי האָבן די „פּריווילעגיע" ניט געקענט אויסנוצן פּשוט דערפאַר, ווײַל עס איז אָפּגעשניטן געוואָרן דער אָפּזאַץ-מאַרק סײַ פון מזרח, ווו עס האָט זיך געצויגן דער פראָנט, סײַ פון מערב, מחמת די דײַטשע ייִדן האָבן זיך אין דעם אַרטיקל ניט שטאַרק גענייטיקט. אויך דער אינערלעכער מאַרק איז אָפּגעשטאָרבן, ווײַל די פּוילישע ייִדן איז דענסטמאָל געלעגן אין קאָפּ ניט מחזור, נאָר—ברויט.

אָבער ווי גוטהאַרציק די אָקופּאַנטן זײַנען געווען צו רעליגיעזע ספרים—אַזוי האַרט זײַנען זיי געווען, ווי עס איז נאָר געקומען צו אַ לעבעדיקן ייִדישן וואָרט. קריגן אַן ערלויבעניש אַרויסצוגעבן אַ ייִדישע צײַטונג איז אָנגעקומען קריעת ים-סוף. אין ווילנע איז דערלויבט געוואָרן איין ייִדישע צײַטונג—„לעצטע נײַעס". די צײַטונג האָט געקענט באַשעפטיקן אַ פינף פּראָצענט פון אַלע אַרבעטסלאָזע זעצער אין ווילנע, אַרײַנגערעכנט די רוסישע, וועלכע האָבן נאָך, אמת, דענסטמאָל קיין השגה ניט געהאַט, ווי אַזוי מען זעצט פון רעכטס אויף לינקס און האָבן אין די גוטע יאָרן דערפאַר געציטערט—ווי דער טײַוול פאַר ווייראיך. זעצער, וואָס האָבן זיך ניט אָפּגעשראָקן פאַר די קאָמפּליצירטסטע טאַבעלעס און דיאַגראַמעס, וואָס פלעגן מיט „הוילע הענט" אויסצאַצקען די שענסטע אַפישן—זײַנען געבליבן געפּלעפטע סײַ פאַר דער ייִדישער „קאַסע" (זאַק-קאַסטן) און סײַ פאַרן ייִדישן שריפט, און ווער רעדט נאָך —נקודות, טראָפּ אָדער רש"י-שריפט—דאָס איז גאָר געווען געפערלעך. מען טרעפט נאָך אַפילו הײַנט זעצער פאַרביסענע „רוסאָפילן", וועלכע זעצן ייִדיש נאָר פון רוסישע קאַסעס און פון לינקס אויף רעכטס, מאַכן פאַרשיידענע מאַניפּולאַציעס מיט די שורות, און קענען ניט, צי זיי ווילן זיך ניט אונטערגעבן...

פאַרקערט, די ייִדישע זעצער זײַנען אַלעמאָל געווען מער „באַקאַנט" מיט דער רוסישער שפּראַך, און עס פלעגט זיי אויסקומען אַ מאָל זיך מיט איר צו באַנוצן. למשל, איין מאָל אין אַ יאָר, אַז מען פלעגט ענדיקן אַ ספר, פלעגט מען דאַרפן אויסזעצן דעם „דאָזוואָלענאָ צענזוראָיו" אָדער אַן אַדרעס. עס פלעגן זיך, אמת, שפּאַלטן אַלע הימלען, אָבער מען פלעגט איבערקומען אַלע שוועריקײַטן און די שורה אויסזעצן.

אַז מאַרגאָלין האָט גענומען אַנגאַזשירן זעצער, זײַנען די רוסישע זעצער אַפילו ניט געקומען אין באַטראַכט, און אַפילו צווישן די ייִדישע האָט ער געזיפּט און געקליבן— וועמען זײַן האַרץ האָט געגלוסט. ווער עס זאָל דעם ענין רעגולירן איז ניט געווען און ווער עס זאָל זיך אים שטעלן אַנטקעגן—אוודאי ניט, ווײַל גלײַך בײַם עפענען די צײַטונג האָט מען געפילט צוויי פּאָר שטיוול אויפן האַלדז: איינע פון די דײַטשע אָקופּאַנטן, און די צווייטע פון באַלעבאָס, וועלכער האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אייגנטלעך האָט ער דאָ כמעט אַליין ניט קיין מאַטעריעלע כוונות, נאָר איז אויסן, אַז די ייִדישע שפּראַך זאָל ניט פאַרשעמט ווערן...

עס איז פאַרשטענדלעך, אַז געריסן האָט מען זיך צו דער צײַטונג מיט אַלע כוחות, ווײַל עס איז אין יענער פינסטערער צײַט פון הונגער געווען דער איינציקער פּלאַץ, ווו אַ זעצער האָט עפּעס געקענט פאַרדינען. דערצו האָבן די וואָס האָבן געאַרבעט אויף דער צײַטונג געהאַט די פּריווילעגיע, וואָס מען האָט זיי ניט געכאַפּט אויף צוואַנג-אַרבעט בעת די אָכטע אָבלאַוועס אויף די ווילנער גאַסן, און האָבן געהאַט רעכט צו גיין אין גאַס די גאַנצע פיר-און-צוואַנציק שעה אין מעת-לעת.

אָט די לאַגע האָט אויסגענוצט דער באַלעבאָס און האָט אײַנגעשטעלט אַזעלכע שכירות, וואָס מ׳האָט מיט דעם ניט געקענט לעבן און ניט שטאַרבן, און בײַם קלענסטן ווידערשטאַנד איז געשטאַנען דער שאָטן פון הונגער-טויט און צוואַנג-אַרבעט.

די אַרבעט איז געווען אַ שווערע און אָנגעשטרענגטע— מערסטנטייל דורך די אָוונטן און נעכט. אָבער אויף וויפיל די זעצער האָבן זיך אַרויסגעיאָגט דאָס געזונט צו מאַכן פאַרטיק דעם נומער—אויף אַזוי פיל האָט מאַרגאָלין געהאַט צײַט צו פראַווען זײַנע אויסטערלישע שטיק בײַם סטיליזירן דעם לשון. מען דאַרף וויסן, אַז אין פרט פון איזדיעקווען זיך האָט ער גלײַכבאַרעכטיקט די זעצער מיט דער רעדאַקציע: קיין איין שורה איז ניט דורכגעגאַנגען אין נומער, ווו ער האָט עס פריער ניט דורכגעקוקט, און ערשט נאָכדעם, אַז די זײַטן זײַנען געוואָרן פאַרטיק, פלעגט ער זיך מיט אַ גזלנישער רויִקייט אַוועקזעצן סטיליזירן און שלײַפן די שפּראַך. ער פלעגט אָנמאַכן אין נומער ממש אַ פּאָגראָם, איבערמאַכן גאַנצע זאַצן, „פאַרריכטן״ ווערטער, אַרײַנשטעלן אַזעלכע העברעיִשע אויסדרוקן און ווערטער, וואָס זײַנען געוואָרן דענסטמאָל אַ שם-דבר אין גאַנצן אָבעראָסט, ווי שקלא-וטריא, פּקפּוקים וכדומה. דעם אמת מוז מען זאָגן אָבער אַז פאַר אָט דער אַרבעט האָט ער געצאָלט מיט דער פולער האַנט.

מיט די שכירות, וואָס מען פלעגט אַלע וואָך אויסצאָלן — צו מאַרק מיט געציילטע פעניגן האָט גענומען אַ זעצער — האָט מען קיין סך ניט געקענט אויפטאָן, און וויפיל מען האָט מיט מאַרגאָליגען ניט גערעדט און אויפגעוויזן, אַז ער האָט אַ גאָלדענעם געשעפט – ביז צען טויזנט אַ טיראַזש און פאַר אַנאָנסן האָט ער גענומען משוגענע פרײַזן — האָט עס ניט געהאָלפן.

האָט מען געהונגערט און געאַרבעט. ניט איינער איז בײַ דער אַרבעט קראַנק געוואָרן, און איין זעצער — משה בענגיס — אַ שטילער און באַשיידעגער חבר — האָט ניט אויסגעהאַלטן און איז געשטאָרבן.

אַז מען איז געקומען צו מאַרגאָלינען און אים איבערגעגעבן די טרויעריקע בשורה און מען האָט פון אים פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל מיט עפּעס מפצה זײַן בענגיסעס אַלטן טאַטן און געבן צושטײַער אויף דער קבֿורה — האָט ער אַראָפּגענומען די האַנט פון האַרצן און זיך אָפּגערופן:

— גיט אַ גרויסן אַנאָנס וועגן זײַן טויט...

און דערמיט האָט ער יוצא געווען.

אין דער זעלביקער צײַט, ווען סײַ בײַ די זעצער און סײַ בײַ די רעדאַקציע-מיטאַרבעטער איז די דחקות געווען אין לשער, האָבן זיך צו מאַרגאָלינס שטוב וואָס איז געווען אין שכנות מיט דער דרוקערײַ, געצויגן כסדרדיקע קאַראַוואַנען פון דאָס שענסטע און בעסטע, וואָס אין שלום-צײַט פאַרגינט זיך עס גיט אַבי-ווער: דאָ האָט צו אונדז פאַרבלאָנדזשעט אַ טרעגער מיט אַ קאַסטן ווײַן, דאָ האָט מען געבראַכט אַן אַנדער ענלעכן אַרטיקל פון ערשטן געבראויך. דערצו פלעגט ער גלאַט פון דײַטשן, ווי אַ מקורבֿ למלכות, באַקומען פאַרשיידענע יקר-המציאותן אין יענער צײַט—ווי זעק ווייצענע מעל—צום קלעפּן די אַדרעסן אויף די צײַטונגען... נאַפט און שפּירט, און דאָס אַלץ האָט, פאַרשטייט זיך, אַוועקגעוואַנדערט צו מאַרגאָלינען אין קיך אַרײַן...

מיר האָבן אַ סך מאָל אין געהיים געשמועסט מיט דער רעדאַקציע מכּוח דער לאַגע. די מיטאַרבעטער זײַנען געווען פאַרביטערט ניט ווייניקער פון אונדז, אָבער ס׳איז גאָרנישט געוואָרן .די אילוזיע פון די כּלומרשטע פאַרדינסטן און די האַרטקייט פון באַלעבאָס האָבן אָפּגעהאַלטן פון יעטוועדער אַקציע.

אַז מען פלעגט ריידן מיט מאַרגאָלינען מכּוח אַ הוספה, פלעגט ער מאַכן אַן אָנשטעל, אַז ער אַליין לעבט געבעך אויך אין דחקות און קוים וואָס ער האַלט אײַן די גאַנצע געבײַדע.

עס איז אָבער געקומען אַ טאָג, ווען מ׳האָט שוין פשוט ניט געקענט אַריבערטראָגן. מיר האָבן געמאַכט אַן אסיפה רבה מיט דער רעדאַקציע, אַרומגערעדט די גאַנצע לאַגע, און עס איז געבליבן, אַז ד״ר אָלשוואַנגער — דער פאַקטישער רעדאַקטאָר, אַ גאָלדענער מענטש מיט אַ ביסל משונהדיקע מאַניערן — זאָל זיך מיען פאַר אונדז אַלעמען אין די „הויכע פענסטער״.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן – יענער פרימאָרגן איז טאַקע געווען אַ שיינער – איז דער טײַערער אָלשוואַנגער געקומען מיט דער גוטער בשורה, אז ס׳איז אַלץ ערליידיקט: מ׳האָט צוגעגומען די דערלויבעניש בײַ מאַרגאָלינען און איבערגעגעבן אָלשוואַנגערן. ער האָט עס פאַר זיך ניט אויסגענוצט, און ס׳איז געבליבן, אַז מיר מאַכן אַ קאָאָפּעראַטיוו.

גערעדט און געטאָן: מאַרגאָלין ווײַס נאָך פון קיין פותר חלום ניט, וואַרט, אַז דער עולם זאָל פאַרנאַכט קומען צו דער אַרבעט, און מיר זעצן שוין אַ נומער אין אַן אַנדער דרוקערײַ. אויב איך האָב ניט קיין טעות, האָבן מיר אַפילו פון יוצא וועגן געשיקט צו אים אַ דעלעגאַציע מכּוח אַ הוספה, אָבער ער האָט אַפילו ניט געוואָלט הערן און זען — עס קאָסט אים אַליין טייערער.

ער האָט זיך אָבער אויף אונדז ניט דערוואַרט, און אויף מאָרגן איז די צײַטונג אַרויס, און מיר זײַנען פטור געוואָרן פון מאַרגאָלינען. ער האָט אַפילו געפּרוּווט אָפּשרײַען די גזירה, אָבער ס׳האָט אים ניט געהאָלפן.

אַז מיר זײַנען געקומען צו זיך נאָך דער גרויסער איבערקערעניש און האָבן גענומען גאָכזען, ווו האַלטן מיר אין דער וועלט מכּוח פרנסה, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מאַרגאָלין איז געווען „גערעכט״, דאָס געשעפט האָט טאַקע ניט געטראָגן: גלײַך די ערשטע וואָך האָבן אַלע פאַרדינט דרײַ מאָל אַזוי פיל אויסער כּפּעציעלע אויסצאָלונגען.

אַזוי האָט זיך געענדיקט דאָס קאַפּיטל „שרגה-פײַוול מאַרגאָלין״, וואָס איז יאָרנלאַנג געווען דער ברויטגעבער אין ווילנער דרוקערשן פאַך.



# דרוקער־אַרבעטער אין „ראָמאַנאָווקע"

דעם 18טן פעברואַר 1904 האָבן די פּאָליטישע פאַרשיקטע אין יאַקוטסק און אין דער אַרומיקער געגנט, אַלס פּראָטעסט קעגן דעם שרעקלעכן רעזשים, וואָס דער סיביר־ער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט דאַן איינגעפירט פאַר די פאַרשיקטע, זיך פאַרבאַריקאַדירט אין יאַקוטסק, אין ראָמאַנאָווס הויז, אַרויסגעהאַנגען אַ רויטע פאָן און אַרויסגעשטעלט 5 פאָדערונגען ווענן פאַרלייכטערן דעם איינגעשטעלטן רעזשים.

די פאַרבאַריקאַדירטע פּאָליטישע פאַרשיקטע זיינען אייניקע מאָל באַשאָסן געוואָרן דורכן מיליטער. ס'איז דערהרגעט געוואָרן דער פּאָליט־פאַרשיקטער יורי מאַטלאַכאָוו און עטלעכע אַנדערע זיינען פאַרוווּנדעט געוואָרן.

די פּאָליטישע פאַרשיקטע האָבן זיך געהאַלטן ביזן 7טן מערץ און האָבן זיך אונטערגעגעבן ערשט דאַן, ווען דאָס גאַנצע הויז איז שוין געווען דורכגעלעכערט פון אַלע זייטן. זיי זיינען גלייך אַרומגערינגלט געוואָרן און אַוועקגעפירט געוואָרן אין טורמע.

דער פאָרגעקומענער פּראָצעס האָט דאַן אַרויסגערופן אַ שטורעם אין גאַנץ אייראָפּע.

אַלע אָנטיילנעמער זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צו 12 יאָר קאַטאָרגע. שפּעטער איז דער אורטייל לגבי אַ טייל געמילדערט געוואָרן און ערשט די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין רוסלאַנד אין די יאָרן 1905—1906 האָבן זיי באַפרייט אינגאַנצן.

אין „ראָמאַנאָווקע"־אויפשטאַנד האָבן אויך אָנטייל גענומען פינף דרוקער־אַרבעטער: מאָטל קאַמערמאַכער, אַראָן זאַלקינד, משה לוריע, שלמה העלמאַן און אַלעקסאַנדער זשוראַוועל (די ערשטע צוויי—ווילנער).

מאָטל קאַמערמאַכער (דער עלטסטער זון פון דעם ניט לאַנג פאַרשטאָרבענעם דרוקער־מאַשיניסט שמואל קאַמערמאַכער) איז נאָך אַלס יינגל אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער באַפרייונגס־באַוועגונג. ער ווערט אַרעסטירט פאַר אַרבעטן אין אַ געהיימער דרוקעריי. דער מאַניפעסט פון 17טן אָקטאָבער 1905 באַפרייט אים. ער קומט צו זיינע עלטערן אין ווילנע און רוט ניט אַ מינוט. ער פלעגט דאַן קענען אַליין אָנשרייבן אַ פּראָקלאַמאַציע, אַליין אויסזעצן און אַליין פאַרטיילן. מען פלעגט אים אין יענע טעג זען אַרומלויפן מיטן אויפגעשטעלטן מאַנטל־קראַגן, זיין קאַפּעלוש פאַרריסן אויף הינטן, די בלאָנדע האָר אַרויסגעשטאַרצט פון פאָרנט, ניט אַרויסלאָזנדיק דעם פּאַפּיראָס פון מויל. אַזוי פלעגט ער רק אַרומשמייען מיט די הענט אין די קעשענעס, האַלטנדיק דאָרטן פעסט אַ מאָל אַ פּאַרטיקן זאַץ, אַ מאָל אַ פּעקל שריפט, אַ מאָל פּאַרטיקע פּלאַטן, אָדער געדרוקטע „מצות". קאַמערמאַכער האָט אַ ביסל צייט אויך געאַרבעט אויפן „סעווער־זאַפּאַדני נאָלאָס". ער פלעגט זיך אָפטמאָל שטייענדיק ביי דער אַרבעט פונאַנדערזינגען מיט זיין באַסן־שטימע זיין באַליבטע ליד:

סאָלנצע װסכאָדיט אי זאַכאָדיט,
א װ'טיורמיע מאָיעי טיעמנאָ אאָז"ח אאָז"ח.

(די זון גייט אויף און פאַרגייט, אָבער אין טורמע ביי מיר איז פינסטער).

און דער שטאַט זעצער פלעגט אים באַגלייטן אין כאָר.

קאַמערמאַכער איז שפּעטער געווען אויפן אומלעגאַלן אַלרוסלענדישן דרוקער־צוזאַמענפאָר אין פינלאַנד און האָט אין ווילנע אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון דעם צוזאַמענפאָר פאַר אַ גרויסער פאַרזאַמלונג דרוקער. געווען אויך מיטגרינדער און מיטאַרבעטער פון צענטראַל־אָרגאַן פון די דרוקער־אַרבעטער „פּיעטשאַטניק".

אין אָנהייב 1908, ווען די רעאַקציע אין רוסלאַנד האָט זיך ווידער געשטאַרקט, ווען די ווילנער „פאָלקסצייטונג" איז שוין געווען פאַרמאַכט און אירע מיטאַרבעטער חיים־יאַנקל געלפאַנד (ליטוואַק), בענסקי (לעווינסאָן), וואָלאָדיאַ (יעווזעראָוו) און אַנדערע זיינען שוין געזעסן אין לוקישקער טורמע, און אין פּעטערבורג איז געווען זייער געפּערלעך צו פירן קאָנספּיראַטיווע אַרבעט און עפּעס אומלעגאַלס דאָרט צו דרוקן,—אין יענער צייט קומט ווידער קיין ווילנע מאָטל קאַמערמאַכער. ער הייבט דאָ אָן צו דרוקן דעם צענטראַל־אָרגאַן פון דער רוסישער ס"ד־פּאַרטיי „סאָציאַל־דעמאָקראַט". די דאָזיקע צייטונג האָט זיך געדרוקט קאָנספּיראַטיוו אין זשירמונסקיס דרוקעריי (ווילנער־גאַס 5, וואָס האָט זיך נעגרענעצט מיטן פּאָליצמייסטערס קאַנצעלאַריע). די זעצער, וואָס מען האָט געשיקט אַהין אַרבעטן מיט וויסן פון ישראל־מיכל קאַפּלינסקין זיינען געווען זיכערע, פאַרטרוילעכע. אָבער ביים ערשטן נומער פאַלט מען אַדורך.

עס ווערן דאַן אַרעסטירט אַלע אַרבעטער מיטן באַלעבאָס זשירמונסקי — אַ מאַן 13 — ייִדן און פּאָליאַקן. מאָטל קאַמערמאַכער נעמט אויף זיך די שולד. אַ טייל פון די אַרעסטירטע ווערן אין אַ געוויסער צייט אַרום באַפרייט ביזן פּראָצעס אויף קויציע, אָבער קאַמערמאַכערן — פאַר קיין געלט ניט. אין טורמע, ווו ער זיצט אַ יאָר ביזן פּראָצעס, ווערט ער אויסגעקליבן פאַר אַ „סטאַראָסטע" פון אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע.

דעם 12 יאַנואַר 1909 קומט ענדלעך פאָר דער פּראָצעס. אַלס פאַרטיידיקער זיינען אַרויסגעטראָטן פינף פון די נרעסטע אַדוואָקאַטן אין רוסלאַנד, מיטן באַרימטן טאַדעוש ווראָבלעווסקי (אַ ווילנער פּאָליאַק) בראש.

קאַמערמאַכער האָט זיך אויפן פּראָצעס אין גרעסטן טייל מודה געווען. ער האָט אָפּט גענומען ווערטער ניט צו פאַרטיידיקן זיך, נאָר די איבעריקע באַשולדיקטע. ער האָט דעם פּריסטאַוו סאָקאָלאָווסקין געשטעלט אַזעלכע פראַגן, אַז



# פון דרוקער-אַרבעטער אין ווילנע

יענער האָט זיך אין גאַנצן פאַרלאָרן און האָט אויפגעהערט צו ריידן. אַדאַנק קאַמערמאַכערס זיך מודה זיין איז דער אורטייל פאַר די אַנדערע באַשולדיקטע אויסגעפאַלן גינסטיק. צווישן די באַשולדיקטע זיינען אויך געווען, די דאַמאָלסטיקע יינגסטע פאַרוואַלטונגס-מיטגלידער פון דרוקער-פאַריין א. פאַש-קעוויטש און מ. ציאַרקאָ, ווי אויך די זעצער ח. איליטאָוויטש, באַרקאַן (ניט לאַנג פאַרשטאָרבענער געוו' פאָרזיצער פון ניו-יאָרקער ייד' דרוקער-פאַריין), גוטמאַן (פסעוודאָנים), אַ פלאָצקער. אָבער דער הויפט-באַשולדיקטער מאָטל קאַמער-מאַכער איז פאַרמשפט געוואָרן אויף אייביקער פאַרשיקונג קיין סיביר. ער האָט דעם אורטייל אויפגענומען רויק (ווי ס'האָט זיך שפעטער אַרויסגעוויזן, איז דער דורכפאַל ביי זשירמונסקין געווען צוליב ישראל-מיכל קאַפלינסקיס פראָ-וואָקאַציע).

מאָטל קאַמערמאַכער איז ווידער אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין סיביר. אָפגעווען דאָרט אַ פאָר יאָר, אַנטלויפט ער פון די סיבירער טייגעס אַזש קיין פאַריז, וווּ ער שרייבט אין ס"ד-אויסגאַבעס און אַרבעט אויך אַלס זעצער.

נאָך קערענסקיס איבערקערעניש אין רוסלאַנד קומט ער ווידער צוריק אין זיין אַלטער היים, פאַר וועלכער ער האָט אַזוי פיל ענערגיע און לעבן אָפגעגעבן.

נאָך דער אָקטאָבער-איבערקערעניש איז קאַמערמאַ-כער אַ געוויסע צייט פאָרזיצער פון דער צענטראַלער דרוקער-פאַרוואַלטונג.

היינט צו טאָג וווינט קאַמערמאַכער אין פאַריז.



די פּאָליטישע פאַרשיקטע, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין „ראָמאַנאָווקע"-אויפשטאַנד

(פאָטאָגראַפירט אין יאַקוטסק אין 1904. די פאָטאָגראַפיע איז גענומען פון אַן אומלעגאַלער אויסגאַבע: „די יאַקוטסקער דראַמע", אַרויסגעגעבן פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער-בונד אין ליטע, פוילן און רוסלאַנד, זשענעווע 1904);
1) מ. קאַמערמאַכער (זעצער), 2) א. זאַלקינד (מאַשיניסט), 3) משה לוריע (זעצער), 4) ש. היילמאַן (ליטאָגראַף), 5) א. זשוראַוועל (זעצער),
6) אננא ראָזענטאַל און 7) דער פאַרשטאָרבענער פ. ראָזענטאַל (די באַקאַנטע פירער פון „בונד" אין ווילנע).

אַראָן זאַלקינד, דעם ערשטן מאָל אַרעסטירט דעם 2טן מערץ 1896 פאַר געהערן צו דער „גרופּע יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן" אין ווילנע. ער איז אָפּגעזעסן 13 חדשים און באַקומען 3 יאָר פּאָליציי-אויפזיכט. דעם צווייטן מאָל אַרעסטירט דעם 14טן מערץ 1891 אין קאָוונע פאַר אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע, געזעסן 15 חדשים אין קאָוונע און פאַרשיקט אויף 4 יאָר מזרח-סיביר. א. זאַלקינד האָט גענומען אַן אָנטייל אין 5 הונגער-שטרייקן און אין אומרועןאין טורמע. פאַר האַלטן אומלעגאַלע ליטעראַטור האָט מען אים אין סיביר ווידער אַרעסטירט, אים אָפּגעהאַלטן 7 חדשים און דערלייגט נאָך אַ יאָר סיביר. פאַר אַ ווידער-שטאַנד האָט מען אים איבערגעפירט אין יאַקוטסק און דערלייגט נאָך 5 יאָר סיביר. פאַר אָנטיילנעמען אין ראָמאַנאָווקע-אויפשטאַנד פאַרמשפט געוואָרן אויף 12 יאָר קאַטאָרגע. אין 1906 געווען פאַרוואַלטונגס-מיטגליד פון דרוקער-פאַריין אין ווילנע. אַרבעט איצט אַלס דרוקער-אַרבעטער אין וואַרשע.

די איבעריקע 3 דרוקער: משה לוריע, שלמה היילמאַן און אַלעקסאַנדער זשוראַוועל האָבן אויך אָנטיילגענומען אין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, ספּעציעל אין אומלעגאַלע דרוקעריען און זיינען געווען פאַרמשפט אויף יאָרן סיביר און נאָכדעם אויף קאַטאָרגע פאַר אָנטיילנעמען אין „ראָמאַ-נאָווקע"-אויפשטאַנד.

# דער דריטער לאַנד=צוזאַמענפאָר פון דרוקער=אַרבעטער אין פוילן

דער דריטער לאַנד=צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אין וואַרשע דעם 13טן און 14טן דעצעמבער 1935.

די טאָג=אָרדענונג פון צוזאַמענפאָר איז געווען: 1) עפענונג און באַגריסונגען; 2) וואַלן פון פרעזידיום און רעזאָלוציע=קאָמיסיע; 3) באַריכטן; 4) פּאָליטישע סיטואַציע; 5) קאָאָפּעראַטיוון; 6) יוגנט; 7) אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן; 8) מיטגלידס=אָפּצאָל; 9) וואַלן פון פאַריינס=אינסטאַנצן; 10) פרייַע פאָרשלאָגן.

באַוועגונג און פּאָליטישע פּאַרטייען איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פרעזידיום אין באַשטאַנד פון די ח״ח: ל. קלאָק, ל. העכטמאַן, י. מ. העלפגאָט (וואַרשע), ראָסיאַנסקי (גראָדנע) און א. אַדלמאַן (ווילנע).

אין דער רעזאָלוציע=קאָמיסיע זיינען אויסגעוויילט געוואָרן די ח״ח: שאַפּראַן (לאַנד=ראַט), וואַרשאַווסקי, לעוו, גוטערמאַן (וואַרשע), דאָמבראָווסקי (לאָדז) און העלערשטיין (ווילנע).




דעלעגאַטן פון צוזאַמענפאָר

עס שטייען אין הינטערגרונט—אין דער מיט: הענדלער, פידלער (לאָדז).

אין פרעזידיום רעכטס: א. קעלמאַן, ל. העכטמאַן, ל. קלאָק, י. מ. העלפגאָט (וואַרשע), ראָסיאַנסקי (גראָדנע), א. אַדלמאַן (ווילנע) און ב. וואַרשאַווסקי (וואַרשע).

אין דער ערשטער ריי לינקס שטייען: פיש, קליינער (וואַרשע), ל. זובאָוויטש (ווילנע), גראָדזענסקי (גראָדנע), מ. באַנעט און ב. העכטמאַן (וואַרשע). ס׳זיצן: דאָמבראָווסקי (לאָדז), זילבערשטיין (ביאַליסטאָק), ה. באַבראַך (וואַרשע), צוקער און בלייפעדער (פּראָסקולאַנטן), שטשוצקי (פאָרשטייער פון פוילישן דרוקער־פאַריין), שאַפּראַן (פאָרשטייער פון לאַנדראַט).

אין דער ערשטער ריי זיצן: פ. העלערשטיין, י. בענגיס (ווילנע), ס. שטעכמאַן, י. לערוך, ב. פערנענבוים (וואַרשע) י. רייכנשטיין (לובלין), ש. לעוו (וואַרשע).

רעכטס אין הינטערגרונט: י. וועקציינג, י. רייכמאַן, מאַראַקאַ (לאָדז), פרק גוטערמאַן און העשל קופערשטיין (וואַרשע).

צום צוזאַמענפאָר זיינען געקומען דעלעגאַטן פון וואַרשע, לאָדז, ווילנע, גראָדנע, ביאַליסטאָק און לובלין. טייל אָפּטיילונגען האָבן צוליב פינאַנסיעלע שוועריקייטן ניט געשיקט קיין דעלעגאַטן.

פון ווילנע זיינען געווען אָנוועזנד 4 דעלעגאַטן, די ח״ח: א. אַדלמאַן, י. בענגיס, פ. העלערשטיין און ל. זובאָוויטש.

די עפענונג פון צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען פרייטאָג דעם 13טן דעצעמבער 7 אָוונט אין זאַל פון וואַרשעווער דרוקער=פאַריין, וועלכער איז געווען דעקאָרירט מיט פאַריינס=פענער, אויפשריפטן, בילדער פון אַרבעטער=פירער און בלומען.

נאָך דער עפענונגס=רעדע פון פאָרזיצער פון צענטראַל=פאַרוואַלטונג ח׳ לאַזער קלאָק און די באַגריסונגען פון די אָנפירנדיקע אינסטאַנצן פון דער פּראָפעסיאָנעלער

דעם טעטיקייטס= און קאַסע=באַריכט פון דער צענטראַל=פאַרוואַלטונג האָט אָפּגעגעבן דער ח׳ וואַרשאַווסקי.

אין זיין צווייטן צוזאַמענפאָר אין אַפּריל 1926 האָט דער פּראָפ׳ פאַריין פון דרוקער=אַרבעטער אין פוילן געהאַט 938 מיטגלידער. אין 1928 אין דער צייַט פון דער בעסערער ווירטשאַפטלעכער קאָניונקטור אין פוילן האָט דער פאַריין געציילט 1253 מיטגלידער און 15 אָפּטיילונגען. אין איצטיקן מאָמענט ציילט דער פאַריין פאַקטיש (צאָלנדיקע) 7 אָפּטיילונגען מיט 1170 מיטגלידער.

עס הייסט, אַלזאָ, אַז הגם די צאָל אָפּטיילונגען איז פאַרקלענערט געוואָרן, איז אָבער די צאָל מיטגלידער געוואַקסן אויף איבער 25 פּראָצענט.

אויב די לאַגע פון יידישן דרוקער= און אייַנבינדער=אַרבעטער אין וואַרשע איז אַ שלעכטע, איז די לאַגע פון

# פון דרוקער-ארבעטער אין ווילנע

זעלבן אַרבעטער אויף דער פּראָווינץ ממש אַ שוידער־לעכע. צום אַלגעמיינעם שווערן ווירטשאַפטלעכן קרי־זיס, וואָס לייגט זיך מיט זיין גאַנצער לאַסט אויף די פּלייצעס פון אַרבעטער, קומט נאָך צו די ספּעציעלע באַי־קאָט־פּאָליטיק לגבי דעם יידישן דרוקער־אַרבעטער.

די פאַרדינסטן פון די יידישע דרוקער־אַרבעטער אויף דער פּראָווינץ באַטרעפן פאַר עלטערע קוואַליפיצירטע אַרבעטער — פון 15 ביז 30 גל' אַ וואָך. אין די שטעט ווו די אַפּטיילונגען זיינען בעסער אָרגאַניזירט און שטייען אין פאַרבינדונג מיט דער צענטראַלע זיינען די פאַרדינסטן מיט 20—30 פּראָצענט העכער. דער באַלעבאָס טרעפט דאָרט אויף אַ גרעסערן ווידערשטאַנד און זיינע אַפּעטיטן ווערן געצוימט.

קיין יידישער אַרבעטער ווערט אין קיין פּוילישער דרוקעריי ניט צוגעלאָזט צו דער אַרבעט. דאָס נעמט צו ביי די יידישע דרוקער־ און איינבינדער־אַרבעטער קאַלאָסאַלע אַרבעטס־מעגלעכקייטן.

די צענטראַל־פאַרוואַלטונג קריגט אָפט ידיעות פון גרעסערע פּראָווינץ־שטעט, אַז אין די סיימיקאָוועס אָדער קאָמונאַלע דרוקערייען ווערט געאַרבעט איבערשעהן, בעת די דאָרטיקע יידישע דרוקער־אַרבעטער, וואָס האָבן כלומרשט פּאָסטנס, אַרבעטן צו צוויי—דריי טעג אין וואָך.

דער אַלגעמיינער קריזיס פון בוך אין פּוילן האָט זיך גאָר פאַטאַל אָפּגערופן אויף דעם יידישן בוך. דאָס יידישע פאַרלאַגס־וועזן איז כמעט ווי אָפּגעשטאָרבן. דערפון נעמט זיך, וואָס אפילו ביי די קלאָגעדיקע לוינען וואָס ס'פאַרדינען די יידישע טעקסט־זעצער, איז די אַרבעט אַזוי גוט ווי ניטאָ.

דעם דאָזיקן מצב אילוסטרירט קלאָר די ציפער פון דרייסיק פּראָצענט פולשטענדיק אַרבעטסלאָזע יידישע דרוקער־ און איינבינדער־אַרבעטער. ס'דאַרף אויך אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז די אַ"ג אַרבעטנדיקע אין זייער גרעסטער מערהייט אַרבעטן ניט קיין פולע וואָכן.

דער דראַנג פון דער יוגנט צום דרוקער־פאַך איז ניט פאַרקלענערט געוואָרן. מ'לויפט ניט מער אין הויך־שולן, אפילו ניט אין די גימנאַזיעס, נאָר מ'לערנט זיך אַ פאַך.

ווילנדיק ניט ווילנדיק מוזן די יוגנטלעכע ווערן אַ לוין־דריקערישער עלעמענט און די פאַריינען אויף די ערטער האָבן די שווערסטע אויפגאַבע ביים אָרגאַניזירן די יוגנטלעכע.

דאָס צייטונגס־וועזן האָט אויך אין משך פון די לעצטע יאָרן איבערגעלעבט אַ קאַטאַסטראָפאַלן צוריקגאַנג. די אונטערנעמונגען האָבן ניט געקאָנט מער אויסהאַלטן זייערע פערסאָנאַלן און די אַרבעטער האָבן געראַטעוועט זייער אַרבעטס־פּלאַץ דורך פאַרוואַנדלען די אונטערנעמונגען אין קאָאָפּעראַטיוון. דאָס איז געשען ניט בלויז אין וואַרשע, נאָר אויך אין די גרעסערע פּראָווינץ־שטעט. דערביי זיינען די פאַרדינסטן פון די צייטונגס־אַרבעטער געפאַלן פון 60 ביז 65 פּראָצענט.

אין זייער רוב געהערן די צייטונגס־אַרבעטער פון די קאָאָפּעראַטיוון צום פאַריין. אויסגעשלאָסן זיינען געוואָרן בלויז 2 די, וועלכע האָבן געבראָכן די פאַריינס־באַשלוסן.

קיין נייע צייטונגס־פּאָזיציעס אַנטשטייען כמעט ניט אין די עקסיסטירנדיקע קאָאָפּעראַטיוון ווערן ניט פאַר־גרעסערט די פערסאָנאַלן. דאָס שאַפט ווידער אַ לאַגע, אַז די עלטסטע אַרבעטסלאָזע דרוקער־אַרבעטער האָבן כמעט פאַרלאָרן די מעגלעכקייט זיך איינצואָרדענען אויף אַ צייטונגס־פּאָסטן, וואָס זיין הויפּט־מעלה איז — זיין סטאַבילקייט.

אין דרוקער־וועזן זיינען די צייטונגס־אַרבעטער אַ מינדערהייט, ניט קיין גאַנצע 15 פּראָצענט. דאָס רוב יידישע דרוקער־אַרבעטער באַשטייט פון אַקסידענץ־ און פאַרלאַג־אַרבעטער. בעת ס'רעדט זיך וועגן דער לאַגע אין יידישן דרוקער־וועזן, מיינט מען טאַקע די לעצטע.

אין גאַנץ פּוילן זיינען פאַראַן איבער 1.200 יידישע דרוקער־אַרבעטער און אַן ערך 400 יידישע איינבינדער־אַרבעטער. פון די דאָזיקע 1.600 אַרבעטער זיינען אין דרוקער־פאַריין אָרגאַניזירט ווי געזאָגט 1170 מאַן, ד"ה קרוב 75 פּראָצענט.

די צענטראַל־פאַרוואַלטונג איז געשטאַנען אין פאַר־בינדונג אין משך פון איר קאַדענץ מיט קרוב דרייסיק שטעט. אין די דאָזיקע אַלע ערטער האָבן עקסיסטירט, אָדער ס'זיינען געמאַכט געוואָרן פּרובן צו אָרגאַניזירן, דרוקער־פאַריינען. אין צענדלינגער ערטער האָט די צ"פ מיטגעהאָלפן פירן אַלגעמיינע אַקציעס, געגעבן אָרגאַניזאַ־ציאָנעלע אָנווייזונגען, אינטערווענירט ביי דער מאַכט, אויסגעגלייכט אינערלעכע סיכסוכים און — אין די גרעסערע שטעט—געשיקט פאָרשטייער אויף די ערטער.

מיט דער דיסקוסיע אַרום באַריכט האָט זיך אָנגע־הויבן דער צווייטער טאָג פון צוזאַמענפאָר.

די דיסקוסיע איז געווען זייער אַ לעבעדיקע און צייטנווייז זייער אַ שאַרפע.

אויף דער לעצטער זיצונג פון צוזאַמענפאָר זיינען באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגן וועגן דער יוגנט, קאָאָפּע־ראַטיוון און אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן.

די פראַגע וועגן די צייטונגס־קאָאָפּעראַטיוון האָט—אויסער דער ספּעציעלער דיסקוסיע—פאַרנומען אַ סך צייט אויך אין דער אַלגעמיינער דיסקוסיע אַרום באַריכט פון דער צ"פ.

אַלע האָבן מסכים געווען, אַז ס'איז ניט קיין גע־זונטע און געוואונטשענע ערשיינונג אין אונזער פאַריינס־לעבן, אָבער אפילו די ח"ח וועלכע האָבן צומשאַרפסטן באַהאַנדלט די דאָזיקע פראַגע, האָבן געמוזט אָנערקענען, אַז די צייטונגס־אַרבעטער זיינען צוליב דער שווערער לאַגע אין צייטונגס - וועזן געצוווּנגען איבערצוגיין אויף





קאָאָפּעראַטיווע יסודות, זיי טאָרן דעריבער ניט אויסגעשלאָסן ווערן פון פאַריינס=לעבן

אויספירנדיק אַלע התחייבותן פון פאַריינס=מיטגלידער קענען זיי און דאַרפן געהערן צום דרוקער=פאַריין.

אַן ערנסטע דיסקוסיע האָט אויך אַרויסגערופן דער דעפעראַט פון ח' שאַפּראַן וועגן דער פּאָליטישער און ווירטשאַפטלעכער לאַגע.

די אַרײַנגעטראָגענע רעזאָלוציעס זײַנען באַטראַכט געוואָרן אין דער רעזאָלוציע=קאָמיסיע.

אויסער דער פראַגע וועגן אָפּשאַצן די טעטיקייט פון דער אָפּטרעטנדיקער צענטראַל=פאַרוואַלטונג, בעת ס'זיינען אַרײַנגעטראָגן געוואָרן צוויי רעזאָלוציעס, זײַנען אַלע אַנדערע רעזאָלוציעס געוואָרן אײַנשטימיק אָנגענומען. סײַ די מערהײַט, סײַ די מינדערהײַט, האָבן אָפּגעגעבן דער=קלערונגען, אַז זיי רעזיגנירן פון אַ סך פון זייערע פאַר=מולירונגען כּדי ס'זאָלן אָנגענומען ווערן אייניהײַטלעכע רעזאָלוציעס — און דאָס איז טאַקע אַדאַנק דעם דערגרייכט געוואָרן.

די רעזאָלוציע וועגן אָנערקענונג און צוטרוי דער אָפּטרעטנדיקער צענטראַל = פאַרוואַלטונג איז אָנגענומען געוואָרן מיט 19 שטימען קעגן 10 בײַ איין אָפּגעהאַלטענעם.

צווישן אַנדערן איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ באַ=שלוס וועגן באַנײַען דאָס דערשײַנען פון פאַריינס=אָרגאַן „דער דרוקער=אַרבעטער" און אָבליגאַטאָרישן אָפּצאָל פאַר דער צענטראַל=פאַרוואַלטונג, — 20 גר' אַ חודש פון יעדן פאַריינס=מיטגליד, בכדי די צענטראַל=פאַרוואַלטונג זאָל האָבן געזיכערטע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן צו פירן אַן אינטענ=סיווערע טעטיקייט צווישן די אָפּטיילונגען.

נאָכן אָננעמען די רעזאָלוציעס זײַנען אויסגעוויילט געוואָרן די פאַריינס=אינסטאַנצן. אײַנשטימיק זײַנען אויס=געוויילט געוואָרן די פאָלגנדיקע חברים:

אין דער צענטראַל=פאַרוואַלטונג:

1) קלאָק לאָזער, 2) קעלמאַן אברהם, 3) סקלאַר משה, 4) וואַרשאַווסקי בונם, 5) לערוך יאָסל, 6) לעוו שמחה (אַלע פון וואַרשע), 7) ראָסיאַנסקי אָווסיי (גראָדנע), 8) מאַראָקאָ יעקב (לאָדז), 9) אַדעלמאַן אַבע (ווילנע).

פאַרטרעטער:

1) גוטערמאַן פרץ, 2) באַכראַך הערש, 3) העכטמאַן בערל, 4) טענענבוים בונם (וואַרשע), 6) דאָמבראָווסקי חיים, 6) העלמער לעאָן (לאָדז), 7) גראָדזשעלסקי מנחם (גראָדנע), 8) בענגיס יודל (ווילנע).

רעווידיר=קאָמיסיע:

1) העלפגאָט יחיאל=מאיר, 2) העכטמאַן לייבל (וואַר=שע), 3) זילבערשטיין שלמה (ביאַליסטאָק).

פאַרטרעטער:

1) קליינער מנשה=בער, 2) באַראָווסקי שלום (וואַרשע).

מיט דער שלוס=רעדע פון ח' ל. קלאָק און מיטן געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל" איז דער צוזאַמענפאָר געשלאָסן געוואָרן.

אונדזערע ווילנער דעלעגאַטן האָבן זיך אַקטיוו באַ=טייליקט אין דער אַרבעט פון צוזאַמענפאָר. אַלע אונדזערע חברים האָבן אָנטיילגענומען אין די דיסקוסיעס אַרום די באַריטע פראַגן און האָבן אין אַ גרויסער מאָס מיטגעהאָלפן צו דערפירן צו אייניהײַטלעכע באַשלוסן און רעזאָלוציעס.

די וואַרשעווער אָפּטיילונג האָט נאָכן צוזאַמענפאָר אײַנגעאָרדנט אַ באַנקעט פאַר די דעלעגאַטן און געסט, ווו מען האָט פאַרבראַכט אין אַ מונטערער און חברישער סביבה.

ניט געקוקט אויף די פאַרשיידענע מײַנונגס = פאַר=שיידנהײַטן וועלכע זיינען געקומען צום אויסדרוק אויפן צוזאַמענפאָר, האָט אָבער די גאַנצע צײַט און אין כּמעט אַלע אַרויסטרעטונגען פון די דעלעגאַטן דאָמינירט דער ווילן צו אייניהייט און צו געמיינזאַמער צוזאַמענאַרבעט.

דער דאָזיקער געפיל, מיט וועלכן ס'זײַנען זיך פונאַנדערגעפאָרן די דעלעגאַטן נאָכן צוזאַמענפאָר און די באַשלוסן וועגן פאַרשטאַרקן די טעטיקייטס=מעגלעכקייטן פון דער צענטראַל=פאַרוואַלטונג, זײַנען געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר צו פאַרשטאַרקן די טעט'קייט פון אַלע אָפּטיילונגען ס'האָט אַרײַנגעבראַכט אַ פרישן שטראָם מוט און ענערגיע אין אונדזער פאַריינס=לעבן.

י. ביין.





מלך קויפמאן

# צייטונגען און קאָלעקטיוון

דורך דער פאַרבײַטונג פון האַנטזאַץ אויף מאַשינ־זאַץ און פון דער פלאַך־מאַשין אויף דער ראָטאַציע זײַנען פון דרוקער־פאַך אַרויסגעשטויסן געוואָרן הונדערטער און טויזנטער אַרבעטס־הענט. נעמענדיק נאָך דערצו אין אַכט, אַז בײַ דער אַלגעמיינער גרויסער אַרבעטסלאָזיקייט ווערט דאָס געדרוקטע וואָרט אַלץ ווייניקער געקויפט, קענען מיר זיך פאָרשטעלן דעם גרויסן חורבן וואָס דאָס האָט אַרײַנגעבראַכט אין פאַך.

צענדלינגער פאַרלאַגן האָבן זיך געשלאָסן. עס איז שטאַרק געפאַלן די בוך־פּראָדוקציע, ווײַל דער הויפּט־אָפּנעמער — דער אַרבעטס־מענטש — איז בײַ זײַן איצטיקער מאַטעריעלער אויסקומעניש מער ניט ווי אַ לייענער, אָבער בשום אופן ניט קיין קויפער.

נאָך ערגער איז די לאַגע בײַם ייִדישן דרוקער־אַרבעטער, ווײַל דאָ קומט צו דער מאָמענט פון נאַציאָ־נאַלער רעכטלאָזיקײַט, פון וואָס עס לײַדן דער עיקר דער ייִדישער אַרבעטער און האָרעפּאַשניק.

פאַר דער וועלט־מלחמה זײַנען אין גרעסטן טייל דרוקערײַען געווען באַשעפטיקט צוזאַמען ייִדישע און ניט־ייִדישע אַרבעטער. די אַרבעט איז געגעבן געוואָרן דער־הויפּט פון דער מלוכה און מוניציפּאַליטעטן. פאַרשיידענע דרוקער־אונטערנעמער (אין ווילנע איז דער גרעסטער געווען סירקין) האָבן אָנגענומען ריזיקע באַשטעלונגען פאַר דער פּאָסט און טעלעגראַף, וואָס זײַנען געווען באַשטימט פאַר דער גאַנצער געוועזענער רוסישער אימפּעריע, און דערבײַ זײַנען באַשעפטיקט געווען טויזנטער אַרבעטער. ייִדישע אַרבעטער האָבן דאַן געהאַט דאָס זעלביקע רעכט אויף אַרבעט ווי ניט־ייִדישע.

גאָר אַנדערש איז די לאַגע אין דרוקער־פאַך נאָך דער מלחמה. די מלוכישע אָדער קאָמונאַלע אַרבעטן גייען צוועק אויסשליסלעך אין פּויליש דרוקערײַען, וווּ עס זײַנען באַשעפטיקט דורכויס פּוילישע אַרבעטער און ייִדישע אַרבעטער האָבן דאָרטן ניט קיין צוטריט. ווײַטער לײַדן די ייִדישע דרוקערײַען פון אַ געזעלשאַפטלעכן באָיקאָט פון דער פּוילישער פּריוואַטער קונדשאַפט („Swój do swego“). אַזוי אַרום, אַז אַרבעטן אין דער פּוילישער שפּראַך פון פּוילישע באַשטעלער קומען אין אַ ייִדישער דרוקערײַ כמעט ניט אַרײַן און דער ייִדישער דרוקער־אַרבעטער איז בײַם איצטיקן מאָמענט אָנגעוויזן דורכויס אויף ריין ייִדישע אַרבעטן.

בײַ אַזאַ שטאַרק פאַרשמעלערטער עקאָנאָמישער באַזע האָט דער ייִדישער דרוקער־אַרבעטער געמוזט זוכן אַנדערע עקסיסטענץ־מעגלעכקייטן און דער פּועל־יוצא איז — דער געוואַלדיקער „אויפבלי“ פון דער ייִדישער פּרעסע אין ווילנע. צי האָבן זיך בײַ אונדז געשאַפן נײַע גרויסע קאַדרען לעזער, וואָס זײַנען דורך געוויסע און באַשטימטע קולטור־באַדינגונגען דערצויגן און אַרויסגעשטופּט געוואָרן אויף דער אייבערפלאַך אַלס פּרעסע־אָפּנעמער? בײַ די באַגרע־נעצטע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן פון די פאָלקס־מאַסן, בײַ אונדזערע באַדינגונגען, ווען די ייִדישע שולן געפינען זיך אין אַ שווערער לאַגע און עס זײַנען פאַראַן אין לאַנד בײַ אַ מיליאָן קינדער, וואָס געפינען ניט קיין פּלאַץ אין שול — קען אַ באַדײַטנדיקער וווּקס פון דער לעזער־מאַסע ניט געמאָלט זײַן. עס האָבן זיך געשאַפן נײַע צײַטונגען פּשוט דערפאַר ווײַל דרוקער־אַרבעטער האָבן געזוכט כאָטש אַ מינימאַלן פאַרדינסט. אָט־די צײַטונגען רעכענען אויס אויף דעם אָפּגעשטאַנענסטן לייענער־עולם. אָנשטאָט צו הייבן זײַן געשמאַק שפּײַזן זיי אים מיט ווילדע סענסאַציעס און פאַר־עיידענע נאַרישע מעשׂיות און רײַסן אַרונטער אויף אַזאַ אופן דעם אָנזען פון געדרוקטן וואָרט בכלל.

צו אונדזער גרעסטן באַדויערן ווערן אָט די בלעטער אַרויסגעגעבן דורך קאָלעקטיוון דרוקער־אַרבעטער, וואָס מוזן צוליב פּרנסה אויסטראָגן אָט דעם סאָרט צײַטונג.

די קאָלעקטיוון זײַנען בכלל אַ נײַער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אונדזער פאַריין און זיי שטעלן אָפּט דעם פאַריין אין אַ שווערער לאַגע. אַ פאַריין פון בלויז לוין־אַרבעטער מיט געמיינזאַמע אינטערעסן שטייט שטענדיק אין אַ געשלאָסענעם פראָנט קעגן די אונטערנעמער, אַרויס־רוקנדיק דעם אַרבעטערס פאָדערונגען, ווי למשל נאָרמאַלע אַרבעטס־צײַט, סאָציאַלע פאַרזיכערונג, קאָלעקטיווער אָפּמאַך אאַז״וו. דאָס אָבער וואָס אַ גרויסע צאָל פאַריינס־מיט־גלידער זײַנען גלײַכצײַטיק אויך מיטגלידער פון קאָלעק־טיוון, פאַרשווערט די אַקציעס און טראָגט בכלל אַרײַן אַ כאַאָס אין פאַריינס־לעבן.

אָבער די מיטגלידער פון די קאָלעקטיוון גופא פאַר־שטייען די ניט נאָרמאַלע לאַגע און די נייטיקייט פון קאַמף פאַר אַזאַ אָרדענונג, ווען דרוקער־אַרבעטער וועלן זײַן באַשעפטיקט אין גאָר אַנדערע באַדינגונגען און בײַ גאָר אַנדערע צײַטונגען. דער בעסטער באַווײַז איז, אַז פיל פון די דאָזיקע אַזוי גערופענע קאָלעקטיוויסטן אַרבעטן ענער־גיש און געטרײַ אין פאַריין.

דער דרוקער־פאַך אין ווילנע איז בײַ הײַנטיקן טאָג מוראדיק געפאַלן, די דרוקער־אַרבעטער זײַנען צעטיילט לויטן נאַציאָנאַלן סימן. אָבער לאָמיר האָפן, אַז עס וועלן נאָך אַרויסגיין יוביליי־ביכער פון דרוקער־אַרבעטער אין בעסערע צײַטן, — יוביליי־ביכער וווּ עס וועלן שרײַבן ניט נאָר ייִדישע שרײַבער און ייִדישע אַרבעטער.

י. בענגיס

# גרייז=גרויע

מיין פאטער געווידמעט.

אויסגעמאַטערטע פון לאַנגע יאָרן שווערער פראַצע, שטייען זיי געבויגענע בײַ די זאַץ=קאַסטנס און באַוועגן לאַנגזאַם מיט זייערע אויסגעדאַרטע, ביינערדיקע הענט איבער די פּעכלעך אותיות.

גרײַז=גרויע קעפּ. זיי געדענקען נאָך די יאָרן, ווען מען האָט געאַרבעט פאַר ליכטלעך און רויכערנדיקע לעמפּלעך. הײַנט — פאַרן שײַן פון עלעקטריע, איז זיי אָבער אויך ניט לײַכטער, די ברילן העלפן שוין אויך ווייניק. ס'ווערט אַלץ טונקעלער די ראיה און שווערער דאָס לייענען די פאַרשיידענע אָריגינאַלן.

200 שורות!

די דאָזיקע קליינע ציפער איז דער שווערער יאָך פון זייער טאָג=טעגלעכן לעבן.

וואָס ווײַטער אַלץ מער שווערער ווערט דאָס אָפּשטיין טעג גאַנצע אויף די פיס און די פינגער זאָגן זיך ביסלעכווײַז אָפּ צו שפּרינגען פון איין פּעכעלע אין דער צווייטער, פון איין פּעכעלע אין דער אַנדערער.

וואַקסן לאַנגזאַמער די „גראַנקעס" זאַץ, ס'באַדעקט אַ שווייס די גרויע קעפּ, און מען שלעפּט זיך ווי אין אַ ווייטן שווערן וועג אַריין; ווי אויסגעשעפּטע, מידע וואַנדערער, וואָס גאַרן צו דערזען יענעם לעצטן פונקט, וווּ מען וועט קענען אַראָפּוואַרפן די פּעקלעך, אויסגלײַכן די אײַנגעבויגענע רוקנס און זיך אָפּרוען.

200 שורות!

וויפיל טעג פון אָנגעשטרענגטער מי, ווען קראַנ=קערייט איז מען געשטאַנען צוגעשמידט צו דער לאַסט פון בלײַ — זײַנען פאַרבאָרגן אין יענע פאַרגעסענע צײַ=טונגס=בלעטער!..

* * *

ווינטערדיקע נעכט.

שוין די לעצטע שורה אויסגעזעצט, דעם זאַץ אַרומגע=בונדן און אָפּגעצויגן. אויסגעשעפּטע, מיט די לעצטע כוחות, מיט זיך טרייסלענדיקע הענט נעמט מען זיך צום אָל.

און ס'טרעפט אַ קאָרעקטור אַ שווערע. מען דאַרף וואָס איבערמאַכן, צרײַנשטעלן שורות, אָדער ווערטער צו=פעליק דורכגעלאָזענע, קומט צו נאָך אַ שעה מאַטערניש צו דער טאָגיקער פראַצע...

ס'איז שוין כמעט קיינער ניט פאַרבליבן. ס'אַרבעטן נאָר די בײַנאַכטיקע דיזשורנע. די יינגערע, וועלכע קומען אַ סך שפּעטער, האָבן שוין ס'זייעריקע אָפּגעאַרבעט. באַ=גלייט פון קנאה=בליקן, האָבן זיי שוין איינציקווייז פאַרלאָזן די זעצערײַ און אונדזערע עלטסטע, גרײַז=גרויע העלדן פון אַרבעט, פאַרענדיקן נאָך זייער אַרבעטס=טאָג...

פינצטער און גליטשיק אויפן גאַס. לאַנגזאַם, ביים וואַנט, ווי שאָטנס, שטעלן זיי די טריט...

דער ערשטער עטאַפּ — דער שול=הויף. ווי גוט עס איז אויב מען דערכאַפּט נאָך אַ לעצטן מנין...

„אַ שבח און אַ לויב צו גאָט דעם אַלמעכטיקן פאַר זיינע וואונדער און פאַר אַ געשאָנקענעם טאָג לעבן"...

אַ טייל אָבער מיידט אויס דעם שול=הויף. זיי האָבן ניט פאַר וואָס צו דאַנקען דעם „אַלמעכטיקן". זיי ריידן מיט באַגייסטערונג וועגן יענע צייטן, ווען זיי האָבן אַליין צוגע=לייגט אַ האַנט און אונטערגעשטעלט אַ פּלייצע ביים בויען דעם בנין וואָס הייסט: אַרבעטער=באַוועגונג. דערמאָנענדיק זיך, טראָגן זיי זיך איבער אין אַ שענערער וועלט און ס'לויכטן אויף ביי זיי די אויגן און ס'צעשטראַלן זיך די פּנימער...

קוים וואָס זיי דערשלעפּן זיך אַהיים... גאַנץ אָפּט צעקאַליעטשעטע און צעבלוטיקטע פון אויסגליטשן זיך און פאַלן...

אַ גלעזל טיי, עפּעס צו דעם און אַן אויפגעמישטער ספר מיט אַ פאַרבייגענעם בלעטל... די רויטע אויגן מוזן ס'זייעריקע דערדינען ביזן סוף...

* * *

... און פיינלעכער ווי אַלץ איז דער געדאַנק וועגן יענע טעג, ווען די הענט און די אויגן וועלן זיך אָפּזאָגן פון זייער חוב צו דינען... און מאוימדיק די פּערספּעקטיוו— פאַלן צו לאַסט קינדער, וועלכע פירן אַליין אַן אָרעמען לעבן פון האָרעפּאַשניקעס, אָדער נאָך ערגער—ניט צו האָבן אַפילו וווּ די אַלטע, אויסגעמאַטערטע ביינער אָפּצורוען.

אַ טיפער זיפץ באַגלייט די דאָזיקע עקבערדיקע גע=דאַנקען בײַנאַכט אויפן געלעגער...

* * *

גייסט אַריין אַמאָל בײַנאַכט און זעסט ווי ס'שטייען אונדזערע עלטסטע חברים און אַרבעטן מיט זייערע לעצטע כוחות פאַר אַ הונגער=לוין און ס'ווייטאָגט דאָס האַרץ:

אויף שריט און טריט אַזוי פיל צעבאַלעוועטע, אָנגע=פרעסענע פּוסטאונפּאַסניקעס — ווי פּיאַווקעס אײַנגעזויגענע מיט פרעמדן בלוט און —

פאַר די שווערע, ערלעכע אַרבעטסזאַמע לעבנס זיינען קאַרג די אָנגעזאַמלטע אוצרות פון דער וועלט, זיי זו זיכערן אַ גרינגערן עלטער!..

## די עלטסטע יידישע דרוקער=ארבעטער אין ווילנע



יעקב גלאז

נח בענגיס



אברהם-יצחק מיאזלער



אליהו באַרישניק



א. ארעלמאַן

# דער פאַריין און די אַרבעטסלאָזע

די לאַגע פונעם זעצער, מאַשיניסט, לייגער און סטערעאָטיפירער בײַ אונדז אין ווילנע איז נאָך בײַם הײַנטיקן טאָג גאָר ווײַט פון צו זײַן אַ פויגלדיקע, באַזונדערס אין די אַזוי גערופענע קאָלעקטיוון. אָבער גאָר ביטער איז געווען אין דער צײַט פון דער גרויסער אַרבעטסלאָזיקייט, ווען אַ גרויסע צאָל מיטגלידער איז אַרומגעגאַנגען ליידיק.

יעדן אָוונט, ווי נאָר דער געשעפטספירער פלעגט עפענען דעם פאַריינס־לאָקאַל, זײַנען די אַרבעטסלאָזע געווען די ערשטע, וועלכע פלעגן אים אָנפילן.

איידער זיי האָבן נאָך אָפּגעגעבן דעם געשעפטספירער דעם גוטנאָוונט, האָבן זיי שוין געשטעלט די סטערעאָטיפּישע פראַגע:

— אפשר איז מען געקומען בעטן אַ מענטשן?

— און אויב יאָ, ווער איז אויף דער ריי?

נאָר טאָמער ניט, זעצט מען זיך אויס אויף די בענק און מען וואַרט, מען וואַרט, אפשר, טאָמער וועט דאָך ווער־ניט־איז קומען פאָדערן אַן אַרבעטסלאָזן.

אין דעם פיבער פון וואַרטן האָט זיך בײַ דעם אָדער יענעם ניט איינמאָל אַרײַנגעגנבעט אַ געדאַנק, אַז אפשר וועט ווער פון די אַרבעטנדיקע קראַנק ווערן און מען וועט אים דאַרפן גיין פאַרבײַטן? און מען דאַרף זיך ניט וווּנדערן אויף די אַרבעטסלאָזע; אַ סך פון זיי זײַנען יאָרן לאַנג אַרומגעגאַנגען אָן באַשעפטיקונג און ס'איז ניט מעגלעך געווען צו באַקומען אַפילו אַ טאָג אַרבעט.

דעם אָוונט האָט נאָך דער אַרבעטסלאָזער ווו זיך אַהינצוטאָן. ערגער איז מיטן טאָג: בײַטאָג איז דער פאַריין געשלאָסן, שטייט מען אויף אין דער פרי ווידער מיט דער פראַגע, ווו צו גיין זוכן צו ערשט, אפשר וועט מען קריגן אַ טאָג אַרבעט.

אָפט קומט מען אַרײַן אין אַ דרוקערײַ און די חברים פרעגן דיך:

— ווו ביסטו געווען פריער? מען האָט געדאַרפט אַן אַרבעטסלאָזן, און איצט שטייט שוין אַן אַנדערער, וואָס איז געקומען פריער...

אין צעגליטן מוח הייבן זיך אָן וועבן געדאַנקען, ווי אַזוי פועלסטו בײַ יענעם חבר, ער זאָל דיר אָפּטרעטן דעם טאָג אַרבעט.

דו הייבסט אָן טענהן, אַז ער האָט קיין רעכט ניט צו אַרבעטן, ווײַל ס'איז ניט זײַן ריי, ער שטייט שוין מיט אַ טאָג — אָדער גאָר מיט אַ האַלבן — מער פון דיר און דעריבער דאַרף ער דיר אָפּטרעטן די אַרבעט...

אָבער בײַ זיך קלערסטו, אַז אויף זײַן אָרט וואָלסטו אויך ניט געווען בעסער...

מען גייט גאַנצע טעג אַרום איבער די גאַסן. בײַ ווען עס איז נאָך ניט אָפּגעשטאָרבן דער חוש פאַר דער וועלט, גייט אַוועק הינטער דער שטאָט באַטראַכטן די שיינקייט פון גאָטס וועלטל (אויב דאָס איז זומער); ווינטער איז שוין ערגער אַפילו פאַר די פײַנשמעקער: דעם פעלט אַ מאַנטל, בײַ דעם שפּייען נאָך די שיך מיט די קאַלאָשן בײַ יענעם אין געשעפט. זוכט מען אַ היימישן ווינקעלע, ווו צו דערוואַרעמען די ביינער.

אַרומגייענדיק אַ לענגערע צײַט ליידיק, ווערט מען בײַ זיך — און אויך בײַ די אַרומיקע — אַן איבעריקער מענטש. די, וועלכע קענען ניט דעם פאַך, האַלטן דיך פאַר אַ לא־יוצלח, וואָרעם „עס גייען דאָך אַרויס צײַטונגען, פאַרוואָס זשע גייט ער אַרום ליידיק?"

די אַרבעטסלאָזיקייט דעמאָראַליזירט אי דעם אַרבעטער, אי דעם באַלעבאָס. ער ווייס, אַז אין גאַס זײַנען פאַראַן אַרבעטסלאָזע; ער קען טאַקע גאָרניט טאָן, ווײַל ס'איז דאָ אַ פאַריין, וואָס רעגולירט אַרבעט — דאָך פרווט ער מאַכן שיקאַנעס, ניט אויסצאָלן די שכירות צו דער צײַט אד"גל.

ניט איינמאָל קומט אַרײַן אַ גרופּע אַרבעטסלאָזע אין אַ דרוקערײַ, טוט דער באַלעבאָס (עס פעלט אים מוט אַרויסצוטרײַבן) אַ זאָג:

— אויב איר ווילט זײַן אין דרוקערײַ, טאָ זעצט זיך אַוועק אין ווינקל בײַ דער טיר און דרייט זיך ניט אַרום...

דער איינציקער אָנהאַלט פאַרן אַרבעטסלאָזן — דאָס וואָס גיט אים צו מוט און אויסדויער — איז דער פאַריין, וועלכער לאָזט דעם אַרבעטסלאָזן ניט פאַלן, גיט אים, לויט די מאַקסימאַלע מעגלעכקײַטן, אַרבעט און אונטערשטיצונג, אַ חברישע אונטערשטיצונג, ניט קיין פילאַנטראָפּישע.

קיין אַנדערע מקורים האָט ניט דער יידישער אַרבעטער: אַפילו פון אַרבעטס־פאָנד קען ער גאָרניט באַקומען, ווײַל ער אַרבעט אין קליינע אונטערנעמונגען. איז דער פאַריין פאַרן אַרבעטער זײַן איינציקע פאַרטיידיקונגס־פּאָזיציע. פאַרן אַרבעטסלאָזן — אַ סך, אַ סך מער: זײַן איינציקער אָנהאַלט, זײַן דערמוטיקונג, זײַן היים.





פישל העלערשטיין

לידער פון א זעצער

# די וווּנדערבאַרע אותיות

אין די וווּנדערבאַרע אותיות
ליגט דער גאַנצער וועלט-באַנעם;
ס'וויקלט זיך דורך זיי פונאַנדער
די פאַרפּלאָנטערטסטע פּראָבלעם.

ס'איז אַ קראַפט אין זיי פאַראַנען,
וואָס פאַרניכטעט, בויט און שטערט;
ברענגט מלחמות, גליק און שלום,
שפּרייט אויף חורבן אויף דער ערד.

אין די אותיות שטעקט פאַרגליווערט
גרויסער צער און שטילער ווײ;
פון מיליאָנען אַרבעטס-מאַסן
מעכטיקער פּראָטעסט-געשריי.

אין די קליינע, שטומע אותיות,
אויסגעפורעמטע פון בלײַ,
ליגט טיטאַנען-מאַכט פאַרבאָרגן,
ליגט די קראַפט פון וועלט-באַנײַ.

# העפט און מוח

פון באַגינען ביז באַגינען
ווערט די ראָד ניט אָפּגעשטעלט.
דורך דעם רויש פון דרוק-מאַשינען
שפּרייט זיך ליכט אויף גאָר דער וועלט.

* * *

שטייט דער זעצער ביי דער קאַסע
און פירט אויס זיין פליכט געטריי.
ווי אַ פּײַנלעך שווערע מאַסע,
דריקט אויף אים דער שטויב פון בלײַ.

שרײַבערס גײַסט און זעצערס כּוח
ווערן דאָ צונויפגעפּאָרט;
אין קאָנטאַקט פון העפט מיט מוח
שמידט זיך דאָס געדרוקטע וואָרט.

הויכער גײַסט, אידעען גרעסטע
גייען דורך דורך זעצערס העפט —
ס'מעגן ווערן ווערק די בעסטע
דורך וואַנדאַלן אָפּט פאַרברענט.

אָבער גוואַלד, ברוטאַלער כּוח
קומען די קולטור ניט ביי.
זעצערס העפט און שרייבערס מוח
שאַפן ווערטן פון דאָס נײַ.

* * *

ערגעץ העלט שוין אויף באַגינען
און אַ נײַע וועלט זיך בויט.
ס'הודזשען, ס'רוישן דרוק-מאַשינען.
זייער פאַרב — ניט שוואַרץ, נאָר רויט.

**ישראל סטריפונסקי**

# „צוליב טעכנישע סיבות"...

גאַנץ אָפט באַגעגנט מען אין דער טעגלעכער פרעסע אַזאַ מין מעלדונג:

„צוליב טעכנישע סיבות איז דער היינטיקער
נומער דערשינען מיט אַ פאַרשפעטיקונג".

דער פשוטער לעזער גיט זיך דאַן אַ קלער: אָ, מן הסתם האָבן זיך שוין אַ פּאָר זעצער פאַרשפעטיקט צו דער אַרבעט — איז וואָס בין איך מחוייב צו ליידן?

אַן עפיזאָד, וואָס איך וועל דאָ דערציילן, וועט אילוסטרירן, אין וואָסערע אומגעהייער שווערע באַדינגונגען ס'קומט אָפט אויס אַרויסצוגעבן אַ ציַיטונג; באַדינגונגען, וועגן וועלכע דער לעזער האָט קיין שום באַגריף ניט.

*

ס'איז געווען ענדע 1931 — אַ פּאָר וואָכן נאָכדעם, ווי ס'האָט אָנגעהויבן צו דערשיַינען, אויף קאָלעקטיווע יסודות, די 5גראָשענע פרימאָרגן־ציַיטונג „ווילנער מאָמענט". דער גרעסטער טייל פון זעצער־פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון יוגנטלעכע, וואָס האָבן צום ערשטן מאָל געאַרבעט סיי אויף אַ ציַיטונג און סיי אַלס קאָלעקטיוויסטן. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר זיי איז דאָס געווען אַ נייַס, און הגם ס'פלעגט אויסקומען צו אַרבעטן ביז 2—3 בייַנאַכט און אַמאָל גאָר שפעטער — האָט מען דאָך געאַרבעט מיט חשק, האָפנדיק מיט דער ציַיט צו שאַפן פאַר זיך אַ זיכערע פּאָזיציע.

שטייענדיק אַזוי אין אַ קאַלטער דעצעמבער־נאַכט, אַ זייגער האַלב 3, בייַ דער אַרבעט—ווען דער מעטראַנפּאַזש אַ נדזערער, חבר אבדהם גאָרדאָן, האָט שוין אָנגעהויבן צוזאַמענשטעלן דעם ערשטן און פערטן עמוד פון דער ציַיטונג און די „דיזשורנע" זעצער האָבן בלויז געדאַרפט פאַרענדיקן די לעצטע ידיעות און דעפעשן — איז אין דער דרוקעריַי מיטאַמאָל געוואָרן שטאָק־פינצטער.

מיר זיַינען געבליבן אין אַ פּאַסקודנער לאַגע: שפּעט בייַנאַכט... קיין עלעקטראָמאָגטיאָר קען מען ניט קריגן... קויפן ערגעץ ליכט איז שוין אויך אוממעגלעך... אומעטום איז פאַרקלאַפּט און פאַרמאַכט... וואָס הייבט מען אָן צו טאָן? ס'קען דאָך גיין לאיבוד די גאַנצע אַרבעט, אין וועלכער מען האָט אַריַינגעלייגט אַזוי פיל כוחות...

מיר האָבן זיך גענומען אָנגעהויבן נישטערן אין די שופלאָדן. נאָך אַ האַלב שעה זוכן, האָבן מיר דערטאַפּט אַ ליכטל. ס'איז אונדז געוואָרן לייַכטער אויפן האַרצן — אַ האָפעונג, אַז מיר וועלן קענען פאַרענדיקן די אַרבעט. וויַיטער האָבן מיר שוין בייַם שיַין פון ליכטל געזוכט, אָבער מער קיין ליכט האָבן מיר ניט געפונען. ס'איז דעריבער געבליבן איין אויסוועג: פונאַנדערשניַידן דאָס ליכטל אויף קליינע טיילן און פונאַנדערטיילן עס צווישן די עטלעכע זעצער.

אַזוי האָבן מיר טאַקע געטאָן: פאַרן שיַין פון די קליינע ליכט־פלעמלעך האָבן מיר מיט גרויס אָנשטרענגונג דעם נומער ווי־עס־איז פאַרענדיקט און די ציַיטונג אַראָפּגעלאָזט אויף דער מאַשין. אָבער דאָ האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף נייַע שוועריקייַטן: די ליכטלעך זיַינען שוין געווען אויסגעגאַנגען און דער מאָטאָר איז אויך ניט געווען טעטיק. אַלע צרות זייַנען געקומען אויף איין מאָל.

מיר זיַינען געשטאַנען הילפסלאָז לעבן דער מאַשין, פול מיט רעזיגנאַציע: די ציַיטונג וועט שוין דעם טאָג ניט דערזען די ליכטיקע שיַין...

מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אין דער שטאָק־פינצטערניש אַ קורצע באַראַטונג און באַשלאָסן, אַז די ציַיטונג מוז פאַר יעדן פּריַיז דערשיַינען. מיר האָבן אויפגעזוכט אַ פּאָר ברעטלעך, אָנגעהייצט אַ קליין אייוועלע וואָס איז געשטאַנען קעגנאיבער דער מאַשין, און פאַרן אָפּשיַין פונעם פיַיער, וואָס מיר האָבן אַלע וויַילע פונאַנדערגעבלאָזן — האָט דער מאַשיניסט, דער פאַרשטאָרבענער חבר ישראל־בער וואָלאָזשינסקי, צוזאַמען מיטן לייגער, חבר אַבע שפּרינץ (וועלכער האָט אַפילו דערביַי, ווי זיַין שטייגער איז, ניט פאַרלאָרן זיַין שטענדיקן הומאָר), אָנגעהויבן דרוקן די ציַיטונג. די מאַשין האָבן מיר אַליין געדרייט מיט די הענט — יעדע 15 מינוט צוויי פּאָר אַנדערע הענט.

די ציַיטונג איז דערשינען מיט אַ צווייִשעהדיקער פאַרשפּעטיקונג. דער לעזער האָט זיכער ניט אָפּגעשאַצט די מי און אָנשטרענגונג, וואָס מיר האָבן אַריַינגעלייגט אין דער ציַיטונג — וועלכע ער האָט באַקומען פאַרן פּריַיז פון 5 גראָשן...

*

אַ זייגער 7 אינדערפרי זיַינען מיר אויסגעשעפּטע און פאַרמאַטערטע, האַלטנדיק זיך קוים אויף די פיס נאָך דער שלאָפלאָזער נאַכט, אַוועק אַהיים זיך אָפּרוען, טריומפירנדיק גלייַכציַיטיק מיט אונדזער נצחון...

י. בענגיס

# ביי דער אַרבעט

פאַרטאָג. ס'האָט זיך נאָך די נאַכט אינגאַנצן ניט געזעגנט. פוסט די גאַסן. די קערערס נאָד ראַמען שוין די לאַוועס און די גאַסן און ס'גייען אום די נאַכט-שומרים צעקעלטערטע, פאַרשלאָפענע.

כ'איַל צו דער אַרבעט אַ צופרידענער. כ'האָב ליב מיַן טעגלעכן פאַרטאָגיקן שפּאַציר.

כ'דערמאָן זיך אָפּט גייענדיק יענע לאַנגע וואָכן אָן אַרבעט, דאָס אַרומגיין איבעד די גאַסן אָן אַ ציל און אָן אַ ווילן — מענטשן פאַרביַי דיר איַלן ערגעץ, גייען ערגעץ גיך, טוען עפּעס, און דו שלעפּסט זיך אַרום אַן איבעריקער, קיינעם ניט קיַין נייטיקער.

און וויפל זיַנען זיי איצט פאַראַן אַזעלכע אַרויסגעשטויסענע לעכצנדיקע נאָך אַרבעט און נאָך ברויט? אין אַלע עקן וועלט — מיליאָניקע אַרמייען!

אָפּט ווען איך קום, געפין איך שוין אַ טייל חברים— זיי האָבן שוין געכאַפּט אַ קוק אין אַ ציַיטונג. מען גיט זיך איבער די וויכטיקסטע ניַיס, מען באַהאַנדלט אויף איין פוס די אַקטועלסטע וועלט-פּראָבלעמען. מיר מאַכן עטלעכע באַמערקונגען צו דער וועלט-פּאָליטיק, וועלכע ווערן אָבער זייעד זעלטן גענומען אין אַכט דורך דער פעלקער-ליגע און צום סוף ערליידיקנדיק די היימישע, ווילנער ענינים פון דער פערטער זיַיט — נעמען מיר זיך צו דער אַרבעט.

צוויי עמודים ווערן אויסגעצויגן אויפן טיש און מיר נעמען זיי פונאַנדער גלידערוויַיז.

ס'געדויערט ניט לאַנג און מיר מאַכן אַ תל פון דער ערשטער „דריַישפּאַלטיקער" — פון דער יונגער ווייבל מיט איר געליבטן, וואָס האָט זיך באַהאַלטן אין אַלמער. מיר וואַרפן אַראָפּ די נאָמינירטע פאַרוואַלטונג פון דער ווילנער קהילה און ליקווידירן אומברחמנותדיק די נירנבערגער געזעצן, דעם שפּאַנישן אויפשטאַנד ווי בכלל אַלע פאַשיסטישע מלוכות.

פאַראיינוועגס לופטערן מיר אַ ביסל דורך די שפּראַך און נעמען זיך „אין דער אַרבעט".

יאַטעס זיַנען ביַי אונדז איינער אין איינעם — איז ציַיטנוויַיז ביַי דעד אַרבעט פרייליכער ווי אין יידישן טעאַטער, בליַיבן טאַקע אָפּט ניט אויסגענוצט די אומזיסטע קאָנטראַמאַרקעס.

איינער איז הויך און געזונט (קיין בייז אויג זאָל אים נאָר ניט פאַרשאַדטן) און זיַין גרעסטער ווונטש איז, אַז דריי ענדעקישע סטודענטן זאָלן אים אַמאָל פאַרטשעפּען ערגעץ אין אַ שטילן זאַווולעק, ער וואָלט פון זיי געמאַכט — זאָגט ער — געהאַקטע לעבער.

דער צווייטער איז אַ קורצינקער און גראָבינקער. ווען דער הויכער זאָגט „טאָג" איז ביַים צווייטן „נאַכט".

גאָר אַ בכבודיקן אָרט אין אונזער אַרבעטס-משפחה פאַרנעמט אַן אויסגעדינטער רוסישער סאָלדאַט, מיט אַ פּנים פון אַ פּוילישן פּריץ. אויב נאָר ס'איז ביי אים ניט קיַין פאַרוואָלקנטע שטימונג, ציען זיך מעשיות פון דער פאַרגאַנגענהייט, פון דעד מלחמה און פון דער אַרמיי — אַ געביט, אויף וועלכן ער איז אַ גרויסער מיַיסטער.

אַחוץ דעם פאַרמאָגן מיד נאָך אַ געבוירענעם מאַסן-רעדנער מיט אַ הויכער טשופּרינע און אַ לייבן-שטים.

אַז ס'קומט זיך צונויף אונזער גאַנצע כאַליאַסטרע איז לעבעדיק און פריילעך.

וואָס מעד אָבער ס'רוקן זיך די שעהן, אַלץ ערנסטער ווערט מען. ניטאָ שוין דאַן קיין צייט אויף חכמות. מען מוז זיך איַילן. דער עולם לייענער וואַרט אויף די לעצטע ידיעות און אַ גרויסער טייל פון זיי איז אומגעדולדיק וועגן ווייטערדיקן גורל פון העלד אָדער העלדין פון געשפּאַנטן ראָמאַן. חברה צייטונגס-פאַרשפּרייטער זאַמלען זיך צו ביסלעך און ווערן אומגעדולדיק.

גאָר אָפּט, אין צייטן אומרואיקע און געשפּאַנטע, ווען צו גלייך מיט די לעזער וואַרט מען אומגעדולדיק אויף יעדער לעצטער דעפּעש, שטייט מען שטיל שווייגנדיק און טאָפּלט שנעלער באַוועגן זיך די פינגער...

פּלוצלונג, מען קלאַפּט אין וואַנט, וואָס גרענעצט זיך מיט דער רעדאַקציע. אַ סיגנאַל: אַ טעלעפאָן פון וואַרשע!

שש!.. שש!.. חזרט מען זיך איבעד איינער דעם אַנדערן. אַ טויטע שטילקייט.

כאַפּסט אויף אָפּגעריסענע פראַזן: בלוטיקע געשעענישן? עקסצעסן?... ווו? דערהאַרגעטע, וויפל?...

און אין אַ ווײַלע אַרום:

„האַלאָ, האַלאָ!! דאָ דעדט מאָסקווע, בערלין, וואַרשע... לעצטע ידיעות!"...



„בלוטיקע קאַמפן צווישן פּאָליציי מיט אַרבעטסלאָזע... פאַרביטערטע שלאַכטן אין אַבעסיניע... אויפשטאַנד אין שפּאַניע... געקעפּט זעקס אַרבעטער אין בערלין... בלוטיקע טעראָר־אַקטן אין פּאַלעסטינע... בירגערקריג אין כינע״...

טאָג איין טאָג אויס ברענגען די ראַדיאָ־כוואַליעס אַזוינע ידיעות פון פאַרשיידענע שטעט און לענדער. ס׳איז די וועלט איינגעהילט אין אַ בלוטיקן קאָשמאַר — און כאָטש מען האָט זיך שוין אַזוי אײַנגעוווינט און איינגעלעבט מיט דעם, צאַפּלט אָפט דאָס האַרץ אין געשפּאַנטער ערוואַרטונג.

ס׳טרעפן דאָך טעג, ווען ס׳אַנטשיידן זיך אויף לאַנגע יאָרצענדלינגער דער גורל פון פעלקער און קלאַסן...

קוקסט אָפּט מיט ערוואַרטונג די רעדאַקציע־מיט־אַרבעטער אין די אויגן... ווילסט טרעפן ווי האַלט מיטן שפּאַנישן אַרבעטער־קלאַס... צי ווערט די וועלט נאָך שוואַרצער ווי געווען...

שטיקלעכווייז טיילט מען אײַן די לעצטע אָריגינאַלן און אָפּהענגיק פון זייער אינהאַלט ווערט מען פריילעך אָדער מוטלאָז...

ווי אָפט ווענדט זיך נאָר אָן אונז, זעצער, דער זיג אָדער דורכפאַל פון פאַרשיידענע רעוואָלוציעס און אויפשטאַנדן, ווי אָפט האַלטן מיר אין אונזערע הענט דאָס לעבן פון פאַרשיידענע פאָלקס־פיינד.

דאַרפסט זעצן אַ גרויסן קאָפּ וועגן דער לעצטער ידיעה: „שיר אומגעקומען דער פירער פון די נאַציס״ וואַרפסטו אַרויס בײַם זעצן דעם „שיר״ און אַלע ווילנער יידן וואָלטן זיך געפרייט: געוואָרן מיט אַ שונאי־ישראל ווייניקער !..

איז אָבער דער קאָרעקטאָר אַן עקשן און קאָנסער־וואַטיסט: ער האַלט זיך שטרענג לויטן אָריגינאַל און שענקט דעם נאַצי דאָס לעבן...

ווען ניט דער קאָרעקטאָר, וואָלטן מיר שוין לאַנג דורכגעפירט פאַרשיידענע געווּנטשענע ענדערונגען פריער אין אייראָפּע, דערנאָך אויך אין די איבעריקע וועלטטיילן...

מען רעכנט זיך אָבער ווייניק מיט אונדזער ווילן, דערקעגן אָבער, ווער נאָר ס׳האָט גאָט אין האַרצן ערלויבט זיך צוריידן אין אונזער נאָמען, ווער נאָר ס׳קאָן האַלטן אַ פעדער אין האַנט מאַכט צוויי קלאַמערן און שרייבט אַריין: (באַמערקונג פון הבחור הזעצר :...).

פון פאַרשיידענע קאָלירן זיינען זיי די באַמערקונגען: שטריימלדיק, ווײַס־בלוילעך, ברוינלעך און שוואַרצמאהדיק— און דאָס אַלץ ווערט אונז צוגעטשעפּעט ווי אַ רויטער לונג אָ:ן לעבער אויף דער נאָז...

ס׳וואָלט כדאַי געווען צו זאַמלען אונטערשריפטן צווישן די זעצערישע מאַסן פון גאָר דער וועלט אויף אַ פּעטיציע (ווי זשאַבאָטינסקיס צום ענגלישן קיניג) צום זשורנאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל:

אַ גרויסן דאַנק אײַך פאַר דעם ביז איצט פאַרטאַפּטן כבוד, אויף להבא ווילן די זעצער זייערע באַמערקונגען אָנשרייבן אַליין... ס׳איז שוין צייט, אַרבעטנדיק אַזוי לאַנג אין צייטונגס־וועזן, זיי זאָלן קענען...

ס׳איז דערפון חלילה ניט געדרונגען, אַז מיר דאַרפן ניט לעבן גוט מיט די רעדאַקציע־מיטאַרבעטער. פאַרקערט: כ׳גלייב, אַז מיט דער צייט וועט אַנטשטיין אַ פאַריייניקטער פאַך: אַ זשורנאַליסטיש־זעצערישער. מען וועט זיך בייטן לויט דער ריי: איין וואָך וועט אַ זשורנאַליסט שרייבן, די צווייטע וואָך זעצן — זעצער וועלן איין וואָך זעצן און די צווייטע שרייבן...

ניט אומזיסט האָבן דאָך מסתמא צייטונגס־זעצער אַזוינע שרייבערישע אַמביציעס?

און אפשר וואָלטן אַדאַנק דעם געלייזט געוואָרן די אָפטע קאָנפליקטן, צוליב דעם וואָס די זשורנאַליסטן איז שטענדיק ווייניק די צאָל שורות און פאַר די זעצער צו פיל...

זעצער וואָלטן אפשר דאַן מער מיטגעפילט די רעפּאָרטערן, וועלכע קומען צולויפן אין דער לעצטער מינוט, ווען די עמודים זיינען שוין אינגאַנצן פאַרטיק, מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, באַגאָסענע מיט שווייס און בעטן זיך ווי ביי גזלנים:

— כ׳מוז האָבן צוויי דרייספּאַלטיקע! געוואַלדיקע סענסאַציעס! „אַ 65יאָריקער מנובל האָט פאַרגוואַלדיקט אַ פריילן!״, „אַ געיעג נאָך גנבים איבער די דעכער״.

מען אַמפּערט זיך, מען פּרובט זיך ווערן, אָבער סוף־כל סוף מוז מען נאָכגעבן: מען דאַרף דאָך באמת האָבן אַ שטיינערנע האַרץ צו באַעוולען אַ „65יאָריקן מנובל״ און אים לאָזן אויסן... און טאָמער וועט ער אין דער צווייטער צייטונג זיין און ביי אונדז וועט ער פעלן. די לעזער וועלן דאָך פאַראיבל האָבן...

פאַרפילט מיט די לעצטע, פריש צאַפּלדיקע כראָניקעס ווערן די בלעטער צוגעכאַפּט פון מאַשין ווי גאָלדערנע רענדלעך. און אין אַ ווײַלע אַרום הילכט שוין די גאַס פון אויסגעשרייען.

די צייטונגס־פאַרשפּרייטער מאַכן דורך זייער טעגלעכן לויף־געוועט איבער די ווילנער גאַסן, אויסזאָגנדיק טיילווייז די לעצטע סענסאַציעס.

נאָך אַן אַכטשעהדיקן אַרבעטסטאָג, גייען מיר פאַרמאַטערטע אַהיים — אויף די ראָגן און ביי די קראָמען געניסט מען די רעזולטאַטן פון אונדזער אַרבעט.

גרויסע שיכטן קוויקן זייערע הערצער מיט דער טעג־לעכער פּאָרציע פון דריי ראָמאַ:ען־פאָרזעצונגען.

ווי אײַנגענעמער און טייערער וואָלט געווען אַ גרויסן טייל פון אונדז די אַרבעט, ווען אָנשטאָט דעם מין „גייסטיקע שפּייז״ וואָלט אונדזער פּראַצע באמת געדינט די דאָזיקע פאָלקס־שיכטן.





## אַלט און יונג ביי דער אַרבעט



יוסף גאָטעס



ישראל קאַמערמאַכער



י. חאָלאָשינסקי

א. רודאַשעווסקי

# נאַכט-אַרבעט

קומסט צו גיין ווי געוויינלעך אין זעצעריי צו דער נאַכט-אַרבעט. די בײַטאָגעדיקע קלייבן זיך שוין אַהיים. די לופט איז געדיכט און שווער. דער צימער וווּ מען אַרבעט איז נידעריק און ענג. עס קומט דיר אַנטקעגן דער באַקאַנטער ספּעציפישער ריח פון פאַרב, בליי און שווייס.

אין רעדאַקציע-צימער, וואו מען גיט „אָריגינאַל" איז עטוואָס ליכטיקער און לופטיקער. דער שטול לעבן טיש ציט צו, און אַז מען זעצט זיך אַוועק, פילט מען אַ שווערקייט ווי בליי אין אַלע גלידער.

מען קריגט דעם מאַטעריאַל און מען קען שוין גיין זעצן. אָבער עס ווילט זיך ניט אויפהייבן אַרבעטן.

— וואָס? עס ווילט זיך ניט נייען (אַרבעטן)? רופט זיך אָפּ דער נאַכט-רעדאַקטאָר.

אַלע נאַכט די זעלבע זאַך.

דעם חבר פון רעדאַקציע איז אויך לאַנגווײַליק, זיצנדיק אַזוי אַריבערגעבויגן איבער די כראָניקעס און טע-לעגראַמעס. מען רעדט זיך דורך אַ ביסל וועגן דער נודנע-קײַט פון דער אַרבעט און פון לעבן. אָבער עס ווערט שפּעט, מען דאַרף גיין זעצן.

אין זעצעריי איז שוין שטיל און אומעטיק. עס שטייען די עטלעכע נאַכט-זעצער נאָך בײַ די פולע קאַסטנס שריפט, וויגן זיך און קלאַפּן מיט די אותיות אין די העקלעך. די פינגער לויפן גיך פון איין פעכעלע אין צווייטן. די אַרבעט הייבט זיך ערשט אָן און זעצן דאַרף מען נאָך גאָר אַ סך.

אַלע ווײַלע טראָגט מען אַרײַן פון רעדאַקציע-צימער נײַעם מאַטעריאַל. אַמאָל גוטע מאַנוסקריפּטן מיט אַ סך „אַבזאַצן" — זעצט זיך דאָס גיכער. זעצערשע גליקן... אַמאָל — געמעקטע און אַרײַנגעשריבן צווישן די שורות. עס טרעפט אויך מיט בלייפעדער, מוז מען דעם מאַנוסקריפּט האַלטן אָן אַ זײַט פון לאָמפּ, מען זאָל קענען לייענען. דער שרייבער כאַפּט דאַן אַרײַן פון זעצער די אמתע ברכות...

די אויגן זײַנען ווי אָנגעשאָטן מיט זאַמד. די שעהן דוקן זיך, די גראַנקעס מיט פאַרטיקע שורות וואַקסן. מ'האַלט שוין ביים סוף פון די „שמאָלע" (כראָניק) און ס'הייבן זיך אָן די ברייטע (טעלעגראַמעס). די בדייטע שורות דאָס איז דער ליכטיקער פונקט אין דער נאַכט-אַרבעט. ס'ווערט נעענטער די צײַט פון גיין אַהיים.

עס קומען די מאַשיניסטן. מען שמועסט זיך דורך און ס'ווערט אַ ביסל פרייילעכער... ס'קומט אויך אַמאָל אַרײַן אַ היימלאָזער מענטש אין טראַנטעס און געפינט דאָ אַ מקום-מנוחה, צי מען וויל יע צי מען וויל ניט, מיט זײַן אָוונט-ברויט פון אַ גאַנצן טאָג אויפגעקליבענע סקאָרינקעס, וועלכע ער עסט אויף און לייגט זיך אין אַ ווינקל שלאָפן. פון זיינע שמאַטעס הערט זיך אַ פוילער ריח... זומער ווען די פענסטער צו גאַס זיינען אָפן, קומט צו אַמאָל אַ פּראָסטיטוטקע. זי בעט אַ פּאַפּיראָס און דערציילט לאַנג פון אירע „גליקן"...

אין גאַס איז שטיל. עס הערט זיך נאָר דאָס קלאַפּן פון דער מאַשין (מען דרוקט די מיטלסטע זײַטן) און פון צײַט צו צײַט אַ לאַנגער געניץ פונעם אויפלייגער.

קרעכצט מען אַמאָל אונטער פון דער שווערער נאַכט-אַרבעט. שטענדיק ניט דערשלאָפן. די נערוון זײַנען צע-שרויפט. שטענדיקער קאָפּ-ווייטאָג. געווען בײַם ד"ר — דערציילט אַ חבר. אַ דרוקער? נאַכט-אַרבעט? זײַער שלעכט. בלײַ-פאַרגיפטונג. וואַרפט אַוועק די אַרבעט...

אַמאָל קומט ווער אַרײַן פון גאַס מיט אַ נעקראָלאָג. אַ קלעפּסידרע. מען דינגט זיך און מ'קומט דורך. עס קומט צו אַ פּאָר גילדן... די באַשטעלער שטייען פאַרשטיינערט, צעווייטאָגט. ס'איז שוין שפּעט אין דער נאַכט. ס'ציט צום שלאָפן, מען כאַפּט אַ דרעמל מיט די הענט צו קאָפּנס. די מאַשין קלאַפּט און שלעפערט אײַן. אין שלאָף חלומסטו, אַז דו זיצסט אין אַ באַן און ס'קלאַפּן אַזוי די רעדער. דער צוג טראָגט דיר ווייט, ווייט. אָבער מען וועקט דיר אויף — מען דאַרף זעצן וועגן ריין-געביט. אַרום — די שוואַרצע ווענט. אַ קעלט אַזאַ בלײַיקע און פאַרזשאַווערטע אין די ביינער און אַ פאַרלאַנג און אַ בענקשאַפט נאָך אָט דעם קלאַפּן פון די רעדער פון אַ צוג. פאָרן ערגעץ...

ווײַזט אויס, מען וועט שוין דאָ אַזוי אייביק פוילן.

די ערשטע זײַטן ליגן שוין ווי די שוואַצע פלאַכטעס, אַרויסגעוואָרפענע און אויסגענוצטע פון מאַשין.

ווידער נעמט מען זיך זעצן די לעצטע טעלעגראַמעס מען קען דאָך ניט לאָזן אַזעלכע סענסאַציעס — טענהט דער נאַכט-רעדאַקטאָר.

ענדלעך איז די אַרבעט געענדיקט. אין גאַס — אַ קאַלטע פרישע נאַכט-לופט. מען כאַפּט אַ ביסל אָפּ דעם אָטעם פון דעם בליי-שטויב. די גאַסן זיינען שטיל, וווּ ניט וווּ אַ דורכגייער. די דראָשקערס ביי די ראָגעס דרעמלען אויף די קעלניעס. דערהערט, אַז מען גייט, גיט זיך דער דראָשקער אַ כאַפּ: צופאָרן? קיינער ענטפערט ניט.

פון אַ קעלער אין אַ בעקעריי דערטראָגט זיך אַ געזאַנג. עס זינגט דאָרטן אַ בעקער-אַרבעטערין ביי דער אַרבעט אַן אומעטיקן ניגון.

עס איז שוין באַלד טאָג. עטלעכע שעה שלאָפן, און — ווידער דאַרף מען אָנהייבן אַלץ פונדאָסניי.

ברוך געלמאַן

# ליד וועגן אַזעצער

דעם חבר-זעצער — ש. א.

אין הייסן בליי פון לינאָטיפּ-מאַשינען
האָט ער די יאָרן גרוי אַריינגעשמאָלצן,
און מיט קלאַווישן — אַרויסגעבישופט זינען,
באַקליידט אין וואָרט, אין קלינגעוודיקן, שטאָלצן...

דורך נאַכט, דורך טאָג — אַ פערט-חלק יאָרהונדערט...
נאָר עפּעס דריקט אַן עלנט זיינע אַקסלען;
ס'זיצט צער און בייסט און רייסט אין האַרצן וווּנדן,
און אַ ווייטיק אין געמיט צעוואַקסט זיך---

עס בויגן פיבערדיק זיך צו די שלאַנקע —
ווי העלדזער פון די ווילדע שוואַנען — שטאַנגען
פון לינאָטיפּ, און כאַפּן אויף געדאַנקען
און הייבן זיך מיט סודות און פאַרלאַנגען...

דעפּעשן שרייען פיבערדיק און רופן;
דער טעלעגראַף ברענגט הייסע טעלעגראַמעס;
און נייסן, נייסן גליען אין דער לופטן —
די גרויסע וועלט איז איינגעהילט אין פלאַמען!...

עס ברענט די רויטע שלאַכט פאַר מאַכט פאַר לעצטער;
עס גייט אַ שטורמישער געפעכט פאַר רעכט און ליבע! —
עס זיצט ביים לינאָטיפּ דער חבר זעצער,
און עפּעס אין געמיט דאָרט — רוישט און פיבערט...

...אַ קינדער-שטים איז, אין זיין טרוים, געבאָרן...
אין בענקשאַפט איז עס אויף דער וועלט געקומען...
נאָר ס'איז די שטים אין בלוט אַוועק פאַרלאָרן —
די גרויע וואָר האָט אויסגעלאַכט, פאַרשטומט עס...

נאָר ס'שטייט דער זעצער אויף דער וואַך און פיבערט —
ער גליט און שמידט אַ טרוים פון די מיליאָנען,
אַזוי פיל הערצער צאַפּלען זיך און ליבן,
אַזוי פיל לעבנס פיבערן און מאָנען...

און מאָנען רויט, ווי בלוט מאָנט אויף די ברוקן;
ווי ס'מאָנט — וואָס הינטער תפיסה-ווענט פאַרבאָרגן,
און עפּעס לייכט אין זיין געמיט און טוקט זיך:
ער גליט און שמידט און הערט די טריט פון מאָרגן!...



## ליטאָגראַפן-אַרבעטער — דיסציפּלינירטער באַשטאַנדטייל פון דרוקער-פאַריין



עס שטייען, 1טע ריי (פון רעכטס אויף לינקס): שטוצער, פ. אבעל, ל. פוזעריסקי, פ. איוואַנאָווסקי, ח. ליבקער, ז. צוקערמאַן. 2טע ריי: ל. מעשאַלימאָוויטש, ש. קליאַטשקאָ, מ. פּאַפּערין, ש. קאַטשערגינסקי, ר. אַראָנאָוויטש און א. מעלאַמעד. עס זיצן: מ. וויסבאָרד, א. קאַמערמאַכער, ב. שולמאַן, א. וואַסילעוויטש, י. קליאַטשקאָ און מ. גרובין.



אַ גרופּע ליטאָגראַפן-אַרבעטער אין מאַצס ליטאָגראַפיע

עס זיצט ביים פרעג-מאַשין (רעכטס): י. יאַק. עס שטייען (פון רעכטס אויף לינקס): מ. גרובין, א. מעלאַמעד, ב. שולמאַן, א. וואַסילעוויטש, משה פּאַפּערין, י. קליאַטשקאָ, מ. פּאַפּערין, ש. קליאַטשקאָ. עס שטייען ביים מאַשין: א. קאַפּלאַן און מ. זלאַטקאָווסקאָ.

# 1936–1906

## מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון פ״פ
## פון דרוקער-אַרבעטער אין ווילנע

(אויסצוגן פון דער פּרעסע, דאָקומענטן און פּראָטאָקאָלן)

## 1906

### „דער וועקער“, ווילנע.

8 יאַנואַר

אין שטאָט זיינען פונאַנדערגעקלעפּט מודעות פון גענעראַל-גובערנאַטאָר, אין וועלכע עס ווערט אָנגעזאָגט פּאָלגנדיקס: אין פאַל, ווען אין שטאָט וועט דעם 9טן יאַנואַר פּאָרקומען אַ שטרייַק, דאַן ווערט די שטאָט ערקלערט אין אויסעראָרדנטלעכער אויפזיכט; די געשעפטן, פאַבריקן אאז״וו, וועלכע עס וועלן דעם טאָג ניט אַרבעטן אָדער זייַן צוגעמאַכט, וועלן זייַן באַשטראָפט אין 3000 רובל. יעדער קלענסטע פאַרזאַמלונג, איין איינציקער אויסשיסן פון אַ רעוואָלווער, אַ וואָרף טאָן מיט אַ שטיין — דאָס אַלץ וועט ברענגען צו דעם, אַז דאָס מיליטער וועט שיסן אָן יעדער אזהרה און אַנד׳ פאַראָרדענונגען.

11 יאַנואַר

ווי מען גיט אונז איבער, האָבן נעכטן, דעם 9טן יאַנואַר, געשטרייַקט אין שטאָט דאָס רוב פאַבריקן, מאַסטערסקאַיעס, אַלע דרוקערייַען *).

13 יאַנואַר

אונז גיט מען איבער, אַז די, וועלכע זייַנען דעם 9טן יאַנואַר ניט געקומען צו דער אַרבעט אָדער אין געשעפט וועלן דאַרפן זיצן 3 טעג אָדער וועלן דאַרפן צאָלן 5 רובל שטראָף.

### „פאָלקסצייַטונג“, ווילנע.

19 פעברואַר

רעכענונג

פון 17טן נאָוועמבער 1905 ביז 1טן פעברואַר 1906 יאָר

פון דעם ערשטן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון דרוקער, איינבינדער און ליניִרער אין ווילנע:

| | |
|---|---|
| די אַלגעמיינע צאָל מיטגלידער | 480 |
| פון זיי: דרוק-אַרבעטער און אַרבעטערינען | 314 |
| בוכבינדער | 125 |
| ליניִרער-אַרבעטער | 41 |

הכנסות

| | קאָפּ. | רובל |
|---|---|---|
| מיטגלידער-צאָלונגען | 90 | 95 |
| פון זאַמלונגס-ליסטן | 85 | 87 |
| צופעליקע נדבות פון מיטגלידער | 14 | 20 |
| פון אַן אָוונט | 94 | 81 |
| סך-הכל | 83 | 285 |

הוצאות

| | קאָפּ. | רובל |
|---|---|---|
| שטרייַקן | 35 | 106 |
| קוואַרטירן | 50 | 79 |
| אויסגאַבן אויף דער קאַנצעלאַריע (דרוקן אוסטאַוון, מיטגלידס-קאַרטן, זאַמלונגס-ליסטן, שטעמפּלען) | 38 | 38 |
| ביבליאָטעק * | 45 | 52 |
| פאַר דעם ק׳ פון „בונד“ | — | 8 |
| סך-הכל | 68 | 284 |

| | קאָפּ. | רובל |
|---|---|---|
| הכנסה | 83 | 285 |
| הוצאה | 68 | 284 |
| געבליבן אין קאַסע | 15 | 1 |

26 פעברואַר

מאָרגן מאָנטאָג וועט די צייַטונג ניט אַרויס, ווייל פּורים אַרבעט ניט די דרוקערייַ.

2 מערץ

די אַרבעטער פון די היגע גרעסערע דרוקערייַען האָבן באַשלאָסן, ווי מען גיט אונז איבער, ניט צו נעמען קייַן אָנטייל אין די וואַלן פון גאָס׳ דומע.

*) צוליבן שטרייַק איז דעם 10טן יאַנואַר „דער וועקער“ ניט אַרויס. רעד׳.

* די ביבליאָטעק באַשטייט פון 550 עקזעמפּלאַרן אין יידיש און אין רוסיש.





— די רעדאַקציע פון דער היגער רוסישער צײַטונג „בעלאַיאַ דוס" האָט געהייסן, די דרוקערײַ זאָל אַנטזאָגן אַלע יידישע זעצער, אַחוץ איינעם, ווייל דאָס איז אַן עלעמענט פון „קראַמאָלע" און אַן אומרויִקער.

— אין אייניקע ווילנער טיפּאָגראַפיעס פאַרניכטן די אַרבעטער דעם זאַץ פון די אויפשריפטן „דאָזוואָלענאָ צענזוראָיו" וואָס דאַרפן געשטעלט ווערן אויף די פאָדער-בלעטלעך פון בראָשורן; זיי טוען דאָס אויף דעם כּמך פון דעם באַשלוס, וואָס איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן דורך דעם ראַט פון די אַרבעטער-דעפּוטאַטן.

6 מערץ

דער 1טער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון דרוק און אײַנבינדער מעלדעט:

מיט 3 פערטל יאָר צוריק האָט ה' בער ציונסאָן פאַרמאַכט זײַן יידישע דרוקערײַ און האָט ניט אינגאַנצן באַצאָלט זײַנע אַרבעטער. איצט האָט ער איבעראַנײַס געעפנט זײַן פאַרמאַכטע יידישע דרוקערײַ און האָט זיך געווענדט צו אונדז, אַז מיר זאָלן אים געבן אַרבעטער. לייגט פאָר דער פאַריין, אַז קיין אַרבעטער פון ווילנע און אַנדערע שטעט זאָלן ניט גיין צו אים אַרבעטן, ביז וואַנען ער וועט באַצאָלן זײַנע געוועזענע אַרבעטער.

דאָס ביוראָ פון פאַריין.

— דאָס ביוראָ פון 1טן פּראָפעסיאָנעלן פאַריי'ן פון די ווילנער דרוקעריי-אײַנבינדערײַ-אַרבעטער האָט אַדויסגעלאָזן אַ בלעטל (געדרוקט אין דער דרוקערײַ פון „בונד") וועגן דעם פאָלגנדיקן פאַקט:

אין ווילנע, אין דער דרוקערײַ „רוסקי פּאָטשין", האָט מען אָפּגעזאָגט 5 זעצער מערניט דערפאַר, וואָס זיי זײַנען יידן. דער מיניסטער גיט אַרויס אַ צירקוליאַר, אַז מען זאָל אָפּזאָגן אַלע יידישע אַרבעטער פון די קאַזיאָנע זאַוואָדן, און כּדי אונטערצולעקן זיך דער רעגירונג, אײַלן זיך די פּאַטריאָטן, די „עכט רוסישע מענער" פונעם „דוסקי פּאָטשין" אָפּצורייניקן די דרוקערײַ פון בונטאָווש טשיקעס.

29 מערץ

צו דער לאַגע פון די לעדניינגלעך
אין די דרוקערײַען

אַ „לערע-יינגל, אַ זעצער" בעט אונדז מיר זאָלן אויפמערקזאַם מאַכן די פּראָפ' פאַריינען פון די זעצער בכלל און פון די לערניינגלעך אין די דדוקערײַען בפרט. „אַלטע זעצער — שרײַבט אונדז דער יונגער זעצער-תּלמיד — וואָס אַרבעטן שוין צו 4—5 יאָר פאַרדינען אין די פּראָווינציעלע שטעט בלויז צו 15—16 רובל אַ חודש. די לערניינגלעך דאַרפן נאָך צוצאָלן אין אַנדערע ערטער צו 25 רובל און מוזן אַ גאַנצן יאָר אַרבעטן אומזיסט, ווערליג זיי ברענגען אַ נוצן שוין פון ערשטן טאָג אָן — זיי וואַרפן פונאַנדער דעם זאַץ". זײַן בריוו שליסט ער מיט פאָלגנדיקע ווערטער: איך רעכן דאָס די פּראָפּ' פאַריינען וועלן זיך אָפּשטעלן אויף דער דאָזיקער פראַגע און פּילײַכט זי אויך פאַרענטפערן.

21 אַפּריל

ווילנע. די אַרבעטער האָבן געפײַערט דעם ערשטן מאַי מיט אַן איינטאָגיקן שטרײַק. דאָס רוב פריקאַזשציקעס זײַנען ניט געקומען אין די געשעפטן. די דרוקערײַען, ווערקשטאַטן און אַ סך זאַוואָדן האָבן ניט געאַרבעט *)

24 אַפּריל

אין סירקינס דרוקערײַ שטרײַקן די אַרבעטער. די סיבה פונעם שטרײַק באַשטייט אין דעם, וואָס סירקין אַנטזאָגט זיך צו צאָלן פאַרן טאָג פון 1טן מאַי, וועלכן די אַרבעטער האָבן געפײַערט.

25 אַפּדיל

מיר בעטן די רעדאַקציע אָפּצודרוקן פאָלגנדיקע מעלדונג:

דעם 23סטן אַפּריל האָבן די אַרבעטעד פון סירקינס דרוק געמעלדעט אַ שטרײַק אין ווילנע (עס שטרײַקן ביז 110 מענטשן), אַרויסשטעלנדיק די פאָדערונג מען זאָל זיי באַצאָלן פאַר דעם יום-טובדיקן טאָג פון 1טן מאַי. דער ערשטער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון ווילנער דרוק-אײַנבינדער-אַרבעטער בעט אַלע חברים דרוקער אין פּעטערבורג, מאָסקווע און ריגע אונטערצוהאַלטן די שטרײַקנדיקע און זיך אַנטזאָגן צו דרוקן פאָלגנדיקע באַשטעלונגען פון הערן סירקין:

1) שוין אָנגעזעצטע בלאַנקען פאַר טעלעגראַמען פאַד די אָקרוגן ווילנע, אָדעס, וואַרשע און קאַווקאַז, 2) בלאַנקען פאַר דער פאַרוואַלטונג פון פּאָליעסער אײַזנבאַן, 3) נאָך ניט אָנגעזעצטע בלאַנקען, אָטשאָטן, סמעטעס און סטאַטיסטיק, זאָגענאַנטער „סבאָרניק" פאַר דער פאַרוואַלטונג פון ריגע-אָרלאָווער אײַזנבאַן.

דאָס ביוראָ פון ערשטן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון ווילנער
דרוק-אײַנבינדער-אַרבעטער.

P. S. מיד בעטן די איבעריקע צײַטונגען דאָס איבערצודרוקן.

28 אַפּריל

מעלדונג פון ערשטן פּראָפּ' דרוק- און בוכבינדערײַ-אַרבעטער-פאַריין אין ווילנע.

דער שטרײַק אין דער דרוקערײַ פון ה' סירקין איז געענדיקט. די אַרבעטער האָבן געוווּנען: סירקין האָט באַצאָלט פאַר דעם טאָג פון 1טן מאַי און פאַר די $3^1/_2$ טעג וואָס דער שטרײַק האָט געדויערט.

## „דער נײַער וועג", ווילנע
(אָרגאַן פון ז. ס. א. פּ.)

28 אַפּריל

ווילנע. נאָך דעם דעצעמבער-שטרײַק און באַזונדערס נאָך דעם ניט אײַנגעגעבענעם שטרײַק פון 9טן

*) די „פאָלקסצײַטונג" איז ניט ערשינען דעם 2טן מאַי. רעד'.

יאַנואַר האָבן זיך בײַ אונדז שאַרף געביטן די פּאָליצייִשע באַדינגונגען. די פּאָליציי איז נאָך הוצפּהדיקער אַלס פאַרן 17טן אָקטאָבער. נאַכט אין נאַכט פלעגן אַרעסטירט ווערן צענדליגגער מענטשן, פיל פון זיי אַזעלכע, וואָס מען קען זיי באַשולדיקן ביז נאָר אין דעם, וואָס זיי געהערן ניט צו דער שוואַרצער מאה. פאַרזאַמלונגען פלעגן צעטריבן און אַרעסטירט ווערן.

— פיל אויפמערקזאַמקײַט און מי האָבן מיר געווענדט דעם ווינטער אויף אויסערפּאַרטייִשע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. אַדאַנק דער ברייטער אַגיטאַציע האָט זיך אונדז אײַנגעגעבן צו אָרגאַניזירן אין די „פרײַע טעג" אייניקע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. די אויפגעלעבטע רעאַקציע און דער עקאָנאָמישער קריזיס האָט זיי אָבער שטאַרק געשטערט אין זייער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג.

— איצט זײַנען מיר פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן פונדאָסנײַ דעם פאַריין פון דרוקער. די לעצטע צײַט האָט זיך בײַ אונדז געשטעלט די פראַגע וועגן לעגאַליזירן די פאַריינען אויפן גרונד פון די צײַטווײַליקע כּללים פון 4טן מאַרט. וואַרטנדיק אויף דירעקטיוון פון צ"ק אין דער פראַגע האָט אונזער ק' דערווײַל באַשלאָסן זיי ניט צו לעגאַליזירן.

## „פאָלקסצײַטונג", ווילנע.

1 מאַי

**מעלדונג פון 1טן פראָפ' פאַריין פון דרוקער-בוכבינדער.**

אין דער דרוקערײַ פון דוואָרזשעץ קומט איצטער פאָר אַ שטרײַק, מיר בעטן דערפאַר די חברים פון אונדזער פאַך ניט צו ערפילן די אַרבעטן פון דוואָרזשעצן. די אַרבעטן זײַנען פאָלגנדיקע: 1) אַפישן און אַלע איבעריקע אַרבעטן פון דעם צירק, 2) אַרבעטן און אַפישן פאַר דעם קינעמאַטאָגראַף „פאַטע", 3) אַרבעטן פאַר דער ווילנער אָקרוזשנער מיליטער אינטענדאַנטסטוואָ און אַלע קאָרפּוסן, 4) פאַר דעם מיליטער-האָספּיטאָל, 5) מיליטער-ברויט-בעקערײַ, 6) דווינסקער מיליטער-סקלאַד, 7) פאַר דעם זעמסקי נאַטשאַלניק פון דעם 1טן און 6סטן אוטשאַסטאָק פון טראָקער אויעזד און זשאָסלי, 8) די אַדרעסן פון די צײַטונגען „הזמן", „די צײַט", „החיים והטבע", 9) מישענען (צילן צום שיסן) פאַר קראָשקינען.

4 מאַי

**געלט-רעכענונגען**

**פון ערשטן פראָפ' פאַריין פון דרוק-אײַנבינדערײַ-אַרבעטער אין ווילנע**

**(פון 1טן פעברואַר ביז 1טן אַפּריל)**

הכנסות: געבליבן אין קאַסע 1 ר' 15 ק'; מיטגלידס-אָפּצאָלונגען 86 ר'; פון אַ רעפעראַט 1 ר' 37 ק'.

צוזאַמען 88 ר' 52 ק'.

הוצאות: שטרײַקן 15 ר' 20' ק'; קוואַרטירן 3 ר' 83 ק'; ביבליאָטעק 14 ר' 35 ק'; געהאָלפן חברים 8 ר' 70 ק'; אַן אונטערנעמונג פון פאַריין 4 ר' 50 ק'; קאָנפערענץ (שיקן אַ דעלעגאַט) 8 ר'; לערנען אומגראַמאָטנע 3 ר'; אויסשרײַבן אַ זשורנאַל 2 ר' 45 ק'; קאַנצעלאַרישע אויסגאַבן 50 ק'.

צוזאַמען 68 ר' 3 ק'.

געבליבן אין קאַסע 20 ר' 49 ק'.

דאָס ביוראָ.

5 מאַי

**מעלדונג פון 1טן פראָפ' פאַריין פון דרוק-אײַנבינדערײַ-אַרבעטער אין ווילנע**

דער שטרײַק אין דער דרוקערײַ פון דוואָרזשעץ האָט זיך שוין פאַרענדיקט; די אַרבעטער האָבן געוווּנען, דוואָרזשעץ האָט אַלע פאָדערונגען נאָכגעגעבן.

דאָס ביוראָ.

8 מאַי

דאָס ביוראָ פון 1טן פראָפ' פאַריין פון דרוק-אײַנבינדערײַ-אַרבעטער אין ווילנע האָט אָנגענומען פאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

אַלס אַנטוואָרט אויף די שענדלעכע באַציִונגען פון דער רעדאַקציע פון דער צײַטונג „XX וויעק" צו אירע אַרבעטער-זעצער, וועלכע צוזאַמען מיט די איבעריקע חברים ווילן ערקעמפּפן „זונטאָג-רו", דריקט דאָס ביוראָ אויס איר סאָלידאַריטעט מיט דעם פּעטערבורגער פאַריין פון דרוק-אַרבעטער און איר איניגסטן מיטגעפיל די „אַרויסגעוואָרפענע" חברים; ענערגיש פּראָטעסטירנדיק קעגן די פּראָוואָקאַטאָרישע האַנדלונגען פון דער רעדאַקציע פון דער העכסט „פּראָגרעסיווער" צײַטונג „XX וויעק" ווענדט זיך דאָס ביוראָ צו אַלע חברים-אַרבעטער און צו אַלעמען, וועמען עס זײַנען טײַער די אינטערעסן פון אַרבעטער-קלאַס מיט דער פאָרלאַגע זעלבסט צו באָיקאָטירן און פּראָפּאַגאַנדירן ברייט די אידעע פון באָיקאָט דער צײַטונג „XX וויעק".

דאָס ביוראָ.

9 מאַי

אויף אַ פאַרזאַמלונג פון פּאָליטישע מיטגלידער פון דער ווילנער דרוקער- און בוכבינדער-גרופּע האָט מען באַטראַכט די פראַגע וועגן פאַרייניקונג מיט דער רוסלענדער-פּאַרטיי און מען האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז בײַם פאַראייניקונג מוז אַרויסגעשטעלט ווערן אַלס אולטימאַטום דער פּרינציפּ פון איינציקער פאָרשטייערײַ. און אַז די באַדינגונגען, אויף וועלכע דער „בונד" גייט אַרײַן אין דער פּאַרטיי רעכענען זיך פאַר קאָנסטיטוציאָנעלע און קאָנען אומגעביטן ווערן אויף דעם אַלגעמיינעם צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי נאָר מיט דעם הסכם פון „בונד".

פאַר דער רעזאָלוציע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט 78, קעגן — 9, אויפגעהאַלטן פון שטימען—1.



2 יוני

אין דער דרוקעריי פון ה' ליכטמאַכער קומט איצט פאָר אַ שטרייק. מיר לייגן פאָר אַלע חברים ניט אַרבעטן די פאָלגנדיקע אַרבעטן: די באַשטעלונגען פון דער שאָקאָלאַד-פאַבריק „וויקטאָריאַ"; פון דער קאָנטאָר געברידער איסערלינג, מאנאטשעוו און קאָמפּ', פון דער קאָנווערט-פאַבריק פון פאַפּ און פון מאַגאַזין פאַפּ.

דאָס ביוראָ פון 1טן פראָפ' פאַריין פון דרוק-איינבינדעריי-אַרבעטער און לינירער אין ווילנע.

געלט-רעכענונג

פון 1טן פראָפ' פאַריין פון דרוק-איינבינדער-אַרבעטער אין ווילנע.

(פון 1טן אַפּריל ביז 17טן מאַי).

הכנסות: געבליבן אין קאַסע 20 ר' 49 ק'; מיטגלידס-אָפּצאָלונגען 43 ר' 18 ק'; נדבות 7 ר' 14 ק'; פון אַ ספּעקטאַקל 133 ר' 70 ק'; נדבות פאַר אַרבעטסלאָזע 6 ר' 85 ק'.

צוזאַמען 211 ר' 36 ק'.

הוצאות: שטרייק 12 ר' 25 ק'; ביבליאָטעק 7 ר' 46 ק'; קלוב 10 ר'; דעם ק' פון „בונד" 26 ר'; אַ קוואַרטיר פאַר דעם ביוראָ 5 ר'; אַרבעטסלאָזע און דורכפאָרער 18 ר' 80 ק'; אַן אונטערנעמונג פון פאַריין 7 ר' 10 ק'; לערנען אומגראַמאַטנע 1 ר' 80 ק'; קליינע אויסגאַבן 1 ר' 16 ק'; קאַנצעלאַרישע אויסגאַבן 35' ק'.

צוזאַמען 89 ר' 92 ק'.

געבליבן אין קאַסע צום 17 מאַי 1905 יאָר 121 ר' 44 ק'.

דאָס ביוראָ.

6 יוני

זונטאָג דעם 4טן יוני האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטרייק אין הערן סירקינס דרוקעריי. עס שטרייקן 110 מאַן. די פאָדערונגען זיינען פאָלגנדיקע: העכערן שכירות, אָפּשאַפן שטיק-אַרבעט און פאַרמיטלעריי.

פון 1טן פראָפ' פאַריין פון דרוקער, איינבינדער אין ווילנע.

7 יוני

זונטאָג, דעם 4טן יוני, האָט זיך אָנגעהויבן אין דער דרוקעריי פון ה' סירקין אַ שטרייק. עס שטרייקן 110 מענטשן. זיי פאָדערן העכערן שכירות און פאַרניכטן די פאַרמיטלעריי. סירקין סטראַשעט איבערצופירן אַ טייל נייטיקע אַרבעט אין אַנדערע ערטער. מיר ווענדן זיך צו אַלע חברים-דרוקער פון ווילנע, אויך פון אַנדערע שטעט ניט אַרבעטן פאָלגנדיקע אַרבעטן:

1) אָטשאָט, סמעטע, סטאַטיסטיק, זאַגענאַנטער „סבאָרניק" פאַר דעם 1905 יאָר פון דער פאַרוואַלטונג פון ריגע-אָרלאָווער אייזנבאַן.

2) בלאַנקען פאַר טעלעגראַמען פאַר פּאָסט-טעלעגראַפן-אָקרוגן פון ווילנע, וואַרשע, אָדעס און קאַווקאַז.

3) דרוק און זאַץ פאַר דער פאַרוואַלטונג פון פּאָליעסער אייזנבאַן פאַר די אָפּטיילונגען: Служба движенія, тяги и сборов.

4) אַלע אַרבעטן פון דרוק און זאַץ נאָר דעם ווילנער אוטשעבנעם אָקרוג און פאַר ווילנער רעאַל-שולן און גימנאַזיעס.

5) אַ וועכנטלעכער פּוילישער זשורנאַל „Rolnik Litewsky".

6) אַ וועכנטלעכער ליטווישער זשורנאַל: „Naujojes Gadyna"

7) אַ לערנבוך „Руская школа" פון בובליק. דאָס זיינען די הויפּט-אַרבעטן ביי סירקינען.

דאָס ביוראָ

פון 1טן פראָפ' פאַריין פון דרוקער, איינבינדער אין ווילנע.

P. S. מיר בעטן אַלע איבעריקע צייטונגען עס איבערצודרוקן.

8 יוני

באָיקאָטן

צו אַלע חברים דרוק-אַרבעטער!

1) אין שניידערס סלאָוואַליטנע קומט איצט פאָר אַ שטרייק, ווייל ער איז אַרויסגערופן געוואָרן צוליב די אוממעגלעכע באַדינגונגען פון די שכירות; עס איז גענוג צו זאָגן, אַז דער הויפּט-מייסטער פאַרדינט די לעצטע צייט 5—6 רובל אַ וואָך און זעלבשטענדיקע אַרבעטער 2—2½ רובל אַ וואָך, אין דער צייט ווען מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבן די זעלבע מענטשן פאַרדינט 12 רובל און 5 רובל אַ וואָך. אַלע אָנגעווענדטע מיטלען צו רעגולירן די פראַגע וועגן נאָרמאַלע שכירות האָבן באַגעגנט אַ האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד פון הערן שניידער, דעם „פאַרימטן אַרבעטער- און מענטשן-פריינד". ער האָט זיך קאַטעגאָריש אָנטזאָגט צו ערפילן די גערעכטע פאָדערונגען.

מיר ווענדן זיך צו אַלע חברים-דרוקער מיט דער מעלדונג, אַז דאָס ביוראָ פון 1טן פראָפ' פאַריין פון ווילנער דרוק-איינבינדעריי-אַרבעטער האָט אַרויסגעלייגט אַ באָיקאָט אויף שניידערס סחורה און רופן אַלע חברים אַקטיוו אונטערצוהאַלטן דעם באָיקאָט מיט דעם, וואָס זיי זאָלן זיך אָנטזאָגן צו זעצן פון זיינע שריפט און מאַטעריאַל, וועלכע די באַלעבאַטים וועלן ביי אים קויפן.

דאָס ביוראָ.

13 יוני

דאָס ביוראָ פון ווילנער ערשטן פראָפ' פאַריין פון דרוק-איינבינדעריי-אַרבעטער בעט אונדז אָפּדרוקן:

דער שטרייק אין שניידערס סלאָוואַליטנע (ווילנע) דויערט נאָך. הער שניידער געפינט פאַר מעגלעך צו לאָזן הונגערן זיינע אַרבעטער מיט זייערע ווייבער און קינדער

דערפאַר, וואָס זיי ווילן זיך דערשלאָגן דאָס רעכט ניט אויסצוגיין פון הונגער בשעת זייי אַרבעטן.

מיר ווענדן זיך צו אונדזערע חברים דרוקער: באָיקאָטירט די אַרבעט פון דעם מחבר הערן שניידער, ערפילט ניט זײַנע באַשטעלונגען. מיר ווענדן זיך צו אַלע בוכהענדלער און דער גאַנצער געזעלשאַפט: באָיקאָטירט די סחורה פון דעם מחבר הערן שנײַדער, טרעט מיט אים ניט אַרײַן אין קיינע באַציונגען.

19 יוני

דאָס ביוראָ פון ווילנער 1טן פראָפ' פאַריין פון דרוק־ און אײַנבינדערײַ־אַרבעטער מעלדעט, אַז דער שטרײַק בײַ ה' שנײַדער אין סלאָוואָליטנע (זע „פּאָלקסצײַטונג" נומ' 84 און 88) האָט זיך געענדיקט. ה' שנײַדער האָט נאָכגעגעבן און באַצאָלט פאַר דער צײַט פון שטרײַק, און דערפאַר ווערט אַראָפּגענומען דער באָיקאָט פון זײַנע סחורות און זײַנע ווערק.

דאָס זעלבע ביוראָ מעלדעט, אַז דער שטרײַק אין ה' סירקינס דרוקערײַ (וע „פּאָלקסצײַטונג" נומ' 83) דויערט נאָך און בעט די חברים פון פאַך ניט צו מאַכן די אויס־געגרעכנטע אַרבעטן.

2 יולי

### צום שטרייק אין דרוקערײַ פון סירקין אין ווילנע.

אויף דער אַלגעמ' פאַרזאַמלונג פון די אָנגעשטעלטע און די פאָרשטייער פון דרוקער־אַרבעטער נאָך דרײַ טעג צײַט וואָס איז געגעבן געוואָרן דעם ה' סירקין וועגן פירן די אונטערהאַנדלונגען מיט די שטרײַקנדיקע, האָט מען אויסגעהערט דעם באַריכט און די ערקלערונגען פון די באַפולמעכטיקטע און אַרויסגעטראָגן פאָלגנדיקע באַ־שטימונג: די פאָדערונגען פון די אַרבעטער איז ניט נאָכ־געגעבן, אַז זיי זאָלן קענען צוטרעטן צו דער אַרבעט. די אָנגעשטעלטע מיט אַ מערהײַט פון 8 קעגן 4 רעכענען פאַר אומנוצלעך צו געבן דעם ה' סירקין נאָך אַ טאָג אויף צו פירן אונטערהאַנדלונגען, און טרעטן צו צו דערפילן זייער התחייבות וועגן צוטרעטן צום שטרײַק (אָנגענומען דעם 29סטן יוני 1906) ביז די פאָדערונגען פון די אַרבע־טער וועלן ניט דערפילט ווערן. די באַשטימונג איז אָנגע־נומען מיט אַ מערהײַט פון 9 בײַ 2 אָפּגעהאַלטענע.

— די אַרבעטער פון סירקינס דרוקערײַ אין ריגע האָבן אָנגענומען אַזאַ רעזאָלוציע אין צוזאַמענהאַנג מיטן שטרײַק אין סירקינס דרוקערײַ אין ווילנע:

מיר, אַרבעטער פון סירקינס אָפּטיילונג אין ריגע האָבן זיך צונויפגעקליבן צו באַטראַכטן דעם ענין ווי אַזוי צו שטיצן די ווילנער ח"ח אין זייער שטרײַק, וועלכער דויערט שוין 4 וואָכן, און אָנגענומען פאָלגנדיקע רעזאָלוציע: 1) מעלדן דעם פאַרוואַלטער פון דרוקערײַ, אַז מיר סאָלי־דאַריזירן זיך מיט די שטרײַקנדיקע דרוקער פון סירקינס דרוקערײַ אין ווילנע. 2) אָנווײַזן דעם ה' סירקין, אַז אויב ער וועט ניט נאָכקומען די פאָדערונגען פון די ווילנער חברים, וועלן מיר וואַרפן די אַרבעט פון 1/VII דעם יאָר, און וועלן שטרײַקן אַזוי לאַנג ביז ס'וועט ניט נאָכגעגעבן ווערן די ווילנער דרוקער־אַרבעטער זייערע גערעכטע פאָדערונגען.

P. S. מיר בעטן אַלע צײַטונגען איבערצודרוקן די רעזאָלוציע.

7 יולי

### דער שטרײַק אין דרוקערײַ פון סירקין אין ווילנע איז געענדיקט.

דער שטרײַק פאַרענדיקט. די הויפּט־פאָדערונגען נאָכ־געקומען: 1) שכירות געהעכערט מער ווי אויף 3/8 פון דעם וואָס מ'האָט געפאָדערט, 2) באַצאָלט 1/8 פאַר דער צײַט פון שטרײַק, 3) די קאָנטאָר־ און מאַגאַזין־אָנגעשטעלטע, ווי אויך די דרוק־אַרבעטער אין ריגע, וועלכע זײַנען צוגעשטאַ־נען צום שטרײַק אויס סאָלידאַריטעט, באַצאָלט פאַר דער גאַנצער צײַט פון שטרײַק.

9 יולי

וועגן דער פאַרענדיקונג פון שטרײַק אין סירקינס דרוקערײַ, וועלכע האָט געדויערט 33 טעג (נומ' 109) איז דורכגעלאָזן, אַז ה' סירקין האָט נאָכגעגעבן די הויפּט־פאָ־דערונג — וועגן אָפּשאַפן די פאַרמיטלערײַ און שטיק־אַרבעט. אַלע (מעטראַנפּאַזשן) זײַנען געוואָרן וועכנטלעכע אַרבעטער לויט די אַרויסגעשטעלטע פון פאַריין שכירות.

דאָס ביוראָ פון 1טן פראָפ' פאַריין
פון דרוקער און אײַנבינדער
אין ווילנע.

13 יולי

### דער נייטראַלער דרוקער־פאַריין און זײַן פּאָליטיק.

ריגע. פון די אַלע פאַריינען, וועלכע האָבן זיך דאָ געגרינדעט אין די פרײַהײַטס־טעג, האָט אויסגעלעבט נאָר 2: דער פריקאַזשטשיקעס־ און דער דרוקער־פאַריין. די אורזאַך איז די, וואָס אין דער צײַט, ווען אַלע פאַריינען האָבן עקסיסטירט אויף דעם גרונט פון די רעכט, וועלכע די רעוואָלוציע האָט באַשאַפן, האָבן די 2 פאַריינען שוין דאַן זיך לעגאַליזירט: זייערע סטאַטוטן זײַנען שוין דאַן געוואָרן באַשטעטיקט פון דער פּאָליציי. דאָס אַליין קען שוין אין אַ געוויסן גראַד כאַראַקטעריזירן די עלעמענטן, וועלכע די פאַריינען שטעלן פאַר, וואָס פאַר אַ טייל אַרבעטער זיי אָרגאַניזירן. אין אַלגעמיין וועגן זייער טעטיקײַט וועל איך ניט ריידן, איך וועל נאָר אָנווײַזן אויף איין פאַקט, וועל־כער האָט פּאַסירט די לעצטע טעג, וועלכער וועט כאַראַקטע־



ריזירן די פּאָליטיק פון דעם פאַריין, רי זאָגענאַנטע נייטראַלע פּאָליטיק.

נאָך דעם פאַרלאַנג פון רעם ווילנער דרוקער-פאַריין האָבן רי אַרבעטער אין סירקינס דרוקעריַי אין ריגע געמעלדעט אַ שטריַיק אויף צו שטיצן רעם שטריַיק פון זייערע ווילנער חברים.

וואָס האָט דאַן געראַרפט טאָן דער פאַריין? רער פאַריין, וועלכער ראַרף פאַרטיידיקן רי אינטערעסן פון די אַרבעטער, דער פאַריין, וואָס האָט געדאַרפט אויף זיך נעמען רי איניציאַטיוו פון רעם שטריַיק, אָרער אַלנפאַלס אים צו אונטערהאַלטן, האָט געמעלדעט, אַז מען וועט רי אַרבעטער אויסשליסן פון פאַריין, ווען זיי וועלן דעם שטריַיק פאָרזעצן, מאָטיווירנריק דאָסמיט די אינטערעסן פון דעם ריגער פאַריין. און ווען איינער אַ רעלעגאַט האָט אויף רער דעלעגאַטן-פאַרזאַמלונג געשטעלט די פראַגע, ווי וועט זיַין, אַז אויב מען וועט אָנפאַנגען שטריַיקן אין ריגע און אייניקע באַלעבאַטים וועלן אָפּשיקן זייער אַרבעט אין ווילנע, ווער וועט דאַן פאַר רי ריגער אַרבעטער זין' איַינשטעלן, האָט רער פאָרזיצער פון פאַריין געענטפערט, אַז ראַן וועט זיי, די אַרבעטער, ה' סירקין העלפן.

און אַם ענרע האָבן זיי געצוואונגען די אַרבעטער צו אַנטזאַגן זיך פון שטיצן זייערע ווילנער חברים.

ראָס איז די פּאָליטיק, וועלכע עס פירן די זאָגענאַנטע נייטראַלע פאַריינען.

איין פּעולה וועט ראָס האָבן, דאָס וועט אויפדעקן פאַר די אַרבעטער צו וואָס עס פירט די נייטראַלע פּאָליטיק.

— דאָס ביוראָ פון ווילנער 1טן פראָפ' דרוקער-איַינבינדער-פאַריין מעלדעט: אַזוי ווי רער שטריַיק אין רער ררוקעריַי פון ה' סירקין אין ווילנע האָט זיך געענדיקט רעם 6סטן יולי (א. ס.) זיַינען ניט גילטיק אַלע זאַמלונגס-ליסטן פאַר דעם אויבנרערמאָנטן שטריַיק.

25 יולי

דעם 23סטן יולי (א. ס.) זיַינען אַריַינגעגאַנגען אַ מענטשן 20 אין גאַרבערס דרוקעריַי אויף זאַוואַלנער גאַס. דעם באַלעבאָס פון רער ררוקעריַי האָבן זיי געבונדן און אָפּגעדרוקט עפּעס. וואָס — ווייס רער באַלעבאָס ניט.

17 אַווגוסט

עס האָבן פאַרשטריַיקט רי זעצער פון יאַלאָווצערס דרוקעריַי, ווּ עס דרוקט זיך רי ציַיטונג „סוואָבאָרנאָיע סלאָוואָ". דעריבער איז רער נומער ניט אַרויס. די פאָדערונגען זיַינען עקאָנאָמישע.

18 אַווגוסט

אַן אָפענער בריוו פון אַ גראָרנער זעצער.

רי לאַגע פון רי זעצער, די שערלעכקיַיט פון דער אַרבעט, רי קליינע שכירות און בכלל רי שלעכטע אומשטענרן אין וועלכע עס געפינט זיך דער פאַך, רי אומנאַטירלעך גרויסע צאָל לערניינגלעך, וועלכע אַרבעטן אָפּ אַ קליינע ציַיט, אומגעפער אַ יאָר און נאָכדעם שטופן זיי אַרויס רי עלטערע חברים—שטויסט אים צו מאַכן אַן עפנטלעכע ווענדונג.

ער שריַיבט וועגן אַ לאָקאַוט פון די באַלעבאַטים פון באַלטישער געגנט. דער ציל: ניט דערלאָזן די זעצער אַרויסריַיסן זיך פון זייער שלעכטער לאַגע. ער וויַיזט אָן, אַז אַ זעלבשטענדיקער אַרבעטער קען ניט פאַרדינען מער פון 15—16 רובל אַ חורש נאָך 5—6 יאָר אַרבעט. ער וויַיזט אָן פאַקטן פון גראָדנע, ווּ אַ זעצער, וועלכער האָט אָפּגעאַרבעט 5 יאָר און געבעטן העכערן פון 15 רובל אַ חורש אויף 18 ר' אַ חודש, האָט דער באַלעבאָס בעסער אים באַצאָלט פאַר 3 חדשים, נאָר ניט צו העכערן. אַ צווייטן פאַל, ווּ מ'האָט שוין דעם זעצער נאָכגעגעבן פון 15 ר' אויף 18 ר' האָט אים אָבער דער באַלעבאָס אָנגעזאָגט ער זאָל זיך אָבער גליַיכציַיטיק זוכן אַן אַנדער אַרבעטס-פלאַץ.

ער רערט אַרום ווי אַזוי מ'זאָל האַנדלען אין אַזעלכע פאַלן. מ'טאָר ניט אַריבערגיין מיט שטילשוויַיגן וועגן דעם. ער הייסט נעמען אַ ביַישפּיל פון רי גאַרבער-אַרבעטער, ביַי וועלכע די לוינען זיַינען הויכע, די באַדינגונגען בעסערע. זיי האָבן צונויפגערופן אַ קאָנפערענץ, ווּ ס'איז אויפגעקלערט געוואָרן רי לאַגע אין פאַך, און ס'איז אויך געגעבן געוואָרן אינסטרוקציעס רי פאַריינען ווי זיי זאָלן האַנרלען. ער זאָגט, מיר מוזן אויך רופן אַזאַ קאָנפערענץ און רערייבער ווענדט ער זיך צו אַלע זעצער, זיי זאָלן אויפפאָדערן די פאַריינען, אַז זיי זאָלן רופן אַזאַ קאָנפערענץ פון ליטווישן ראַיאָן (צפון-מערב-געגנט), וועלכע זאָל אַלזיַיטיק באַטראַכטן די לאַגע און מאַכן אַ סוף מיט רעם.

„חברים! רי ציַיט איז קורץ, גענוג האָבן מיר שוין געליטן, גענוג זיך אָנגעאָטעמט מיט רעם בליַי-שטויב. לאָמיר, חברים זעצער, די אַרמיי פון בליַי-שטויב, זיך אויפהייבן און באַוויַיזן, אַז מיר ווילן מער ניט זיַין קיַין שקלאַפן, מיר ווילן מער ניט האָרעווען אומזיסט פאַר אונרזערע באַלעבאַטים".

6 סעפטעמבער

**באַקאַנטמאַכונג!**

רער פראָפ' פאַריין פון דרוק- און ליטאָגראַפן-אַרבעטער אין ווילנע איז לעגאַליזירט

וועגן דעם טאָג און אָרט פון רער גרינרונגס-פאַרזאַמלונג, ווי אויך פון דער פאַרוואַלטונג וועט ווערן געמעלרעט באַזונדער.

רי גרינרער פון דער ווילנער
פראָפ' דרוקער-געזעלשאַפט

16 סעפטעמבער

מיר מעלדן אַלע ווילנער חברים דרוקער= און לינירער=אַרבעטער, אַז הײַנט, זונטאָג, דעם 16טן סעפטעמבער ווערט געעפנט די פאַרוואַלטונג פונעם דרוקער=פאַריין. מען בעט די חברים, וועלכע ווילן זיך אײַנשרײַבן אַלס מיטגלידער אין פאַריין צו מעלדן זיך אויף דעם פאָלגנדיקן אַדרעס: שוביצער גאַס הויף 14, קוואַרטיר 12.

Сиротская ул. 14 кв. 12.

די גרינדער.

6 אָקטאָבער

די גרינדער פון פראָפ' דרוקער=אַרבעטער=פאַריין אין ווילנע לאַדן אײַן אַלע אַרבעטער פון דעם פאַך צו דער גרינדונגס=פאַרזאַמלונג, וועלכע דאַרף פאָרקומען שבת, דעם 7טן אָקטאָבער 6 אַז' אָוונט אין זאַל פּאַסאַזש (ניקאָדימסקי פערעוּלאָק).

טאָג=אָרדענונג:

1) אײַנשרײַבן מיטגלידער, 2) אַ באַריכט פון די גרינדער, 3) דער אוסטאַוו, 4) וואַלן פון פאַרוואַלטונג.

דער אײַנטריט איז נאָר דורך אײַנלאַדונגס=קאַרטן מעגלעך.

11 אָקטאָבער

דעם 9טן אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטרײַק אין דעם אײַנבינדערײַ=ווערקשטאַט פון אַלעקסאַנדראָוויטש (21 מאַן) אויף טאָטערשער גאַס. די פאָדערונגען זײַנען געווען: העכערן די שכירות, צאָלן פאַר אַ העלפט פון דער צײַט פון קראַנקײַט (3 חדשים), ניט אָננעמען קײַן טאָגלוינען אויף די ערטער פון געזעלן, צונעמען און אַנטזאָגן אַרבעטער נאָר מיט דער ידיעה פון די אַרבעטער, אין די ענינים פון דער אַרבעט האָט נאָר צו זאָגן דער באַלעבאָס אַליין, אָפּשאַפן איבערשעהן, צאָלן פאַרן שטרײַק, קיינער טאָר ניט לײַדן פון שטרײַק.

דעם שטרײַק האָט מען געוווּנען. דער שטרײַק האָט זיך געענדיקט דעם 10טן נאָכמיטאָג.

15 אָקטאָבער

עס בעט אַנטשולדיקונג זוסמאַן יאָפע בײַם חבר ראַפּאַלאָוויטש פון סירקינס דרוקערײַ.

26 אָקטאָבער

די פאַרוואַלטונג פון דער פראָפ' דרוקערײַ=אַרבעטער=געזעלשאַפט אין ווילנע מעלדעט, אַז אין ווילנע איז איצט אַ קריזיס אין דרוקערײַ=אַרבעט. עס איז פאַראַן פיל אַרבעטסלאָזע. ווער עס וועט קומען אין ווילנע זוכן אַרבעט האָט ניט וואָס צו האָפן אויף שטיצע פון פאַרוואַלטונג צוליב דער שלעכטער פינאַנציעלער לאַגע.

29 אָקטאָבער

מעלדונג

די פאַרוואַלטונג פון ווילנער פּראָפעסיאָנעלער דרוקערײַ=אַרבעטער=געזעלשאַפט מעלדעט, דאָס הײַנט דעם 29סטן אָקטאָבער, 7 אָוונט אין שלאָסבערגס זאַל וועט פאָרקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע מיטגלידער פון פאַריין מיט טאַגעס=אָרדענונג:

1) צו קלײַבן נאָך 2 מיטגלידער אין פאַרוואַלטונג,
2) וועגן מיטגלידס=אָפּצאָלונגען,
3) וועגן אַרבעטסלאָזע.

אַרײַנגאַנג אין זאַל איז מעגלעך נאָר דורך מיטגלידס=ביכלעך.

3 נאָוועמבער

די פאַרוואַלטונג פון דער פּראָפ' דרוקערײַ=אַרבעטער=געזעלשאַפט אין ווילנע מעלדעט, אַז די פאַרהאַנדלונגען מיט ה' אַראָנאָוויטש (דרוקערײַ, גרויסע גאַס) צו העכערן שכירות זײַנע אַרבעטער, האָבן צו קיינע רעזולטאַטן ניט געבראַכט. דעריבער נעמט זי זיך אַראָפּ די פאַראַנטוואָרטלעכקײַט.

7 נאָוועמבער

די אַרבעטסלאָזיקײַט און לערניינגלעך

(צו דער פּראַקטיק פון פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען)

איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן, וועלכע ס'האָבן צו ליזן אונדזערע יונגע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, איז — רעגולירן (בנוגע צו דער אַרבעט) די באַציִונגען צווישן די אַרבעטער גופא. די אויפגאַבע איז אומעטום איינע פון די שווערסטע.

צום באַדויערן מוזן מיר אָנערקענען, דאָס אויך אין דער פּראַקטיק פון אונדזערע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען טרעפן זיך ניט זעלטן פאַלן, ווען די אַלגעמיין פּראָלעטאַרישע אחדות און דיברייט פאַרשטאַנענע קלאַסן=אינטערעסן ווערן געבראַכט אַלס קרבן פאַר די שמאָלע צעך=אינטערעסן אָדער אַפילו פאַר דעם פּשוטן קאַסטאָוון עגאָיִזם.

איך וועל זיך דאָ אָפּשטעלן אויף דער פּראַקטיק נאָר פון צוויי פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען: אויף דער פּראַקטיק פון דעם גאַרבער=פאַריין פון ביאַליסטאָק (און אויך פון דער סביבה) און פון דעם דרוקער=פאַריין אין ווילנע.

...דער ווילנער דרוקער=פאַריין האַלט זיך בײַ דער זעלביקער פּראַקטיק פון ניט צולאָזן צו דער אַרבעט, הגם ער גייט אַרויס פון אַנדערע טעמים, אויפן ערשטן בליק נישט קײַן עגאָיִסטישע, פאַרקערט, ריין אַלטרויִסטישע. די ווילנער דרוקער דערלאָזן ניט (זיי זאָגן: דערוויַיל) קײַן פרישע מענטשן זיך אויסצולערנען די אַרבעט, ווײַל אין פאַך איז פאַראַן אַ געוויסע צאָל ליידיקגייער.

לאָמיר באַטראַכטן, צי איז די פּראַקטיק פון די פאַריינען אַ ריכטיקע בכלל, און צי שטייט זי ניט אין אַ ווידערשפּרוך מיט די ברייט פאַרשטאַנענע אינטערעסן אַפילו פון די פאַכן גופא בפרט.



דער שרײַבער פון דעם אַרטיקל זאָגט צווישן אַנדערן:

פאַרוואָס איז אַזאַ האַנדלונג ניט דערלאָזבאַר? ווײַל אין משך פון אַ פּאָר יאָר קען זיך שאַפן אַן אַרמיי פון לומפּן־פּראָלעטאַריער, וועלכע וועלן צוליב זייער שווערער לאַגע פאַרגעסן אָן זייערע קלאַסן־אינטערעסן. און פון אַזעלכע שאַפט זיך נאָכדעם אַן אַרמיי, וועלכע האָבן דעם איינציקן צוועק צוצושטעלן שטרײַק־ברעכער. און די אָרגאַניזירטע אַרבעטער קענען קעגן דעם גאָרנישט טאָן, ווײַל ע ר איז שטענדיק הונגעריק און קוקט אויף די וואָס אַרבעטן ווי זאַטע און וועלכע פאַרשטעלן אים דעם וועג צו דער אַרבעט. און סוף־כּל־סוף געלינגט דאָך אַנדערע זיך אַרײַנצורײַסן און דאָס נוצט אויס דער באַלעבאָס.

לאָמיר איצט באַטראַכטן דעם מאָטיוו פון דעם ווילנער דרוקער־פאַריין. די ווילנער דרוקער זאָגן זיך ניט אָפּ לחלוטין צוצולאָזן צו דער אַרבעט קײַן לערנײַנגלעך. דאָס איז נאָר אַ תּקנה אויף דערווײַל, ביז ס׳וועלן פאַרשווינדן די ליידיקגייער אין צעך. ס׳זעט אויס, אַז די ווילנער דרוקער האָבן פאַרגעסן זייער פיל זאַכן פון דעם פּראָלעטאַרישן אַלף־בית. זיי האָבן פאַרגעסן, למשל, אַזאַ אַלגעמיין באַוווּסטע זאַך, דאָס אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג איז פאַראַן אַ ש ט ע נ ד י ק ע ר ע ז ע ר וו ע אַ ר ב ע ט ע ר־אַ ר מ י י, וועלכע הערט ניט אויף צו עקסיסטירן אַפילו אויף קײַן איין מאָמענט, און וועלכע ווערט אין די „גוטע" צײַטן נאָר פאַרקלענערט, אָבער פאַרשווינדט ניט. פּ ר אַ ק ט י ש אָבער אויב די דרוקער וועלן זיך ניט אָפּזאָגן פון זייער פּרינציפּ בנוגע צו די לערניינגלעך, וועלן זיי ק י י נ מ אָ ל ניט טאָרן דערלאָזן צו דער אַרבעט קײַן נײַע מענטשן און זייער צ ײַ ט וו ײַ ל י ק ע תּקנה וועט ווערן זייער ענלעך צו די „צײַטווײַליקע" תּקנות... פון דער רוסישער ביוראָקראַטיע.

דער פּראָפעסיאָנעלער קאַמף אין רוסלאַנד האָט זיך אַנטוויקלט האַנט אין האַנט מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דער אַרבעטער־קלאַס אין רוסלאַנד האָט די ערהאַבענע אויפגאַבע צו דינען פאַר אַ מוסטער פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט. אונדזערע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען דאַרפן שטיין אויף דער וואַך פון דעם ריינעם קלאַסן־קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט און ניט דערלאָזן, ער זאָל זיך פאַרקערעווען אויפן וועג פון קאַסטאָווען עגאָיזם און קליינבירגערלעכן אַריסטאָקראַטיזם.

30 נ אָ וו ע מ ב ע ר

די פאַרוואַלטונג פון פּראָפעסיאָנעלער דרוקער־אַרבעטער־געזעלשאַפט מעלדעט, דאָס שבת (2טן דעצעמבער) א. ס. 6 אַז׳ אָוונט וועט פאָרקומען אין שלאָסבערגס זאַל (אָסטראָוואָר׳ 37) אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע מיטגלידער.

ט אָ ג ־ אָ ר ד ע נ ו נ ג: 1) באַריכט פון דער פאַרוואַלטונג, 2) אַ פאָרטראָג וועגן די צילן און אויפגאַבן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, 3) וואַלן פון אַ רעוויזיאָנס־קאָמיסיע.

דער אַרײַנטריט איז נאָר מיט מיטגלידס־ביכלעך מעגלעך.

1 ד ע צ ע מ ב ע ר

דעם 29סטן נאָוועמבער אין אָוונט האָט די פּאָליציי געמאַכט אַ רעוויזיע אין ביוראָ פון דער פּראָפעסיאָנעלער דרוקער־געזעלשאַפט, די פּאָליציי האָט אויך אַרומגעזוכט און פאַרשריבן די 23 מאַן, וועלכע ס׳האָבן זיך דאַן דאָרט געפונען. מ׳האָט גאָרניט געפונען.

21 ד ע צ ע מ ב ע ר

ו י ל נ ע. דעם 9טן דעצ׳ 1906 יאָר האָט געזאָלט פאָרקומען אַ פאַרזאַמלונג פון דרוקער־פאַריין, אויף וועלכער עס זײַנען געווען איבער 100 מאַן. די פּאָליציי האָט צופעליק פאַרשפּעטיקט, נאָר די פאַרזאַמלונג האָט זיך געעפנט. שפּעטער איז אָבער געקומען אַן אָקאָלאָדאָטשניק און האָט ערקלערט, אַז לויט דער פאַראָרדענונג פון פּאָליציימײַסטער קען זיך די פאַרזאַמלונג פירן נאָר אויף רוסיש. דער פאָרזיצער האָט אים פאָרגעלייגט צו פירן די פאַרזאַמלונג אויף רוסיש, נאָר איבערזעצט אין יידיש; דער פּאָליצייסקע האָט געענטפערט, אַז עס קען אין קײַן פאַל ניט דערלאָזן ווערן צו ריידן אויף פאַרזאַמלונגען יידיש. עס איז דאָרט אײַנשטימיק באַשלאָסן געוואָרן אויף אַזאַ אופן צו שליסן די פאַרזאַמלונג, דערבײַ איז אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז די רעגירונג ערלויבנדיק פּראָפ׳ פאַריינען לויט די רעגעלן פון 4 מערץ, אין וועלכע עס איז ניט געזאָגט זויף וואָס פאַר אַ שפּראַך עס דאַרפן זיך פירן די פאַרזאַמלונגען, פאַרווערט אין דער זעלבער צײַט צו פירן די פאַרזאַמלונגען אויף יידיש, און דערמיט פאַרניכטעט זי די זעלבע פאַריינען — דריקט די פאַרזאַמלונג אויס איר ענערגישן פּראָטעסט קעגן אַזאַ ווילקיר.

נ — ן.

22 ד ע צ ע מ ב ע ר

די פאַרוואַלטונג פון ווילנער דרוקערײַ־אַרב׳־געזעלשאַפט אין ווילנע מעלדעט, אַז די פאַרהאַנדלונגען מיטן ה׳ גאַרבער (דרוקערײַ זאַוואַלנע גאַס) וועגן העכערן שכירות זײַנער אַן אַרבעטערין האָבן צו קיינע רעזולטאַטן ניט געבראַכט, דעריבער נעמט זי פון זיך אַראָפּ די פאַראַנטוואָרטלעכקײַט.

27 ד ע צ ע מ ב ע ר

זונטאָג, 24 דעצ׳ 6טן יאָר זײַנען געקומען 12 באַוואָפנטע מענטשן אין ציונסאָנס דרוקערײַ (פאָרטאָווע גאַס), וווּ עס דרוקט זיך דער „סעווערא־זאַפּאַדניי גאָלאָס" און צוגענומען אַ פּוד 12 רוסישע שריפט. אַרײַנגעשאָטן אין זעק און זײַנען אַוועק. אין דרוק איז געווען ציונסאָנס אַ מינדעריעריקער זון. אין אַ טיכל האָבן זיי געהאַלטן אײַנגעוויקלט אַ זאַך, אויף וועלכער זיי האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז אַ באָמבע.

---

# 1907

## „פאָלקסצײַטונג", ווילנע.

1 יאַנואַר

אין דער נאַכט אויף 30/XII האָט פּאָליציי געמאַכט אַן אונטערזוכונג אין דער וווינונג פון סעקרעטאַר פון „סעוועראָ-זאַפּאַדניי גאָלאָס" ק. מאַרקאָוו (מ'האָט קיין זאַך ניט געפונען), און בײַ דעם מענטראַנפּאַזש פון ציונסאָנס דרוקערײַ, וווּ עס דרוקט זיך די צײַטונג. מ'האָט בײַ אים צוגענומען בײַ אַ פּוד פאַרשיידענע עסטאַמפּן.

6 יאַנואַר

די פאַרוואַלטונג פון ווילנער דרוקערײַ-אַרבעטער-געזעלשאַפט מעלדעט: אַזוי ווי די פאַרהאַנדלונגען מיט ה' זשירמונסקי (ווילנער גאַס) וועגן העכערן שכירות זײַן מאַשיניסט, האָבן צו קײַן רעזולטאַט ניט געבראַכט, נעמט זי אַראָפּ פון זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקײַט.

13 יאַנואַר

הײַנט דעם 14טן יאַנואַר (א. ס.) וועט פאָרקומען אין „מענגי-שבת" אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון ווילנער פּראָפעסיאָנעלער „דרוקער-אַרבעטער-געזעלשאַפט".

אײַנטריט נאָר מיט מיטגלידס-קאַרטן. אָנפאַנג 7 אָוונט.

— פרײַטאָג דעם 12טן יאַנואַר איז אויף די ווילנער פאַבריקן פאָרגעקומען די וואַלן פון די באַפּולמעכטיקטע. פון די אַרבעטער אין מצ"ס דרוקערײַ איז אויסגעוויילט געוואָרן דער זעצער לעווין.

16 יאַנואַר

די טעטיקײַט פון די פּראָפ' פאַריינען האָט די ערשטע צײַט געטראָגן אַ ריין פּראַקטישן כאַראַקטער ניט ווײַל די פירער האָבן עס באַוווּסטזיניק און פּרינציפּיעל געטאָן אַזוי, נאָר סטיכיש און אָן באַוווּסטזײַן פון די פירער.

און אויב בײַ די דרוקער קומט אויס צו הערן אַ מיינונג, אַז אונדזערע פאַריינען דאַרפן זיך שטעלן פאַר אַן אידעאַל די ענגלישע טרייד-יוניאָן, איז דאָך דאָס אַן אויסנאַם, וועלכער ערקלערט זיך מיט דעם, וואָס אַ טייל דרוקער איז בכלל געשטימט אָפּאָזיציאָנעל צו אונדזער אָרגאַניזאַציע. וועגן די איבעריקע פאַכן איז אַזאַ מיינונג ניטאָ.

7 פעברואַר

די פאַרוואַלטונג פון פּראָפ' דרוקערײַ-אַרבעטער-געזעלשאַפט מעלדעט: 1) אַלע חברים פון אַנדערע שטעט און אויך די פּראָפ' דרוקער-פאַריינען, אַז איבער די גרויסע צאָל אַרבעטסלאָזע זאָל מען אין ווילנע ניט פאָרן און אויך ניט האָפן אויף מאַטעריעלער שטיצע, ווײַל אין קאַסע פון פאַריין איז דאָ אַ דעפיציט, 2) אַז אַלע מיטגלידער פון פאַריין זאָלן אין די נאָענטסטע 10 טעג רעגולירן זייערע חשבונות מיט דער פאַרוואַלטונג, ווײַל מיר דאַרפן האָבן אַ באַריכט פאַר דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג.

20 פעברואַר

די פאַרוואַלטונג פון ווילנער פאַריין פון דרוק-אַרבעטער האָט באַטראַכט אויף איר זיצונג דעם אויפרוף „צו אַלע דרוקער און דרוקערײַען" און האָט אַרויסגעטראָגן פאָלגנדיקע רעזאָלוציע: 1) די באַשולדיקונג, אַז אין דער פאַרוואַלטונג באַטייליקן זיך פּערזאָנען, וועלכע האָבן קײַן שײַכות ניט צום דרוקער-פאַך און וועלכע שטייען בכלל אָן דער זײַט פון אַרבעטער-קלאַס, איז דורכויס ניט קײַן דערוויזענע און די פאַרוואַלטונג פאַרוואַרפט זי, 2) די פאַרוואַלטונג געפינט, אַז אַפילו אין די ראַמען פון געזעץ פון 4טן מערץ קען מען אַוועקשטעלן די פאַרטיידיקונג פון די אַרבעטער-אינטערעסן אַ סך בעסער, איידער בײַ אומלעגאַלע באַדינגונגען. די הוצאות, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיט דער עקסיסטענץ פון פאַריין האַלט זי פאַר אומבאַדינגט נייטיקע און פּרוכטבאַרע, 3) די פאַרוואַלטונג אָנערקענט ווײַטער, אַז די פאַרטיידיקונג פון די אַרבעטער-אינטערעסן איז ניט אַ פּשוטע „מאָגן-פראַגע", נאָר נעמט אַרום אַלע זײַטן פון אַרבעטער-לעבן, דעריבער קען ניט דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין שטיין בלײַבן גלײַכגילטיק צו „פּרינציפּן", 4) באַטראַכטנדיק באַזונדער די פראַגע פון אייניקע געוועזענע מיטגלידער פון פאַריין צו אָרגאַניזירן צוגלײַך מיט דעם שוין לעגאַליזירטן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין אַן אומלעגאַלן אויף צו קעמפן מיט אים, געפינט די פאַרוואַלטונג, אַז דיזע פּראָבע איז אַזאַ אַרבעט, וועלכע דעזאָרגאַניזירט די אַרבעטער-באַוועגונג און ברענגט שאָדן דער גאַנצער אַרבעטער-זאַך.

23 פעברואַר

דעם פעברואַר האָט די פּאָליציי געמאַכט אַן אונטערזוכונג אין מצ"ס דרוקערײַ, קײַן אומלעגאַלעס ניט געפונען, מ'האָט אַרעסטירט אַ זעצער, בײַ וועלכן מ'האָט געפונען אַ רעוואָלווער.

24 פעברואַר

די פאַרוואַלטונג פון פּראָפ' געזעלשאַפט פון דרוקערײַ-אַרבעטער מאַכט אויפמערקזאַם אַלע זעצער, אַז אַזוי ווי עס קומט פאָר אַ סכסוך בײַ די אַרבעטער-זעצער מיט דער אַדמיניסטראַציע פון קיעווער צײַטונג „דאָס פאָלק" — די גרינדער פון דער געזעלשאַפט „היהודי" — זאָל קיינער ביז די פאַרהאַנדלונגען וועלן זיך ניט ענדיקן אויף די שטעלעס ניט פאָרן און ניט פאַרנעמען זיי.

25 פעברואַר

די פאַרוואַלטונג פון ווילנער דרוקערײַ-אַרבעטער-געזעלשאַפט מעלדעט, אַז איר וווינונג, וועלכע איז געווען אויף סיראָטסקי גאַס הויז נומ' 14 וווינונג 12 איז איבערגעצויגן אויף סאַדאָווע גאַס הויז 11 וווינונג 8.

26 פעברואַר

וויל נער כראָניק.

מ׳גיט אונדז איבער, אַז ס׳איז ניט ריכטיק די ידיעה, וועלכע איז געווען אָפּגעדרוקט אין „ווילנער כראָניק״ 291 וועגן דעם אָביסק אין מצ״ס דרוקעריַי. קיַין רעוואָלווער ביַי דעם לייגער (און ניט זעצער), וועלכן מ׳האָט אַרעסטירט האָט מען ניט געפונען.

28 פעברואַר

אַ בריוו אין רעדאַקציע.

מיר, אַ גרופּע אַרבעטער-דדוקער, בעטן צו ערקלערן פאָלגנדיקעס: ווייסנדיק, אַז די פירמע מעסאקסידי „קערטש״ איז באָיקאָטירט, וויַיל דער זון פון אייגנטימער פון דער פאַבריק האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין פּאָגראָם אין קערטש, און אַזוי ווי ס׳באַמערקט זיך, אַז די באַפעלקערונג האָט ווידער גענומען געברויכן דעם טאַבאַק און פּאַפּיראָסן פון דער אויבנדערמאָנטער פירמע, אַלזאָ בעטן מיר צו אַנטוואָרטן אין דער פּרעסע, צי איז נאָך גילטיק דער באָיקאָט אָדער ניט.

1 מערץ

די פאַרוואַלטונג פון ווילנער פּראָפ׳ דרוקעריַי-אַרבעטער-געזעלשאַפט מעלדעט, אַז שבת, דעם 3טן מערץ, 7 אַז אָוונט וועט פאָרקומען אין סליאָזבערגס זאַל אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג.

דער טאָג-אָרדענונג: 1) באַריכט פון פאַרוואַלטונג, 2) אַרבעטסלאָזיקיַיט, 3) קליַיבן אַ רעוויזיאָנס-קאָמיסיע.

איַינטריט נאָר מיט מיטגלידס-ביכלעך.

(אין דער זעלבער ציַיטונג איז פאַראַן אַ געלט-רעכענונג פון ווילנער 1טן פּראָפ׳ פאַריין פון איַינבינדעריַי-אַרבעטער).

5 מערץ

אַ דרוקער-פאַרזאַמלונג אין ווילנע.

דעם 4טן מערץ איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע מיטגלידס-פאַרזאַמלונג פון פּראָפ׳ דרוקער-פאַריין. ווי נאָר איינער פון די פאָרשטייער פון פאַרוואַלטונג האָט געעפנט די פאַרזאַמלונג אויף יידיש, האָט דער פּאָליציי-פאָרשטייער געמאָלדן, אַז ער האָט באַקומען אַ באַפעל בשום אופן ניט צו דערלאָזן ריידן אויף יידיש. אויסהערנדיק די מעלדונג, האָט די פאַרזאַמלונג אין נאָמען פון 150—160 אָנוועזנדיקע אַרבעטער איַינשטימיק אַרויסגעטראָגן אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער זי ווענדט זיך צו דער סאָצ׳-דעמאָקראַטישער פראַקציע מיט אַן אַנטשיידענעם פּראָטעסט קעגן דעם ווילקיר פון דער אַדמיניסטראַציע, וועלכע ערלויבט ניט צו ריידן אויף פאַרזאַמלונגען יידיש און פּויליש — ד״ה אויף די איינציקע שפּראַכן, וועלכע די היגע אַרבעטער קענען פאַרשטיין, און בעט אַריַינטראָגן אַן אָנפראַגע אין דומע וועגן די דאָזיקע פּאָליציייִשע פאַרפאָלגונגען.

איינִיקע רעדנער האָבן ניט געקענט נעמען קיַין וואָרט, וויַיל זיי ריידן קיַין רוסיש ניט. מער ניט ווי די רעזאָלוציעס האָט מען, לויט דער פאָדערונג פון דער פאַרזאַמלונג, איבערזעצט אויף יידיש.

דער באַריכטס-אָפּגעבער האָט אין קורצע שטריכן פאָרגעשטעלט די טעטיקיַיט פון דער פאַרוואַלטונג און אָנגעוויזן אויף דעם גרויסן אינדיפערענטיזם פון די מיטגלידער צו זייער אייגענעם פאַריין. זיי פאָדערן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג — און ווען די דאָזיקע פאַרזאַמלונג איז ענדלעך צונויפגערופן געוואָרן, איז דער גרעסטער טייל מיטגלידער ניט געקומען און מ׳האָט געמוזט אָפּלייגן די פאַרזאַמלונג אויף אַ צווייטן מאָל. און אויך איצטער, אינעם צווייטן מאָל איז געקומען נאָר אַ טייל פון די פאַריינס-מיטגלידער. פון דער גאַנצער צאָל מיטגלידער (העכער 550, פון זיי אַרום 8 פּראָצ׳ קריסטן) צאָלן נאָר 50 פּראָצ׳ און גראַדע די אַרבעטער, וואָס פאַרדינען ווייניקער, צאָלן בעסער. דער פאַריין האָט ניט קיַין שום שטריַיקן-פאָנד און קיַין פאָנד פאַר אַרבעטסלאָזע, און האָט נאָך אַ שטענדיקן דעפיציט. די טעטיקיַיט פון דער פאַרוואַלטונג האָט זיך אַרויסגעוויזן הויפּטזעכלעך אין רעגולירן די באַציִונגען צווישן די דרוקער-אַרבעטער און די ב״ב, קיַין קולטור-אַרבעט האָט זי ניט געקענט פירן איבער פּאָליציייִשע באַדינגונגען.

כדי אויפצוהייבן דעם אינטערעס צום פאַריין ביַי די מיטגלידער האָט די פאַרוואַלטונג באַשטימט איַינצולאַדן אויף אַ ריי זיצונגען מיט באַראַטונגס-רעכט פאָרשטייער פון די דרוקעריַיען, וועלכע וועלן דערמיט פאַראינטערעסירן די ברייטע מאַסן מיט דער טעטיקיַיט פון פאַריין. דערביַי איז אָנגעוויזן געוואָרן אויף דער מעגלעכקיַיט פון אַ לאָקאַוט און בפרטיות איז אַרומגערעדט געוואָרן דער לאָקאַוט פון די מאָסקווער דרוק-אַרבעטער; ס׳איז איַינשטימיק אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע מיט אַ ברידערלעכן גרוס צו די קעמפנדיקע חברים און מיט אַ באַשטימונג אונטערצוהאַלטן זיי מאָראַליש און מיט מאַטעריעלע מיטלען.

דער באַריכטס-אָפּגעבער האָט אויך ערקלערט, אַז אינגיכן דאַרף פאָרקומען די אַלרוסלענדער קאָנפערענץ פון די דרוק-אַרבעטער, וועגן וועלכער עס וועט צונויפגערופן ווערן אַ ספּעציעלע פאַרזאַמלונג. די פאַרזאַמלונג גייט איבער צום צווייטן פּונקט פון טאָג-אָרדענונג—צו דער אַרבעטסלאָזיקיַיטס-פראַגע.

דאָ האָבן איינִיקע רעדנער פאָרגעשטעלט נאָך אַ מער טרויעריקן בילד פון גליַיכגילטיקיַיט און אינדיפערענטיזם פון די אַרבעטנדיקע דרוקער-אַרבעטער צו זייערע אַרבעטסלאָזע חברים. מענטשן גייען אַרום און הונגערן — און קיַין שום הילף באַקומען זיי ניט. די פאַרוואַלטונג האָט אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף צו העלפן די אַרבעטסלאָזע, נאָר כמעט קיינער האָט דערויף זיך ניט אָפּגערופן. מ׳האָט גערעדט אויף די פאַבריקן וועגן אַרבעטסלאָזיקיַיט, און ס׳ה איין

פאַבריק האָט אַרײַנגעטראָגן 3 רובל מיט קאָפּ׳. ס׳איז צונויפגערופן געוואָרן אַ ספּעציעלע פאַרזאַמלונג פון ד׳ רוסישע זעצער און מ׳האָט ווידער גערעדט וועגן דער לאַגע פון די אַרבעטסלאָזע, נאָר די פאַרזאַמלטע האָבן מיט זייער לײַכטזיניקן פאַרהאַלטן זיך צו דער פראַגע אַרויסגעוויזן, אַז זיי טראַכטן גאָר ווייניק וועגן זייערע חברים, וואָס זײַנען געבליבן אָן אַרבעט און האָבן דערמיט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן פּראָטעסט פון די אָנוועזנדיקע אַרבעטסלאָזע.

די איצטיקע פאַרזאַמלונג האָט אַרויסגעוויזן מער מיטגעפיל צו די אַרבעטסלאָזע און האָט באַשטימט אָפּצוגעבן פאַר זיי די שכירות פון אַ האַלבן טאָג אַרבעט.

אַם ענדע איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ רעוויזיאָנס־קאָמיסיע.

א. ס.

20 מערץ

## אַ בריוו אין רעדאַקציע.

געערטער ה׳ רעדאַקטאָר!

מיר בעטן אָפּדרוקן אין הײַנטיקן נומער פאָלגנדיקע מעלדונג: צוליב טעכנישע אורזאַכן האָבן מיר ניט געקענט געבן קיין ענטפער אויף דעם אַרטיקל „פאַרוואָס איז אונדזער צײַטונג ניט אַרויס דיזן מאָנאַט?״

אַן ענטפער אויף אים וועלן מיר געבן אין די נאָענטסטע נומערן.

די פאַרוואַלטונג פון פּראָפעס׳
דרוקערײַ־אַרבעטער־געזעלשאַפט.

25 מערץ

## ווילנער כראָניק.

דינסטאָג, דעם 22סטן מערץ, האָט דאָס ביוראָ פון פּראָפ׳ אײַנבינדער־פאַריין צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער פון פאַריין אויף צו באַטראַכטן די פראַגע וועגן דער קאָנפערענץ פון אַלע דרוקער און אײַנבינדער. די פאַרזאַמלונג האָט באַשטימט צו שיקן איין דעלעגאַט אויף דער קאָנפערענץ.

1 אַפּריל

## נעקראָלאָג.

די אַרבעטער פון סירקינס דרוקערײַ זײַנען מיט אַ טיפן טרויער מודיע די קרובים, חברים, פרײַנד און באַקאַנטע וועגן דעם, וואָס נאָך אַ לאַנגער שווערער קראַנקייט איז אין עלטער פון 44 יאָר געשטאָרבן דער חבר לעאָן בן שלמה לעווין.

דער ארון וועט אַרויסגעטראָגן ווערן פון יידישן שפּיטאָל זונטאָג, דעם 1טן אַפּריל 3 בײַטאָג.

14 אַפּריל

## פאַרוואָס איז די צײַטונג ניט אַרויס מאָנטאָג?

(אַן ענטפער פון דער פאַרוואַלטונג פון פּראָפ׳ דרוקערײַ־פאַריין אויף דעם אַרטיקל אין פ״צ נומ׳ 311).

די פאַרוואַלטונג קלערט אויף, אַז זי האָט פאַרווערט אַרויסצוגעבן דעם נומער (כאָטש ער איז שוין געווען אויסגעזעצט) האַלטנדיק, אַז די יום־טוב־טעג געהערן אַלס רוטעג פאַר די אַרבעטער און דורך ערלויבן אַרבעטן וואָלט אײַנגעפירט געוואָרן יום־טוב־אַרבעט בײַ אַלע צײַטונגען.

אויף אַן אָרדנטלעכער זיצונג פונעם גאַנצן ביוראָ (9 מאַן), וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 19 מערץ, איז די פראַגע ווידעראַמאָל באַטראַכט געוואָרן און עס איז באַשטעטיקט געוואָרן די באַשטימונג פון דער עקסטרא־זיצונג פון 18טן מערץ. דערבײַ איז געגעבן געוואָרן דער מינדערהײַט (4 מאַן) דאָס רעכט צו פאַרעפנטלעכן אַ מאָטיווירטע רעזאָלוציע.

## די רעזאָלוציע פון דער מינדערהײַט פון פאַרוואַלטונג.

זײַענדיק אינגאַנצן אײַנשטימיק מיט דער פאַקטישער זײַט פון דעם ענטפער, געפינט די מינדערהײַט פאַר נייטיק מיט דער ערלויבעניש פון פאַרוואַלטונג פאַרעפנטלעכן פאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

נעמענדיק אין באַטראַכט: 1) אַז אַרויסלאָזנדיק די צײַטונג מאָנטאָג, האָט די אַדמיניסטראַציע דערמיט געשטערט דעם אײַנגעפירטן 3טעגלעכן יום־טוב־רו; 2) אַז ווילנדיק אַרויסלאָזן די צײַטונג מאָנטאָג, האָט די אַדמיניסטראַציע ווייניקסטנס געדאַרפט אָנפרעגן די פאַרוואַלטונג; 3) אַז פון דער צווייטער זײַט, איז די פליכט פון דער פאַרוואַלטונג געווען באַצײַטנס זיך דערוויסן וועגן דער באַשטימונג פון דער אַדמיניסטראַציע פון פ״צ וועגן אַרויסלאָזן די צײַטונג מאָנטאָג און אין דער צײַט אָננעמען מיטלען קעגן דעם און ניט פאַרווערן אַרויסלאָזן אַ שוין אינגאַנצן פאַרפערטיקטן נומער — געפינט די מינדערהײַט, אַז די פאַרוואַלטונג האָט זיך געדאַרפט רעכענען מיט דער לאַגע ווי מיט אַ פאַרגאַנגענעם פאַקט און ניט אַרויפלייגן אַ פאַרווער אויף שוין אַ פאַרטיקער צײַטונג — אַרויסלאָזן דעם נומער מיט אַ מעלדונג, אַז דער נומער איז אַרויס צוליב דעם פאַרזען פון פאַרוואַלטונג.

— די רעדאַקציע פאָלעמיזירט מיט דער פאַרוואַלטונג און ערקלערט, אַז די אַרבעטער האָבן פרײַוויליק מסכּים געווען צו קומען אַרבעטן, ניט זײַענדיק געצוווּנגען, „ניט מורא האָבנדיק ניט פאַרן אָפּזאָגן זיי, ניט פאַר שטראָפירן, און ווען זיי זײַנען ניט קוקנדיק אויף דעם דאָך געקומען, האָבן זיי עס געטאָן איבער מאָטיוון, וועלכע האָבן קיין שום שײַכות ניט צו די באַציִונגען צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט״.

29 אַפּריל

## „זעץ־מאַשינע

דער דייטשער צענטראַל־פאַרבאַנד פון בוך־דרוקער".

דער אַרטיקל רעדט אַרום דעם באַריכט פון צענטראַל־פאַרבאַנד פון די דייטשע בוך־דרוקער, וואָס איז צוגעשטעלט געוואָרן צו דער קאָנפערענץ פון פאַרבאַנד, און וועלכער איז געווידמעט דער אַנטוויקלונג און פאַרשפרייטונג פון דער זאַץ־מאַשין.

די טעכניק פון דער מאַשין מאַכט גוואַלדיקע פאָרשריטן און גלייכצייטיק דערמיט וואַקסט די אַרבעטסלאָזיקייט פון די האַנט־זעצער.

דער געדאַנק וועגן פאַרווערן די מאַשינען איז אַ רעאַקציאָנערע אוטאָפּיע, אָבער ס'מוז געזאָרגט ווערן דערפאַר, אַז דער פּראָצעס זאָל ניט אָננעמען קיין כאַראַקטער פון אַ קאַטאַסטראָפע.

מען דאַרף פאָדערן, אַז: 1) צו דער זאַץ־מאַשין זאָלן צוגעלאָזן ווערן נאָר האַנט־זעצער אָדער לערניינגלעך אין די לעצטע 3 חדשים פון זייער לערע און אין דער ערשטער ריי פון די אייגענע זעצער. 2) דאָס לערנען דאַרף געדויערן 3 חדשים און דער באַלעבאָס דאַרף פאַר די 3 חדשים צאָלן די שכירות ווי פאַר אַ האַנט־זעצער, 3) דער אַרבעטס־טאָג דאַרף זיין אין צייטונגס־דרוקערייען 8 שעה און אין ביכער־דרוקערייען 9 שעה, 4) די שכירות דאַרפן זיין מיט 25 פּראָצ' מער ביי 8 שעה און מיט 30 פּראָצ' ביי 9 שעה אַרבעט.

דער מחבר פון אַרטיקל ב. ק. האַלט, אַז די פאָדערונגען וועגן צולאָזן נאָר האַנט־זעצער זיך לערנען, זיינען באַרעכטיקט נאָר אין אַזאַ איבערגאַנגס־צייט ווי ס'לעבט איצט איבער דער זעצער־פאַך, ווייל בכלל איז אַן אומזין צו פאָדערן פון אַ מענטשן, וועלכער וויל ווערן אַ מאַשין־זעצער, און וואָס מ'קען זיך אויסלערנען אין 3 חדשים, ער זאָל זיך לערנען האַנטזעצעריי אַ פּאָר יאָר און ערשט דערנאָך איבערגיין צום מאַשין. אויב ס'איז מעגלעך דאַרף מען נעמען צום מאַשין פון די אייגענע האַנטזעצער, מען טאָר אָבער ניט צווינגען, ווייל מען מוז זיך רעכענען מיט דער אינטעליגענץ פון מענטשן פון וואָס ס'איז אָפּהענגיק די פּראָדוקטיוויטעט פון דער מאַשין.

דער מחבר פונעם אַרטיקל זאָגט זיך אויך אַרויס קעגן פאָדערן פאַר די אַנטזאַגטע האַנטזעצער 2 אָדער 3 חדשים אַנטשעדיקונג אין פאַל פון ברענגען אַ זאַץ־מאַשין „ווי מען רעדט אין די זעצער־קרייזן אין ווילנע", און וועלכע דער דייטשער צענטראַל־פאַרבאַנד האָט ניט אַרויסגעשטעלט, ווייל דאָס וואָלט גוואַלדיק פאַרטייערט די קאָסטן פון אַ זאַץ־מאַשין.

אַזעלכע פאָדערונגען קען מען אפשר דורכפירן אין איין דרוקעריי אין איין שטאָט, אָבער

...„וואָלט אַזאַ טאַקטיק אָנגענומען דער אַלרוסלענדער זעצער־פאַרבאַנד, וואָלט מען אים געדאַרפט אַריינטראָגן אין דעם רייסטער פון די פאַרשימלטע צעכן. די מעשה דערפון איז אָבער, אַז אַ הייפל האַנטזעצער פון איין דרוקעריי קען זיך אַרומטראָגן מיט אַזעלכע פאַנטאַזיעס, זאָלן זיך אָבער צונויפפאָרן דעלעגאַטן פון אַלע רוסלענדער דרוקער, זאָל מען דערפון ריידן ניט פאַר ווילנע, גאָר פאַר דער גאַנצער וועלט, וועט מען זיך שעמען אַזעלכע פאָדערונגען צו פאַרטיידיקן. אַז די רעגירונג פאַרגרעסערט די גרענעץ־אָפּצאָלונגען אויף אויסלענדישע מאַשינען, זאָגט מען, אַז דאָס איז רעאַקציאָנער, אַז זי האַלט אָפּ די אַנטוויקלונג פון דעם גאַנצן לאַנד, און דאָ קומען אַנטוויקלטע פּראָלעטאַריער און לייגן אַרויף אַן אָפּצאָלונג פון 20 פּראָצ' אויף מאַשינען".

...„דער טעות פון די ווילנער זעצער נעמט זיך אָט פון וואַנען: פאַרסטראַכירן דעם אַרבעטער פון אַרבעטסלאָזיקייט קען און דאַרף די גאַנצע געזעלשאַפט, די מלוכה, אָבער ניט יעדער איינציקער קאַפּיטאַליסט זיינע געוועזענע אַרבעטער. און נאָך איין זאַך דאַרפן געדענקען די ווילנער זעצער: זייער באַגרענעצונג איז דאָך נאָר פאַר די אַלטע דרוקן מיט האַנטזעצער. זאָל איינער עפענען אַ נייע דרוק מיט זאַצמאַשינען, וועט ער פאַרקאָנקורירן די אַלטע דרוקעריי מיט האַנטזעצעריי און זיי וועלן דאָך בלייבן אָן אַרבעט; זיי וועלן דאָך ניט קענען פאַרווערן די קאָנקורענץ".

דער מחבר פון אַרטיקל האַלט, אַז מען דאַרף פאָדערן, אַז ביים איינפירן אַ זאַץ־מאַשין זאָלן די ב"ב מעלדן מיט 4 אָדער 6 וואָכן פריער, ווייל האַנטזעצער ווערט אַלץ שווערער צו קריגן אַרבעט און דעריבער דאַרף מען האָבן אַ לענגערע צייט צו זוכן אַרבעט.

10 מאַי

## „די ערשטע אַלרוסלענדער קאָנפערענץ פון די דרוקער־פאַריינען"

ס'ווערן אויסגערעכנט די צאָל דעלעגאַטן פון 45 שטעט. פון ווילנע—3 דעלעגאַטן (וואַרשע—5, גראָדנע—1, ביאַליסטאָק — 1, לאָדז — 2, פּעטריקאָוו — 1, קאָוונע — 2, מינסק—1, מאָסקווע, פּעטערבורג א"אַנד).

פון 83 פאַריינען זיינען געווען פאַרטראָטן—57. דעלעגאַטן זיינען געווען—71, דערין: 26 מענשעוויקעס, 4 באָלשעוויקעס, 8 בונדיסטן, 3 פּוילישע סאָצ' דעמ', 7 סאָצ'־רעוואָלוציאָנערן, 4 עסעס, 1 סיימיסט, די איבעריקע אומפאַרטייִשע און מיטפילנדיקע. די גרעסטע מערהייט אַרבעטער, דערין 34 זעצער. אינטעליגענטן זיינען געווען אינגאַנצן 5 מאַן. „די דורכשניטלעכע אַנטוויקלונגס־שטופע פון די דעלעגאַטן דאַרף מען רעכענען פאַר אַ הויכע. זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט פונאַנדערגעקליבן אין די פראַגן און געווּסט צו שטעלן זיך העכער פון די ענג פאַכאָווע און קליינטשינקע אינטערעסן".

די קאָנפערענץ האָט זיך געשטעלט זייער אַ וויכטיקע אויפגאַבע: צוגרייטן די באַשאַפונג פון אַן אַלרוס־

לענדער דרוקער=פאַריין. אַזעלכע פאַריינען, וועלכע זאָלן אַרומנעמען אַ גאַנצן פאַך, האָבן מיר נאָך ניט אין רוסלאַנד, קיינער וועט זיך געוויס ניט חידושן, וואָס די דרוקער געהערט די ערשטע התחלה. דערצו זײַנען דאָ עטלעכע אורזאַכן. ערשטנס, געהערט די דאָזיקע פּראָפעסיע אין רוסלאַנד צו די מער פאָרגעשריטענע, באַוווּסטזיניקע, קאַמפּסלוסטיקע שיכטן פון דעם אַרבעטער=קלאַס, און ווי מיר זעען, איז שוין אָרגאַניזירט אַ העלפט פון אַלע אַרבעטער פון דעם דאָזיקן פאַך. צווייטנס, אַ גרויסער פּראָצענט (אַריבער 60 פּראָצ' אָרגאַניזירטע) פון די דרוקער איז קאָנצענטרירט אין די הויפּטשטעט. אָט דאָס אַלץ פאַרגרינגערט פאַר זיי די מעגלעכקײַט פון אַן אַלרוסלענדער פאַראייניקונג.

די אורזאַכן אָבער, וועלכע טרייבן זיי צו אַזאַ פאַראייניקונג, ליגן אין דער פאַרשאַרפונג פון דעם עקאָנאָמישן קאַמף פאַר דעם לעצטן יאָר, אין דער באַדערפעניש פון אַ צענטראַלע אָנפירונג פון דעם קאַמף, אין דער נויטיקייט צו רעגולירן און אײַנפירן אַ איינהײַטלעכן כאַראַקטער פון די אַרבעטס=באַדינגונגען, אײַנשטעלן אומגעפער אַ גלייכן טאַריף פאַר אַלע שטעט און אויסצואַרבעטן אַלגעמיינע מיטלען אויף צו קעמפן קעגן דער אַרבעטסלאָזיקייט. די דאָזיקע אַלע פראַגן — וועגן שטרייקן, באָיקאָטן, וועגן העלפן די אַרבעטסלאָזע, שטיצן מיט די געלט בײַם אַריבערפאָרן פון איין אָרט אויפן צווייטן — האָבן פאַרנומען דעם ערשטן אָרט אין דער טאָג=אָרדענונג נעבן דער פראַגע וועגן אַן אַלרוסלענדער פאַראייניקונג און זײַנען אַזוי ענג פאַרפלאָכטן געווען צווישן זיך, אַז דער קאָנפערענץ האָט געקאָסט מי אויסצואַרבעטן אַ סדר אויף צו באַטראַכטן די פראַגן, בײַ וועלכן די דעבאַטן וועגן איין פראַגע זאָלן אַמווייניקסטן באַרירן אַנדערע נאָענטע פראַגן.

אין דער פראַגע וועגן צענטראַליזאַציע פון דער פּראָפ' באַוועגונג אָדער אַווטאָנאָמיע פון די אָרטיקע פּראָפ' פאַריינען, איז פאָרגעקומען זייער היציקע דעבאַטן. דער גרעסטער טייל דעלעגאַטן איז געווען פאַר דעם אַז אַן אַלרוסלענדער פאַריין קען זיך באַזירן נאָר אויף טעריטאָרעלע פאַריינען. די ביוראָ האָט פּראָיעקטירט 15 אַזעלכע פאַריינען, דערין איינער פאַר פּוילן, איינער פאַר דעם צפון=מעריב געגנט, 3 פאַר דרום=מעריב און דרום אאַז"וו.

די אָרגאַניזאַציאָנס=ביוראָ איז געשטאַנען ז.ויפן שטאַנדפּונקט, אַז מען זאָל אײַנפירן ווי ווײַט מעגלעך די צענטראַליזירונג, אַנדערע זײַנען געווען דערפאַר, אַז אַפילו דער קלענסטער שטרייק קען אַנדערש נ׳ט ערקלערט ווערן, סײַדן מיט דעם הסכם פון דער טעריטאָרעלער פאַרוואַלטונג. אָבער די גרעסטע מערהייט האָט געהאַלטן, אַז אַזעלכע תקנות וועלן פּאַראַליזירן יעטווידער טעטיקייט פון די אָרטיקע פאַריינען און ס'וועט שטערן דעם עקאָנאָמישן קאַמף, ווײַל ביז מען וועט זיך צוזאַמענריידן, וועט מען דורכלאָזן די גינסטיקע געלעגנהייט פאַר אַ שטרייק. די טעריטאָריאַלע פאַרוואַלטונגען קען מען איבערלאָזן נאָר די פונקציעס פון אַ אינפאָרמאַציאָנס=ביוראָ, פון אַן אַפּאַראַט וועלכער בינדט צונויף צווישן זיך די אָרטיקע פאַריינען.

ס'איז אָנגענומען געוואָרן אַ פשרה=רעזאָלוציע:

„אָנערקענענדיק אין פּרינציפּ די נויטיקייט צו צענטראַליזירן דעם גאַנצן שטרייק=קאַמף אין די הענט פון אַ טעריטאָריאַלער פאַרוואַלטונג, אָבער נעמענדיק אין אַכט די אָרגאַניזאַציאָנעלע, פּאָליטישע און געאָגראַפישע באַדינגונגען לאָזט די קאָנפערענץ אָפן די פראַגע און לאָזט איבער די טעריטאָריאַלע צוזאַמענפאָרן פעסטצושטעלן דעם קריטעריום וועגן דעם, וועלכע שטרײַקן דאַרפן ערקלערט ווערן דורך די אָרטיקע פאַרוואַלטונגען און וועלכע דורך די טעריטאָריאַלע".

נאָכן צוזאַמענרופן טעריטאָריאַלע צוזאַמענפאָרן, דאַרף פאָרקומען ניט שפּעטער ווי אין אַ יאָר אַרום אַן אַלרוסלענדער צוזאַמענפאָר.

ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ צענטראַל=ראַט פון 9 פּערזאָן אין וועמעס קאַסע די פאַריינען דאַרפן מאָנאַטלעך צושיקן 5% פון זייערע מיטגלידס=אָפּצאָלונגען.

ס'איז אויך באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן רײַזע=שטיצע און הילף פאַר אַרבעטסלאָזע.

וועגן רײַזע=שטיצע האָט מען באַשלאָסן:

דער צענטראַל=ראַט טיילט פונאַנדער 4 מאָל אין יאָר הוצאות אויף רײַזע=שטיצע צווישן אַלע פאַריינען רעכענדיק זיך מיט דעם סכום געלט וואָס געפינט זיך אין קאַסע.

רעכט אויף רײַזע=שטיצע האָט יעדער מיטגליד, וואָס האָט געצאָלט 3 חדשים מיטגלידס=אָפּצאָל און ער פאָרט מיט דער ערלויבניש פון דער פאַרוואַלטונג.

וועגן שטיצן אַרבעטסלאָזע: די נויטיקייט צו פועלן סײַ בײַ די ב"ב סײַ בײַ די אַרבעטער, אַז אָנקומען אויף אַ שטעלע קען מען נאָר דורך דער פאַרמיטלונג פון פאַריין.

בײַם פאַריין פירט זיך אַ רעגיסטראַציע פון אַלע אַרבעטסלאָזע, סײַ מיטגלידער, סײַ ניט=מיטגלידער. בײַם שיקן אויף אַ שטעלע, רעכנט מען זיך נאָר לויט דער ריי ווי זיי זײַנען פאַרשריבן, ניט מאַכנדיק קיין אונטערשייד צווישן מיטגלידער און ניט=מיטגלידער, נאָר וועלכע דאַרפן זיך פאַרפליכטן אַרייַנצוטרעטן אין פאַריין. די שטרעבונג, אַז אויף שטעלעס זאָלן געשיקט ווערן אין דער ערשטער ריי נאָר מיטגלידער איז דורכגעפאַלן.

אין אַ געוויינלעכער צײַט ווערט אַרויסגעגעבן אונטערשטיצונג נאָר מיטגלידער, אין דער צײַט פון אַ מאַסן=אַרבעטסלאָזיקייט אויך ניט=מיטגלידער, אָבער מיט דער ערלויבעניש פון דער אַלג' פאַרזאַמלונג, אָבער אַרויסגעבן שטיצע די, וועלכע האָבן געליטן פון פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קאַמף איז די ביוראָ דורכאויס באַפולמעכטיקט.

טאַריף=פראַגן: די אַרבעטס=צײַט און יום=טוב=רו.

אויסאַרבעטן אַן אַלגעמיינעם טאַריף פאַר גאַנץ רוסלאַנד האָט מען אָנערקענט איצט פאַר אוממעגלעך, איבער די פאַרשיידנהייטן פון די אָרטיקע באַדינגונגען.

אַלס נאָענטסטע אַלגעמיינע פאָדערונגען זיינען אַרויסגעשטעלט געוואָרן:

1) אַן 8שעהדיקער אַרבעטסטאָג.

2) אָפּשאַפן די איבערשטונדן, וועלכע קענען דערלאָזן ווערן נאָר אין אויסנאַם=פאַלן, דורכשניטלעך ניט מער ווי 2 שעה אין וואָך.

3) פאַרבייטן די שכירות פון שטיק אויף שכירות פון צייט (קעגן דעם זיינען ענערגיש אַרויסגעטראָטן די פעטערבורגער און מאָסקווער דעלעגאַטן, וועלכע האָבן אויפגעוויזן, אַז אין נאָענטסטער צוקונפט וועט זיי דאָס זיין זייער שווער דורכצופירן).

4) דעם ערשטן מאַי און אַלע זונטאָגס טאָר מען ניט אַרבעטן. פאַר ניט=קריסטלעכע אַרבעטער קען מען פאַרבייטן די זונטאָג=רו אויף אַן אַנדער רו=טאָג אין וואָך. אָבלינאַטאָרישע רו פאַר אַנדערע יום=טובים איז ניט באַשטימט געוואָרן, נאָר דער צענטראַל=ראַט איז באַפולמעכטיקט געוואָרן אויסצואַרבעטן אַ רשימה פון די איבעריקע אַלגעמיינע יום=טובים, אין וועלכע מען טאָר ניט אַרבעטן. ציַיטונגען קענען אַרויסגיין אויך אויף מאָרגן נאָך יום=טוב, נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל מען דאַרף צוליב דעם ניט אַרבעטן איבערשטונדן ערב=יום=טוב און ניט אָנהייבן פריער ווי געוויינלעך די אַרבעט נאָך יום=טוב. אַנדערש גערעדט, די קאָנפערענץ האָט געמאַכט אַ חילוק צווישן ציַיטונגען און אַנדערע מיני דרוקעריַי=אַרבעט, זי איז געשטאַנען אויף דעם שטאַנדפונקט, אַז די צאָל טעג ווען עס גייען ניט אַרויס קיין ציַיטונגען דאַרף זיַין אַ מינימאַלע. ווענן די ייִדישע ציַיטונגען האָט זיך אויף דער קאָנפערענץ די פראַגע ניט אויפגעהויבן, צוליב מאַנגל אין צייַט, נאָר אין פריוואַטע נעשפּרעכן האָבן זיך די דעלעגאַטן זייער געחידושט, דערוויסנדיק זיך, אַז בעת דעם ייִדישן פסח גייען ניט אַרויס די ייִדישע ציַיטונגען זעקס טעג צייַט, אַז היינטיקן שבועות קומט אויס די ציַיטונגען, לויט דעם „מנהג”, ניט אַרויסצוגיין 4 טעג נאָכאַנאַנד אאַז"וו.

טאַריף=פראַגן. לערניִנגלעך. פאַר אַ הויפּטפּרינציפּ אין דעם ענין פון צולאָזן נייַע לערניִנגלעך האָט די קאָנפערענץ פּראָקלאַמירט די שטרעבונג אַרויסצופירן אין גאַנצן פון דער מאָדע דעם אַלטפרענקישן מנהג און פאַרבייַטן אים מיט אַ פּראָפעסיאָנעלער אויסבילדונג.

אָבער צוגלייַך האָט זי אָנערקענט, אַז ביִי דער איצטיקער מדרגה פון דער טעכניק, קען מען ניט באַשרענקען דעם צוטריט אין פאַך און אַז דאָס ווידערשפּרעכט די אינטערעסן פון גאַנצן אַרבעטער=קלאַס. דעריבער האָט זי פאַרוואָרפן אַלע פאָרשלאָגן וועגן באַגרענעצן דעם צוטריט פון לערניִנגלעך.

קעמפן ניט קעגן דער באַגרענעצונג פון דער צאָל לערניינגלעך נאָר קעגן זייער עקספּלאָאַטאַציע, פאָדערן אויסבעסערן זייער לאַגע — אָט אויף וואָס פאַר אַ ריכטיקן שטאַנדפונקט די קאָנפערענץ האָט זיך געשטעלט. זי האָט רעקאָמענדירט פאָלגנדע מיטלען: צונעמען לערניינגלעך ניט יינגער פון 15 יאָר, באַשטימען פאַר זיי אַ גענוגנדע שכירות שוין פון ערשטן טאָג וואָס זיי קומען אָן, אָפּשאַפן זייַטיקע אַרבעט, פעסטשטעלן אַ באַשטימטן טערמין פאַר דער לער, אָדער עקזאַמענס=באַזוכן אויף די לערנשולן אין דער צייַט פון דער אַרבעט אויפן חשבון פון באַלעבאָס. צוזאַמען מיט דעם דאַרפן די אַרבעטער גופא ווי ווייַט מעגלעך קומען צו הילף די לערניינגלעך אין דעם ענין פון זייער פּראָפעסיאָנעלער אויסבילדונג.

מען האָט פאָרגעלייגט אויך אַנדערע מיטלען: נאָרמירן די צאָל לערניינגלעך, אַזוי למשל, אַז איין לערניינגל זאָל אויסקומען אויף 5, 10, 15 אַרבעטער, פאָדערן אַ בילדונגס=צענז פאַר די לערניינגלעך, למשל אַ צייַגעניש וועגן ענדיקן אַ עלעמענטאַר=שול, נאָר די פאָרשלאָגן זיינען אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט אַ גרויסער מערהייט פון שטימען.

טאַריף=פראַגן. די זאַץ=מאַשין. די פראַגע, וועלכע האָט אָנגעמאַכט אַ גאַנצן רושם צווישן די ייִדישע זעצער אין תחום, האָט אויף דער קאָנפערענץ ניט אַרויסגערופן קיין דעבאַטן. מ'האָט אָנערקענט, אַז מ'טאָר ניט קעמפן קעגן איינפירן מאַשינען. דער איינציקער מיטל דערבייַ צו באַשיצן די אינטערעסן פון די אַרבעטער—האָט די קאָנפערענץ געפונען איז — פאַרקירצן דעם אַרבעטס=טאָג, פאַרגרעסערן די שכירות, אויסבעסערן די סאַניטאַרע באַדינגונגען פון אַרבעט אויף די מאַשינען.

דער פאָרשלאָג וועגן דעם, אַז אַרבעטן אויף די זאַץ=מאַשינען זאָלן האָבן רעכט נאָר פּראָפעסיאָנעלע זעצער — איז פאַרוואָרפן געוואָרן. פונקט אַזוי האָט מען אויך פאַרוואָרפן אָן קיינע דעבאַטן דעם פאָרשלאָג אַרויסצוגעבן די זעצער, וועלכע ווערן פאַרביטן אויף אַ מאַשין, א וועלכע ניט איז באַלוינונג, אין דער פאָרם פון שכירות פאַר אַ חודש, אָנדערטהאַלבן אאַז"וו.

פאַרשיידענע רעזאָלוציעס. שטרייַקן. פעסטשטעלן אַן אַלגעמיינע טאַקטיק פון דעם שטרייַק=קאַמף איז אוממעגלעך, זי דאַרף זיך צופאַסן צו די באַזונדערהייטן פון אָרט און צייַט. צו די איינצייַטיקע אַרויסטרעטונגען פון גאַנצע שטעט און טעריטאָריעס, אַרויסטרעטונגען, וועלכע פאָדערן אַ באַזונדערע אָנשטרענגונג פון קרעפטן און מיטלען פון די אַרבעטער=אָרגאַניזאַציעס — דאַרף מען זיך באַציען מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט און אויסגערעכנטקייט. פאַר צוועקמעסיק דאַרף מען רעכענען דעם קאַמף אויפן פּאַרטיזאַנישן וועג, אין איינצלנע שטעט און אונטערנעמונגען, מען דאַרף אָבער ניט פאַרגעסן, אַז ביַי איניקע אומשטענדן קענען די פּאַרטיזאַנישע אַרויסטרע-

טונגען פאַר די אַרבעטער ניט לוינען און מען דאַרף זיי ניט צופיל איבערשאַצן.

**באָיקאָט.** די קאָנפערענץ האַלט, אַז אַ פּערזענלעכן באָיקאָט קען מען אַרויפלייגן נאָר לויט דעם באַשלוס פון אַ חברישן געריכט, און אַ באָיקאָט אויף ערטער—נאָר נאָך אַ געצויעם אַרומטראַכטן דעם ענין.

**לאָקאַוט.** דער חוב פון די פאַריינען איז—צו קוקן אויף דעם קאַמף קעגן לאָקאַוט ווי אויף אַ זאַך, וועלכע איז זיך צוממערסטן נאָענט, און העלפן די חברים אין דעם קאַמף מיט אַלערליי מעגלעכקייטן.

**פּשרות-קאַמערן.** די קאָנפערענץ געפינט זיי פאַר אַ צוועקמעסיקער אײַנריכטונג. אַרומקלערנדיק דאָרט אַפריער דעם ענין, מײַדן מיד אויס אומזיסטע טרחה און אַרבעט בײַ איינצלנע צוזאַמענשטויסן מיט די אונטערנעמער. די קאַמערן דאַרפן באַשטיין פון אַ קליינער צאָל פאַרטרעטער פון בײַדע צדדים, דערבײַ איז נייטיק, אַז מצד די אַרבעטער דאַרפן אַרויסטרעטן פאָרשטייער פון די פּראָפ' פאַריינען, און אַז די באַשלוסן זייערע זאָלן זײַן ניט קיין אָבליגאַטאָרישע, און זאָלן באַשטעטיקט ווערן יעדן מאָל באַזונדער דורך די אַרבעטער.

**בודרים-קאַמערן און בוררים-געריכטן.** די קאָנפערענץ האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן זיי, ווײַל זיי האָבן דעם ציל — אַרויסצוטראָגן אָבליגאַטאָרישע באַשלוסן. בײַם לייזן וועלכע ניט איז פראַגן פון אַ קאַמפּס-כאַראַקטער, דאַרף מען זיך שטיצן נאָר אויף דער מאַכט פון בײַדע צדדים, און דאָס אויסרעכענען און אָפּוועגן זײַנען די אײַנריכטונגען ניט אין שטאַנד און טויגן ניט דערצו.

**טאַריף-אָפּמאַכונגען.** צײַטווײַליקע אָפּמאַכונגען מיט די אונטערנעמער שטייען ניט אין ווידערשפּרוך מיט דעם פּרינציפּ פון קלאַסן-קאַמף, אין געוויסע צופאַלן קענען זיי צַנטשפּרעכן די אַרבעטער-אינטערעסן. בײַ דער איצטיקער צײַט איז צוועקמעסיק צו שליסן אָפּמאַכן, אָבער גיט אָנווײַזן אויף וואָס פאַר אַ טערמין, אָדער ניט מער ווי אויף אַ משך פון איין יאָר צײַט.

**דאָס צענטראַל-ביוראָ.** די קאָנפערענץ רעקאָמענדירט שטאַרק אַלע אָרטיקע פאַריינען אַרײַנצוטרעטן דורך זייערע פאָרשטייער אין די צענטראַל-ביוראָען, . וואָס עקסיסטירן שוין אין אַ סך שטעט, און גרינדן זיי דאָרט, וואו זיי זײַנען נאָך ניטאָ. אין אַ שטענדיקן אַרבעטן צוזאַמען מיט די אַנדערע פאַריינען אויסברייטערנדיק וואָס מער זייער טעטיקייט. מיטווירקנדיק דעם וואוקס פון שוואַכערע פאַריינען און שעפנדיק כוחות פאַר אַ ווײַטערדיקער אַרבעט, וועלן די פאַריינען פון די דרוקער-אַרבעטער קענען אַרויסגיין ווײַט איבער די גרענעצן פון די אינטערעסן נאָר פון זייער פּראָפעסיע און פאַרפעסטיקן דעם קלאַסן-באַוואוסטזײַן פון זייערע מיטגלידער.

**די פאַרטיילעכקייט פון די פאַריינען.** די קאָנפערענץ האָט זיך אַרויסגעזאָגט „אויפן אַנטשיידנסטן אופן" פאַר דער אומפאַרטיילעכקייט פון די פּראָפ' פאַריינען. אָנהענגער פון פאַרטיילעכקייט זײַנען געווען נאָר אַ טייל דעלעגאַטן פון צפון-מערבדיקן געגנט און פּוילן. דער פאָרשלאָג פון די עס-ערן, אַז די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זײַנען פאַרפליכט צו האָבן אַן אַלגעמיינע פּאָליטישע פּלאַטפאָרם (דעמאָקראַטישע) האָט באַקומען פאַר זיך נאָר 5 שטימען.

*

דערמיט וועלן מיר באַגרענעצן אונדזער איבערבליק פון דער קאָנפערענץ-טעטיקייט. אירע רעזאָלוציעס זײַנען צוועקמעסיק, פּראַקטיש, צוזאַמענגעשטעלט דורכויס אין דעם גײַסט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער לערע און קלאַסנקאַמף. זיי וועלן האָבן, בלי-ספק, אַ גרויסע באַדײַטונג ניט נאָר פאַר די דרוקער-אַרבעטער, נאָר אויך פאַרן גאַנצן פּראָלעטאַריאַט פון רוסלאַנד".

**מאַי**

הײַנט דעם 30סטן מאַי 7 אַ זייגער אָוונט וועט פאָרקומען אַן **אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג** פון אַלע מיטגלידער פון ווילנער פּראָפ' דרוקערײַ-אַרבעטער-געזעלשאַפט, אין דער ביליגער קיך.

די טאָג-אָרדענונג: 1) אַרבעטסלאָזע, 2) די מעלדונג פון 50 מיטגלידער, 3) באַריכט, 4) מיטגלידס-אָפּצאָלונגען.

דער אַרײַנטריט איז נאָר מיט מיטגלידס-קאַרטן מעגלעך.

די פאַרוואַלטונג.

**9 יוני**

די פאַרוואַלטונג פון ווילנער פּראָפ' דרוקערײַ-אַרבעטער-געזעלשאַפט מעלדעט אַלע חברים פון אַנדערע שטעט, אַז אין ווילנע איז פאַראַן אַ גרויסע צאָל אַרבעטסלאָזע און קיין אַרבעט אין דער נאָענטסטער צוקונפט ערוואַרט זיך ניט, דערום בעט זי דרינגענד אין ווילנע ניט פאָרן.

נאָך דיזער מעלדונג וועט קיינע שטיצע אָנגעפאָרענע אַרבעטסלאָזע ניט אַרויסגעגעבן ווערן.

די פאַרוואַלטונג.

**5 יולי**

**די זיצונגען פון צענטראַל-ביוראָ.**

דעם 9טן און 16טן יוני זײַנען פאָרגעקומען זיצונגען פון דעם ווילנער צענטראַל-ביוראָ פון אַלע פּראָפ' פאַריינען. ס'זײַנען געווען פאָרשטייער פון: בוי-אַרבעטער, פּריקאַזשטשיקעס, שנײַדער, זאָקן-אַרבעטער, פּאַפּיר-אַרבעטער, בעקער, מעטאַל, דרוקער, פאַבריקמאַכער, 2 פאָרשטייער פון דער אָרגאַניזאַציע און דער ח' ב. מיט באַראַטונגס-שטים, אויף דער לעצטער זיצונג איז חוץ די פאָרשטייער פון די פלייש-אַרבעטער, פורמאַנעס, פעל-אַרבעטער און קעכינס,



וועלכע קומען די גאַנצע צײַט ניט, אויך ניט געווען דער פאָרשטייער פון די דרוקער.

פון דרוקער=פאַריין איז אָפּגעגעבן געוואָרן פאָלגנדער באַריכט:

כון 3 דעלעגאַטן=פאַרזאַמלונגען איז פאָרגעקומען מער ניט ווי איינע. דאָס ערקלערט זיך דערמיט, וואָס עס קומען פאָר שרעקלעכע רײַבונגען. די מאַסע באַציט זיך זייער אינדיפערענט צום פאַריין. אַ צעטומלונג טראָגט נאָך אַריין דער אומלעגאַלער פאַריין. כאַראַקטעריסטיש איז דאָס וואָס אין דעם פאַריין פון דעזאָרגאַניזאַטאָרס זײַנען אַריין אויך בונדאָװיצעס, פאַרטיי=מיטגלידער. דאָס ביוראָ אַנטזאַגט זיך צו פירן הײַטער די אַרבעט. די לאַגע איז אַ קריטישע.

...צו די דרוקער האָט דאָס צ"ב אויך געשיקט 2 חברים, זיי זאָלן צוזאַמען מיט דעם ביוראָ באַטראַכטן די לאַגע און באַטראַכטן די מיטלען, וועלכע מ'קען אָננעמען אויף היילן דעם פאַריין, מאַכן אַ סוף צו די רײַבונגען וועלכע הערשן אין פאַריין. דער פאַריין האָט אויך באַשטימט ווענדן זיך צו דער היגער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" מיט אַן אָנפראַגע, צי איר איז באַוווּסט, אַז אין „אומלעגאַלן" דעזאָרגאַניזאַטאָרישן פאַריין גייען אַריין בונדאָװצעס פאַרטיי=מיטגלידער, און אויב איר איז באַוווּסט טאָ וואָס רעכנט זי צו טאָן מיט זיי.

24 יולי

„אין פאַרשיידענע פראָפעסיעס".

...ברענענד איז געוואָרן צווישן די דרוקעריי=אַרבעטער די פראַגע וועגן זאַצמאַשינען. ווי ס'איז באַקאַנט האָט די אַלרוסלענדער קאָנפערענץ פון די דרוקעריי=אַרבעטער זיך אַרויסגעזאָגט, אַז „די איינציקע מיטלען צו באַשיצן די אינטערעסן פון די אַרבעטער בײַם אײַנפירן זאַצמאַשינען — זײַנען: פאַרקירצן דעם אַרבעטס=טאָג, העכערן דעם אַרבעטס=לוין, אויסבעסערן די סאַניטאַר=היגיענישע און אַנדערע באַדינגונגען בײַ דער אַרבעט אויף די מאַשינען". מיט דער אָ מיינונג פון דער קאָנפערענץ זײַנען ניט אינגאַנצן אײַנשטימיק די פאַרוואַלטונגען פון די דרוקער. פאַריינען אין פעטערבורג, יעקאַטערינאָסלאַוו און ווילנע=די פאַרוואַלטונגען פאָדערן אויך, אַז אויף די זאַצמאַשינען דאַרפן צוגעלאָזן ווערן נאָר האַנטזעצער און נאָר די אַרבעטער פון יענעם פערסאָנאַל, וועלכער ווערט פאַרביטן דורך די מאַשינען.

## „דאָס וואָרט"

אָרגאַן פון צ. ס. א. פּ. (טעריטאָריאַליסטן)

16 יולי.

ערקלערונג פון דער אַדמיניסטראַציע „דאָס וואָרט"

צוטרעטנדיק צום אַרויסגעבן אונזער צײַטשריפט האָבן מיר זיך געווענדט צו דעם ווילנער לעגאַליזירטן דרוקער=פאַריין און געבעטן, ער זאָל אונז געבן 2 אַרבעטער—איינעם אַן אַלטן זעצער, וואָס האָט געאַרבעט אויפן „נײַעם וועג", אַ צווייטן — אַ געניטן מעטראַנפּאַזש. אַז אין ווילנע עקסיסטירט אַ צווייטער דרוקער=פאַריין האָבן מיר ניט געוווּסט און ניט געקענט וויסן, ווײַל אַזאַ פאַריין האָט ניט באַוויזן קיינע סימנים פון לעבן—אַלע אַרבעטסלאָזע דרוקער זײַנען געווען פאַרשריבן אין פאַריין, צו וועלכן מיר האָבן זיך געווענדט.

דאָס ביוראָ פון דעם לעגאַליזירטן פאַריין האָט אונדז צוגעשיקט צוויי זעצער—דעם אַלטן זעצער וואָס האָט אויפן „נייעם וועג" געאַרבעט און אַ נײַעם. אָבער ס'האָט ניט ערפילט אונזער פאַרלאַנג וועגן אַ געניטן מעטראַנפּאַזש.

מיט דעם ווי דאָס ביוראָ האָט אײַנגעטיילט די שטעלעס, זײַנען געבליבן אומצופרידן די אַרבעטסלאָזע זעצער, וועלכע האָבן פריער געאַרבעט אויפן „נײַעם וועג". ניט דורכקומענדיק מיטן ביוראָ, האָבן זיי אינגאַנצן פאַרלאָזן דעם פאַריין. און דאָ טרעט אַרויס אויף דער סצענע אַ צווייטעס ביוראָ, וועלכע שטעלט אונז אַרויס אַ פאָדערונג, אַז אָנשטאָט דעם נײַעם זעצער, וועלכן דאָס ביוראָ פון לעגאַליזירטן פאַריין האָט געשטעלט אויף דער אַרבעט. זאָלן מיר אַוועקשטעלן אַן אַנדער זעצער—איינעם פון די וואָס האָבן געאַרבעט אין דעם „נײַעם וועג". מיר האָבן דעם נײַעם ביוראָ געענטפערט, אַז די זעצער, וועלכע ס'האָט אונז געגעבן דאָס לעגאַליזירטע ביוראָ, באַטראַכטן מיר ניט אַלס שטענדיקע, ווייל ס'פעלט צווישן זיי אַ געניטער מעטראַנפּאַזש; אַזוי ווי ס'זיינען פאַראַן צוויי ביוראָס, קענען מיר ניט ערפילן אַ באַשלוס פון איינעם פון זיי, נאָר מיר קענען און וועלן ערפילן אַ באַשלוס, וועלכער וועט אָנגענומען ווערן פון ביידע ביוראָס צוזאַמען, אָדער דורך דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון גאַנצן פאַך.

ליידער האָבן די ביוראָס ניט געוואָלט זיך צונויפריידן, יעדע פון זיי האָט זיך באַמיט אָנצונעמען פאַסנדע און ניט פאַסנדע מיטלען קעגן דעם ערשיינען פון אונזער צייטשריפט, הגם יעדעס פון זיי פאַר זיך האָט אָנערקענט, אַז מיר קענען ניט באַפרידיקן די פאָדערונגען, וועלכע ס'שטעלט אונז איינס פון זיי, בעת דאָס צווייטע איז דערמיט ניט איינשטימיק. דער סיכסוך צווישן די ביוראָס דויערט, און אָט דאָס איז די סיבה, צוליב וואָס אונזער זשורנאַל ערשײַנט ניט צו דער צײַט און ברענגט אונז זייער פיל היזק.

ניט אָפּשאַצנדיק די באַשלוסן פון די ביוראָס, באַדויערן מיר זייער דעם פאַקט, וואָס פאַרטיידיקנדיק די אינטערעסן פון איינעם און דעם זעלבן פאַך, זיינען זיי ניט אימשטאַנד צו קומען צו אַ באַשטימטן באַשלוס און אָפּמאַך, וועלכער זאָל באַפרידיקן די אַרבעטער און אײַנשטעלן אַ שלום אין פאַך.

מיר פון אונדזער זײַט האָבן געטאָן וואָס מיר האָבן געקענט, כדי צו שליסן אַ שלום צווישן די ביוראָס, אונד-





זערע באַמיונגען זיינען אָבער געבליבן אָן ערפאָלג, איצט ווענדן מיר זיך צום דרוקער-פאַך גופא — ס׳זאָל געמאַכט ווערן אַ סוף צום קאָנפליקט צווישן די ביוראָס און ס׳זאָל אונדז געגעבן ווערן די מעגלעכקייט ווייטער רעגולער אַרויס-צוגעבן אונדזער צייטשריפט.

די אַדמיניסטראַציע פון „דאָס וואָרט״.

### „די האָפענונג״

9 אָקטאָבער.

דער צענטראַלער ראַט פון דרוקער-פאַריין האָט זיך געווענדט צו אַלע פאַריינען מיט אַ בריוו, אין וועלכן ער ווייזט אָן, אַז פון דער פּראָווינץ קומען אָן ידיעות פון די דרוקער-פאַריינען, אַז די לאַגע איז דאָרטן שלעכט. אין אייניקע שטעט נעמט מען אָפּ ביי די אַרבעטער דעם 8שעהדיקן אַרבעטס-טאָג. די ב״ב גייען איבער צום קאַמף קעגן די אַרבעטער. „אָט דאָס זיינען די אומפאַרמיידלעכע רעזולטאַטן פון יענער טרויעריקער לאַגע, פון יענער גע-פאַלנקייט פון דער שטימונג, וועלכע ס׳איז צו באַמערקן איצט אין אַלע פאַריינען״. דער צענטראַלער ראַט ווייזט אָן אויף דער נויטווענדיקייט צו שאַפן „אַן אַלרוסלענ-דער שוץ-פאָנד״. „די ערנסטקייט פון דער לאַגע — זאָגט דער בריוו — צווינגט צו עקסטרע מיטלען און אַזאַ מיטל וואָלט געווען „אַן אַלרוסלענדער שוץ-פאָנד״, וועלכער זאָל צוזאַ-מענגעשטעלט ווערן פון פריוואַטליקע נדבות, און וועלכער זאָל דינען אויף אונטערצוהאַלטן די באַזונדערס ערנסטע שוץ-שטרייקן״. דער צענטראַלער ראַט לייגט פאַר אַלע פאַ-ריינען אַרומצוטראַכטן די דאָזיקע פראַגע.

15 אָקטאָבער.

עס בעט אַנטשולדיקונג אברהם ראָזענבוים ביי דעם גאַנצן ווילנער דרוקער-פאַך און באַזונדערס ביים חבר זעליק צינמאַן, וועלכן ער האָט באַליידיקט מיט טאַט

18 אָקטאָבער.

פון זונטאָג, 30 סעפּט׳ שטרייקן די אַרבעטער אין עפראָנס דרוקעריי. די פאָדערונגען זיינען: צאָלן רעגולער און באַצאָלן וואָס עס קומט.

דעם זעלביקן טאָג האָבן אויך אָנגעהויבן צו שטרייקן די אַרבעטער אין לעווינס דרוקעריי. ער האָט אַנטזאָגט אייניקע האַרט פאַר סוכות און אַנטזאָגט זיך אָפּצוצאָלן זיי פאַר יום-טוב, ווי דאָס איז איינגעפירט.

## 1908

### „די שטימע פון בונד״ (אומלעגאַל)

דעצעמבער.

די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, וועלכע האָט אין די לעצטע יאָרן אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן ראַיאָן פון אונדזער טעטיקייט, ראַנגלט זיך מיט די רדיפות פון דער רעאַקציע פון איין זייט און מרה-שחורהדיקער אַפּאַטיע פון די מאַסן פון דער צווייטער זייט, ראַנגלט זיך און ווערט צעשעדיקט. פון דער גרויסער באַוועגונג זיינען איצט נאָר פאַרבליבן קליינע חורבות...

מיר ברענגען דאָ אייניקע ציפערן וועגן דעם צו-שטאַנד פון פאַריינען אין פאַרשיידענע ראַיאָנען, וועלכע באַווייזן, ווי האַלט דאָס ביי אונדז מיט דער פּראָפ׳ באַווע-גונג.

אין ווילנע האָט די פּראָפ׳ באַוועגונג אַ צייט פאַר-כאַפּט כמעט אַלע פאַכן, די פאַריינען האָבן אַרויסגעוויזן אַן ענערגישע טעטיקייט, און אָט ווי עס האַלט איצטער דאָרט:

געשלאָסן פון דער אַדמיניסטראַציע: בוי-אַרבעטער-פאַריין (800 מיטגלידער) צוליב דער שעדלעכער טעטי-קייט; פּאַפּיר-פאַריין (300 מיטגל׳) צוליב אָנפירן שטרייקן; זאָקנמאַכער-פאַריין (אַרום 700 מיטגלידער) — אין צייט פון שטרייק; דער 1טער פאַריין פון פריקאַזשטשיקעס (1000 מיטגל׳) — אַליין זיך געשלאָסן; דער שניידער-פאַריין (800 מיטגל׳). עס עקסיסטירן נאָך: דרוקער-פאַריין (פריער 500, איצט 200), לעדער-אַרבעטער (פריער 700, איצט 80), הויפּט-זעכלעך — קולטור-אַרבעט. פריקאַזשטשיקעס (נייטראַלער; פרי-ער 360, נאָכן שליסן דעם 1טן פאַריין זיינען אַהין אַריינגע-טראָטן אויך די מיטגלידער פון געשלאָסענעם פאַריין, איצט 2.300) — אייניקע מאַסן-קולטור-אַרבעט; גאַרבער-פאַריין (ביז 900, באַדייטנדע מערהייט קריסטן), מעטאַל-פאַריין (כמעט דורכויס קריסטן), פונקציאָנירט שוואַך; אַ קליינער פאַריין פון פאָטאָגראַפן; אומלעגאַל עקסיסטירן פאַריינען פון קצבים, פריזירער און בעקער.

## 1909

### „די שטימע פון בונד״

סעפּטעמבער.

ווילנע. ...„ביי אונדז איז נאָך קיין אָרגאַניזאַציע אַלץ ניטאָ. פון אַלע לעגאַלע פּראָפּעסיאָנעלע פאַריינען, וואָס זיינען געווען אין ווילנע, זיינען געבליבן נאָר דער דרוקער- און דער מעטאַל-פאַריין. דער לעצטער ווייזט ניט אַרויס קיינע שום סימנים פון לעבן. דער דרוקער-פאַריין פאַרנעמט זיך מיט קליינלעכער עקאָנאָמישער אַרבעט. דורכ-פירן וועלכע עס איז קולטורעלע אַרבעט, האָט ער קיין פּראָ-בע ניט געמאַכט״.

## 1910

### „די שטימע פון בונד״

מערץ.

ווילנע. ...„אין ווילנע זיינען פאַראַנען אַ סך לע-גאַלע מעגלעכקייטן, ליידער נוצט מען זיי זייער ווייניק

אויס. אינטעליגענטע כּוחות זײַנען פאַראַן גענוג, ווילן זיי אָבער ווייניק אַרבעטן אפילו אויפן לעגאַלן געביט.

פון די לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען איז גע־בליבן נאָר איינער—דער דרוקער־פאַריין, טוט ער אויך כּמעט גאָרניט און האַלט ביים פאַרמאַכן זיך".

### „ווילנער וואָכנבלאַט"

יוני.

א שטרײַק

אין דער יידישער דרוקערײַ פון פ. מץ אויף זאַוואַל־נע גאַס איז אויסגעבראָכן אַ שטרײַק פון די מאַשיניסטן און לייגער. די אַרבעטער פאָדערן מען זאָל זיי צאָלן פון וואָך, ווייל ביז איצט האָט מען געאַרבעט שטיק־אַרבעט. אויך פאָדערן זיי צו נאָרמירן די אַרבעט, ווײַל מען פלעגט אַרבעטן 14—15 שעה ביי אַ פאַרדינסט פון 6 ביז 7 רובל.

## 1911

### „Информаціоный Листокъ"

אָרגאַן פון דער אויסלענדישער אָרגאַניזאַציע פון „בונד", אַרויסגעגעבן אין זשענעווע

יוני.

אַ געלט־באַריכט פון דער ווילנער אָרגאַניזאַציע פון „בונד". אין דער הכנסה: 5 רובל פון די דרוקער.

אַווגוסט.

אַ קאָרעספּאָנדענץ פון ווילנע. ס'יוערט דערמאָנט וועגן שטרײַקן פון לינירערינס און אײַנבינדער (צוליבן אַנטזאָגן אַן אַרבעטער). ביידע שטרייקן האָבן זיך געענדיקט מיטן נצחון פון די אַרבעטער.

— ס'זײַנען צוריק געעפנט געוואָרן דער שנײַדער־פאַריין און דער דרוקער־פאַריין. ס'זיינען אויסגעקליבן געוואָרן פאַך־קאָמיסיעס ביי די לינירער, אײַנבינדער און דרוקער.

## 1912

### „ד ע ר ט אָ ג", ווילנע

1 מערץ.

די פאַרוואַלטונג פון פּראָפעסיאָנעלן דרוקער־פאַריין מעלדעט, אַז דאָנערשטאָג דעם 1טן טאָג חול־המועד 7 אַ זייגער אָוונט, וועט פאָרקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער פון פאַריין אויף בלאַגאָוועשטשענסקע 13, וו. 11. אײַנטריט נאָר דורך מעלדונגען.

„Информаціоный Листокъ"

מאַי.

ווילנע. ס'זיינען פאָרגעקומען פאַך־פאַרזאַמלונגען וועגן ערשטן מאַי און לענער טראַגעדיע (ווו ס'זײַנען דער־שאָסן געוואָרן איבער 200 אַרבעטער צוליבן שטרײַק אין די לענער גאָלד־גרובן).

בײַ די דרוקער־אַרבעטער איז פאָרגעקומען אַ דעלע־גאַטן־פאַרזאַמלונג פון 22 מאַי.

„אויף אַלע פאַרזאַמלונגען, אויסער דער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג פון די דרוקער, איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַ־שלוס צו שטרייקן דעם 1טן מאַי".

צווישן די, וועלכע האָבן געשטרײַקט דעם 1טן מאַי זיינען אויסגערעכנט אויך די דרוקער און אײַנבינדער.

„פון די צייטונגען זײַנען ערשינען נאָר דער „ווילנע־סקי וויעסטניק" און די פוילישע צייטונגען".

## 1914

### „אונזער צייט", פּעטערבורג

29 יוני.

די וואַלן אין פאַרזיכערונגס־פריסוטסטוועס

ווילנע. „די וויכטיקסטע אַרבעט ביים אָרגאַניזירן די קראַנקן־קאַסעס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אָן די אַר־בעטער־פאָרשטייער אין פריסוטסטווע. קאַסעס עקסיסטירן שוין ביי אונדז פון אָנהייב יאָר. אַנדערע פונקציאָנירן שוין גוט, אַנדערע האַלטן זיך נאָך אין אײַנאָרדענען און די פּריסוטסטווע קומט אויס איצט נאָר צו רעגולירן זייער טעטיקײַט, לייזן נאָר די פראַגן, וועלכע ווערן אַרויסגערוקט אין פּראָצעס פון אײַנאָרדענען זיך.

...לויט דער באַוווסטזיניקײַט פון זייערע מיטגלידער און די פאַרוואַלטערס קענען בײַ אונדז די קאַסעס צעטיילט ווערן אויף 2 טיילן:

אין איינעם די מעטאַליסטן, דרוקער, כעמיקער; אין צווייטן—די 18 איבעריקע. די גאַנצע פאַרזיכערונגס־אַרבעט איז דורכגעפירט געוואָרן אין די ערשטע 2 קאַסעס. די פאַרבעסערונגען צום אוסטאַוו, וועלכע זײַנען אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך דער געמײַנזאַמער קאָמיסיע פון די 2 פאַכן, דרוקער און מעטאַליסטן, זיינען געגעבן געוואָרן אויך די קאַסעס, וועלכע האָבן נאָר אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג אַרײַנטראָגן פאַרבעסערונגען אין אוסטאַוו. עס איז פאַר־שטענדלעך, אַז אויך אין אָרגאַניזירן די וואַלן צום פּרי־סוטסטווע האָבן די צוויי פאַכן גענומען דעם אַקטיווסטן אָנטייל.

די דרוקער־קאַסע האָט גענומען אויף זיך די איני־ציאַטיווע צונויפצורופן אַ פאַרזאַמלונג צו באַטראַכטן די קאַנדידאַטורן, אויסצואַרבעטן אַ נאַקאַז אאַז"וו. די ערשטע פאַרזאַמלונג איז אָפּגעלייגט געוואָרן, ווייל עס זײַנען גע־קומען ווייניק צוטיילנעמער. אויף דער צווייטער פאַרזאַמלונג זיינען שוין יאָ געווען פאָרשטייער פון 9 קאַסעס. אויף דער פאַרזאַמלונג האָט מען אָנגענומען דעם נאַקאַז, וועלכער איז אויסגעאַרבעט נאָכן פּעטערבורגער, און עס איז אויסגעקליבן



**פערסאָנאַל פון קלעצקינס דרוקעריי (1913)**

ס'שטייען 1טע ריי פון רעכטס אויף לינקס: זאלק, (ווייטערדיקע צוויי אומבאַקאַנט), איליטאָוויטש, גאָלדבערג, לעווקאָוויטש, ש. קאָוואַלעווסקי, (ווייטערדיקער אומבאַקאַנט), מ. גורוויטש, קאַגאַן, (ווייטערדיקע צוויי אומבאַקאַנט), גראָסמאַן און י. פּאַק. ס'שטייען 2טע ריי: (ערשטע צוויי אומבאַקאַנט), ב. דראַנזיק, ל. גאָלדשטיין, מיראָן, (ווייטערדיקער אומבאַקאַנט), א. קריינִיצע, טראָצקי, ישראל לעווין און יאַנקל קאַמערמאַכער. עס זיצן: טשערניאַווסקי, ראַבינאָוויטש, י. קאַמערמאַכער, טארק ווילטער, טוטניק (גליעב), ב. קלעצקין, ש. ניגער, זאַפּאָלסקי, ל. ליוור, ר. גאַלפּערן, מ. גראַזול און פעליקס. עס זיצן אונטן: (ערשטער אומבאַקאַנט), י. שאַבסעל, גאָלדבערג, ח. ראַגאָוו, (ווייטערדיקער אומבאַקאַנט), מעלאַמעד, (ווייטערדיקער אומבאַקאַנט), ח. ליפּסקינד און יאָפע.



**קריינעסעס דרוקעריי**

עס שטייען (הינטערגרונט) פון רעכטס אויף לינקס: ל. רייטבאַרד, סעגאַל, ל. געלפּער, מ. בולקין, זאַמעטשעק. אין פאָדערגרונט פון רעכטס: ה' קריינעס, ר. ראַסיצאַן און ח. גראַדזיענסקי.



געוואָרן אַ קאָמיסיע פון 9 מאַן, צו איין פאָרשטייער פון אַ קאַסע. די קאָמיסיע האָט געדאַרפט באַטראַכטן די קאַנדידאַטורן און אָנפירן מיט די ווייטערדיקע אַרבעט אַרום די וואַלן אין דער פּריסוטסטווע".

די וואַלן זײַנען פאָרגעקומען דעם 26סטן מאַי. עס זײַנען געווען פאָרגעשטעלט 14 קאַסעס פון 21. אָרגאַניזירט און צוזאַמענגערעדט זיינען געווען 5. בײַ די וואַלן פון מיטגלידער אין פּריסוטסטווע, האָט דער צעטל פון די 5 פאַרייניקס אַרום זיך 8—9 שטימען און די פאָרגעלייגטע זײַנען דורך. אַלס מיטגלידער זיינען אויסגעקליבן געוואָרן: וואָלקאָוו און ברודנאָ. דער ערשטער אַ מיטגליד פון דער דרוקער=קאַסע, דער צווייטער אַ פאַרוואַלטער פון מעטאַליסטן=קאַסע".

פון די דרוקער האָבן קאַנדידירט אויסער די אויבנדערמאָנטע אויך ווענצעוו׳ץ און בירזשאָווסקי.

„...עס איז דערבײַ וויכטיק צו באַמערקן, אַז אויך אין די וואַלן האָט אַ באַשטימטע ראָלע געשפּילט דער אַזוי אָנגערופענער נאַציאָנאַלער מאָמענט. די קריסטלעכע פאָרשטייער פון די 9 איבעריקע ניט אָרגאַניזירטע קאַסעס האָבן דורכויס געשטימט קעגן די יידישע קאַנדידאַטן, וואָס די קאָמיסיע האָט אַרויסגעשטעלט. די יידישע באַשטימטע האָבן געשטימט פאַר די יידישע קאַנדידאַטן, און כּדי ניט דורכפירן די קאַנדידאַטן וועלכע מען האָט אַרויסגעשטעלט פון די אָפּגעשטאַנענע קאַסעס האָבן זיי געשטימט פאַר די קאַנדידאַטן פון די 5 אָרגאַניזירטע קאַסעס".

„...ווי עס ווײַזט אויס, וועט דער אינספּעקטאָר האַלטן אונדזערע פאָרשטייער אַזוי, אַז זיי זאָלן ניט וויסן, וועגן וואָס עס וועט זיך באַהאַנדלען אויף די זיצונגען, ווי דאָס פּראַקטיצירט זיך אין פּעטערבורג, נאָר דאָס וועט זיך אים ניט אײַנגעבן".

די שטרײַק=באַוועגונג

3 יולי.

ווילנע. „עס האָבן פאַרשטרײַקט די זעצער פון דער בוך=אָפּטיילונג אין קלעצקינס דרוקערײַ. זיי פאָדערן העכערן דעם לוין".

## „פּראָפעסיאָנעלער לעבן" (בײַלאַגע צו „אונזער צייט" נ׳ 4)

„אונזערע אויפגאַבן"

(אַן אַרטיקל ספּעציעל געווידמעט די אויפגאַבן פון די פּראָפ׳ פאַריינען אין תּחום).

„...שאַפן ברייטע, אָפענע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען — דאָס איז די ברענענדסטע אויפגאַבע פון אונדזער עקאָנאָמישן קאַמף. די פאַכאָווע קאָמיסיעס דאַרפן פאַרוואַנדלט ווערן אין פאַריינען; די פאַריינען דאַרפן שטרעבן אַרומצונעמען דעם גאַנצן פאַך. די קליינע פאַרוואַנדטע פאַכן דאַרפן זיך צוזאַמענשליסן, פאַריינען פון באַזונדערע שטעט דאַרפן זיך וואָס מער פאַרבינדן, בויען אַ געמיינזאַמע פאַכאָווע אָרגאַניזאַציע. אָפענע מאַסן=אָרגאַניזאַציעס—דאָס דאַרף זײַן דער לאָזונג.

„...דווקא די פאַכאָווע קאָמיסיעס, וואָס זיי נעמען אַרײַן די אַקטיוווסטע, איבערגעגעבנסטע טוער, דאַרפן זיך שטעלן פאַרן ערשטן, וויכטיקסטן ציל פאַרביטן צו ווערן דורך פאַריינען".

„...די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע קען זײַן אַ קראַפט נאָר, ווען זי נעמט אַרום די ברייטע מאַסן, ווען זי איז איינהײַטלעך. אונדזער פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג איז צעבראָכן. עס עקסיסטירן באַזונדערע פאַריינען אין פאַרוואַנדטע פאַכן (שוסטער און שטעפּער; אײַנבינדער און דרוקער). און די גרעסטע צרה—זיי זײַנען צעבראָכן לויט נאַציאָנען. אַלע קרעפטן דאַרפן אָנגעווענדט ווערן, כּדי דורכצופירן אין לעבן אַן אַלטן כּלל—אינטערנאַציאָנאַלע פאַריינען".

6 יולי.

די שטרײַק=באַוועגונג אין ווילנע

„...לסוף האָט פאַרשטרײַקט דער שטאַט פון קלעצקינס דרוקערײַ. די הויפּט=אורזאַך פון שטרײַק איז: די אַרבעטער בעטן שוין העכערן די שכירות צײַט יאָרן, און די אַדמיניסטראַציע לייגט נאָר אָפּ, פאַרענטפערנדיק זיך מיט דעם, וואָס די געשעפטן גייען שלעכט אאַז״וו. די לעצטע צײַט זײַנען צוגעקומען נאָך אַ ריי אורזאַכן, וועלכע רופן אַרויס אומצופרידנהייט פון די אַרבעטער. אַזוי, למשל, האָט אין דרוק זיך געשטעלט אַרבעטן אַ מאַשיניסט י. ק., אַ געוועזענער פאָרזיצער פון פאַריין, און אַלס געוועזענער זעט ער מיט אַלע מעגלעכקײַטן אונטערצוהאַלטן די אַדמיניסטראַציע, העלפן איר געוועלטיקן איבער די אַרבעטער. איינע פון די פאָדערונגען איז, ק. זאָל זיך ניט מישן אין די באַציונגען פון דער אַדמיניסטראַצ׳ע צו די אַרבעטער.

די פאָדערונגען האָבן דערלאַנגט די אַרבעטער ניט אָנפרעגנדיק זיך בײַם פאַריין. דעם פאַריין האָט מען געגעבן צו וויסן וועגן דעם דאַן, ווען די פאָדערונגען זײַנען שוין געווען בײַ דער אַדמיניסטראַציע. די פאַרוואַלטונג האָט באַשטימט אַרײַנגיין און אונטערהאַנדלען מיט קלעצקינען וועגן דעם שטרײַק, נאָר קלעצקין איז, ווי עס ווײַזט אויס, ניט געווען אין דער היים און דער ה׳ מוטניק, דער פאַרוואַלטער פון דרוק, האָט די פאָרשטייער פון פאַרוואַלטונג אַזוי באַגעגנט, אַז זיי איז אויסגעקומען אַוועקגיין ניט ריידנדיק מיט אים.

א״ין פאָדערונג איז ער גרייט נאָכצוגעבן, דאָס איז צאָלן אין דער צײַט—אַלע פרײַטאָג. די איבעריקע וועט ער ניט נאָכגעבן, זאָגט דער פאַרוואַלטער.

דערווײַל שטרײַקט מען. דער מאַשיניסט ק. איז דעם פאַבריקן שבת געפאָרן אין וואַרשע און מיטגעבראַכט אַ מאַ=





שין-זעצער אויפן אָרט פון אַן אָפּגעפּאָרענעם אַרבעטער. דער זעצער ש. ווען אַלע אַרבעטער זײַנען אַראָפּ פון דער אַרבעט און האָבן אים אויך פאָרגעלייגט אַראָפּגיין, האָט ער זיי געענטפערט, אַז ער קען ניט און וויל ניט קענען דעם פאַריין און אַז ער וועט בלייבן אַרבעטן. עס איז אויסגעקומען שיקן צו אים די שטאַטן פון „קאַפּייקאַ" און „גאָלאָס", ערשט דאַן איז ער אַראָפּ. נאָר ווי עס ווײַזט זיך אַרויס, קומען אַלע פרימאָרגן אין דרוק דער ה' מוטניק, ק. און ש. און מען אַרבעט ביז אַ זייגער 5. די טירן האַלט מען פאַרמאַכט, מען האַלט אפילו פאַרשפּאַרט די טידן וואָס פאַרבינדן דעם דרוק מיט די זעצערײַען פון „קאַפּייקאַ" און „גאָלאָס" אום ניט געשטערט צו ווערן אין דער אַרבעט.

אָט אַזוי קעמפן מיט אַרבעטער די „געוועזענע".

## 1915

### „די וואָך", ווילנע

15 יאַנואַר.

#### די אַרבעטער-קיך

„די גרינדונג פון דער קיך פאַר אַלעמען ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון דרוקער און שנײַדער איז טיילווײַז אַ רעזולטאַט פון דער שטרעבונג צו קאָאָפּעראַציע, וועלכע מען האָט שוין לאַנג געקענט באַמערקן אין די רייען פון די ווילנער פּראָפעסיאָנעל-אָרגאַניזירטע אַרבעטער.

„מיט דער אָרגאַניזירונג פון דער הילף פאַר די אַרבעטסלאָזע האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַשעפטיקן אויסשליסלעך די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. אויף פאַרזאַמלונגען פון דרוקער, שנײַדער, מעטאַל-אַרבעטער און האַנדלס-אָנגעשטעלטע זײַנען אָנגעמערקט געוואָרן פאַרשיידענע מיטלען, וועלכע האָבן געדאַרפט פאַרלײַכטערן די נויט. פאַר איינעם פון די מיטלען איז אָנערקענט געוואָרן די גרינדונג פון די אַרבעטער-קיכן. די דערמאָנטע פאַרזאַמלונגען האָבן אויך אָנגעמערקט די הויפּטפּרינציפּן, לויט וועלכע די קיכן דאַרפן זײַן געגרינדעט. די שטרעבונג צו קאָאָפּעראַציע האָט דאָ סוף-כּל-סוף געזאָלט באַקומען אַ טיילווײַזע באַפרידיקונג. די קיכן טאָרן אויף זיך ניט טראָגן אפילו קיין סימן פון צדקה. די גאַנצע אַרבעט אַרום דער קיך און אין דער קיך גופא דאַרף זײַן געבויט אויף די יסודות פון זעלבסטהילף".

#### ביי די דרוקער

ס'האָט זיך פאַרמאַכט די רוסישע צייטונג „סעווערא-זאַפּאַדני גאָלאָס" און 10 אַרבעטער זײַנען געבליבן אָן אַרבעט. כּמעט אַלע פון זיי האָבן אויף דער צײַטונג אָפּגעאַרבעט 10—15 יאָר. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען זײַנען די אַרבעטער געקומען צו אַן אויסגלייך מיט דער אַדמיניסטראַציע פון דער צײַטונג, לויט וועלכן זיי באַקומען אַ באַפרידיקונג: 2 וואָכן שכירות פון יאָר, אָבער ניט מער ווי פאַר 9 יאָר (דאָס איז די צײַט וואָס די איצטיקע אַדמיניסטראַציע האָט איבערגענומען די צײַטונג). אַלזאָ באַקומען די אַרבעטער פאַר 18 וואָכן שכירות, נאָר מיט אַ תנאי, די אַרבעטער זאָלן געבן אַן אונטערשריפט, אַז זיי וועלן זיך ניט שטעלן אַרבעטן אויף אַ רוסישער צײַטונג, וואָס קען אַרויס אין ווילנע אין די נאָענטסטע צוויי מאָנאַטן.

ניט געקוקט אויף די אויפרופן, וואָס די דרוקער-פאַרוואַלטונג האָט אָפּגעדרוקט אין דער אַרטיקעל רוסישער פּרעסע, האָט די פאַרוואַלטונג ביז איצט באַקומען ס"ה 17 רובל שטיצע פאַר די אַרבעטסלאָזע. דעם פאַריין קומט איצט אויס מאַטעריעל צו שטיצן די אַרבעטער-קיך, וועלכע האָט שוין פאַר דער קורצער צײַט פון איר עקסיסטענץ קלאָר באַוויזן, ווי נייטיק אַזאַ אַנשטאַלט איז בכלל און איצט בפרט. די פאַרוואַלטונג דערמאָנט אַלע אַרבעטער-דרוקער ניט צו פאַרגעסן דעם חוב, וואָס דער איצטיקער היסטאָרישער מאָמענט האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט און קומען צו הילף זייערע אַרבעטסלאָזע חברים.

## 1916

### „לעצטע נייעס"

29 פעברואַר.

#### אַרבעטסלאָזיקייט ביי דרוקער-אַרבעטער

ביז דער לעצטער צייט האָט דער דרוקער-פאַך פאַרנומען איינעם פון די בכּבודיקסטע ערטער. אין די גרעסערע דרוקערײַען האָבן שטענדיק געפונען באַשעפטיקונג הונדערטער יידישע אַרבעטער. איצט אָבער צוליב די מלחמה-געשעענישן זײַנען מער ווי אַ העלפט אַרבעטסלאָז און די נויט וואַקסט ביי זיי פון טאָג.

21 מערץ.

#### ביי די דרוקער

ווילנער דרוקער-אַרבעטער האָבן זיך געווענדט צום ווילנער יידישן צענטראַל-קאָמיטעט מיט אַ בקשה, ווען אַרויסגעבן זיי אַ מאָנאַטלעכע שטיצע פון די סומעס, וואָס ווערן ערהאַלטן פון יידישן הילפס-פאַריין פון די דײַטשע יידן פאַר דער נויטבאַדערפטיקער באַפעלקערונג אין ווילנע. די דרוקער האָפן, אַז זייער בקשה וועט צומשנעלסטן דערפילט ווערן.

14 אַפּריל.

דער צ"ק האָט אַרויסגעגעבן אונטערשטיצונג פאַר די דרוקער-אַרבעטער 200 מאַרק.

15 אַפּריל.

ס'ווערן געפאָדערט גוטע זעצער, ליטאָגראַפן און אײַנבינדער.

25 סעפטעמבער.

די פאַרוואַלטונג פון דרוקער-פאַריין געפינט זיך איצט אין לאָקאַל פון קאַהאַנס גימנאַזיע אויף ראַדונער גאַס.

8 נאָוועמבער.

ווילנער בוך-דרוקער מאַכן שבת-צו-נאַכט (11טן נאָוועמבער) 6 אַז' אַן אסיפה אין לאָקאַל פון דער ערשטער אַרבעטער-קיך (זאַוואַלנע גאַס, הויף 60). אַלע דרוקער-אַרבעטער זאָלן קומען.

1 דעצעמבער.

דער פאַריין פון די בוך-דרוקער-אַרבעטער שטייט איצט אויס אַ שווערן קריזיס. קיין אַרבעט איז לחלוטין ניטאָ, און די שטיצע מצד דעם יידישן צענטראַל-קאָמיטעט באַטרעפט 25 פעניג אַ חודש אויף אַ נפש.

## 1917

### „לעצטע נייס"

15 יולי.

אַרעסטירט אַ יידישן פראָוואָקאַטאָר

אין רוסלאַנד האָט מען אַרעסטירט דעם פראָוואָקאַטאָר ישראל-מיכל קאַפּלינסקי („לאַנגזאַם"). קאַפּלינסקי איז געווען איינער פון די ערשטע בונדיסטן און גרינדער פון דער „אַרבעטער-שטימע" און האָט געשפּילט אַ חשובע ראָלע אין צ"ק פון „בונד" ביים אויספירן פאַרשיידנע טעכנישע אונטערנעמונגען.

אין 1898 בעת מען האָט אים אַרעסטירט, האָט זובאַטאָוו אים אַריינגעצויגן אין דינסט פון דער אָכראַנע.

דער ערשטער האָט קאַפּלינסקין דעמאַסקירט בורצעוו אין יאָר 1909. נאָך אַ חקירה-ודרישה האָט דער צ"ק פון „בונד" דערקלערט קאַפּלינסקין פאַר אַ פראָוואָקאַטאָר, אָבער נאָך פריער איז קאַפּלינסקי אַנטלאָפן פון ווילנע וואו ער האָט געוווינט. ער איז אַרעסטירט געוואָרן אין סאַראַטאָוו און ס'ווערט וועגן אים געפירט אַ נייע אויספאָרשונג.

4 אָקטאָבער.

אין באַריכט א"נ: „די פייערונג פון 20יעריקן יובליי פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג", וועלכע איז פאָרגעקומען אין אייזנבאַן-קר ייז, איז צווישן די דעלעגאַציעס פון די פראָפ' פאַריינען וואָס האָבן באַגריסט, אויסגערעכנט דער פראָפ' פאַריין פון „פאַפּיר- און דרוקער-פאַך".

23 דעצעמבער.

אַ נעקראָלאָג.

מיר טיילן מיט דעם גרויסן צער פון אונדזער פאָלק איבער דעם טויט פון אונדזער ליבהאַרציקן זיידן, דעם אויפגויער פון דער ייד' ליטעראַטור מענדעלע מוכר-ספרים ז"ל.

די זעצער פון די „לעצטע נייס".

## 1918

### „לעצטע נייס", ווילנע

13 אַווגוסט.

אַן ענטפער אויף אַן אַרטיקל פון 2טן אַווגוסט דעם זעלבן יאָר אין וועלכן ה' רייזען זאָגט, אַז לויט זיין מיינונג איז אַ ברענענדיקע נויטווענדיקייט צו לערנען קליינע קינדער דעם זעצער-פאַך, ווייל ס'הערשט אַ גרויסער דוחק אין יידישע זעצער אין רוסלאַנד, אוקריינע און אויך ביי אונדז—דעריבער איז לויט זיין מיינונג דער דירעקטער חוב פון דער פאַרוו' פון „הילף דורך אַרבעט" איינצואָרדענען אַ דרוקעריי, ווו מ'זאָל די קינדער דערלערנען דעם פאַך. אויף דער לעצטער זיצונג פון צענטראַל-קאָמיטעט האָט דער ה' קרוק אויפגעהויבן די פראַגע וועגן די יידישע זעצער און האָט שוין אפילו געבעטן מ'זאָל אַסיגנירן 300 רובל אַ חודש אויף אויסצולערנען יידישע קינדער די מלאכה פון זעצעריי.

דער ענטפער פון דרוקער-פאַריין

אונדז וווּנדערט די גיכע השגה, וואָס דער צ"ק האָט באַקומען אויסצוכאַפּן פּראָיעקטן, פון וועלכע די טינט איז נאָך ניט אָפּגעטריקנט—אין דער צייט וואָס אַ סך וויכטיקערע זאַכן ליגן אָפּ ימים ושנים אונטער דעם גרינעם טיש פון צ"ק. אגב איז בכלל ניט מעגלעך, אַז אַ מענטש פון אַן אַנדער פאַך זאָל האָבן אפילו די קלענסטע השגה אין דרוקערשן פאַך.

פאַקטיש איז די זאַך אַזוי:

אין ווילנער דרוק-אַרבעטער-פאַריין זיינען פאַררעגיסטרירט איייניקע יידישע זעצער און עטלעכע צענדלינג יידישע זעצער, וואָס האָבן אַמאָל געאַרבעט רוסישע אַרבעט—און ווייל די רוסישע אַרבעט ביי אונדז איז כמעט אָדעד אינגאַנצן בטל געוואָרן—וואָלטן זיי קאָנען לייכט — אין פאַרלויף פון אַ פאָר וואָכן—איבערגיין אויף יידישער אַרבעט, ווי אייניקע חברים זייערע האָבן שוין פאַקטיש געטאָן. און אויב דער ה' רייזען האָט טאַקע אויפן אויג אַזוי פיל אַרבעט, אַז ער זעט אין דעם דוחק פון יידישע זעצער אַ „סכנה" רחמנא-לצלן פאַר דער יידישער ליטעראַטור, זיינען מיר גערן גרייט אים אַרויסצוראַטעווען פון דער דאָזיקער „סכנה" און צושטעלן אים זעצער וויפיל ער וועט דאַרפן, זאָל ער נאָר געבן אַרבעט.

וואָס איז שייך דעם צ'ק—ראַטן מיר אים, אַז גראָד אין דער פראַגע זאָל ער טאָן ווי תמיד,—אַרונטערלייגן אונטערן גרינעם לייוונט און אַסיגנירן די געלט אויף נייטיקערע זאַכן, און ניט פאַרפירן די יידישע עלטערן, וועלכע זעען שוין אין דער אַרבעט פון אַ יידישן זעצער אַ „ישועה" פאַר זייערע קינדער.

די פאַרוואַלטונג פון ווילנער
דרוק - אַרבעטער - פאַריין.

20 אַווגוסט.

מיטוואָך דעם 21 אַווגוסט וועט זײַן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פונעם פאַריין פון דרוק= און פּאַפּיר=אַרבעטער אין ביוראָ פון פאַריין, שוואַרץ=גאַס 1. די פאַרזאַמלונג הייבט זיך אָן האַלב 8 פאַרנאַכט.

מען בעט קומען פּינקטלעך.

30 אַווגוסט.

### די אַלגעמיינע פאַדזאַמלונג פון פּראָפ' פאַריין פון דרוק= און פּאַפּיר=אַרבעטער

מיטוואָך דעם 21 אַווגוסט איז פאָרגעקומען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג כון דרוק= און פּאַפּיר=אַרבעטעד, אין וועלכער עס האָבן אָנטיילגענומען אַלע פאַכן אין דער פּאַפּיר=בראַנזשע.

אַלס פאָרזיצער איז אויסגעקליבן געוואָרן ח' יפה, וועלכער האָט אין קורצן אָנגעוויזן אויף דער אָפּגעשטאַנענקייט פון דעם דאָזיקן פאַריין און אויף די סיבות, וועלכע האָבן דערצו געבדאַכט.

ח' צינמאַן האָט זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף דער טעטיקײַט פון פאַריין פאַר די לעצטע פּאָר יאָד. דער דרוקער=פאַך האָט שוין פאַר דער אָקופּאַציע, בפרט נאָך דער אָקופּאַציע, געליטן מעד פון אַלע כאַכן. עס האָט געהערשט צווישן די דרוקער אַן אַלגעמיינע אַרבעטסלאָזיקײַט און דאָס האָט במילא אויך געווירקט דעמאָראַליזירנדיק אויף די מיטגלידער פון פאַריין. אַ סך קוואַליפיצירטע אַרבעטער כדי צו דערהאַלטן זייעד עקסיסטענץ, האָבן זיך גענומען צו אַלע אַנדערע אַרבעטן, ווי טראָגן משאות, אַרבעטן אויפן באַן וכדומה. אַזוי, אַז מיט קײַן פּראַקטישער פּראָפעסיאָנעלער טעטיקײַט האָט דער פאַריין ניט געקענט אָנפירן און די טעטיקייט זיינע האָט זיך אויסגעדריקט דערהויפּט אין אונטערשטיצן פרויען פון זאַפּאַסנע (פון די וואָס זײַנען געווען אין קריג), קראַנקע מיטגלידער און שפּעטער פאַרזאָרגן די קינדער פון די חברים אין דער אַרבעטער=קינדערהיים. אויסער געלט=שטיצע האָט די פאַרוואַלטונג פון פאַריין אַרויסגעגעבן די אַרבעטסלאָזע מיטגלידעד אומזיסטע מיטאָגן אין דער אַרבעטער=קיך אין אַ גאַנץ היבשער צאָל. מיטלען דערצו האָט דער פאַריין באַקומען גרעסטנטיילס פון צענטראַל=קאָמיטעט און אויך אַ טייל פון מיטגלידס=אָפּצאָלונגען.

דער רעדנער האָט אויך אָנגעוויזן, אַז די לעצטע צײַט האָבן איינ̇יקע פון די בראַנזשעס פון פאַריין גענומען אויפלעבן און ס'איז צו באַמערקן אַ שטיקל אינטערעס פון די אַרבעטער צום פאַריין.

נאָכדעם, ווי ס'איז דורכגעלייענט געוואָרן דער געלט=באַריכט, האָבן זיך אָנגעהויבן וויכּוחים, וועלכע האָבן זיך דערהויפּט אויסגעדדיקט אין ווונטשן וועגן דער ווייטערדיקער טעטיקײַט פון פאַריין. מ'האָט אָנגעוויזן, אַז אויב מען וויל באמת פירן אַ פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט, מוזן זיך אַלע דרוק= און פּאַפּיר=אַרבעטער פאַרשרייבן אין פאַריין. מ'האָט אויך אָנגעוויזן, אַז די פאָטאָגראַפן, וועלכע געהעדן צו דעם פּאַפּיר=פאַך, האָבן זײַער ווייניק מיטגלידער אין פאַריין, און אַז בײַ די פאָטאָגראַפן בליט די לעצטע צײַט אויף די שטיק=אַרבעט.

ס'איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צו פאַרגרעסערן דער מיטגלידס=אָפּצאָל פון 20 אויף 50 פעניג אַ חודש.

נאָכדעם האָט מען אויסגעקליבן אַ פאַרוואַלטונג.

15 אָקטאָבער.

### דער קאָנצערט פון דדוקער=פאַדיין

שבת דעם 12טן אָקטאָבער איז אין לאָקאַל פון אײַזנבאַן=קרייז פאָרגעקומען אַ גרויסעד קאָנצערט, אָרגאַניזירט פון פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון דרוק= און פּאַפּיר=אַרבעטער.

דער זאַל איז געווען איבערפולט, די אָרדענונג איז געווען אַ מוסטערהאַפטע.

...מיט דער גוטער אָרדענונג און פײַנער אויספירונג פון דער רייכעד פּראָגראַם האָט דעד קאָנצערט פון דרוקער=פאַריין געמאַכט דעם בעסטן רושם.

**„אונזער שטימע“, ווילנע** (אָרגאַן פון „בונד“ פאַד ליטע)

9 דעצעמבער.

### די וואַלן אין אַרבעטער=ראַט

לויט פאָרלויפיקע ידיעות זיינען בײַ די יידישע דרוקער=אַרבעטער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעפּוטאַטן אין אַרבעטער=ראַט 3 בונדיסטן און 1 קאָמוניסט.

18 דעצעמבער.

אויף מאָנטאָג דעם 16טן איז דורכן אַרבעטער=ראַט פּראָקלאַמירט געוואָרן אַן אַלגעמיינער שטרײַק און ס'איז פאָרגעקומען אַ מאַניפעסטאַציע איבערן שטאָט. די פאָדערונגען: פרײַהײַט פון פרעסע, באַפרײַען די פּאָליטישע אַרעסטירטע, ס'זאָל ניט אַרויסגעפירט זוערן דורך דײַטשן קײַן לעבנסמיטל און קײַן אײַזנבאַן=מאַטעריאַלן, ניט שטערן די קאָמוניקאַציע. דעד דרוקער=פאַריין האָט אָנטיילגענומען אין שטרײַק און דינסטאָג דעם 17טן זײַנען די צײַטונגען ניט ערשינען.

27 דעצעמבער.

דינסטאָג דעם 24סטן און מיטוואָך דעם 25סטן איז פאָרגעקומען אַ גענעראַל=שטרייק, פּראָקלאַמירט דורכן נײַעם אַרבעטער=ראַט אַלס פּראָטעסט קעגן די אַרעסטן פון די אײַזנבאַן=אַרבעטער דורך די דייטשן.

אין גאַנג פון שטרײַק איז די פאָדערונג אויסגעברייטערט געוואָרן בנוגע אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע.

די צײַטונגען זײַנען ניט ערשינען מיטוואָך און דאָנערשטאָג.

די פאָדערונגען זײַנען נאָכגעגעבן געוואָרן.





# 1919

## „לעצטע נייס"

8 יאַנואַר.

ס'איז פאָרגעקומען די לוויה פון די אומגעקומענע מיטגלידער פון אַרבעטער־ראַט אין אייַזנבאַן־קרייַז מיטן אָנטייל פון אַלע פּראָפ' פאַריינען. מען האָט ניט געאַרבעט. די צייטונגען זיַינען ניט ערשינען אויף מאָרגן דעם 9טן.

## „אונזער שטימע"

14 יאַנואַר.

### די קאָנפערענץ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען

שבת דעם 11טן יאַנואַר איז אין זאַל פון דער שטאָט־דומע פאָרגעקומען די ערשטע קאָנפערענץ פון אַלע פאַרוואַלטונגען פון די פּראָפ' פאַריינען.

...רעכט אָנטייל צו נעמען אין דער קאָנפערענץ האָט מען געגעבן נאָר פאַריינען פון לוין־אַרבעטער. די פאַריינען פון דאָקטוירים, יוריסטן, צאָן־דאָקטוירים און ד"ג זיַינען דעריבער באַזיַיטיקט געוואָרן. אויף אַזאַ אופן האָבן אָנטייל־גענומען פאָלגנדע פאַריינען: די אָנגעשטעלטע פון פּאָסט און טעלעגראַף, די אָנגעשטעלטע פון קונסט און טעאַטערן, די שטאָטישע אָנגעשטעלטע, די האַנדלס־ און אינדוסטריע־אָנגעשטעלטע, קונסט־אַרבעטער, בוי־אַרבעטער, קריסטלעכע שנייַדער, די לערער פון די יידישע שולן, צאָן־טעכניקער, נאָדל־פאַך, מעטאַל־אַרבעטער, האָלץ־בראַנזשע און וואַלד־אָנגעשטעלטע, אייַזנבאַנער, בעקער, קעלנערס, טעקסטיל־אַרבעטער, דרוקער און הויז־לערער. צוזאַמען 18 פאַריינען.

אָן דעבאַטן ווערט אָנגענומען אַ באַשלוס וועגן אייַנפירן תיכף דעם 8שעהדיקן אַרבעטסטאָג.

### ביַי די דרוקער

אויף דער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג, וועלכע איז פאָרגעקומען זונטאָג דעם 12טן יאַנואַר צוזאַמען מיט דער פאַרוואַלטונג פון דרוקער־פאַך, איז באַטראַכט געוואָרן די לאַגע פון די אַרבעטער אין צוזאַמענהאַנג מיט די וואַקסנדיקע פרייזן אויף די נייטיקסטע לעבנס־פּראָדוקטן, און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו העכערן דעם אַרבעטס־לוין אויף 75 פּראָצענט.

די הוספה טרעט אַריַין אין קראַפט פון דעם טאָג פון באַשלוס.

22 יאַנואַר.

דער פאַריין פון דרוק־ און פאַפּיר־אַרבעטער געפינט זיך אויף גובערנאַטאָרסקע גאַס אין וווינונג פון געוועזענעם גובערנאַטאָר. נייַע מיטגלידער קענען זיך פאַרשרייַבן טעגלעך פון 7 ביז 9 אינאָוונט.

די פאַרוואַלטונג.

23 יאַנואַר.

זונטאָג דעם 19טן יאַנואַר איז פאָרגעקומען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די אַרבעטער אין דרוקעריַיען און בוכבינדעריַיען. דער חבר וואָנסאָוויטש האָט באַגריסט די פאַרזאַמלונג און האָט באַטאָנט, אַז די כינעזישע וואַנט, וועלכע האָט אָפּגעטיילט די יידן און די קריסטן, איז צעבראָכן. די יידן און קריסטן קענען זיך איצט אָן שוועריקייטן פאַראייניקן. נאָכן פאָרלייענען דעם באַריכט איבער דער הכנסה און הוצאה האָט דער חבר יאַצינעוויטש געזאָגט, אַז איצט זיינען מער ניט נייטיק קיין פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, ראַציאָנעל איז די אָרגאַניזאַציע פון די פּראָדוצירנדיקע פאַריינען, אין וועלכע ס'דאַרפן אַריַינגיין אַלע צווייַגן פון דעם פאַך. ער האָט אויך אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז דער טערמין פאַר די וואַלן וועט קענען דורכגעפירט ווערן לייַכטער און ריכטיקער.

דער חבר וואָנסאָוויטש האָט באַטאָנט, אַז וויבאַלד די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וועלן געענדערט אויף פּראָדוצירנדיקע פאַריינען, איז ניט נייטיק צו קלייַבן אַ נייַע פאַרוואַלטונג אויף איינציקע טעג. אייַניקע זייַנען אַרויסגעטראָטן מיט דער מיינונג, אַז ס'איז דאָך נייטיק צו קלייַבן דערווייַל אַ נייַע פאַרוואַלטונג. ביַי דער אָפּשטימונג האָט די מערהייַט זיך אַרויסגעזאָגט, אַז ס'איז ניט נייטיק צו קלייַבן אַ נייַע פאַרוואַלטונג, ביז וואַנען ס'וועט דורכגעפירט ווערן די אָרגאַניזאַציע פון פּראָדוצירנדיקן פאַריין פירט אָן מיט אַלע ענינים די פאַראייניקטע פאַרוואַלטונג פון געוועזענעם יידישן און קריסטלעכן פאַריין.

דער מיטגלידס־אָפּצאָל איז באַשטימט געוואָרן אויף 1 פּראָצ' פון פאַרדינסט. ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן אַריַינצוטראָגן אין קאַסע לטובת די אַרבעטסלאָזע אין אַ משך פון 3 וואָכן דעם פאַרדינסט פון 1 טאָג.

## „לעצטע נייס"

24 יאַנואַר.

לויט דעם באַשלוס פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון 19טן יאַנואַר, אַז אַלע אַרבעטנדיקע זאָלן אָפּגעבן אַן איינטאָגיקן פאַרדינסט פאַר אַרבעטסלאָזע, בעט די פאַרוואַלטונג פון דרוק־ און פאַפּיר־אַרבעטער־פאַריין אַלע אַרבעטנדיקע, אַז אין דעם נאָענטסטן מאָל באַקומען שכירות זאָלן זיי אַריַינטראָגן אין דריטל פון איינטאָגיקן פאַרדינסט.

## „אונזער שטימע"

28 יאַנואַר.

דער פאַריין „דרוק־ און פאַפּיר־אַרבעטער" גי"ט איבער אין פּראָדוקצי. נס־פאַריין פון דרוק־אַרבעטער אין אַרבעטער־פאַלאַץ קליין־פאָהולאַנקע 11, צימער 17. מ'בעט אַלע ח"ח זיך איבערערגיסטרירן. די רעגיסטראַציע קומט פאָר פון 10—2 און פון 4—7.





13 פעברואַר.

### בײַ די דרוקער

אויף דער דעלעגאַטן-פאַרזאַמלונג פון די דרוקער, וואָס איז פאָרגעקומען נעכטן דעם 12טן פעברואַר איז באַשלאָסן געוואָרן פאָלגנדער טאַריף: פאַר דער ערשטער קאַטעגאָריע — 225 רובל, 2טער קאַטעגאָריע — 200 רובל, 3טער קאַטעגאָריע—175 רובל אַ וואָך. מאַשין-זעצער און מעטראַנפּאַזשן באַקומען 25 פּראָצ' מער.

7 מערץ.

### בײַ די דרוקער

זונטאָג איז אין אַרבעטס-פּאַלאַץ פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון פּראָדוקציאָנס-פאַריין פון דרוקער. דער פאָרזיצער ח' רובאַנעוקאָ האָט אָפּגעגעבן אַ קורצן באַריכט און אָנווײַזנדיק אויף דעם, אַז כאָטש דער דרוקער-פאַריין איז געווען אַ פּראָדוקציאָנס-פאַריין, האָט מען געגרינדעט אַ נײַעם פאַריין. נאָך קורצע דעבאַטן איז מען צוגעטראָטן צום אויסקלײַבן אַ צײַטווײַליקע פאַרוואַלטונג, אין וועלכער עס זײַנען אַרײַן פאָלגנדיקע מיטגלידער: רובאַנעוקאָ, צינמאַן, סאַפּאָזשניקאָוו, פּאַשקעוויטש, ציאַרקאָ, מאַלעץ, וואָלסקי, יפה, דוואָרזשעצקי, גראַזול, סיטקעוויטש. אַלס קאַנדידאַטן: פּעקער, לעווקאָוויטש, שיפרין און קלאַטשקאָ.

### הוספות פאַר די דרוקער, רעדאַקטאָרן און זשורנאַליסטן

אויף דער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג פונעם דרוקער-פאַריין, דעם 4טן מערץ, איז באַשלאָסן געוואָרן:

1) צוליב דעם יקרות אויף לעבנסמיטל זאָל די ביז-איצטיקע שכירות פון די זעצער געהעכערט ווערן מיט 75 רובל אויף דער וואָך. לערנייִנגלעך קריגן אַ הוספה לויטן אײַנזען פונעם אָרטיקן פאַבריקס-קאָמיטעט. אין יענע דרוקערײַען, ווו די שכירות איז שוין געהעכערט געוואָרן רעכנט זיך עס פאַר געזעצלעך.

2) קאָרעקטאָרן וואָס זײַנען פאַרנומען אַ גאַנצן אַרבעטס-טאָג באַקומען שכירות גלײַך מיט די זעצער פון דער ערשטער קאַטעגאָריע. קאָרעקטאָרן, וואָס אַרבעטן ווייניקער פון אַ פולן אַרבעטס-טאָג באַקומען באַצאָלט פון שעה.

3) רעדאַקטאָרן קריגן די אייגענע שכירות וואָס מעטראַנפּאַזשן. מיטאַרבעטער און איבערזעצער — די אייגענע שכירות וואָס אַ זעצער ערשטע קאַטעגאָריע.

### „טאָג"

9 מאַי.

### ווענדונג פון „אַן אַרבעטער" וועגן אויפלעבן די פּראָפ' באַוועגונג

„...איך מיין, אַז די אַלטע פאַרוואַלטונגען פון די האַנדלס-אָנגעשטעלטע, דרוקער, נאָדל-פאַך, לעדער אאַז"וו, מוזן אויף זיך נעמען די איניציאַטיווע אין דער זאַך. פאַרשפּילן צײַט—הייסט אַלץ פאַרשפּילן. מען מוז זיך נעמען צו דער אַרבעט".

13 מאַי.

### שוידערלעכע נויט ביי די דרוקער-אַרבעטער

אין דער גרויסער נויט, וואָס הערשט צווישן דער ווילנער יידישער באַפעלקערונג איז באַזונדערס שרעקלעך דער גרויזאַמער הונגער בײַ די ווילנער דרוקער-אַרבעטער.

אין ווילנע געפינען זיך דרוקער-אַרבעטער בערך 500—600. דער גרעסטער טייל פון זיי זײַנען זעצער, וועלכע זעצן נאָר רוסיש, און מחמת דעם טאַקע האָבן די דאָזיקע דרוקער-אַרבעטער שוין געליטן מער ווי אַנדערע פאַך-אַרבעטער נאָך בעת דער דײַטשער אָקופּאַציע, ווען דרוקאַרבעט אויף רוסיש האָט אינגאַנצן אויפגעהערט. נאָך דעמאָלט זײַנען גאַנצע פאַמיליעס פון צווישן די דרוקער-אַרבעטער פשוט אויסגעשטאָרבן פון הונגער.

פאַר דער צײַט פון דער באָלשעוויסטישער דיקטאַטור האָט זיך דער מאַטעריעלער מצב פון די דרוקער-אַרבעטער לפי ערך פאַרבעסערט, אַדאַנק דער פולער האַנט פון קאָמיסאַריאַט פאַר בילדונג, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן גרויסע סומעס אויף פאַרשיידענע דרוק-אויסגאַבן. און פאַר די לעצטע טעג פון דער סאָוועטישער רעגירונג האָבן זיך דיעקאָנאָמישע באַדינגונגען פון די דרוקער-אַרבעטער אויף אַזוי פיל פאַרבעסערט, אַז קײַן אַרבעטסלאָזע האָבן זיך צווישן זיי שוין ניט געפונען.

איצט זײַנען די אַלע עטלעכע הונדערט דרוקער-אַרבעטער פאַרבליבן אָן אַרבעט. מער פון 80 פּראָצ' פון די דרוקער-אַרבעטער זײַנען פאַמיליען-מענטשן.

23 מאַי.

### אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען

זונטאָג דעם 18טן מאַי איז פאָרגעקומען אַ פאַרייניקטע זיצונג פון די פאַרוואַלטונגען פון די פּראָפ' פאַריינען: נאָדל, בוי, דרוקער, לעדער און האַנדלס-אָנגעשטעלטע.

ס'זײַנען באַטראַכט געוואָרן די פראַגן פון אָרגאַניזאַציע און קאַמף קעגן אַרבעטסלאָזיקײַט.

9 יוני.

### פאַר די אַרבעטסלאָזע דרוקער

דער וואַרשעווער דרוקער-פאַריין האָט באַשלאָסן צו באַשטייערן זײַנע מיטגלידער מיט 10 מאַרק יעדערן, לטובת די אַרבעטסלאָזע דרוקער אין ווילנע. אַזוי ווי דער דערמאָנטער פאַריין האָט אַרום 300 מיטגלידער, וועט די סומע באַטרעפן ביי 3000 מאַרק.





דרוקער=פערסאָנאַל און רעדאַקציע פון „טאָג“ (1919)

ט'סטייען 1טע ריי פון רעכטס איף לינקס: וו. זאַפּאָלסקי, וויין, נ. באַביצקי, גאָרדאָן, י. פּאָק, נ. יאָפּע, (דער לעצטער אומבאַקאַנט). ס'שטייען 2טע ריי: מ. ענגעלשטערן, ל. לעווי, י. קאַמערמאַכער, (ווייטערדיקע אימבאַקאַנט), ציפּקין, א. קריניצע, י. לעווין, נ. בענגיס און ח. ל. ס־יק. ס'זיצן אונטן: קאַנטאָר, ד. קאַפּלאַנאָוויטש (Don), ז. רייזען, ש. גינער, ד. קאַפּלאַן-קאַפּלאַנסקי, י. שאַפּירא און ראַזאַחסקי. ס'זיצן אונטן: אהרן סאַפּיר, מ. נראַזול, כערקאַן און ה. קאַמע־מאַכער.



אין דער מאַשין=אָפּטיי=
לונג פון דער צײַטונג
„אָוונט=קוריער“

עס שטייען ביים מאשין, פון
רעכטס: א. קאָפּינקעוויטש און
חנן ריין

25 יוני.

### פון די ווילנער דרוקער=אַרבעטער צו די וואַרשעווער

מיר האַלטן פאַר אונדזער חוב אויסצודריקן אייך אונדזער הערצלעכן און חברישן דאַנק פאַר דער הילף, וואָס איר האָט אונדז צוגעשיקט. מיר זײַנען טיף גערירט ניט נאָר דערפון, וואָס אײַערע פאַרהאָרעוועטע 3000 מאַרק האָבן אין אַ געוויסער מאָס פאַרגרינגערט די שווערע לאַגע פון אונדז, אַרבעטסלאָזע דרוקער=אַרבעטער, נאָר מיר זײַנען נאָך מער גערירט פון דעם אויסדרוק פון אַרבעטער=סאָלידאַריטעט, פון דעם געפיל, אַז מיר זײַנען ניט איינזאַם אין דער שווערער נויט.

דער ברידערלעכער און שיינער טאַט גיט אונדז פיל מוט און פיל גײַסטיקע קראַפט אויסצוהאַלטן די שווערע צײַט אין דער האָפענונג אויף בעסערע און ליכטיקערע צײַטן.

מיר גריסן אײַך הערצלעך!

מיט חבר=גרוס:

אַרבעטסלאָזע דרוקער=אַרבעטער
אין ווילנע.

7 יולי.

ס'איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון די פאַרוואַלטונגען צו פאַרטיילן די 39 פעק קליידער וואָס זיינען דערהאַלטן געוואָרן פון אַמעריקע. ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיסיע, וועלכע זאָל זיך דערמיט פאַרנעמען. פון דער פאַרוואַלטונג פון דרוקער=פאַריין איז אויסגעקליבן געוואָרן ח' רובאַנענקאָ.

11 יולי.

### אין די פראָפ' פאַריינען

מיטוואָך דעם 9טן יולי איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון די פאַרוואַלטונגען פון די יידישע פראָפ' פאַריינען וועגן דער פראַגע פון פאַרייניקונג מיט די קריסטלעכע פראָפ' פאַריינען וואָס געפינען זיך אויף גובערנאַטאָרסקע 4. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַלע פראָפ' פאַריינען שיקן צו 1 פאָרשטייער, וועלכע וועלן צוזאַמען בילדן די צײַטווײַליקע צענטראַל=ביוראָ.

8 אַווגוסט.

### בײַ די דרוקער=אַרבעטער

די פאַרוואַלטונג פון דרוקער=פאַריין האָט אויף איר זיצונג דעם 3טן אַווגוסט באַשלאָסן: 1) אויסדריקן אַ פראָטעסט קעגן יענע דרוקער=אַרבעטער, וואָס פירן זעלבשטענדיקע אונטערהאַנדלונגען מיט די אונטערנעמער וועגן אַראָפּלאָזן פון די שכירות, און שטערנג זיך האַלטן בײַם טאַריף פון 225 רובל. 2) שעה=אַרבעט איז פאַרווערט, 3) אויף אַלע צײַטונגס=בײַלאַגעס אָדער אויף אַ זיבעטן נומער אין וואָך טאָר דער שטענדיקער צײַטונגס=פערסאָנאַל ניט אַרבעטן.

13 אַווגוסט.

דעם 7טן און 10טן אַווגוסט זײַנען פאָרגעקומען זיצונגען פון די פאַרוואַלטונגען פון די פראָפ' פאַריינען. מ'האָט אויסגעקליבן אַ קאָמיסיע, וועלכע זאָל פאַררעגיסטרירן די אַרבעטסלאָזע און שאַפן פאַר זיי אַרבעט.

ס'איז באַשלאָסן געוואָרן די פראַגע וועגן דער ווײַטערדיקער צעטיילונג פון די צוגעשיקטע זאַכן און ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיסיע אַרויסצוגעבן פון אָרגאַן פון די פראָפ' פאַריינען.

22 אַווגוסט.

### אין די פראָפ' פאַריינען

אויף דער פלענאַר=זיצונג פון די פראָפ' פאַריינען, דעם 19טן אַווגוסט, איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ נײַער פרעזידיום פון דער קולטור=סעקציע ביי די פראָפ' פאַריינען. פון דרוקער=פאַריין זיינען אויסגעקליבן געוואָרן די ח"ה: צינמאַן און רובאַנענקאָ.

22 נאָוועמבער.

### בײַ די דרוקער

מיטוואָך, דעם 19טן נאָוועמבער איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון פאַרוואַלטונג פון פראָפ' פאַריין פון דרוק= און פאַפּיראַרבעטער. צווישן אַנדערע איז באַטראַכט געוואָרן די פראַגע וועגן די יידישע זעצער און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צוזאַמענרופן אַ באַראַטונג אויף שבת דעם 22סטן ד"ח, 10 אַזייגער אינדערפרי, פון אַלע יידישע זעצער (פון „טאָג", „יידישע צייטונג" און „שבת=נײַס").

אין צוזאַמענהאַנג מים דעם איצטיקן יקרות איז אויך באַטראַכט געוואָרן די פראַגע וועגן העכערן די סטאַוקע און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו העכערן דעם עקסיסטירנדיקן טאַריף אויף 75 רובל אַ וואָך.

2 דעצעמבער.

### יוגנט=סעקציעס

אויף אַ זיצונג פון פרעזידיום פון די פראָפ' פאַריינען צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון דער אַרבעטער=יוגנט=אָרגאַניזאַציע איז באַשלאָסן געוואָרן בײַ די פאַריינען אָרגאַניזירן ספעציעלע יוגנט=סעקציעס, וועלכע דאַרפן פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די יוגנטלעכע אַרבעטער.

13 דעצעמבער.

אַן אַנאָנס וועגן אַ חנוכה=אָוונט, שבת דעם 20סטן דעצעמבער, לטובת די אַרבעטסלאָזע פון דרוקער= און פאַפּיר=אַרבעטער=פאַריין.

25 דעצעמבער.

### אַ קאָאָפּעראַטיווע דרוקערײַ

די צענטראַלע פאַרוואַלטונג פון די פראָדוציר=קאָאָפּעראַטיוון, אין הסכם מיטן פרעזידיום פון די ייד' פראָפ'



פאַריינען, האָט באַשלאָסן אײַנגיכן צו עפענען אַ דרוקעריי־קאָאָפּעראַטיוו. עס זיינען שוין געשאַפן געוואָרן די נייטיקע מיטלען און די צענטראַל־פאַרוואַלטונג איז שוין צוגעטראָטן דעם דאָזיקן קאָאָפּעראַטיוו צו בילדן.

$3_0$ סעפּטעמבער.

די פאַרוואַלטונג פון פּראָפ' פאַריין פון דרוק־ און פּאַפּיר־אַרבעטער פאָדערט אויף אַלע אַרבעטער און אַרבעטערינס פון די פאָלגנדע פאַכן: פּאַפּיראָסן־מאַכערינס, גילזן־מאַכערינס, קאַרטוזניצעס, נאַקליישטשיצעס, באַנדעראָלירערקעס, קעסטלמאַכערקעס, גילזן־מאַכערקעס א"אַנד פון דער זעלבער בראַנזשע צוליב זייערע אייגענע אינטערעסן קומען און פאַררעגיסטרירן זיך אין לאָקאַל פון פאַריין (ראָג ווילנער און גוריסטי פערעאולאָק נומ' 1).

## 1920

„ט א ג"

28 יאַנואַר.

אַכטונג, חברים זעצער!

די פאַרוואַלטונג פון פּראָפ' פאַריין פון דרוק־ און פּאַפּיר־אַרבעטער מעלדעט, אַז אין דער ווילנער „יידישער צײַטונג" וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, איז אַ שטרײַק.

מ'בעט אַלע חברים זעצער, ווי אויך פון אַנדערע שטעט ניט גיין אַרבעטן צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון ווילנע.

11 אַפּריל.

אַ שטרייק אין די פּוילישע צײַטונגען

די זעצער פאָדערן 65 פּראָצ' הוספה. דער שטרײַק דויערט שוין אַ וואָך צײַט און די פּוילישע צײַטונגען ערשײַנען ניט.

„ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז די פּאַטריאָטישע און באָיקאָטיסטישע אַרויסגעבער האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַרן פּרוב צו ווענדן זיך צו יידישע זעצער, זיי זאָלן גיין צו זיי אַרבעטן. נאַטירלעך האָבן די יידישע זעצער זייער פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן".

3 מאַי.

דעם 1טן מאַי איז פאָרגעקומען אַ געמיינזאַמע דעמאָנסטראַציע און מיטינג פון די פּוילישע און יידישע אַרבעטער אויפן הויף פון די פּראָפ' פאַריינען (גובערנאַטאָרסקע 4).

די צייטונגען זײַנען ניט ערשינען דעם 2טן מאַי.

21 מאַי.

די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען

אויף דער זיצונג פון צענטראַל־ראַט פון די יידישע פּראָפ' פאַריינען זײַנען אויסגעהערט געוואָרן באַריכטן פון דער מאַנדאַט־קאָמיסיע צו די לעצטע וואַלן אין צענטראַל־ביוראָ, פון צײַטווײַליקן עקזעקוטיוו און פון דעם סטאַטיסטישן ביוראָ.

פון דרוקער־פאַריין האָבן באַשטימונגס־רעכט 3 פאָרשטייער.

### פון די פאַריינס־פּראָטאָקאָלן

23 מאַי.

ס'איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די דרוקער־אַרבעטער.

אין פאַרוואַלטונג זײַנען אויסגעקליבן געוואָרן: 1) ז. צינמאַן 2) מ. גראַזול, 3) ה. רובאַנענקאָ, 4) א. שיפרין, 5) מ. ענגעלשטערן, 6) ש. קליאַטשקאָ, 7) ג. גורוויטש, 8) י. פאַק, 9) י. באַרישניק.

28 מאַי. אַלגעמיינע לוין־אַקציע.

„ט אָ ג"

10 יוני.

אַ שטרײַק אין דער „יידישער צײַטונג"

„נעכטן איז די „יידישע צײַטונג" ניט אַרויסגעגאַנגען, ווײַל די זעצער האָבן פאַרשטרײַקט. דער שטרײַק איז אויסגעבראָכן צוליב דעם וואָס דער פּראָפ' פאַריין פון די דרוקער האָט אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג פון הוספות פאַר די זעצער און אויך צונעמען אויפן אָרט פון אַ פאַרשטאָרבענעם זעצער אַ נײַעם. די אַדמיניסטראַציע פון דער „יידישער צייטונג" האָט געענטפערט דער פאַרוואַלטונג פון דרוקער־פאַריין מיט אַ בריוו, אין וועלכן זי ערקלערט, אַז זי אָנערקענט ניט דעם פאַריין. די פאַרוואַלטונג פון פּראָפ' פאַריין האָט אויף איר לעצטער זיצונג באַשלאָסן די שטרייקנדיקע העלפן מיט אַלערליי מיטלען, כדי זייערע פאָדערונגען זאָלן נאָכגעגעבן ווערן".

אַכטונג, חברים יידישע זעצער פון דער פּראָווינץ!

היות ווי אין דער „יידישער צײַטונג" פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ווילנע איז אַ שטרײַק, בעטן מיר אײַך, חברים זעצער פון דער פּראָווינץ ניט קומען קיין ווילנע.

די זעצער פון דער „יידישער צײַטונג".

28 יולי.

דער סיכסוך אין דער „יידישער צײַטונג"

צוליב דעם וואָס די אַדמיניסטראַציע פון דער „יידישער צײַטונג" האָט ניט נאָכגעגעבן די פאָדערונגען פון די זעצער בנוגע העכערן דעם טאַריף, לויט דעם באַשלוס פון פּראָפ' דרוקער־פאַריין, זײַנען די זעצער געווען געצוואונגען צו ערקלערן אַ שטרײַק. די אונטערהאַנדלונגען צווישן זיי מיט דעם אַדמיניסטראַטאָר האָבן ניט געבראַכט צו קיין

שום רעזולטאַטן, מחמת דער דערמאָנטער אַדמיניסטראַטאָר האָט זיך זייער נראָב אָפּגערופן וועגן. פּראָפ' פאַריין, ניט געוואָלט האָבן מיט זײַנע פאָרשטייער קיין שום מגע=ומשא און נעסטראַשעט אַראָפּצובריינגען פון וואַרשע שטרײַקברעכער אויפן אָרט פון די ווילנער זעצער. פאַרשטייט זיך, אַז בײַ אַזאַ מין באַציונג זײַנען די ווײַטערדיקע דיבורים געוואָרן גאַנץ איבעריק און די זעצער האָבן באַשלאָסן פאַרענדיקן מיט דער „ייד ישער צייטונג" זייערע אַלע חשבונות. בשעת ס'איז אָבער געקומען צו דערגולירן דעם חשבון פון אַלטן חוב (אַן ערך 500 רובל אין צאַרישער וואַלוטע, וועלכן די אדמיניסטראַציע פון דער צײַטונג האָט שוין אגב די לעצטע צײַט אָנגעהויבן ביסלעכווײַז אויסצוצאָלן) האָבן זיך אַלע בעלי=בתּים פון דער צײַטונג גענומען אָפּוואַרפן פון יעדער שייכות צום חוב און אָנגעהויבן אָפּשיקן די זעצער איינער צום צווייטן, און ווען די זעצער האָבן געבעטן מ'זאָל זיי ווייניקסטנס גלײַך אויסצאָלן די שכירות פאַר דער לעצטער האַלבער וואָך, האָט דער אַדמיניסטראַטאָר געוואָלט מסכּים זיין דערצו נאָר ווען די זעצער וועלן אים אַרויסגעבן אַ דאָקומענט, אַז זיי האָבן צו דער צײַטונג מער קײַן תּביעות ניט, ד"ה זיי זאָלן מוחל זײַן דעד ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע דעם אַלטן חוב.

איבערלאָזנדיק זיך די פרײַהײַט אויסצונוצן אַלע מיטלען, וועלכע זײַנען דאָ אין אונזער רשות בײַם פאַרטיידיקן די פראָפעסיאָנעלע אינטערעסן פון אונדזערע מיטגלידער, האַלטן מיר דאָך פאַר נייטיק אויפמערקזאַם צו מאַכן די נעזעלשאַפטלעכע מיינונג אויף אַזאַ אומווערדיקער האַנדלונג פון די הערן ציוניסטן און צעירי=ציון, וועלכע טומלען אַזוי ווענן די אינטערעסן פון די „אָרעמע מאַסן".

דער פראָפ' פאַריין פון דרוק=
און פאַפּיר=אַרבעטער.

29 יוני.

### דאָס צ"ב פון די פראָפ' פאַריינען וועגן דער „יידישער צײַטונג"

אויף דער לעצטער זיצונג פון עקזעקוטיוו פון צ"ב פון די פראָפ' פאַריינען האָט דער פאָרשטייער פון דרוקער=פאַריין איבערגעגעבן געניי דעם גאַנצן סיכסוך פון די דרוקער און איבעריקע אַרבעטער מיט דער אַדמיניסטראַציע פון דער „יידישער צײַטונג". דערבײַ איז אָנגעוויזן געוואָרן די נייטיקע שריט פון דרוקער=פאַריין, וועלכע ער האָט געמוזט אָננעמען כדי זיך צו דערשלאָגן די גערעכטע פאָדערונגען.

דער דרוקער=פאַריין האָט געמוזט פאַראָרדענען זיינע מיטגלידער, אַז זיי זאָלן ניט דורכלאָזן קײַן אַרבעט, וואָס עס גיט די היגע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אויך ניט דרוקן דעם „החיים", כדי צו נויטן דעם אמתן באַלעבאָס פון דער „יידישער צײַטונג" צו באַצאָלן וואָס זיי קומט.

דאָס צ"ב האָט אויסגעהערט דעם באַריכט, אַקצעפּטירט די האַנדלונג פון דרוקער=פאַריין און האָט אויסגעדריקט זײַן גרייטקײַט אונטערצושטיצן מיט אַלע מיטלען די דרוקער און אויך די איבעריקע אַנטזאַנטע אָנגעשטעלטע (קוריערן, קאָרעקטאָרן), כדי זייערע פאָדערונגען זאָלן נאָכגעגעבן ווערן.

21 יולי.

אַ באַריכט פון דער לוויה פון די רויטע אַרמייער, נעפאַלענע בײַם אײַננעמען ווילנע. אין דער לוויה האָבן אָנטייל גענומען די פּראָפ' פאַריינען: נאָדל, לעדער, דרוק= און פּאַפּיר=אַרבעטער, האַנדלס=אָנגעשטעלטע, טאַבאַק=אַרבעטער, שוועבעלעך=פאַבריק=אַרבעטער, מעטאַל=אַרבעטער, בוי=אַרבעטעד, און בעקער=אַרבעטער.

## „די רויטע פאָן", ווילנע

1 אַווגוסט.

### בײַ די דרוקער=אַרבעטער

די טעג איז פאָרגעקומען אַ געמיינזאַמע זיצונג פון די פאָרשטייער פון די פאַריינען פון די יידישע און קריסטלעכע דרוקער=אַרבעטער בנוגע דער פאַראייניקונג פון ביידע פאַריינען. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז ביידע פאַריינען גיסן זיך צונויף און עס ווערט אײַנגעאָרדנט אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע דרוקער=אַרבעטער פון שטאָט, אויף וועלכער עס דאַרף אויסגעקליבן ווערן אַ נעמיינזאַמע פאַרוואַלטונג.

### די שכירות פון די דרוקער

דער פאַריין פון די דרוקער=אַרבעטער האָט אַרויסגעשטעלט אַ פאָדערונג, אַז דער טעגלעכער געהאַלט פון אַן אַרבעטער זאָל זײַן 2000 רובל.

17 אַווגוסט.

דער פראָפ' פאַריין פון דרוק= און פאַפּיר=אַרבעטער בעט אַלע מיטגלידער פון פאַריין צו קומען הײַנט 7 אַ זייגער (נײַע צײַט) אין לאָקאַל פון פאַריין צו באַטייליקן זיך אין פײַערלעכן קאַבאָלאַס פּאָנים פון די כאַווײרים דעלעגאַטן פון צווייטן קאָנגרעס פון 3טן אינטערנאַציאָנאַל.

22 אַווגוסט.

### בײַ די דרוקער= און פאַפּיר=אַרבעטער

דעם 19טן אַווגוסט ד"י איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די דרוקער= און פאַפּיר=אַרבעטער, אויף וועלכער ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ נײַע פאַרוואַלטונג און דעלעגאַטן אויף דער קאָנפערענץ פון די פראָפ' פאַריינען.

אין פאַרוואַלטונג זײַנען אַרײַן די ח"ח: רובאַנענקאָ, סטאַנקעוויטש, צינמאַן, פאַשקעוויטש, אָשעראָוו, שיפּרין, סווינסקי, סיטקעוויטש, קלאַטשקאָ, סטעקין, לעווקאָוויטש.

אַלס דעלעגאַטן אויף דער קאָנפערענץ זײַנען פון

די פראָפ' פאַריינען אויסגעקליבן געוואָרן: רובאַנענ-קאָ, סטאַנקעוויטש, צינמאַן, פאַשקעוויטש, שיפרין, אָשע-ראָוו, סווידינסקי, לעווקאָוויטש, וואָיצעכאָוויטש.

## „ט אָ ג"

7 סעפטעמבער.

ס'איז פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג פון ראַט פון די פראָפ' פאַריינען. ס'האָבן אָנטייל גענומען 2 פאָרשטייער פון דרוקער-פאַריין.

29 סעפטעמבער.

### בײַ די דרוקער-אַרבעטער

אויף דער לעצטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די דרוקער-אַרבעטער יידן, איז באַהאַנדלט געוואָרן דער סיכסוך צווישן די יידישע און קריסטלעכע אַרבעטער בנוגע די טאַ-ריפן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ניט געקוקט אויף דעם וואָס עס האָט עקסיסטירט אַ טאַריף פון 1800 מאַרק אַ וואָך, האָבן אַנדערע דרוקער מסכים געווען צו אַרבעטן בײַ אַ נידעריקערן טאַריף און צוליב דעם איז צעריסן געוואָרן די אחדות צווישן די צוויי טיילן פון פאַריין. עס איז באַ-שלאָסן געוואָרן אָנצוווענדן אַלע מיטלען, אַז די פאַרייני-קונג פון ביידע טיילן פון פאַריין זאָל אויפגעשטעלט ווערן. צו דעם ציל איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ צײַטווייליקע קאָ-מיסיע פון 5 פערזאָן. אַ פאַרוואַלטונג דאַרף אויסגעקליבן ווערן אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון גאַנצן פאַריין. אַ פאָרשטייער פון צענטראַל-ביוראָ האָט אָפּגעגעבן אַ באַ-ריכט וועגן דער טעטיקייט און אויך דערציילט וועגן די רעפרעסיעס אויף די אַרבעטער-אינסטיטוציעס. עס איז אָנ-גענומען געוואָרן די געהעריקע פראָטעסט-רעזאָלוציע.

## „אונזער טאָג"

21 אָקטאָבער.

### אַוועקגעפירט די אַרכיוון

„פּאַכאָדניאַ" דערציילט, אַז די ליטווישע רעגירונג האָט בעת דער עוואַקואַציע אַרויסגעפירט מיט זיך די אַר-כיוון פון די פראָפ' פאַריינען, די אַנקעטעס פון די מיט-גלידער און אפילו די שרײַב-געצײַג מיט די שטעמפּלען.

# 1921

## פון די פאַריינס-פּראָטאָקאָלן

15 פעברואַר.

אַלג' פאַרזאַמלונג פון די דרוק- און פּאַפּיר-אַרבעטער.

אין פאַרוואַלטונג זײַנען אויסגעקליבן געוואָרן 7 דרוקער-אַרבעטער: 1) רובאַנענקאָ, 2) ציאַרקאָ, 3) גינזבורג, 4) שיפרין, 5) סטעקין, 6) ענגעלשטערן, 7) צינמאַן. פון די אײַנבינדער—אָשעראָוו, פון די קעסטלמאַכער—יואל ראַבי-נאָוויטש.

— אײַנשטימיק באַשלאָסן צו פאַראייניקן זיך מיט די פּוילישע אַרבעטער.

## „אַרבעטער לעבן", ווילנע (וואָכנבלאַט)

25 פעברואַר.

### אין דרוקער-פאַך

אויפגעלעבט האָט דער דרוקער-פאַך.

נאָך לאַנגע שווערע אַרבעטסלאָזע יאָרן, האָט זיך דער אויסגעמאָגערטער זעצער ווידער גענומען צום „העקל", און עס איז פאַר אים אויסגעוואַקסן אַרבעט ווי פון אונ-טער דער ערד, סײַ בײַ צײַטונגס-אַרבעט, ווי אויך בײַ פאַרשיידענער פאַרלעגערישער אַרבעט.

און דער אויסגעהונגערטער זעצער האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט,—האָט גענומען אויספּירן פאַרשיידענע באַ-שטעלונגען פון זײַנע בעלי-בתּים ניט נאָר אין זײַן 8שעה-דיקן אַרבעטס-טאָג, נאָר האָט אויך אָנגעהויבן אַרבעטן איבערשעהן.

נאָר פון דעם וועכנטלעכן אַרבעטס-לוין צוזאַמען מיט די איבערשעהן האָט נאָך דער זעצער און אויך דער אַנדער דרוק-אַרבעטער ניט גענוג צו קויפן זיך די סאַמע נייטיק-סטע לעבנסמיטלען. שוין ניט ריידנדיק וועגן אַ שוך, אַ קלייד, אַ העמד—אָדער אַנדערע וועשצײַג, וועלכע האָבן זיך שוין לאַנג צעריסן.

שאַרף שטעלט זיך אַ פראַגע אָט דעם אַרבעטנדיקן דרוקער: ווען זשע קען זיך שוין זײַן עקאָנאָמישע לאַגע פאַרבעסערן אויב ניט איצט, ווען ער איז פאַרוואָרפן מיט אַרבעט, און ווען די אַרבעט זויגט אויס די לעצטע מאַרך פון די ביינער.

מיט פאַרשיידענע תּירוצים פּרובט ער אַליין פאַר-ענטפערן זײַן טרויעריקע לאַגע, און ער פּרובירט זיך טרייסטן מיט דער „טויט-חלשות". אַז הײַנט, מאָרגן, וועלן זיך אומקערן אַמאָליקע „גוטע" צײַטן, ווען עס איז געווען 2 קאָפּיקעס אַ פונט ראָזעווע ברויט.

זעלטן וועמען עס קומט אַרויף דער ריכטיקער גע-דאַנק צו אָריענטירן זיך, ווו ער האַלט אין דער וועלט. זעלטן ווער עס פאַרשטייט, אַז דער שולדיקער אין זײַנע צרות איז נאָר דער קאַפּיטאַליסט, וועלכער שטייט פאַר זײַנע אויגן, און מ'מוז קעמפן טריט בײַ טריט, ניט נאָכ-לאָזנדיק קיין איין מינוט—ווײַל ער שטייט אויף דער וואָך אויסצוזויגן דעם אַרבעטערס שוואַכקײַט, און דעריבער איז דער איינציקער וועג פאַר דעם אַרבעטער — דער רע-וואָלוציאָנערער קלאַסן-קאַמף, וועלכער מוז צוריק אויפלעבן אין אונדזערע אַרבעטער-רייען, און פאַרהאַלטן דעם שרעק-לעכן קאַפּיטאַליסטישן אַפּעטיט צו עקספּלאָאַטירן אומברחמנות-דיק דעם אַרבעטער.

דער קאַמף פאַרן לעבן האָט זיך גנזך אין אונדזער דרוקער-פאַך זייער שוואַך אָנגעהויבן, נאָר עס פילט זיך

שוין, אַז די צײַט איז גאַנץ נאָענט, דעריבער מוזן מיר זיך אַלע אַרבעטנדיקע אָרגאַניזירן, צוריק אויפבויען דעם פּראָפ׳ פאַריין אויף געזינטערע יסודות, שאַפן די פעסטע אינטערנאַציאָנאַלע פאַראייניקונג, ווו די גאַנצע אָרטיקע דרוקער־מחנה וועט שטיין ווי איין מענטש אין קאַמף מיט איד אַלגעמיינעם שונא, מיטן קאַפּיטאַליסט.

## פון די פאַריינס־פּראָטאָקאָלן

5 מערץ.

באַשלאָסן אַרײַנצונעמען די פאָטאָגראַפיע־אַרבעטער אין פאַריין.

— אויסגעקליבן אַ קאָמיסיע צוצוגרייטן דעם באָדן פאַר אַ פאַראייניקונג מיט די פּוילישע דרוקער־אַרבעטער. אין דער קאָמיסיע זײַנען אַרײַן די ח״ח: ענגעלשטערן, ציאַרקאָ און גינזבורג.

— „די פאַרוואַלטונג דריקט אויס אומצופרידנקײַט מיטן באַשלוס פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון די פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון בנוגע דעם דרוקערײַ־פּראָדוציר, וואָס שטערט דורך דעם די פּראָפ׳ אינטערעסן פון די אַרבעטער. גלײַכצײַטיק ווענדט זיך די פאַרוואַלטונג צום צ״ב וועגן דירעקטיוון בנוגע דעם דאָזיקן ענין״.

## „אַרבעטער־לעבן״

12 מערץ.

### וועגן אונדזערע יחסנים
(אין דרוקער־פאַך)

פון כמה יאָרן עקסיסטירן אין זעצער־פאַך צווייער־ליי באַזונדערע פונאַנדערגעצווײַגטע פאַכן: יידישע זעצער און רוסישע (ניט קריסטלעכע). די ערשטע זײַנען תמיד געווען מער פּריוועליגירט פון די אַנדערע הן מיט גרעסערע סטאַוקעס, הן מיט מער אַרבעט א״אַנד. די לעצטע פאַרקערט האָבן פון תמיד אָן פאַרמאָגט די פּריווילעגיע פון אַ גרעסערער אַרבעטסלאָזיקײַט און קלענערע שכירות זינט ס׳איז אויסגעבראָכן די גרויסע וועלט־קריג, זײַנען די פּריווילעגיעס פוןביידע פאַכן גלײַך אויף גלײַך דערהויבן געוואָרן: די ערשטע האָבן באַקומען מער אַרבעט און פאַר די לעצטע איז די אַרבעט מער אָפּגעקומען. און דאָ האָט זיך פאַר די לעצטע געשטעלט די פּראָבלעם אויף אויסצוגלײַכן די פּריווילעגיעס פון ביידע פאַכן, ד״ה אַז מיט דער יידישער זעצערײַ זאָלן זיך קענען פאַרנעמען אויך די רוסישע זעצער.

די לייזונג פון דער דאָזיקער פּראָבלעם, האָט אָבער אָנגעטראָפן אויף אַ שטאַרקער וואַנט מצד די יידישע זעצער, וועלכע האָבן זיך טראַדיציאָנעל געהאַלטן בײַם פּרינציפּ ניט צוצולאָזן קײַן רוסישע זעצער צו יידישער אַרבעט. לכתחילה, ווען ס׳איז געווען אַ קליינער קאָנטינגענט יידישע אַרבעטסלאָזע זעצער, האָט זיך זיי דער דאָזיקער פּרוּב אײַנגעגעבן, אָבער שפּעטער ווען ווען קײַן אַרבעטסלאָזן יידישן זעצער איז ממש אויף אַ רפואה ניט געווען צו קריגן, האָט דאָס דורכפירן פון דעם דאָזיקן פּרינציפּ דערבראַכט צו די גרעסטע געשלעגן און סקאַנדאַלן. דער קאָנטינגענט פון די רוסישע אַרבעטסלאָזע זעצער איז געוואַקסן אַלץ מער און מער און די יידישע אַרבעטער האָבן פּשוט אויסגעפּעלט, ביז ס׳איז דערגאַנגען דערצו, אַז אין אייניקע דרוקערײַען (אויף צײַטונגען) האָבן די אַרבעטנדיקע אויסגעפּידט אַרבעט דורך איבערשטונדן פאַר 3—4 מענטשן.

...ס׳שטעלט זיך איצט בלויז די פראַגע, וואָס קומט דאָ פאָר און וועלכע טרויעריקע רעזולטאַטן קענען דערפון אַרויסקומען. פון איין זײַט ווערט דער קלאַסן־קאַמף פון די אַרבעטער פאַרוואַנדלט אין אַן אמתן ברודער־קריג, פון דער אַנדער זײַט ווערט אונטערגעגראָבן די קאָמפּעטענץ פון פאַריין, וואָס שטערט אים אָנצופירן מיט דער ווײַטערדיקער אַרבעט. דערבײַ לײַדן שטאַרק די אייגענע עקאָנאָמישע אינטערעסן. אַ פאַקט, אַז די סטאַוקעס פון די קריסטלעכע אַרבעטער שטייען שטענדיק מיט 30—45 פּראָצ׳ העכער פון די יידישע. דאָ בלײַבן די אַרבעטסלאָזע אַרבעטסלאָז, און דאָרט אַדבעט מען פאַר צווייען. צו דער דאָזיקער ווילדקײַט מוז נעמען אַ סוף.

ס׳איז קלאָר, אַז די פאַרוואַלטונג אַליין איז ניט בכוח צו קעמפן קעגן אַזוינע שענדלעכע מעשים, וויבאַלד די אַרבעטער אַליין גראָבן אונטער איר אַווטאָריטעט. די מיטלען אירע זײַנען צו שוואַך צו רעאַגירן אויף דעם. אָבער איינס דאַרף פאַר יענע אַרבעטער קלאָר זײַן, אויב קײַן התראות און אויפקלערונגען מצד דער פאַרוואַלטונג וועלן זיי ניט צווינגען זיך אָפּצוזאָגן פון זייערע פאַר־ברעכנס קעגן זייערע אייגענע חברים: זאָלן זיי געדענקען וועגן די רעזולטאַטן פון אַ 12—15שעהדיקן אַדבעטסטאָג וועלכע וועלן זיך אָפּרופן אויף זייער אַזוי שוין אויך צעטרייסלטן אָרגאַניזם דורך דער איבערמידונג פון די כוחות און וועלן זיי געוויס דערמאָנען זייערע זינד, וואָס זיי זײַנען באַגאַנגען קעגן זייערע אייגענע ברידער. ס׳וועט אָבער דאַן זײַן צו שפּעט צו פאַרריכטן.

דווקא אַ יידישער זעצער.

## פון די פאַריינס־פּראָטאָקאָלן

18 מערץ. אַלגעמיינע לוין־הוספה—50 פּראָצ׳.

27 אַפּריל. באַשלאָסן פאָדערן טאָפּלט שכירות פאַר דער וואָך יום־טוב.

3 מאַי. אויסגעטײַלט אַ קאָמיסיע דורכצופירן די פאַראייניקונג מיט די פּוילישע דרוקער־אַרבעטער אין באַשטאַנד פון די ח״ח: רובאַנענקאָ, גינזבורג, אָשעראָוו.

6 יוני: באַשלאָסן די בריוו צום צ״ב פון די פּראָפ׳ פאַריינען שרייבן נאָר אין יידיש.



8 יוני. באַשטעלט מיטאָגן אין דער אַרבעטער-קיך פאַר די אַרבעטסלאָזע ח"ח און זייערע פאַמיליעס.

14 " אויף דער ווענדונג פון ח' ב. עפשטיין דער-לויבט צו גרינדן אַ יוגנט-סעקציע.

— אַסיגנירט 1000 מאַרק אויף אַ פרץ-מצבה.

21 " באַשלאָסן אויף אַ פאַך-פאַרזאַמלונג צו העכערן 50 פראָצ' הוספה די קעסטלמאַכער.

24 " באַשלאָסן אַרויסגעבן אונטערשטיצונג פאַר אַרבעטס-לאָזע אין דער גרייס פון 24 פראָצ' פון פאָריקן פאַרדינסט. אין אויסנאַם-פאַלן — לויטן אײַנזען פון דער פאַרוואַלטונג. באַשלאָסן דורכפירן אַ ספּעציע-לע באַשטײַערונג אויף אונטערשטיצוגג פאַר אַר-בעטסלאָזע.

— ס'ווערן אויסגעגלײַכט די לוינען לויטן טאַריף פון פוילישן דרוקער-פאַריין.

4 אַוגוסט. אַסיגנירט 5000 מאַרק פאַר די הונגערנדיקע אַרבעטער אין רוסלאַנד.

19 " אַלגעמיינע לוין-הוספה—33 פראָצ'.

29 " ווענדונג פון „אָרט" וועגן גרינדן אַ שול-וואַרשטאַט פאַר לערניינגלעך דרוקער.

באַשלאָסן: אין פרינציפּ ניט קעגן, נאָר צוליב דער אומנאָרמאַלער לאַגע און אַרבעטסלאָזיקײַט, קען מען אַזאַ פראָיעקט ניט באַרעכטיקן. אין פאַל ווען אַזאַ שול-וואַרשטאַט וועט געעפנט ווערן, וועט אים דער פאַריין ניט אָנערקענען.

9 סעפּטעמבער. אויסגעקליבן אין פאַרוואַלטונג: 1) מ. ציאַרקאָ, 2) י. לעווין, 3) י. מאַלעץ, 4) ח. סגל, 5) ב. בערלאָוויטש, 6) ח. גינזבורג, 7) א. שיפרין.

12 " די אײַנבינדער און קעסטלמאַכער פראָטעסטירן קעגן דער נײַער פאַרוואַלטונג, ווײַל די וואַלן זײַנען פאָר-געקומען אָן זייער אָנטייל.

14 " די פאָרשטייער פון די אײַנבינדער און קעסטלמאַכער האָבן צוריקגעצויגן זייער פראָטעסט.

— אַלגעמיינע הוספה פון 50 פראָצ'.

— די פאָדערונג פון די אַרבעטסלאָזע, אַז די אַרבעטנ-דיקע זאָלן אָפּגעבן צו 1 טאָג אַרבעט איז אָפּגע-וואָרפן געוואָרן.

— 5000 מאַרק אַסיגגירט פאַרן צב"ק.

9 אָקטאָבער. באַשלאָסן אָפּטיילן זיך פון דער פאַפּיר-סעקציע.

27 " אַלגעמיינער פראָטעסט-שטרײַק.

12 נאָוועמבער. לויט דער איניציאַטיוו פון דרוקער-פאַריין איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די פאַרייגען: נאָדל, מעטאַל, לעדער, דרוקער, בוי—וועגן דער באַציונג צו די קאָלעקטיוון און קאָאָפעראַטיוון. דער ענין ווערט איבערגעגעבן דער קולטור-סעקציע ביים צ"ב.

## .1922

11 יאַנואַר. אײַנגעפירט די פראָדוקציע-פאַריין-סיסטעם לויטן באַשלוס פון צ"ב ס'ווערן פאַררעגי-סטרירט אין פאַריין אַלע, וועלכע אַרבעטן אין אונטערנעמונגען וואָס אונטערליגן דעם דרוקער-פאַ-ריין (ווי בוכהאַלטערס, עקספּעדיטאָרן, קוריערן, שוואַרצע אַרבעטער א"אַנד).

20 " די אַלגעמייגע פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן: די פאַרוואַלטונג איז געשטאַנען אויף דער געהעריקער הויך אויפן עקאָנאָמישן געביט, אָבער אויפן קולטו-רעלן געביט געווען הינטערשטעליק. באַשלאָסן צו-נויפרופן אַ דעלעגאַטן-פאַרזאַמלונג ספּעציעל וועגן דער קולטור-פראַגע.

—פאַר די לעצטע פיר חדשים איז אויסגעצאָלט געוואָרן איבער אַ פערטל מיליאָן מאַרק פאַר אַרבעטסלאָזע און 80 טויזנט מאַרק פאַר די הונגערנדע אין רוסלאַנד.

— אויסגעוויילט אין פאַרוואַלטונג: 1) י. לעווין, 2) ח. גינזבורג, 3) י. עפעל, 4) ה. רובאַנעקאָ, 4) א. גאָר-דאָן, 6) א. שיפרין, 7) י. מאַלעץ, 8) ח. גראָד-זענסקי, 9) א. רודאַשעווסקי.

25 " אָפּגעוואָרפן די פאָדערונג פון דער יוגנט-סעקציע צו האָבן אַ פאָרשטייער אין דער פאַרוואַלטונג.

6 פעברואַר. אַלגעמיינע לוין-הוספה פון 25 פראָצ'.

8 מערץ. קאָרעקטאָרן ווערן אָנגענומען אין פאַריין אויפן סמך פון פראָדוקציע-סיסטעם.

29 " באַשטײַערונג פאַר די שטרײַקנדיקע אויף אַ שוועבע-לעך-פאַבריק.

26 אַפּריל: אַלגעמיינע לוין-הוספה—40 פראָצ'.

28 יוני. אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אויסגעוויילט אַלס דעלע-גאַטן צו דער קאָנפערענץ פון די פראָפ' פאַרייגען די ח"ח י. לעווין און מ. אָשעראָוו.

30 " אַלגעמיינע לוין-הוספה פון 25 פראָצ'.

12 יולי. באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן די ליטאָגראַפן-אַרבע-טער ווי אַ באַזונדערע סעקציע.

19 " אַסיגנירט 10.000 מאַרק פאַר די שטרײַקנדיקע אויף אַ באַוול-פאַבריק.

22 " אַלגעמיינע לוין-העכערונג בײַ די אײַנבינדער-אַר-בעטער (10 פראָצ' ווייניקער, ווי בײַ די דרוקער-אַרבעטער).

23 " אײַנגעאָרדנט אַ לייען-זאַל.

26 " לינירער-אַרבעטער ווערן צוריק אַרײַנגענומען אין פאַריין.

2 אַוגוסט. אַלגעמיינער שטרײַק אין די אײַנבינדערײַען צוליבן ניט גאָכגעבן די לוין-העכערונג.

12 " אַלגעמיינע לוין-הוספה—25 פראָצ'.

16 " הלוואה פון 200.000 פאַר די שטרײַקגדיקע טאַבאַק-אַרבעטער.





17 אַווגוסט. ענדגילטיק פאַרענדיקט דער שטרייק פון די אײַנבינדער-אַרבעטער (פאַר דער צײַט פון שטרײַק האָבן די שטרײַקנדיקע באַקומען פון פאַריינס-קאַסע 50 פראָצ' פון די שכירות).

9 סעפּטעמבער. נײַע פאַרוואַלטונג: 1) י. לעווין, 2) י. עפּעל, 3) ווילענסקי, 4) כאַבראָוויצקי, 5) ח. גינזבורג, 6) ה. רובאַנענקאָ, 7) א. גאָרדאָן, 8) ח. אַלפּע-ראָוויטש, 9) מ. ציאַרקאָ.

11 אָקטאָבער. אַסיגנירט צו 10.000 מאַרק פאַר דער צײַטונג פון צ"ב און פאַר די שטרײַקנדיקע פון שוועבל-פאַבריק.

16 " אַלגעמיינע לוין-הוספה פון 33 פראָצ'.

31 " באַשלאָסן, אַז אונטערשטיצונג פאַר אַרבעטסלאָזע ווערט אַרויסגעגעבן נאָר לויטן אײַנזען פון דער פאַרוואַלטונג.

19 נאָוועמבער. אַלגעמיינע לוין-הוספה פון 50 פראָצ'.

13 דעצעמבער. באַשטײַערונג פאַר די שטרײַקנדיקע דרוקער-אַרבעטער אין קראָקע (250.000 מאַרק).

26 " אַלגעמיינע .לוין-הוספה—35 פראָצ'.

## 1923

10 יאַנואַר. באַשלאָסן גרינדן אַ ביבליאָטעק ביים פאַריין.
— ווענדונג פון פאָטאָגראַפן-אַרבעטער וועגן אָרגאַניזירן זיך אַלס סעקציע.

15 " אויסגעקליבן אַ פאַבריקס-קאָמיטעט אין ראָמס דרוקערײַ.

22 " דורכגעפירט אַ צווייטע אַלגעמיינע באַשטײַערונג פאַר די שטרײַקנדיקע דרוקער-אַרבעטער אין קראָקע.

24 " לוין-הוספה פאַר די לינירער-אַרבעטער—50 פראָצ'.

26 " באַגריסונג אין „טאָג" צום 10יאָריקן יובילײ פון פראָפ' פאַריין פון די האַנדלס-אַנגעשטעלטע.

1 פעברואַר. לויטן מאָדוס פון וואַרשעווער צענטראַלע פון די קלאַסן-פאַריינען ווערט אײַנגעשטעלט אַ באַוועגלעכער לוין (לויטן סטאַטיסטישן אַמט).
— 19 פראָצ' הוספה, בכדי זיך אויסצוגלײַכן מיטן וואַרשעווער טאַריף.
— באַקומען אַ דאַנק-בריוו פון קראָקעווער דרוקער-פאַריין פאַר דער אונטערשטיצונג אין דער צײַט פון שטרײַק.

13 " אַ שטרײַק אויף דער צײַטונג „נאַש קוריער" צוליבן ניט צופּאַסן זיך צו דער פאָדערונג וועגן לוין-העכערונג.

21 " אײַנגעפירט אַ באַוועגלעכן לוין-טאַריף פאַר די לינירער-אַרבעטער.

6 מערץ. ווענדונג פון דער פאַרוואַלטונג אין דער פּרעסע, אַז די דרוקער-אַרבעטער זאָלן ניט באַשטעלן קיין רעצעפּטן אין סאַפּאָזשניקאָווס אַפּטייק צוליבן באַשעפטיקן שטרײַק-ברעכער אויפן אָרט פון די שטרײַקנדע פאַרמאַצעווטן.

7 מערץ. אַלגעמיינע 62 פראָצ' לוין-הוספה.

8 " ווענדונג פון פאַרוואַלטונג צו דער עפנטלעכקײַט וועגן איבעררײַסן די באַציִונגען מיט דער צײַטונג „וויל. רעטש" צוליב דעם וואָס דער דרוקער-פּערסאָנאַל פון דער צײַטונג פירט אויס די אַרבעט אָן דעם וויסן און הסכם פון פאַריין.

16 אַפּריל. אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. פאַר די לעצטע 10 חדשים איז פאַרטיילט געוואָרן 1.100 אַרבעטס-טעג פאַר אַרבעטסלאָזע. געלט-אונטערשטיצונג איז אַרויסגעגעבן געוואָרן איבער 3.500.000 מאַרק. הלוואות: 250 טויזנט מאַרק.

23 " אויסגעוויילט אין פאַרוואַלטונג: 1) ה. רובאַנענקאָ, 2) י. לעווין, 3) מ. אַשעראָוו, 4) מ. ציאַרקאָ, 5) ב. אַס, 6) א. גאָרדאָן, 7) א. אַדלמאַן, 8) ב. זשוק, 9) י. קאַמערמאַכער.

24 " באַשלאָסן זיך באַמיען, דעם 1טן מאַי צו דעמאָנסטרירן צוזאַמען מיט די פוילישע דרוקער-אַרבעטער.
— אַסיגנירט צו 10.000 מאַרק פאַר יעדן שטרײַקנדיקן דרוקער-אַרבעטער אין פּעטריקאָוו, צוזאַמען: 250.000 מאַרק.

1 מאַי. אָנטיילגענומען אין דער אַלגעמיינער מאַי-דעמאָנסטראַציע.

2 " באַשטראָפט אַ טייל פון שטאַט אויפן „טאָג" פאַרן אַרבעטן דעם 1טן מאַי.
— אַלגעמיינע לוין-הוספה—33 פראָצ'.

8 " שטרײַק אין דרוקערײַ דוואָרזשעץ.

9 " באַשלאָסן, אַז רעזערוויסטן, וועלכע גייען אויף 3 וואָכן איבונגען, מוזן באַקומען די פולע שכירות.

23 " אַסיגנירט 150.000 מאַרק פאַרן „מעדעם-פאָנד".

17 יוני. די אײַנבינדער-אַרבעטער ווערן אויסגעטיילט ווי אַ באַזונדערע סעקציע.

20 " לוין-הוספה פאַר די לינירער—50 פראָצ'.

4 יולי. צוליב דער גרויסער אַרבעטסלאָזיקײַט אין פאַך האָט די קרײַז-קאָמיסיע באַפרײַט דעם דרוקער-פאַריין פון דער באַשטײַערונג לטובת דער קרײַז-קאָמיסיע.

19 " דער שטאַט פון ראָמס דרוקערײַ האָט געשלאָסן אַ סעפּאַראַטן אָפּמאַך מיט די אונטערנעמער. די דעלעגאַטן-פאַרזאַמלונג באַשלאָסן איבעררײַסן די באַציונגען מיטן שטאַט.
— אַלגעמיינע לוין-הוספה—$22^1/_2$ פּראָצ'.

31 " אָפּגעוואָרפן די ווענדונג פון ליטעראַטן-פאַראיין וועגן צוזאַמענאַרבעט און פאַרשטענדיקונג, ווײַל דער ליטעראַטן-פאַריין געהערט ניט צום צ"ב פון די פּראָפ' פאַריינען און איז ניט קיין קלאַסן-אָרגאַניזאַציע.

דרוקער-פּערסאָנאַל און אַדמיניסטראַציע פון ראָמס דרוקעריי (1923)

עס שטייען 1טע ריי: פון רעכטס אויף לינקס: י. גאָפּשטיין, ח. ברעגמאן, ל. מולער, א. אדעלמאן, ד. בערנשטיין, פּ. באַל-טופּסקי, שלמה, ח. קאַץ, ב. חאַנדראָוו און י. גורחיטש. 2טע ריי: ב. וואָלאָזשינסקי, ע. מיראָנאָוויסקי, א. נאָחאָגרודסקי, י. שמו-לאָחיטש, ב. באַזאַר, י. קאַנאַן, י. דוקסס, א. שפּרינץ, עדזיוק, און ח. גורוויטש. 3-טע ריי: ג. סאָרב, (חייטערדיקע אורבאַ-קאַנט), מ. רובינס, ר. גאַלפּערן, ש. ראָמבאַק, ד. גאָלדאָחסקי, צ. ווירעצקי, ל. בערנאַדיק, ב. גרינער, י. פּרעסמאַן, ל. בערנ-וואַלד, אַרקוסקי, ש. לעווין און יודין. 4טע ריי: ח. גלעזער, וו. אייגעס, ח. פּאַנאַר, י. קול, י. לייעץ, ה. ראָמבאַק, ש. פּו-ססער, ב. העקער, פּ. גראָדזענסקי, ד. נעמענטשינסקי, מ. שקלאָחער. 5טע ריי: ג. בענגיכ, ה. גורחיטש, ח. אַלפּעראָחיטש, א. כאַזאַן, איסיגין, בערגער, ש. פייגזאָן, מ. ראַפּאָפּאָרט, א. אַראָנאָוויטש און ליבערזאָן. עס זיצן אונטן: מ. נעקער, ס. נאָ-חאָגרודסקי, י. רודניצקי, לאַפּיק, י. פּענגיס, א. חיס, ח. שקליאַרסקי און א. פרידמאַן.

סטערעאָטיפּ-אָפּטיילונג פון ראָמס דרוקעריי

עס שטייען פון רעכטס אויף לינקס: ח. קאַץ, ב. געקער, י. רודניצקי, ב. חאַנדראָוו, י. דוקסס. ח. פּ. אַלעעראָחיטש, ח. גורחיטש און ח. מאַץ

# 1924

7 יאַנואַר. אַקציע קעגן דער דרוקעריי ראָזענקראַנץ צוליבן איגנאָרירן דעם פאַריין ביים אָננעמען און אָפּזאָגן אַרבעטער.

15 יאַנואַר. ווענדונג צו דער עפנטלעכקייט וועגן באָיקאָטירן יאַלאָווצערס דרוקעריי.

— אָפּגעוואָרפן די ווענדונג פון וואַרשעווער דרוקער-פאַריין וועגן שאַפן אַ צענטראַלע פון דרוקער-פאַריינען אין פוילן.

28 " קאָנפליקט מיטן ליטעראַטן-פאַריין צוליבן ניט גערעכטן באַשולדיקן אַ פאַריינס-מיטגליד אין שטרייקברעכעריי (ח׳ עפעל) אין דער צייטונג „פריינד״. אויפגעפאָדערט די פאַריינס-מיטגלידער איבערצורייסן די באַציונגען מיט די רעדאַקציע-מיטגלידער פון „פריינד״ צוליב זייער האַלטונג לגבי דעם דרוקער-פערסאָנאַל.

6 פעברואַר. געוויילט אַ פאַרוואַלטונג: 1) ה. רובאַנעקאָ, 2) פ. העלערשטיין, 3) י. ראָזנבלום, 4) ל. מולער, 5) ח. גראָדזענסקי, 6) מ. ענגעלשטערן, 7) א. אַדלמאַן, 8) מ. ציאַרקאָ, ה. קאַנטאָר.

— דעם קאָנפליקט מיטן ליטעראַטן-פאַריין איבערגעגעבן אין צ״ב.

9 " אַלגעמיינע באַשטייערונג פאַר די שטרייקנדיקע פון אַנדערע פאַריינען.

19 " שטרייק אין צייטונג „פריינד״ צוליבן ניט אויסצאָלן קיין שכירות.

25 יוני. אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אונטערשטיצונג אַרבעטסלאָזע לויטן אייגנעם פון פאַרוואַלטונג.

— אויסגעשלאָסן דעם שטאַט פון „אוטראָ״ פאַר ברעכן די פאַריינס-דיסציפּלין.

1 יולי. באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ מאָנאַטלעכע סובסידיע פון 15 גילדן פאַרן אַרבעטער-קינדער-אינטערנאַט.

— אַרויסגעגעבן 150 מיליאָן מאַרק פאַר אַרעסטירטע מיטגלידער פון פּראָפ׳ פאַריינען.

8 " אַסיגנירט פאַרן אַרבעטער-הויז 50 מיליאָן מאַרק.

15 " געשטאָרבן דער מאַשיניסט ח׳ הערץ קרופּיינע.

2 סעפּטעמבער. אַ לוין-הוספה פון 50 פּראָצ׳ בי די לינירער.

11 אָקטאָבער. אַרויסגעגעבן 73 גילדן פאַר דער שול-אַקציע פון צב״ק.

16 " געשטאָרבן ח׳ בן-ציון באַזאַר (זעצער). באַשטימט פאַר דער אלמנה מיט די יתומים אַ געלט-אונטערשטיצונג.

28 " אויסגעקליבן אין פאַרוואַלטונג: 1) ה. רובאַנעקאָ, 2) ב. אַס, 3) י. לעווין, 4) פ. העלערשטיין,

28 אויגוסט. אויף דער ווענדונג פון צ״ב אויסגעטיילט אַ קאָמיסיע, וועלכע זאָל זיך פאַראינטערעסירן מיטן אָרגאַניזירן די ליטאָגראַפן-אַרבעטער ווי אַ סעקציע.

3 סעפּטעמבער. באַשטראָפט די שולדיקע פאַרן שליסן דעם סעפּאַראַטן אָפּמאַך אין ראָמס דרוקעריי און דערמיט אַנולירט דעם קאָנפליקט.

— אַלגעמיינע לוין-הוספה—32 פּראָצ׳.

6 סעפּטעמבער. אָנגעהויבן אַן אַקציע קעגן די ווינקל-דרוקערייען צוליבן באַשעפטיקן אַרבעטער אָן דעם הסכם פון פאַריין.

20 " אַלגעמיינע לוין-הוספה—72 פּראָצ׳.

26 " לוין-הוספה פאַר די לינירער-אַרבעטער—125 פּראָצ׳.

30 " ווענדונג פון דער פאַרוואַלטונג צו די מיטגלידער דורך דער פּרעסע וועגן אָנטיילנעמען אין די וואַלן צום ראַט פון קראַנקן-קאַסע.

15 אָקטאָבער. אויסגעוויילט אין פאַרוואַלטונג: 1) י. לעווין, 2) ב. אַס, 3) מ. ענגעלשטערן, 4) ח. גראָדזענסקי, 5) ח. גינזבורג, 6) ה. רובאַנעקאָ, 7) מ. ציאַרקאָ, 8) ב. ראָסיציאַן, 9) פ. העלערשטיין.

16 " צוליב דער שווערער לאַגע פון פוילישן דרוקער-פאַריין, באַשטייערט אַלע מיטגלידער און איבערגעגעבן דער פאַרוואַלטונג פון פוילישן פאַריין אַ סומע פון 10 מיליאָן מאַרק.

— אַסיגנירט אַ סובסידיע פאַרן אַרבעטער-קינדער-אינטערנאַט.

18 אָקטאָבער. אַלגעמיינע לוין-הוספה—$83\frac{1}{4}$ פּראָצ׳.

4 נאָוועמבער. אַלגעמיינע לוין-הוספה—67 פּראָצ׳.

5 " לויטן באַשלוס פון צענטראַל-ראַט פון די פּראָפ׳ פאַריינען אין פוילן, ערקלערט געוואָרן אַן אַלגעמיינער שטרייק אין לאַנד אַלס פּראָטעסט קעגן די לעצטע רעגירונגס-באַשלוסן. אַלע פּראָפ׳ פאַריינען אין ווילנע צוגעשטאַנען צום שטרייק. דעם 6טן נאָוועמבער זיינען די יידישע און רוסישע צייטונגען ניט ערשינען. די פוילישע זיינען אַרויס ווי געוויינלעך.

14 " געהעכערט דעם מיטגלידס-אָפּצאָל ביז 4 פּראָצ׳.

19 " אַלגעמיינע לוין-הוספה—51 פּראָצ׳.

11 דעצעמבער. לוין-הוספה פאַר די לינירער-אַרבעטער—53 פּראָצ׳.

22 " אָנגענומען אַ מאָדוס פון קאָמפּענסאַציע: ביז 6 מאָנאַט—6 וואָכן, ביז אַ יאָר—2 מאָנאַט, פון יעדער וויטערדיקן יאָר—אַ מאָנאַט.

25 דעצעמבער. געענדערט טיילווייז דעם פריערדיקן באַשלוס וועגן אַסעקוראַסיע. אַסעקוראַציע באַקומען אַלע וועלכע האָבן אָפּגעאַרבעט פולע 6 מאָנאַטן. די גרייס פון דער אַסעקוראַציע איז 25 פּראָצ׳ פון די שכירות און ווערט אַרויסגעגעבן אין פאַרלויף פון דריי מאָנאַטן.



5) ה. קאַנטאָר, 6) א. אַדלמאַן, 7) ח. גראָדזענסקי,
8) י. ראָזענבלום, 9) ל. מולער.

18 נאָוועמבער. אַרויסגעגעבן אַ דורכפאָרנדיקן פוילישן זעצער רייזע־הוצאות קיין ביאַליסטאָק—15 גילדן.

6 דעצעמבער. אַלגעמיינע לוין־הוספה—25 פראָצ׳.

21 דעצעמבער. ווענדונג פון רעדאַקטאָר פון „טאָג״ ז. רייזען וועגן איבערגעבן די צײַטונג דעם שטאַט אויף קאָלעקטיווע יסודות. די ווענדונג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

22 ״ דערלויבט דעם פערסאָנאַל פון „טאָג״ ביזן 1טן יאַנואַר אַרויסצולאָזן איינמאָליקע אויסגאַבעס אויף קאָלעקטיווע יסודות.

— רעדוצירט די לוין־הוספה פון 25 פראָצ׳ אויף 15 פראָצ׳.

23 ״ סטיכישער שטרײַק אין ראָמס דרוקערײַ.

24 ״ די פאַרוואַלטונג אָפּגערופן דעם שטרײַק.

29 ״ ווענדונג פון דער פאַרוואַלטונג פון פראָפ׳ פאַריין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע וועגן שאַפן אַ קולטור־אַמט פאַר די יידישע אַרבעטער. אויף דער באַראַטונג וועגן דעם ענין דעלעגירט די ח׳ח ל. מולער און פ. העלערשטיין.

## 1925

17 יאַנואַר. שטרײַק אין „טאָג״. פאָדערונג: אויסצאָלן שכירות און קאָמפּענסאַציע.

18 ״ דעלעגירט פאָרשטייער אויפן פלענום פון קולטור־אַמט.

22 ״ ליקווידירט דעם שטרײַק אין „טאָג״. ס׳איז גאַראַנטירט געוואָרן דאָס פינקטלעכע אויסצאָלן די שכירות.

2 פעברואַר. אַקצעפּטירט די באַדינגונגען פון אָנשלוס צום קולטור־אַמט.

9 ״ מאָנאַטלעכע סובסידיע פאַרן קינדער־אינטערנאַט.

25 ״ אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאָג פון די אונטערנעמער פון „טאָג״ וועגן איבערגיין אויף קאָלעקטיווע יסודות.

29 מערץ. באַשלאָסן צו פאַרשטענדיקן זיך מיטן פוילישן פאַריין וועגן דער אַקציע ביי יאַלאָווצערן.

13 אַפּריל. פאָרגעקומען אין וואַרשע אַ לאַנד־באַראַטונג פון די פראָפ׳ פאַריינען פון דרוקער־אַרבעטער אין פוילן. באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ צענטראַלן פאַריין פון יידישע דרוקערײַ־ און אײַנבינדער־אַרבעטער. אויסגעוויילט אַ צײַטווײַליקע צענטראַל־פאַרוואַלטונג. אַלס פאָרשטייער פון ווילנע איז געווען ח׳ רובאַנענקאָ.

21 יוני. ווענדונג פון קרײַז־ראַט וועגן אַן אַקציע אײַנצושאַפן זיך אַן אייגענעם בנין.

16 יולי. דערלויבט דעם שטאַט פון „צײַט״ איבערגיין אויף קאָלעקטיווע יסודות.

9 אַווגוסט. באַשלאָסן אויסזעצן און אָפּדרוקן דעם אויפ־רוף וועגן אַן אַרבעטער־הויז אויפן חשבון פון פאַריין.

— אָפּגעוואָרפן די ווענדונג פון אַ גרופּע ליטעראַטן וועגן שאַפן אַ קאָלעקטיוו מיט זעצער אַרויסצוגעבן אַ בוך.

16 אַווגוסט. אַקצעפּטירט דעם אָנשלוס אָן דער צענטראַלע פון דרוקער־פאַריינען.

12 אָקטאָבער. צוליב דער פרעסע־אַקציע באַשלאָסן אַרויסגעבן אַ סובסידיע פאַר דער „פאָלקס־צײַטונג״.

25 ״ צוליב דעם וואָס דער קריסטלעכער דרוקער־פאַריין איגנאָרירט דעם קאָנטאַקט מיטן יידישן פאַריין, באַשלאָסן איבערצוגעבן דעם גאַנצן ענין דעם צ״ב.

— אַ גרופּע אַרבעטסלאָזע איז דערלויבט געוואָרן צו שאַפן אַ נייע קאָלעקטיווע צײַטונג.

2 נאָוועמבער. אַרויסגעגעבן אַ דורכפאָרנדיקן אַרבעטס־לאָזן דרוקער 10 גל אויף רײַזע־הוצאות קיין לידע.

22 ״ אויף דער ווענדונג פון קולטור־אַמט איז באַשלאָסן געוואָרן אויפצורופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, כדי אויפצוקלערן די סיבות פון מוראדיקן קריזיס.

6 דעצעמבער. ווענדונג צו דער קרײַז־קאָמיסיע און צום לערער־פאַריין וועגן באָיקאָטירן גאַרבערס דרוקערײַ.

## 1926

13 יאַנואַר. געשיקט אַ באַגריסונג אין „פאָלקס־צײַטונג״ צו דעם 10יאָריקן יובל פון וואַרשעווער דרוקער־פאַריין.

— אויסגעצאָלט אַ דורכפאָרנדיקן קריסטלעכן זעצער 5 גל אויף רײַזע־הוצאות קיין גראָדנע.

— באַשלאָסן צו שיקן אַרבעטסלאָזע אין דער אַר־בעטער־קיך עסן מיטאָגן אויפן חשבון פון פאַריין.

8 מערץ. ווענדונג פון ח׳ פאַץ אַרויסצולאָזן אַ זאַמל־בוך פון דרוקער־לעבן אין ווילנע.

13 ״ די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג דעלעגירט 2 פאָרשטייער צו דער קאָנפערענץ פון דער קרײַז־קאָמיסיע.

22 ״ צום 2טן לאַנד־צוזאַמענפאָר פון דרוקער־אַרבעטער ווערן דעלעגירט די ח״ח אַס און רובאַנענקאָ.

22 מאַי. דעם ח׳ לאַזאַרעוויטש, מיטגליד פון בוי־פאַריין, געליטענעם פון די 1טע מאַי־געשעענישן, אַרויסגע־געבן 30 גילדן אונטערשטיצונג.

7 יוני. געענטפערט 25 גילדן אויף דער הילפס־קייט פון קולטור־אַמט.

14 ״ אַרויסגעגעבן 100 גילדן אַ הלוואה אַ זעצער צוליב אַן אומגליקס־פאַל (שרפה).

27 ״ ווענדונג צום מוזיקער־פאַריין ניט צו געבן קיין אַר־בעט אין דער באָיקאָטירטער דרוקערײַ יאַלאָווצער.

11 יולי. די אַלגעמיינע פאַך־פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן: צוליב דער גרויסער אַרבעטסלאָזיקייט אין פאַך טאָרן אַ מאַן מיט אַ פרוי ניט פאַרנעמען קיין גאַנצע שטעלעס.



— אויף דער ווענדונג פון קולטור־אַמט ווערן די אײַנבינדער אָנגעשלאָסן אין פאַריין ווי אַ זעלבשטענדיקע סעקציע.

— דער שטאַט „אוטראָ“ צוריק אַרײַנגענומען געוואָרן אין פאַריין.

— אָנגענומען אַ רעזאָלוציע פאַר אַמנעסטיע פון פּאָליטישע אַרעסטירטע.

— איבערגעשיקט אַ מעמאָריאַל צום בילדונגס־מיניסטער וועגן רעכט פאַר די יידישע פאָלקס־ און מיטלשולן.

— אַרויסגעטראָגן אַ פּראָטעסט קעגן מעשה ראַדן, וווּ דער קלער האָט פאַרברענט אַ יידיש־וועלטלעכע ביבליאָטעק.

18 יולי. אויסגעקליבן אין פאַרוואַלטונג: 1) ה. רובאַנענקאָ, 2) מ. ציאַרקאָ, 3) מ. ענגעלשטערן, 4) פּ. העלערשטיין, 5) א. אַדעלמאַן, 6) ח. גראָדזענסקי, 7) א. גאָרדאָן, 8) י. לעווין, 9) י. מאַלעץ.

25 " באַשלאָסן אָנצושליסן דעם פאַריין אָן דער דרוקער־צענטראַלע אין וואַרשע.

2 אַווגוסט. אַרויסגעגעבן 9.10 גל דער קרײַז־קאָמיסיע אויף דעקן די הוצאות צו דער וואַל־קאַמפּאַניע פון קראַנקן־קאַסע.

9 " דורכגעפירט אַן אַנקעטע אין גאַנצן פאַך וועגן צולאָזן לערניינגלעך פון עלטערן—דרוקער. דער פאָרשלאָג איז דורכגעפאַלן.

23 " לאָקירט אַ סומע פון 40 דאָלער פאַראיינס־געלטער אין צענטראַלע פון די פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון.

6 סעפּטעמבער. אויסגעטיילט אַ קולטור־קאָמיסיע: ח"ח א. אַדלמאַן, ח. גראָדזענסקי און פּ. העלערשטיין.

— אײַנגעאָרדנט אַ פאָרלעזונג פון ד"ר גאָלדבורט אויף דער טעמע „היגיענע פון דרוקער“. דער רעפעראַט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אַ בראָשור־פאָרם.

27 " אויף אַ מאַשיניסטן־פאַרזאַמלונג איז פּאָזיטיוו ערלעדיקט געוואָרן די פראַגע לערניינגלעך.

10 אָקטאָבער. אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג זײַנען אָפּגעוואָרפן געוואָרן די פאָרשלאָגן: 1) צוצולאָזן לערניינגלעך און 2) צו גרינדן אַ לײַ־קאַסע ביים פאַריין.

12 " דורכגעפירט אַ באַשטײַערונג פון 50 גל פאַר די שטרײַקנדיקע בעלאָגאָרייער דרוקער־אַרבעטער.

1 נאָוועמבער. אויף דער ווענדונג פון דער קרײַז־קאָמיסיע אַרויסגעגעבן פאַר די שטרײַקנדיקע האָלץ־אַרבעטער—15 גילדן.

8 " דערלויבט דעם קולטור־אַמט צו באַנוצן זיך מיטן פאַריינס־לאָקאַל אויף אײַנצואָרדנען אַרבעטער־קורסן.

14 " די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג האָט אַרויסגעטראָגן אַ שאַרפע פּראָטעסט־רעזאָלוציע קעגן דער שפּאַלטונגס־פּאָליטיק פון פּפּ"ס.

— אויף דער ווענדונג פון קולטור־אַמט האָבן זיך די מיטגלידער איינמאָליק באַשטײַערט מיט 2 פּראָצ' פון וועכנטלעכן פאַרדינסט פאַר די שטרײַקנדיקע קוילן־אַרבעטער אין ענגלאַנד.

25 נאָוועמבער. אַ שטרײַק אין „אוטראָ“ צוליב די שלעכטע מאַטעריעלע באַדינגונגען.

29 " צוגעטראָטן צו גרינדן די פאַריינס־ביבליאָטעק.

## 1927

19 יאַנואַר. אַלגעמיינע לוין־הוספה—10 פּראָצ'.

31 " זיך געווענדט אין וואַרשע נאָך אַרבעטסלאָזע מאַשיניסטן.

8 פעברואַר. אײַנגעשטעלט אַן ענגן קאָנטאַקט צווישן קריסטלעכן און יידישן דרוקער־פאַריינען. אַ געמיינזאַמע אַקציע פון ביידע פאַריינען קעגן דער באָיקאָטירטער דרוקערײַ „יאַלאָווצער“.

28 " אין דרוקערײַ מיילאַכאָוויטש איז אויסגעבראָכן אַ שטרײַק. די שטרײַקנדיקע האָט מען אויסגעצאָלט 33 פּראָצ' שכירות פון פאַריין.

— דעלעגירט אַ פאָרשטייער אויף דעם דיסקוסיע־פרימאָרגן פון „ווילביג“ אד"ט „צולאָזן לערניינגלעך“.

— אַרויסגעגעבן אַ דורכפאָרנדיקן זעצער 10 גילדן אויף רײַזע־הוצאות.

4 אַפּריל. אויף דער קאָנפערענץ פון דער קרײַז־קאָמיסיע איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ זעקסטל מיטגלידער צוזאַמען מיט אַ פאַריינס־פאָרשטייער, כדי צו פאַראייניקן ביידע קרײַז־קאָמיסיעס.

— באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן פון קולטור־אַמט, ווײַל ער איז ניט קיין געזעצלעכער: געקליבן בלויז פון 5 פאַריינען פון די עקסיסטירנדיקע 12.

1 מאַי. די צײַטונגען ניט ערשינען.

8 " פאַרן וועטעראַן פון דרוקער־פאַך שמואל קאַמערמאַכער (מאַשיניסט) ווערט צוליב זײַן עלטער באַשטימט עמעריטור.

30 " אויסגעקליבן אין פאַרוואַלטונג: 1) ה. רובאַנענקאָ, 2) ב. אַס, 3) ב. געקער, 4) ל. זובאָוויטש, 5) פּ. העלערשטיין, 6) ל. שיפּרין און 7) ג. סעגאַל.

9 יוני. צו דער לעקערט־אַקאַדעמיע זײַנען דעלעגירט געוואָרן 2 פאָרשטייער פון דער פאַרוואַלטונג.

13 " אויסגעקליבן אַ נײַע קולטור־קאָמיסיע: העלערשטיין, געקער און זובאָוויטש.

20 " אַרויסגעגעבן 100 גילדן אַ קראַנקן חבר אויף קוראַציע־צוועקן.

28 " די פאַרוואַלטונג האָט סובסידירט די קולטור־קאָמיסיע מיט 50 גילדן.



**דרוקער־פערסאָנאַל פון „צייט״ (1936)**

עס שטייען פון רעכטס: ח. געסקעס, ח. סאָנסאָק, ל. סטאַצקי (רעדאַקציע־מיטאַרבעטער), י. באָרישניק, ד. בליץ, ר. מאַלעץ, מ. קאַץ, טאַנאָווקאַ, י. ציאַרקאַ, ח. ליפּסקינד, ב. דראָגוניק, י. קאַטאַן, עס זיצן פון רעכטס: מ. שקלאָווער, מ. רוראַשעווסקי, מ. זשיסלין, פּ. העלערשטיין, מ. מילכיקער, ה. ריבאָנענקאָ און ש. רינדזינסקי



אין זעצעריי פון „אָוונט־קוריער״

עס שטייען פון רעכטס: פּ. מינקין, י. קאָטאַרסקי, י. קאַריסקי, א. זאַגער און א. חדש

31 יולי. באַשלאָסן צו פייערן אַ יובילייַ פון די עלטסטע חברים, וועלכע אַרבעטן 50 יאָר אין פאַך.

8 אַווגוסט. געגריגדעט אַ יוגנט=סעקציע. אין דער פאַר=וואַלטונג זייַנען אַרייַן: 1) מ. סטעקין, 2) גאָרדאָן, 3) שיפרי, 4) קאַמערמאַכער און 5) קרעמער.

15 " באַשלאָסן אַרויסצוגעבן 100 גילדן אַ קראַנקן חבר אויף קוראַציע.

22 " דורכגעפירט אַן אַנקעטע אין גאַנצן פאַך, צי זאָל מען פייַערן דעם יובילייַ פון די וועטעראַנען פון דרוקער=פאַך, וועלכער איז פאַרבונדן מיט 500 גילדן הוצאות. די מערהייַט האָט געשטימט קעגן אַסיגנירן אַזאַ סומע.

— באַשלאָסן די לינירער אָנשליסן אין דער אייַנ=בינדער=סעקציע.

15 סעפּטעמבער. אויף אַ דעלעגאַטן=פאַרזאַמלונג באַ=שלאָסן אייַנצואָרדנען אַ געזעגענונגס=אָוונט פאַר דעם אָפּפאָרנדיקן געשעפטס=פירער פון פאַריין. אַסיגנירט 150 גילדן אויף אַ מתנה. אויף זייַן אָרט באַשטימט די ח=טע רבקה עפּשטיין.

22 סעפּטעמבער. אַרויסגעגעבן אַ דורכפאָרנדיקן חבר 15 גילדן אויף רייַזע=הוצאות קייַן גראָדנע.

3 אָקטאָבער. באַשטייַערט יעדן מיטגליד מיט 50 גר' פאַר דער ביבליאָטעק און לייענזאַל.

26 " אויפגעפאָדערט אַלע באַלעבאַטים אייַנצושרייַבן אַלע צייַטווייַליקע אַרבעטער אין קראַנקן=קאַסע.

1 נאָוועמבער. אַ דעלעגאַטן=פאַרזאַמלונג באַשטימט 25 גילדן פאַר אַ קראַנקן פאַרוואַלטונגס=מיטגליד פון באַקלייד=פאַריין.

7 " געשיקט אַ פּראָטעסט אויף דער אייַנלאַדונג פון „ווילביג" וועגן דורכפירן אַן אַקציע פון רעכט אויף יידיש.

— פּראָטעסטירט אין דער פּרעסע צוליב דעם שטרייַק אין בלאָכס קליניק.

14 " געשיקט ח' רובאַנענקאָ אַלס פאָרשטייער אויפן פּלע=נום פון דער דרוקער=צענטראַלע אין וואַרשע.

— אויף דער ווענדונג פון דער צענטראַלע, באַשלאָסן זיך אָנצושליסן אָן קולטור=אַמט.

— באָיקאָט אין דרוקערייַ שימאַנאָוויטש פאַר ניט אָנערקענען דעם פאַריין.

— דעם קולטור=אַמט דערלויבט צו באַנוצן דעם פאַ=ריינס=לאָקאַל אויף אייַנצואָרדענען לעקציעס.

— אַרויסגעגעבן 25 גילדן אַ הלוואה דעם לעדער=פאַריין פאַר אַ נויטבאַדערפטיקן חבר.

15 " אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אַרויסגעטראָגן אַ פּראָטעסט קעגן דער קראַנקן = קאַסע פאַר באַזייַטיקן דעם יידישן אינפאָרמאַטאָר.

21 " אַן אַקציע אויפצומאָנען קאָמפּענסאַציע פאַרן אָפּגע=זאָגטן פּערסאָנאַל אין דער דרוקערייַ ראָזענקראַנץ.

— די פאַרוואַלטונג האָט אָנטיילגענומען אין דער קאָנפערענץ פון צב"ק.

— דער באַנקעט לכבוד דעם געשעפטס=פירער ח' אָשעראָוו.

— דער פאַריין האָט געדעקט אַ העלפט הוצאות פון דער לוויה פון פאַרשטאָרבענעם ח' שאַרף.

27 דעצעמבער. באַשלאָסן צו רעאַגירן מיט אַן איינטאָגיקן פּראָטעסט=שטרייַק אין קלעצקינס דרוקערייַ קעגן דער ברוטאַלער האַנדלונג פון פאַרוואַלטער לגבי די אַר=בעטער. דער פאַרוואַלטער דאַרף זיך שריפטלעך אַנטשולדיקן און ווערט באַשטראָפט מיט 25 גילדן פאַר די יידיש=וועלטלעכע שולן.

## 1928

1 יאַנואַר. אַסיגנירט 20 גילדן פאַרן צב"ק און אַ מאָנאַט=לעכן אָפּצאָל.

— מעלדונג פון דער צענטראַל=פאַרוואַלטונג וועגן ניט שיקן קיין מיטגלידס=קאַרטן און „דרוקער=אַרבע=טער", ווייַל די באַציִונג פון דער ווילנער אָפּטיילונג איז ניט לאָיאַל צוליבן ניט צאָלן רעגולער דעם מיטגלידס=אָפּצאָל.

באַשלאָסן צו ענטפערן, אַז אַזאַ טאָן און אַזאַ באַציִונג וועט די ווילנער אָפּטיילונג אויף ווייַטער ניט דולדן.

23 " אַסיגנירט 25 גילדן פאַר די שטרייַקנדיקע גראָדנער אייַנבינדער.

31 " דער קאָלעקטיוו „טאָג" וויל אויף די ערטער פון 2 חברים, וועלכע זייַנען אַוועק אַרבעטן צו ראָמען, צונעמען נאָר איין אַרבעטסלאָזן.

די דעלעגאַטן = פאַרזאַמלונג וועגן דער פראַגע איז אויפגעריסן געוואָרן.

23 פעברואַר. אויסגעוויילט אין פאַרוואַלטונג: 1) פ. העַ=לערשטיין (וויצע=פאָרז.), 2) מ. ציאַרקאָ (סעקרעטאַר), 3) ל. זובאָוויטש, 4) ה. רובאַנענקאָ (פאָרזיצער), 5) ח. גינזבורג, 6) ב. געקער, 7) י. ראָזנבלום, 8) ח. גראָדזענסקי, 9) י. פאַק.

26 " אָנפראַגע פון דער צענטראַלע וועגן דערלויבן אַרויס=געבן דעם „רויטן עקספּרעס' אויף דער פּראָווינץ. באַשלאָסן: די צענטראַלע דאַרף פאַרבאָטן, ווייַל ס'קען ברענגען שאָדן דער היגער פּרעסע. פעסטגעשטעלט, אַז דאָס וואָס דער „מאָמענט" און „הייַנט" קאָסטן 15 גר' ברענגט שאָדן די ווילנער צייַטונגען.

29 " אַלגעמיינע לוין=הוספה—15 פּראָצ'.

11 מערץ. צוליבן ווידערשטאַנד פון אייניקע אונטערנעמער רעדוצירט די לוין=הוספה אויף 10 פּראָצ' אָנשטאָט 15.

1 אַפּריל. צוליבן ניט אויסצאָלן די פאַרלעגענע שכירות האָט דער שטאַט פון „או.-ראָ" געוואָרפן די אַרבעט.





23 אַפּריל צוליבן ניט צושטאַנדקומען פון קיין איינהײַטלעכער מאַניפעסטאַציע באַשלאָסן ניט אָנטיילצונעמען אין דער מאַי=מאַניפעסטאַציע.

די צײַטונגען טאָרן ניט ערשײַנען דעם 2=טן מאַי.

— איינמאָליקע באַשטײַערונג פון 15 גילדן פאַר „מכבי".

— פאַרזאַמלונג פון דער יוגנט=סעקציע וועגן 1טן מאַי.

30 " די צײַטונג „אוטראָ" האָט זיך פאַרמאַכט. באַשלאָסן אָנקלאָגן די אונטערנעמער אין געריכט און מאָנען דעם חוב פאַר די אַרבעטער (1800 גילדן).

7 מאַי. ווענדונג פון אַן אונטערנעמער וועגן איבערנעמען די צײַטונגען „טאָג" און „צײַט". דורכגעקומען וועגן די באַדינגונגען. צוליב די פאָדערונגען פון די ליטעראַטן זײַנען די אונטערהאַנדלונגען איבערגעריסן געוואָרן.

8 " אָנגעהויבן ווידער ערשײַנען די צײַטונג „אוטראָ". געדעקט דעם חוב די אַרבעטער.

— ווענדונג פון אַ גרופּע חברים וועגן אָרגאַניזירן אַ מאַנדאָלין=אָרקעסטער. באַשלאָסן איבערצוגעבן דעם ענין דער קולטור=קאָמיסיע.

4 יוני. ווענדונג פון ייוואָ וועגן אָפּגעבן ביכער, וועלכע זײַנען דעם פאַריין ניט נוציק.

6 " געקומען פון וואַרשע ח' ליכטנשטיין אַלס פאָרשטייער פון דער צענטראַל=פאַרוואַלטונג. פאָרגעקומען אַ געמיינזאַמע זיצונג אויף וועלכע ס'זײַנען אָפּגעגעבן געוואָרן באַריכטן פון ווילנע און פון דער צענטראַל=פאַרוואַלטונג.

28 " יולי. זיך פאַרמאַכט די צײַטונג „אוטראָ".

19 אַווגוסט. געהערט דעם מיטגלידס=אָפּצאָל אויף 4 פּראָצ'.

3 סעפּטעמבער. אײַנלאַדונג פון פּראָפ. פאַריין פון האַנדלס=אָנגעשטעלטע וועגן אָנטייל נעמען אין אַ קאָנפערענץ וועגן פאַרייניקן די קרײַז=קאָמיסיעס. דעלעגירט די ח"ח רובאַנענקאָ און זובאָוויטש. אָנערקענט די פאַרייניקונג פאַר נויטיק.

10 " אײַנלאַדונג פון פאַריקמאַכער=פאַריין אויף אַ קאָנפערענץ וועגן פאַראייניקונג. געשיקט אַ פאָרשטייער ח' זובאָוויטש, צוליב אינפאָרמאַטיווע צוועקן.

25 " קולטור=אַמט אָרגאַניזירט אַ דעלעגאַציע פון די פּראָפ. פאַריינען צום מאַגיסטראַט וועגן סובסידירן די יידישוועלטלעכע שולן בײַם צב"ק. דעלעגירט אַלס פאָרשטייער דעם ח' זובאָוויטש.

3 אָקטאָבער. די יוגנט=סעקציע זיך געווענדעט וועגן אײַנאָרדנען אַ רעפעראַט וועגן רעליגיע. אָפּגעוואָרפן די ווענדונג מיטן מאָטיוו, אַז ס'האָט ניט קיין דירעקטן שײַכות צו פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט.

20 אָקטאָבער. זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג מיטן אָנטייל פון פאָרשטייער פון דער צענטראַלע, די ה"ח קלאָק און ליכטנשטיין. ס'איז באַהאַנדלט דעם קאָנפליקט מיטן קאָלעקטיוו „טאָג" וועגן די פרײַ געוואָרענע 2 שטעלעס. אויפן פאָרשלאָג פון די פאָרשטייער פון דער צענטראַלע באַשלאָסן, אַז די זעצער=פערסאָנאַלן פון „טאָג" און „צײַט" דאַרפן באַשטיין פון $12\frac{1}{2}$ זעצער.

אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג מיטן אָנטייל פון די פאָרשטייער פון דער צענטראַל=פאַרוואַלטונג באַשטעטיקט דעם באַשלוס פון דער פאַרוואַלטונג און פאָרשטייער פון דער צענטראַלע וועגן ענין קאָלעקטיוון.

אַלגעמיינע באַשטײַערונג לטובת די שטרײַקנדיקע טעקסטיל=אַרבעטער.

22 " באַשטײַערונג מיט 25 גילדן פאַר די שטרײַקנדיקע אין דער פאַבריק „באַלטיק".

5 נאָוועמבער. אויסגעוויילט אין פאַרוואַלטונג: 1) ה. רובאַנענקאָ (פאָרזיצער), 2) ל. זובאָוויטש, 3) מ. ציאַרקאָ (סעקרעטאַר), 4) פ. העלערשטיין (וויצע=פאָרזיצער), 5) ב. געקער, 6) ל. שיפּרין, 7) א. אַדלמאַן (קאַסיר), 8) י. פּאַק, 9) א. וואָלפע.

קולטור=קאָמיסיע: 1) א. אַדלמאַן, 2) פ. העלערשטיין, 3) ל. שיפּרין.

פאָרשטייער אין יוגנט=סעקציע: ל. זובאָוויטש, אין אײַנבינדער=סעקציע: ה. רובאַנענקאָ.

27 " אַסיגנירט פאַר די צב"ק=שולן 40 גילדן און באַשלאָסן אַגיטירן פאַר אַ פרײַוויליקער באַשטײַערונג.

11 דעצעמבער. אויסגעטיילט אַ קאָמיסיע צום קאַמף מיט די ווינקל=דרוקערײַען: 1) אַדלמאַן, 2) זובאָוויטש, 3) העלערשטיין.

## .1 9 2 9

2 יאַנואַר. דעלעגאַטן=פאַרזאַמלונג ערלויבט שאַפן אַ נײַע קאָלעקטיווע צײַטונג.

6 פעברואַר. די פאַרוואַלטונג זיך אַרויסגעזאָגט קעגן שאַפן אַ צענטראַלע אַרבעטער=ביבליאָטעק און די מאַגיסטראַט=סובסידיע דאַרף צעטיילט ווערן צווישן די באַזונדערע אַרבעטער=ביבליאָטעק.

19 " צוליב דער אויסערגעוויילעך שווערער פינאַנסיעלער לאַגע פון פאַריין באַשלאָסן זיך ווענדן נאָך הילף צו די ווילנער דרוקער=אַרבעטער אין אַמעריקע און דורכפירן אייניקע אונטערנעמונגען.

23 " קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן די ווענדונג פון ראָמס דרוקערײַ וועגן אַרבעטן אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות אָבער מסכים געווען צו גיין אויף הנחות און געבן די חברים פון 1=טע קאַטעגאָריע דעם טאַריף פון 2=טע קאַטעגאָריע.





פאַרוואַלטונג פון דרוקער-פאַריין אין 1927 (פאָטאָגראַפירט נאָכן געזעגענונגס-באַנקעט צוליבן אָפּפאָר פון ה' אָשעראָוו)

ס'שטייען פון רעכטס אויף לינקס: מ. ציאַרקאָ (סעקרעטאַר), ל. זוכאָוויטש, ב. געקער, ה. קאַנטאָר. ס'זיצן: פ. העלערשטיין (וויצע-פאָרזיצער), ה. רוכאַנענקאָ (פאָרזיצער), אָשעראָוו (טעכנישער סעקרעטאַר), סעגאַל און י. עפּעל.



דרוקער-פּערסאָנאַל פון פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוו

עס שטייען פון רעכטס: אָ. בולקין, ג. אוזאָר, ש. דיקער, מ. גאָרדאָן. עס זיצן פון רעכטס: א. בערלאָוויטש, מ. גראָדסקי, י. קרינסקי און ד. סעגאַלאָוו





17 מערץ. אויף דער ווענדונג פון דער קהילה דעלעגירט דעם ח' רובאַנענקאָ אין דער שאַצונגס־קאָמיסיע ביים באַשטימען דעם עטאַט.

21 " אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אָפּגעוואָרפן די ווענדונג פון ראָמס דרוקעריַ וועגן ערלויבן אַרבעטן אויף שטיק־אַרבעט.

27 " פּראָטעסטירט קעגן באַשלוס פון קולטור־אַמט צו טיילן די סובסידיע פון מאַגיסטראַט לויט דער צאָל ביכער. אויב ס'וועט ניט געטיילט ווערן גליַיך צווישן אַלעמען—אָפּזאָגן זיך צו נעמען דעם באַשטימטן טייל.

— זשורנאַליסטן־סינדיקאַט מסכים צו געבן אַ רעדאַק־ציע־פּערסאָנאַל פאַר אַ נייַער קאָלעקטיווער צייטונג, נאָר בתנאַי, אַז דער פּרייַז און פאָרמאַט זאָלן זיַין ווי די איבעריקע צייַטונגען.

2 אַפּריל. באַקומען פאַר דער פאַראיינס־ביבליאָטעק פון פון דער מאַגיסטראַט־סובסידיע 350 גילדן.

17 " צוליב דער קריטישער לאַגע פון פאַראיין, אַסיגנירט פאַר די שטרייַקנדיקע נאָדל־אַרבעטער בלויז 15 גילדן.

29 " באַשלאָסן אָנטיילנעמען אין 1 מאַי־צוג פון קולטור־אַמט.

4 מאַי. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג צוליב דער דעמיסיע, פון פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער האָט פעסטגעשטעלט אַז מחמת די לעצטע גרויסע רעדוקציעס הערשט אין פאַך אַ גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט. אַלע פאָנדן פון פאַריין זיַינען אויסגעשעפּט און ס'איז ניטאָ קיין מעגלעכקייט צו שטיצן די אַרבעטסלאָזע חברים.

— אויסגעוויילט אין פאַרוואַלטונג: 1) ה. רובאַנענקאָ, 2) פּ. העלערשטיין, 3) מ. ציאַרקאָ, 4) א. אַדלמאַן, 5) ל. שיפּרין, 6) ל. זובאָוויטש, 7) ח. גראָדזענסקי, 8) י. ראָזנבלום 9) ח. גינזבורג.

12 מאַי. צוליב דעם וואָס אַ סך אויסגעוויילטע ח"ח זאָגן זיך אָפּ, איז אומעגלעך צו קאָנסטרויִרן די פאַרוואַלטונג.

17 " אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג צום צווייטן מאָל אָפּגעוואָרפן די ווענדונג וועגן אַרבעטן שטיק־אַרבעט ביַי ראָמען.

22 " אויסגעוויילט אין פאַרוואַלטונג: 1) ה. רובאַנענקאָ (פאָרזיצער), 2) פּ. העלערשטיין (וויצע־פאָרזיצער), 3) מ. ציאַרקאָ (סעקרעטאַר), 4) א. אַדלמאַן (קאַסיר), 5) ל. שיפּרין, 6) ח. גראָדזענסקי, 7) ל. זובאָוויטש, 8) ב. געקער, 9) י. מאַלעק. אין דער יוגנט־סעקציע: זובאָוויטש. קולטור־קאָמיסיע: אַדלמאַן, העלערשטיין, גראָדזענסקי. איינבינדער: רובאַנענקאָ.

23 " צענטראַלע געמאָלדן, אַז די וואַרשעווער אָפּטיילונג איז גרייט צו לייַען דער ווילנער אָפּטיילונג 1000 גילדן. מסכים געווען צו נעמען די הלוואה.

— אויף דער ווענדונג פון ליטאָגראַפן־פאַריין באַשלאָסן דורכפירן אַן אַלגעמיינע באַשטייערונג פאַר דער פאַמיליע פון אומגעקומענעם כעת דער מאַי־דעמאָנסטראַציע ליטאָגראַף־אַרבעטער ח' רוף.

11 יוני. ווענדונג פון אַן אונטערנעמער וועגן דערלויבן אַ מוטאַציע פון וואַרשעווער „עקספּרעס". ביז אַ באַשלוס פון אַ דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג דערלויבט.

14 " דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג דערלויבט דאָס ערשיַינען דעם „עקספּרעס".

18 " די קאָלעקטיוון איבערגעשיקט אַן אַפּעלאַציע צו דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג קעגן באַשלוס וועגן דערלויבן דעם „עקספּרעס".

18 סעפּטעמבער. אַלגעמיינע באַשטייערונג פאַר די אַרבעטסלאָזע מיט אַ האַלבן טאָג שכירות.

25 " אָנקלאַגע פון די קאָלעקטיוון און זשורנאַליסטן סינדיקאַט, אַז אין „עקספּרעס" אַרבעט מען אויף קאָלעקטיווע יסודות.

15 אָקטאָבער. אָנגעקומען פון די ווילנער חברים אין אַמעריקע 150 דאָלאַר פאַרן פאַריין.

12 נאָוועמבער. די יוגנט־סעקציע פאָדערט, אַז אויף די יוגנט־פאַרזאַמלונגען זאָל דעם פאָרזיץ פירן אַ מיט־גליד פון דער יוגנט־סעקציע און זיי זאָלן קענען פירן זעלבשטענדיק קולטור־אַרבעט. די פאַרוואַל־טונג האָט ביידע פאָדערונגען אָפּגעוואָרפן.

18 " דער אונטערנעמער האָט אָפּגעשטעלט דאָס אַרויס־געבן דעם „עקספּרעס". דער שטאַט האָט איבערגע־נומען די צייַטונג אויף קאָלעקטיווע יסודות. די פאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסן: די צייַטונג טאָר ווייַטער אויף קאָלעקטיווע יסודות ניט דערשיַינען. זיך ווענדן אין דער צענטראַלע וועגן אינטערווענירן ניט אַרויסצושיקן די צייַטונג קיין ווילנע. דער שטאַט האָט זיך ניט אונטערגעוואָרפן דעם באַשלוס.

21 " 6 מיטגלידער פון שטאַט „עקספּרעס" האָבן געמאָלדן, אַז זיי טרעטן אַרויס פון פאַריין.

3 דעצעמבער. די אַרויסגעטראָטענע פון פאַריין בעטן מ'זאָל זיי אַריַיננעמען צוריק. באַשלאָסן, אַז זיי דאַרפן אָנגעבן אינדיווידועלע מעלדונגען.

21 " ווענדונג פון צענטראַלע פון אַרטיסטן־פאַריין וועגן שטערן די אָפּגעריסענע טרופּע פון לאָדזער „אַראַראַט" צו שפּילן אין ווילנע, ווייַל זיי זיַינען ניט קיין פאַריינס־טרופּע.

באַשלאָסן שיקן בריוו אין די אַדמיניסטראַציעס און צו די שטאַטן פון די פאַריינס־דרוקערייַען וועגן ניט דרוקן פאַר דער טרופּע קיין אַנאָנסן, אַפישן אאַז"וו.

24 " באַשלאָסן אַז אַלע געוו' מיטגלידער פון שטאַט „עקס־פּרעס" דאַרפן: 1) זיך ענטשולדיקן אין דער פּרעסע, 2) 1 מאָנאַט ניט געניסן פון דער אַרבעטס־פאַרטיי־לונג, 3) אויף 2 מאָנאַטן פאַרלירן די אַרבעטס־ריי, 4) אַ האַלב יאָר פאַרלירן די וואַל־רעכט, 5) ביַים שטעלן זיך אַרבעטן — אויסצאָלן 3 טעג שכירות אַלס שטראָף.







ביבליאָטעק און לייען-זאַל ביים דרוקער-פאַריין.



31 דעצעמבער. באַשטײַערט זיך מיט 10 גילדן פאַר דער הילפסקייט פון צב״ק און אַרויסגערופן די וואַרשעווער אָפּטיילונג.

## 1930

3 יאַנואַר. ווענדונג פון אונטערנעמער וועגן געבן זעצער אויף אַ מוטאַציע־צײַטונג פון וואַרשעווער „ראַדיאָ“. דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג באַשלאָסן געבן זעצער. קיין קאָלעקטיוו טאָר אויף דער צײַטונג ניט געשאַפן ווערן.

— אַלגעמיינער סאָלידאַר־שטרײַק אין צוזאַמענהאַנג מיטן שטרײַק פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע.

8 ״ דערלויבט דער איינבינדער־יוגנט צו רופן אַן אָרגאַניזיר־פאַרזאַמלונג וועגן שאַפן אַ יוגנט־סעקציע.

21 ״ באַשלאָסן די אײַנבינדער־יוגנט איינצושליסן אין דער יוגנט־סעקציע פון די דרוקער־אַרבעטער.

— באַשלאָסן פאָדערן פון אַרטיסטן־פאַריין, ער זאָל דעקן די שאָדנס וואָס עס טראָגן די קאָלעקטיוון און פּריוואַטע אונטערנעמונגען צוליב דער אַקציע קעגן „אַראַראַט“. אין קעגנפאַל—די אַקציע איבעררייסן.

28 ״ דער קולטור־אַמט האָט אײַנגעלאַדן 2 פאָרשטייער צו דער זיצונג מיט ה׳ יעקב לעשטשינסקי, וועלכער איז געקומען אויספאָרשן די לאַגע אין די פאַכן. דעלעגירט די ח״ח: אַדלמאַן און מאַלעץ.

— שטרײַק אין שימאַנאָוויטשעס דרוקערײַ צוליב אָפּזאָגן אַ יוגנטלעכן.

— ווענדונג פון ה׳ ראָזענטאַל וועגן געבן אים זעצער אויף אַ מוטאַציע־צייטונג. באַשלאָסן געבן אַ שטאַט נאָך אַ פאַרשטענדיקונג מיטן זשורנאַליסטן־סינדיקאַט.

4 פעברואַר. פאַרענדיקט דעם שטרײַק אין שימאַנאָוויטשעס דרוקערײַ.

22 ״ דער קולטור־אַמט באַשלאָסן, אַז אַלע פּראָפ׳ פאַריינען דאַרפן זיין אָנגעשלאָסן אָן דער קרײַז־קאָמיסיע. געשיקט פאָרשטייער אויף דער ספּעציעלער קאָנפערענץ וועגן דעם ענין.

4 מערץ. די קרײַז־קאָמיסיע מאַכט שטערונגען ביים אָנשליסן אַלע פאַריינען. דער קולטור־אַמט האָט זיך געווענדט וועגן דעם ענין צום לאַנדראַט פון די פּראָפ׳ פאַריינען.

— צום פּלענום פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג דעלעגירט דעם ח׳ רובאַנענקאָ.

26 אַפּריל. קולטור־קאָמיסיע אײַנגעאָרדנט אַן אָוונט פאַר דער ביבליאָטעק.

— די פאַרוואַלטונג רופט צו דעמאָנסטרירן דעם 1טן מאַי, ניט אָנווײַזנדיק מיט וועמען.

14 מאַי. דער מאָדוס, אַז מען פאַרלירט די ריי נאָכן אַרבעטן דרײַ מאָנאַט, איז געענדערט געוואָרן דורך דער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג אויף 6 וואָכן.

24 יוני. סובסידיע פאַר דער זומער־קאָלאָניע פון צע״ק נאָר אין דער גרייס פון 15 גילדן, צוליב דער קריטישער מאַטעריעלער לאַגע פון פאַריין.

— אײַנלאַדונג פון אַרבעטס־אינספּעקטאָר אויף אַ קאָנפערענץ וועגן נאָרמאַליזירן די אַרבעט פון די יוגנטלעכע. דעלעגירט די ח״ח רובאַנענקאָ און י. מאַלעץ.

2 יולי. ווענדונג פון זשורנאַליסטן־סינדיקאַט וועגן אינטערווענירן אין קאָנפליקט צווישן ראַט פון קאָלעקטיוו „צײַט“ און דער פאַרוואַלטונג פון סינדיקאַט וועגן דער 25פּראָצ׳ לוין־הוספה פאַרן קאָרעקטאָר און נאַכט־רעדאַקטאָר.

8 ״ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג מיטן אָנטייל פון פאָרשטייער פון זשורנאַליסטן־סינדיקאַט, די ח״ח פ. קאָן און ל. סטאָצקי וועגן קאָנפליקט מיט „צײַט“.

צו קיין הסכם ניט געקומען — פאָרגעלייגט איבערגעבן דעם ענין דעם קולטור־אַמט.

15 יולי. יוגנט־סעקציע געפײַערט די אַנטהילונג פון דער יוגנט־פאָן.

— די צענטראַלע פאַרוואַלטונג האָט צוגעשיקט אַ פּראָיעקט פון אַן אָפּמאַך מיט דער צענטראַלע פון די גראַפיקער וועגן אײַנפירן אַ לעבעל־מאַרקע. די פאַרוואַלטונג איז מסכים מיטן צוגעשיקטן פּראָיעקט.

— פון לעמבערג האָט מען זיך געווענדט טעלעפאָניש אין „צײַט“ וועגן שיקן אַהין דרײַ זעצער. מען האָט זיך פאַרבונדן מיט דער צענטראַלע און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין לעמבערג איז אַ שטרײַק און מען טאָר אַהין ניט פאָרן.

29 ״ 15 גילדן פאַר אַ דורכפאָרנדיקן זעצער.

12 אַווגוסט. ווענדונג פון נאָדל־פאַריין וועגן באַשטייערונג פאַר די שטרײַקנדיקע נאָדל־אַרבעטער. אַסיגנירט נאָר 15 גילדן, צוליב דער קריטישער מאַטעריעלער לאַגע אין פאַריין.

19 ״ נעגעבן אַ נעקראָלאָג וועגן טויט פון געוועזענעם ווילנער זעצער ח׳ סעם באַרקאָן, וועלכער האָט געאַרבעט אין אַמעריקאַנער „פאָרווערטס“.

9 סעפּטעמבער. ווענדונג פון הויפּט־ביוראָ פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל וועגן צונויפרופן אַ ספּעציעלע פאַרזאַמלונג, כדי צו דערקלערן די באַדייטונג פון קאָנגרעס וועלכער דאַרף פאָרקומען אינגיכן. באַשלאָסן קיין ספּעציעלע פאַרזאַמלונג ניט צונויפצורופן, נאָר אויף דער נאָענטסטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג וועלן פאָרשטייער פון הויפּט־ביוראָ מיט דער דערלויבעניש פון דער פאַרוואַלטונג קענען ריידן.

26 ״ אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאָג וועגן אַן אָבליגאַטאָרישער באַשטײַערונג פאַר די אַרבעטסלאָזע מיט אַרבעט.

## אין קלעצקינס דרוקעריי (1936)



פון רעכטס: ה׳ ב. קלעצקין, ח. באַנד (ביים טטערעאָטיפּ). ה׳ ב. קלעצקין, מ. קויפמאַן (ביי דער מאַשין).
אונטן: מ. קאַטאַן (ביי דער זאַץ-מאַשין)



עס שטייען פון רעכטס (אין הינטערגרונט) י. טטעקין, ח. באַנד, מ. קויפמאַן.
פון רעכטס (פאָרנט): א. וואָלפע, מ. ציאַרקאָ, מ. קאַטאַן און א. פרידקין.



— אַלגעמיינע באַשטײַערונג מיט אַ האַלבן טאָג שכירות פאַר דער פאַריינס=קאַסע.

— אויסגעוויילט אַ פאַרוואַלטונג. צוליב דעם וואָס אַ טייל ח"ח האָבן זיך אָפּגעזאָגט, באַשלאָסן דערווײַל אַרבעטן אין באַשטאַנד פון 7 מיטגלידער: 1) פּ. העלערשטיין (פּאָרזיצער), 2) ל. שיפּרין (סעקרעטאַר), 3) א. אַדלמאַן (קאַסיר), 4) י. בענגיס, 5) ל. זובאָוויטש, 6) ה. גראָדזענסקי, 7) י. מאַלעץ.

11 אָקטאָבער. באַשלאָסן צוצוטרעטן אײַנצואָרדענען לעקציעס פון דער פּוילישער שפּראַך פאַר די פאַריינס=מיטגלידער.

18 " אַקציע, אַז דער פאַרלאַג קלעצקין זאָל ניט אַרויספירן קיין אַרבעט פון ווילנע.

20 " אויסגעטיילט אַ קולטור = קאָמיסיע : א. אַדלמאַן, י. בענגיס, ה. גראָדזענסקי. אַלס פאָרשטייער אין דער יוגנט=סעקציע: ל. שיפּרין.

26 " קאָנפליקט מיטן אַרויסגעבער פון „נאַשע ווּרעמיאַ" צוליבן וועלן אָפּזאָגן 4 אַרבעטער.

1 נאָוועמבער. ווענדונג פון די אַרבעטסלאָזע וועגן דערלויבן אַ נײַע צײַטונג אויף קאָלעקטיווע יסודות. די דעלעגאַטן = פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן דערלויבן צו שאַפן אַ נײַעם קאָלעקטיוו.

4 " די אונטערנעמער פון „נאַשע ווּרעמיאַ" צוריקגעצויגן זייער קינדיקונג.

— די פאַרוואַלטונג האָט אָפּגעוואָרפן די ווענדונג פון דער יוגנט=סעקציע וועגן דערלויבן זיך אָנשליסן אָן יוגנט=ראַט, מיטן מאָטיוו, אַז די יוגנט קען געהערן נאָר צו די אינסטאַנצן, צו וועלכע ס'געהערט דער פאַריין.

— די פאַרוואַלטונג פון דער יוגנט=סעקציע האָט זיך פּרינציפּיעל אָפּגעזאָגט אויסצופילן די צוגעשיקטע פון וואַרשע יוגנט=אַנקעטעס. די פאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסן אַרויסצורופן יעדן יוגנטלעכן באַזונדער און פאָרלייגן אויספילן די אַנקעטע, אָבער ניט צווינגען.

8 " אַ גרופּע אַרבעטסלאָזע זיך געווענדט וועגן דערלויבן אַרויסגעבן אַ רוסישע צייטונג אויף קאָלעקטיווע יסודות. אָפּגעוואָרפן די ווענדונג מיט מאָטיוו, אַז ס'קען שאַדטן דעם שטאַט, וואָס אַרבעט אויף לוינען אין דער צייטונג „נאַשע ווּרעמיאַ".

11 " דעלעגירט אַלס פאָרשטייער אין דער אײַנבינדער=סעקציע דעם ח' זובאָוויטש.

— ווענדונג פון גראָדנער אײַנבינדער וועגן הילף פאַר שטרײַקנדיקע. באַשלאָסן אַסיגנירן נאָר 15 גילדן (צוליב דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע פון פאַרײַן), זיך ווענדן נאָך אַסיגנירונגען צו דער יוגנט=סעקציע און דער אײַנבינדער=סעקציע. באַפולמעכטיקט די ח"ח ה. גראָדזענסקי און ל. זובאָוויטש דורכצופירן אַ פרײַוויליקע באַשטייערונג.

18 נאָוועמבער. ווענדונג פון זשורנאַליסטן=סינדיקאַט און רעדאַקציע מיטאַרבעטער פון „ראַדיאָ" וועגן שטיצן זיי אין זייער קאָנפליקט מיטן אונטערנעמער פון „ראַדיאָ" צוליב ניט אויסצאָלן דעם געהעריקן טאַריף. באַשלאָסן אין פאַל פון אַן אַקציע — אונטערשטיצן דעם זשורנאַליסטן=סינדיקאַט.

25 " קאָנפליקט מיט די אונטערנעמער פון „נאַשע ווּרעמיאַ" צוליבן וועלן אָפּזאָגן 2 זעצער.

2 דעצעמבער. ווענדונג צום פּוילישן דרוקער=פאַריין וועגן מיטהעלפן אין קאָנפליקט מיט „נאַשע ווּרעמיאַ".

16 " זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג מיטן אָנטייל פון פאָרזיצער פון פּוילישן דרוקער = פאַריין וועגן קאָנפליקט מיט די אַרויסגעבער פון „נאַשע ווּרעמיאַ".

30 " אַקציע אין בוטקאָווס אײַנבינדערײַ = פאַבריק קעגן דער רעדוקציע פון 10 עלטערע אַרבעטער.

— געשטאָרבן ח' א. פּיאָרע.

— אַסיגנירט 10 גילדן פאַר דער הילפס=קייט פון צב"ק.

## 1931

27 יאַנואַר. אײַנלאַדונג פון קולטור=אַמט אויף אַ קאָנפערענץ.

די פאַרוואַלטונג באַשלאָסן אינגאַנצן אַרויסטרעטן פון קולטור=אַמט — גיט צוליב פּאָליטישע טעמים, נאָר צוליב זאַכלעך=פּראָפעסיאָנעלע. אויף דער קאָנפערענץ איבערלייגן וועגן דעם אַ מאָטיווירטן באַשלוס.

10 פעברואַר. אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער יוגנט פּראָטעסטירט קעגן באַשלוס פון פאַרוואַלטונג וועגן אַ פאָרזיצער פון דער עלטערער פאַרוואַלטונג אויף די יוגנט=פאַרזאַמלונגען.

24 " דער פאָרשטייער אין דער יוגנט=סעקציע ח' ל. שיפּרין האָט זיך אָפּגעזאָגט צוליב די געשאַפענע באַדינגונגען פון דער פאָרשטייערשאַפט.

— צײַטווײַליק ניט דערלויבט דער יוגנט=סעקציע אָפּצוהאַלטן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג.

3 מערץ. די יוגנט געוואָלט אָפּהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג טראָץ דעם באַשלוס פון פאַרוואַלטונג.

24 " קאָנפליקט מיט די אַרויסגעבער פון וואָכנבלאַט „דאָס וואָרט" צוליב קינדיקן דעם זעצער=פּערסאָנאַל.

25 אַפּריל. אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג וועגן 1טן מאַי. רעפעראַט פון ח' אַראָנאָוויטש.

2 מאַי. ניט דערשינען די צײַטונגען.

3 " אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג וועגן דער קאַטאַסטראָפאַלער לאַגע פון פאַריין, צוליב דער גוואַלדיקער אַרבעטסלאָזיקייט.

דער פֿאָרשלאָג, אַז די אַרבעטנדיקע זאָלן אָפּגעבן איין טאָג אַ וואָך פֿאַר אַרבעטסלאָזע — ווערט אָפּגעוואָרפֿן.

12 מאַי. באַשטראָפֿט דעם שטאָט פֿון „נאַשע ווּרעמיאַ״ צוליבן אַרבעטן דעם ערשטן מאַי.

19 „ קאָנפֿליקט מיט ז״י אונטערנעמער פֿון „נאַשע ווּרעמיאַ״ צוליב אַ רעדוקציע פֿון שכירות. נאָך אַן איינטאָגיקן שטרײַק האָבן די אונטערנעמער מסכּים געווען צוריקצוציען זייערע פֿאָדערונגען.

24 „ זיצונג מיטן אָנטייל פֿון די מיטגלידער פֿון דער צענטראַל־פֿאַרוואַלטונג, די ח״ח וואַרשאַווסקי און ליטוואַק. ס׳ווערן קעגנזײַטיק אָפּגעגעבן באַריכטן. אַ דיסקוסיע רופֿט אַרויס די פֿראַגע וועגן דער אָבּליגאַטאָרישקייט פֿון דעם אָרגאַן פֿון דער צענטראַל־פֿאַרוואַלטונג „דרוקער־אַרבעטער״ צוליב זײַן אויסגעשפּראָכן פּאַרטייִשן (בונדישן) כאַראַקטער. די פֿאָרשטייער פֿון צ״פּ באַשטייען אויף דעם, אַז ס׳איז אָבּליגאַטאָריש.

26 „ דער קולטור־אַמט האָט באַקומען אַ סובסידיע פֿאַר די ביבליאָטעקן. צוליב דעם וואָס דער פֿאַריין איז אַרויסגעטראָטן פֿון קולטור־אַמט באַקומט ער ניט קיין טייל פֿון דער סובסידיע.
באַשלאָסן זיך ווענדן נאָכאַמאָל צום קולטור־אַמט; אויב ס׳וועט ניט העלפֿן—אָנהייבן אַן אַקציע אין דער פּרעסע און זיך ווענדן אין מאַגיסטראַט.

30 יוני. באַשלאָסן אײַנגיין אויף אַ טיילווײַזער צײַטווײַליקער רעדוקציע פֿון פּערסאָנאַל בײַ קלעצקינען.

5 יולי. אויסגעווײַלט אין פֿאַרוואַלטונג 1) ה. רובאַנענקאָ—פּרעזיצער, 2) פּ. העלערשטיין — וויצע־פּרעזיצער, 3) ל. שיפּרין—סעקרעטאַר, 4) י. מאַלעץ, 5) מ. ציאַרקאָ, 6) ברעגמאַן, 7) ל. זובאָוויטש, 8) א. אַדלמאַן, 9) ח. גראָדזענסקי.
אַלס פֿאָרשטייער אין דער יוגנט־סעקציע — ח׳ רובאַנענקאָ, אין אײַנבינדער־סעקציע — ח׳ זובאָוויטש.

25 „ אונטערנעמונג אין גאָרטן מיט מרימל דײַכעס, צו פֿאַרבעסערן די פֿינאַנציעלע לאַגע פֿון פֿאַריין.

4 אַווגוסט. פֿון דער הכנסה פֿון דער אונטערנעמונג, 387 גילדן, אַסיגנירט 50 גילדן פֿאַר דער ביבליאָטעק.
— אויף דער זיצונג פֿון פֿאַרוואַלטונג איז בײַגעווען אַ גאַסט—דער פֿאַרוואַלטונגס־מיטגליד פֿון ניו־יאָרקער דרוקער־פֿאַריין ח׳ מאַקס גאָלדינג.
ס׳זײַנען אָפּגעגעבן געוואָרן קעגנזײַטיק באַריכטן וועגן דער לאַגע אין דרוקער־פֿאַך אין ווילנע און אַמעריקע.
נאָך דער זיצונג פֿאָרגעקומען אַ גלעזל טיי מיטן אָנטייל פֿון ח׳ גאָלדינג.

5 אַווגוסט. דער קולטור־אַמט ענדגילטיק געמאָלדן, אַז פֿאַר דער פֿאַריינס־ביבליאָטעק אַסיגנירט ער ניט פֿון דער מאַגיסטראַט־סובסידיע קיין גראָשן צוליבן אַרויסטריט פֿון קולטור־אַמט.

11 „ אַסיגנירט 10 גילדן פֿאַר דער קינדער־קאָלאָניע בײַם צע״ק.

14 „ ווענדונג וועגן אַ פּוילישער צײַטונג אויף קאָלעקטיווע יסודות — באַשלאָסן זיך פֿאַרשטענדיקן מיטן פּוילישן דרוקער־פֿאַריין.

25 „ די יוגנט־סעקציע זיך געווענדט וועגן איבערקוקן דעם באַשלוס ניט צו דערלויבן קיין יוגנט־פֿאָרזיצער אויף די יוגנט־פֿאַרזאַמלונגען.
באַשלאָסן, אַז די פֿראַגע וועגן פֿאָרזיצערײַ איז אָפּהענגיק פֿונעם אײַנזען פֿון די פֿאַרוואַלטונגס־פֿאָרשטייער.
— אָפּגעוואָרפֿן דעם פֿאָרשלאָג פֿון פֿאַרלאַג קלעצקין וועגן אַ ווײַטערדיקער צײַטווײַליקער רעדוקציע פֿון שטאַט. באַשלאָסן פֿאָדערן קאָמפּענסאַציע.

2 סעפּטעמבער. באַראַטונג מיט פֿאָרשטייער פֿון ליטעראַטן־פֿאַריין און האַנדלס־אָנגעשטעלטע, די ח״ח פֿאַלק הײַלפּערין און ח. וואַלט, וועגן דער אַקציע פֿון קאָמפּענסאַציע אין פֿאַרלאַג ב. קלעצקין. באַשלאָסן צו פֿירן די אַקציע אין קאָנטאַקט מיט די צענטראַלעס.

8 „ ח׳ רובאַנענקאָ געפֿאָרן קיין וואַרשע און מיט דער הילף פֿון דער צענטראַלע געוווירקט, אַז ה׳ קלעצקין האָט זיך פֿאַרפּליכט צו געבן גאַראַנטיעס וועגן קאָמפּענסאַציע פֿאַרן שטאַט.

29 „ ס׳איז בײַגעווען אויף דער זיצונג פֿון דער פֿאַרוואַלטונג אַ גאַסט פֿון פּאַלעסטינע, געוו׳ מיטגליד פֿון ווילנער דרוקער־פֿאַריין, ח׳ באַרישניק.

6 אָקטאָבער. די קולטור־קאָמיסיע האָט אײַנגעאָרדנט אַ בוך־קייט צו פֿאַרגרעסערן די ביבליאָטעק.

10 „ צוליב דער שווערער פֿינאַנציעלער לאַגע פֿון פֿאַריין ווערט פֿאַרלויפֿיק אָפּגעהאַלטן דאָס אויסצאָלן אונטערשטיצונג.
— באַשטײַערט מיט אַ האַלבן טאָג שכירות די מיטגלידער, וועלכע שטייען אויף פֿעסטע לוינען.

17 „ אויף דער ווענדונג פֿון אַ גרופּע אַרבעטסלאָזע באַשלאָסן דערלויבן נאָך אַ קאָלעקטיווע צײַטונג.

27 „ באַשלאָסן צו ווענדן זיך צום דרוקער־פֿאַריין אין אַמעריקע וועגן הילף צוליב דער קאַטאַסטראָפֿאַלער לאַגע פֿון פֿאַריין.

3 נאָוועמבער. אַ זיצונג מיטן אָנטייל פֿון אַ פֿאָרשטייער פֿון ליטעראַטן־פֿאַריין, ח׳ גראָדזענסקי, וועגן דעם קאָנפֿליקט מיטן פֿאַרלאַג קלעצקין.

21 „ דער געזעלשאַפֿטלעכער קאָמיטעט האָט זיך געווענדט וועגן אונטערשרײַבן אַ דעקלאַראַציע, אַז דער פֿאַריין





שטייט צו צום קאָמיטעט און וועט אַגיטירן אָנצוגעבן יידיש בעת דער פאָלקסציילונג ווי די מוטערשפּראַך.

באַשלאָסן, אַז הגם מיר אָגערקענען יידיש ווי די מוטערשפּראַך, געפינען מיר ניט פאַר מעגלעך צו־צושטיין צום קאָמיטעט, וועלכער איז צוזאַמענגע־שטעלט פון פאַרשיידענע בירגערלעכע עלעמענטן.

24 גאָוו. דער ניי געגרינדעטער קאָלעקטיוו האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ פינף־גראָשן צײַטונג. די שטאַטן פון די צייטונגען „ראַדיאָ" און „אָוונט־קוריער" פּראָטעסטירן, ווײַל צוליב דער קאָנקורענץ איז באַדראָט דאָס אַרבעטן אויף לויגען און זיי בעטן דערלויבן נאָר אַ 10גראָשעגע צײַטונג.

באַשלאָסן אויפצופאָדערן דעם נייעם קאָלעקטיוו פון „ווילגער מאָמענט" צו שטעלן דעם פרײַז 10 גראָשן.

דער ליטעראַטן־פאַריין פּראָטעסטירט, וואָס מען דער־לויבט אַ גײַע צײַטונג אָן אַ פאַרשטענדיקוגג מיט זיי.

1 דעצעמבער. זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג מיט פאָר־שטייער פון ליטעראַטן־פאַריין, ח"ח: קאַסטעליאַנסקי, סטאָצקי, ריקלעט און אַלק.

די פאָרשטייער פון ליטעראַטן־פאַריין מעלדן, אַז זיי מישן זיך ניט אין דער פראַגע פון פרײַז פון „וויל־גער מאָמענט" און זיי פאָדערן, אַז דער רעדאַקציע־פערסאָנאַל זאָל באַקומען אַ מיגימום־לוין.

די פאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסן: זיך אַגטשולדיקן פאַרן ליטעראַטן־פאַריין צוליבן גיט פאַרשטענדיקן זיך מיט אים, אָבער אויף קיין מינימום־לוין פאַר די רעדאַקציע־מיטגלידער גיט אײַנגיין, ווײַל אוגדזערע מיטגלידער זייגען גיט קיין אוגטערגעמער, נאָר אַ קאָלעקטיוו. בעטן דעם ליטעראַטן־פאַריין רעווידירן זײַן באַשלוס וועגן פרײַז און מיגימום־לוין.

12 דעצ. דער קאָלעקטיוו האָט זיך גיט אונטערגעוואָרפן דעם באַשלוס וועגן העכערן דעם פרײַז פון „ווילגער מאָמענט" אויף 10 גראָשן און האָט אַפעלירט צו דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלוגג, וועלכע האָט זיי דערלויבט צו בלייבן בײַ 5 גראָשן.

— צוליב דער שווערער פינאַנציעלער לאַגע פון פאַריין אויסגעטיילט אַ קאָמיסיע, וועלכע זאָל זיך פאַרנעמען מיטן אַרײַגטראָגן אַ גלייכגעוויכט אין פאַרייגס־בודזשעט. אין קאָמיסיע: די ח"ח ה. רובאַ־נענקאָ, ל. שיפרין, ל. זובאָוויטש.

## 1932

5 יאַנואַר. אָפּגעוואָרפן די ווענדונג פון די אונטערגעמער וועגן אַ לוין־רעדוקציע בײַם שטאַט פון „אָוונט־קוריער".

12 " אָפּגעוואָרפן די ווענדונג פון אוגטערנעמער וועגן אַ לוין־רעדוקציע אין „ווילנער ראַדיאָ".

19 יאַגואַר. ווענדונג פון קולטור־אַמט און פראָפ' פאַריין פון קיגאָ־ און טעאַטער־אָנגעשטעלטע וועגן שטיצן זיי אין קאָגפליקט מיטן אוגטערנעמער פון „פּאַן".

באַשלאָסן מיטצוהעלפן מיט אַלע מעגלעכקייטן.

20 " זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג צוזאַמען מיט פאָר־שטייער פון די שטאַטן און רעדאַקציע־פערסאָנאַלן וועגן דער געפאָדערטער לוין־רעדוקציע אין „אָוונט־קוריער" און „ראַדיאָ", וואָס ווערט מאָטיווירט מיטן דערשײַנען פון דער קאָגקורענץ־צײַטוגג „ווילגער מאָמענט".

באַשלאָסן ניט אײַגגיין אויף קיין רעדוקציע.

22 " די אַלגעמײַנע פאַרזאַמלונג אָגגענומען דעם פאָר־שלאָג, אַז דער „ווילגער מאָמענט" דאַרף קאָסטן 10 גראָשן.

25 „ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג מיטן אָנטייל פון פאָר־שטייער פון זשורגאַליסטן־סינדיקאַט די ח"ח: פּ. קאָן, נ. קאַסטעליאַנסקי און א. י. גראָדזענסקי, וועגן דער געפאָדערטער רעדוקציע אין „אָוונט־קוריער" און „ווילגער ראַדיאָ".

26 " באַשלאָסן, אַז די יוגגטלעכע דאַרפן צאָלן 4 פּראָצענט מיטגלידס־אָפּצאָל צוגלײַך מיט די עלטערע.

— קאָלעקטיוו פון „ווילנער מאָמענט" אַפּעלירט קעגן דעם באַשלוס וועגן 10 גר און פאָדערט אַ 2טע פאַרזאַמלוגג.

באַשלאָסן, אַז זיי דאַרפן האָבן $^2/_8$ אונטערשריפטן פון די פאַריינס־מיטגלידער, כּדי צו רופן אַן אַלגע־מייגע פאַרזאַמלונג.

1 פעברואַר. דער קאָלעקטיוו „ווילגער מאָמעגט" וואַרפט זיך ניט אונטער דעם באַשלוס פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג וועגן שטעלן דעם פרײַז 10 גראָשן.

אולטימאַטום פון פאַרוואַלטונג צו יעדן מיטגליד פון „וו' מאָמעגט" אוגטערצוואַרפן זיך די באַשלוסן.

6 " קאָלעקטיוו „וו' מאָמעגט" צוגעשטעלט $^2/_8$ שטימען וועגן רעווידירן דעם באַשלוס וועגן 10 גר.

— אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג באַשלאָסן אײַנצוגיין אויף אַן אַלגעמייגער לוין־רעדוקציע פון 10 פּראָצ'.

— די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג געענדערט דעם פריער־דיקן באַשלוס און דערלויבט, אַז דער „ווילנער מאָ־מעגט" זאָל ווײַטער דערשײַגען פאַרן פרײַז פון 5 גר.

9 " ווענדונג פון גראָדנער דרוקער־פאַריין וועגן ניט דערלויבן שיקן קיין צײַטונגען מיט ליידיקע זײַטן פון ווילנע.

8 מערץ. ניט דערלויבט אַרויסצולאָזן אויף קאָלעקטיווע יסודות אַ 4טע זײַט „פאָלקסצײַטונג" איין מאָל אין וואָך—שבת.

— אײַגלאַדונג פון קולטור־אַמט אויף אַ קאָנפערענץ וועגן אַן אַלגעמיינעם שטרײַק דעם 16טן מערץ.





דער דרוקער=פּערסאָנאַל פון „ווילנער טאָג" (1936)

עס שטייען פון רעכטס: צ. רודזשעווסקי, ח. נינזבורג, ה. מערייגע, ה. קאַנטאָר, ל. ענגעלשטערן, מ. פּיאָרע, ל. בערמאַן, נ. אבראַ-מאָוויטש, ה. פּרעסמאַן. עס זיצן פון רעכטס: פ. פראַנקפורט, א. י. מיאַדלער, י. גלאַז, נ. בעגניס, ש. שולקין, ד. שטריפּונסקי.



אין זעצעריי פון „ווילנער ראַדיאָ"

עס שטייען פון רעכטס: דבורה נעמענטשינסקי, ל. מולער, ל. ראָס, י. שמולאָוויטש, י. בעגניס און ל. זובאָוויטש.

באַשלאָסן אָנטיילצונעמען אין דער קאָנפערענץ און אויפהייבן די פראַגע וועגן ניט איינלאַדן דעם זעמשער־פאַריין און די איבעריקע פאַריינען; אויב דער ענטפער וועט זיין ניט באַפרידיקנדיק — פאַרלאָזן די קאָנפערענץ.

די פאָרשטייער האָבן די קאָנפערענץ פאַרלאָזן.

17 מערץ. צירקולאַר פון צענטראַל־פאַרוואַלטונג וועגן צושטיין צום שטרייק.

באַשלאָסן צוצושטיין צום אַלגעמיינעם שטרייק.

2 אַפּריל. אונטערנעמונג מיט מ. דײַכעס פאַר דער פאַריינס־קאַסע.

17 " באַשלאָסן, אַז דעם 1טן מאַי טאָרן ניט דערשיינען קיין צייטונגען מיט דער דאַטע פון 1טן מאַי.

5 מאַי. זיצונג מיטן אָנטייל פון אַ פאָרשטייער פון גראָדנער דרוקער־פאַריין וועגן ניט דערלויבן שיקן דעם „ווילנער מאָמענט" מיט אַ ליידיקער זייט אין גראָדנע.

באַשלאָסן אָפּצושטעלן דאָס אַרויסשיקן די צייטונג.

10 " ניט געקוקט אויפן פאַרבאָט, ווערט דער „ווילנער מאָמענט" געשיקט אין גראָדנע. באַשלאָסן אָפּצושטעלן דעם גאַנצן שטאַט אין זייערע רעכט אַלס מיטגלידער.

24 " די מיטגלידער פון קאָלעקטיוו „ווילנער מאָמענט" אַפּעלירן קעגן אָפּשטעלן זיי אין די פאַריינס־רעכט. באַשטראָפט די מיטגלידער אינדיווידועל. טייל ווערט אויסגעשלאָסן צייטווייליק און טייל דאַרף זיך אַנטשולדיקן עפנטלעך.

— אָפּגעוואָרפן די רעדוקציע־פאָדערונג פון אונטערנעמער פון „ווילנער ראַדיאָ".

29 " קאָנפליקט מיטן אונטערנעמער פון „נאַשע וורעמיאַ" צוליב אַ שכירות־רעדוקציע.

— 3שעהדיקער שטרייק אין „אָוונט־קוריער" צוליב ניט וועלן צולאָזן אַרבעטסלאָזע צופּצואַרבעטן פאַר די ערב־פסח־טעג.

די פאָדערונג איז נאָכגעגעבן געוואָרן.

31 " קאָנפליקט מיט די אונטערנעמער גאַרבער צוליבן ניט נעמען קיין פאַריינס־מיטגלידער. דער יוגנטלעכער, וואָס אַרבעט דאָרטן, זיך אָפּגעזאָגט אַראָפּצוגיין פון דער אַרבעט.

פאַרעפנטלעכט אַ קאָמוניקאַט, אַז ער איז אַ שטרייק־ברעכער.

12 יוני. צוליב דער פאָדערונג וועגן אַ רעדוקציע אין „אָוונט־קוריער" און „ראַדיאָ" באַשלאָסן: היות דער „ווילנער מאָמענט" האָט געבראָכן די גאַנצקייט פון פאַריין און באַרעכטיקט ניט דעם ציל, צו וועלכן מ'האָט געשטרעבט, ווייל דאָס לינדערט ניט די אַרבעטסלאָזיקייט, פאָרלייגן דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג צו שליסן דעם „ווילנער מאָמענט".

21 יוני. די וואָס אַרבעטן אויף פעסטע לוינען, מסכים געווען אָפּצוגעבן צו האַלבע טעג פאַר אַרבעטסלאָזע.

— ווענדונג פון פראָפ' פאַריין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע וועגן אונטערשטיצן זייער שטרייק קעגן דער קהילה.

26 " היות ווי ס'איז ניטאָ קיין גאַראַנטיעס וועגן קומען אַנטקעגן די אַרבעטסלאָזע, שטעלט מען ניט די פראַגע וועגן „ווילנער מאָמענט". קיין פאַרזאַמלונג ווערט ניט צונויפגערופן.

5 יולי. זיצונג מיט דער באַטייליקונג פון אַ פאָרשטייער פון זשורנאַליסטן־סינדיקאַט. אָפּגעוואָרפן די פאָדערונג וועגן אַ 25פּראָצ' רעדוקציע אין די צייטונגען „אָוונט־קוריער" און „ראַדיאָ".

13 " זיצונג מיטן אָנטייל פון פאָרשטייער פון זשורנאַליסטן־סינדיקאַט: פּ. קאָן און ל. סטאָצקי. אָפּגעוואָרפן די ווענדונג וועגן אַ 25פּראָצענטיקער רעדוקציע אין „אָוונט־קוריער" און „ראַדיאָ".

17 " צוליב אָפּזאָג פון די אונטערנעמער צו רעזיגנירן פון דער געפּלאַנטער רעדוקציע — האָט דעם „אָוונט־קוריער" איבערגענומען דער רעד' א. י. גראָדזענסקי. די פריערדיקע אונטערנעמער האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ צייטונג מיט שטרייקברעכער.

אויף דער ווענדונג פון די אונטערנעמער צו באַנייען די אונטערהאַנדלונגען, האָט די פאַרוואַלטונג צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון זשורנאַליסטן־סינדיקאַט פּ. קאָן, ל. סטאָצקי און י. ריקלעס באַשלאָסן: די שטרייק־ברעכערישע צייטונג מוז אָפּגעשטעלט ווערן, פירן אַ שאַרפע אַקציע קעגן דער 5גראָשענער שטרייק־ברעכערישער צייטונג.

22 " די פאַרוואַלטונג איז איינגעגאַנגען אויף אַ רעדוקציע פון 7 אַ האַלב פּראָצ' אין „אָוונט־קוריער" און „ראַדיאָ". דער „אָוונט־קוריער" איז איבערגעגאַנגען צוריק צו די פריערדיקע אונטערנעמער.

— די 5גראָשענע שטרייקברעכערישע צייטונג איז ליקווידירט געוואָרן.

26 " דער אונטערנעמער פון „ווילנער ראַדיאָ" האָט געמאָלדן, אַז ער רעדוצירט די לוינען אויף 20 פּראָצ'. באַשלאָסן אויף דער רעדוקציע ניט איינגיין. אויב דער אונטערנעמער וועט פון דער רעדוקציע ניט רעזיגנירן, אָננעמען אַלע מיטלען, אַפילו ביז איבערנעמען די צייטונג אויף קאָלעקטיווע יסודות.

אויב ס'וועט זיין נייטיק, דעלעגירן וועגן דעם ענין דעם ח' רובאַנענקאָ קיין וואַרשע. די אַקציע ווערט געפירט צוזאַמען מיטן זשורנאַליסטן־סינדיקאַט.

4 סעפּטעמבער. די דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג האָט גענדערט דעם מאָדוס פון מיטגלידס־אָפּצאָל. אַנשטאָט 4 פּראָצענט פון אַלעמען, באַשלאָסן: די וואָס פאַר־

דינען ביז 20 גילדן—2 פראָצ׳, פון 20 ג׳ — 3 פראָצ׳ פון 30 ג׳ — 4 פראָצ׳, פון 50 ג׳ — 5 פראָצ׳.

4 אָקטאָבער. דערלויבט אַ גרופּע אַרבעטסלאָזע מיט־גלידער אַרויסצולאָזן אַ 5 גר מוטאַציע־צײַטונג נאָכ־מיטאָג, אויף קאָלעקטיווע יסודות.

18 " דער זשורנאַליסטן־סינדיקאַט פּראָטעסטירט קעגן דער־לויבן די נײַע צײַטונג אָן אַ פאַרשטענדיקונג מיט אים. דער זשורנאַליסטן־סינדיקאַט וועט די צײַטונג באַקעמפן.

— די אונטערנעמער פון „אָוונט־קוריער" האָבן גע־מאָלדן, אַז צוליבן דערלויבן די נײַע 5גראָשענע צײַטונג וועלן זיי רעדוצירן אַ האַלבן שטאַט און אַרויסלאָזן אויך די צייטונג פאַר 5 גר. אין קעגנפאַל זאָל מען זיי אויך דערלויבן אַרבעטן אויף קאָלעק־טיווע יסודות.

— די פאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסן שליסן דעם „ווילנער עקספּרעס". פון דער קומעדיקער וואָך דאַרפן אָפּגעגעבן ווערן טעג אַרבעט פאַר אַרבעטס־לאָזע.

25 " ווענדונג פון אַרטיסטן = פאַריין וועגן מיטהעלפן באַ־קעמפן די אָפּגעשפּאָלטענע ניט = פאַריינס = טרופּע „אַראַראַט".

באַשלאָסן מיטצוהעלפן מיט אַלע מעגלעכקייטן און זיך פאַרשטענדיקן וועגן דעם מיטן זשורנאַליסטן־סינדיקאַט.

— די אונטערנעמער פון „דאָס וואָרט" האָבן געקינ־דיקט דעם פּערסאָנאַל. זיי לייגן פאָר צו אַרבעטן אויף קאָלעקטיווע יסודות.

26 " טעלעפאָנישע ווענדונג פון דער דרוקער־צענטראַלע וועגן מיטהעלפן דעם אַרטיסטן־פאַריין אין קאַמף קעגן דער ניט־פאַריינס־טרופּע.

באַשלאָסן ניט דערלויבן דרוקן קיין אַנאָנסן פון „אַראַראַט".

50 פראָצ׳ פונעם מאַטעריעלן שאָדן דאַרף דעקן דער אַרטיסטן־פאַריין.

31 " באַשטראָפט אַ זעצער און מעטראַנפּאַזש צוליבן זעצן און אָפּדרוקן אַן אַרטיקל פון רעדאַקטאָר פון „ווילנער מאָמענט" קעגן דער סאָלידאַריטעט־אַקציע פון פאַריין קעגן „אַראַראַט".

1 נאָוועמבער. געשיקט אַ פּראָטעסט אין זשורנאַליסטן־סינדיקאַט קעגן קריטיקירן צו שאַרף די סאָלידאַריטעט־אַקציע פון דרוקער = פאַריין בײַם באַקעמפן דעם „אַראַראַט".

8 " ווענדונג פון אַן אונטערנעמער איבערצונעמען די פרימאָרגן = צײַטונגען אויף לוין־באַדינגונגען און אָפּ־צושאַפן די קאָלעקטיוון.

די קאָלעקטיוויסטן האָבן מסכים געווען. די אונטער־נעמער האָבן איבערגענומען... האַנדלונגען זײַנען איבערגעריסן געוואָרן, ווײַל דער אונטערנעמער האָט ניט געגעבן קיין גאַראַנטיעס.

25 נאָוו. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן, אַז אַלע יונגטלעכע וואָס זײַנען אַלט 18 יאָר און זײַנען 4 יאָר אין פאַך, ווערן אַווטאָמאַטיש מיטגלידער פון פאַריין.

— די פינאַנסיעלע לאַגע פון פאַריין איז צוליב דער אַרבעטסלאָזיקייט אַ קאַטאַסטראָפאַלע.

— אויסגעוויילט אין פאַרוואַלטונג: 1) ה. רובאַנענקאָ— פאָרזיצער, 2) א. אַדלמאַן — וויצע = פאָרזיצער, 3) ל. שיפרין — סעקרעטאַר, 4) פ. העלערשטיין, 5) מ. ציאַרקאָ, 6) ל. מולער, 7) ל. זובאָוויטש, 8) מ, סטעקין, 9) א. גאַלאָמב.

פאַרשטייער אין אײַנבינדער־סעקציע — ל. זובאָוויטש.

אין קולטור = קאָמיסיע — א. אַדלמאַן, ל. שיפרין, א. גאַלאָמב.

13 דעצעמבער. אונטערנעמער זיך געווענדט וועגן איבער־נעמען די קאָלעקטיווע צײַטונגען אויף לוינען.

די שטאַטן פון די קאָלעקטיוון און די פאַרוואַלטונג האָבן מסכים געווען. דער זשורנאַליסטן־סינדיקאַט האָט די באַדינגונגען אָפּגעוואָרפן און די אונטער־האַנדלונגען זײַנען דעריבער איבערגעריסן געוואָרן.

20 " אַן אונטערנעמער פאָרגעלייגט אַרויסצוגעבן אַ צײַטונג אויף לוינען, טעגלעך 6 זײַט, פרײַטאָג און זונטאָג— 8 זײַטן.

די פאַרוואַלטונג האָט ניט מסכים געווען אויף די אַרויסגעשטעלטע באַדינגונגען.

## 1933

10 יאַנואַר. רעדוקציע בײַ ראָמען. געגאַנגען אויף אַ הנחה אין ענין קאָמפּענסאַציע. רעזיגנירט פון דער אָנגענו־מענער שטיק = אַרבעט און געפאָדערט באַשטימטע לוינען.

22 " אויף דער ווענדונג פון ביאַליסטאָקער דרוקער־פאַריין פאַרווערט אַרויסצושיקן די מוטאַציע־צײַטונג „אָוונט־קוריער".

25 פעברואַר. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג באַשלאָסן: איבערגעבן דער פאַרוואַלטונג צו ליקווידירן דעם „ווילנער מאָמענט" ווען זי וועט געפינען פאַר נייטיק און דערבײַ זוכן קוועלן צו שטיצן די אַרבעטסלאָזע.

14 מערץ. צוליב אַרויסטריט פון ח׳ רובאַנענקאָ, פאָרגע־קומען אַ רעקאָנסטרוקציע פון פאַרוואַלטונג: פאָרזי־צער — א. אַדלמאַן, פ. העלערשטיין—וויצע־פאָרזי־צער, ל. שיפרין—סעקרעטאַר.

28 " באַשלאָסן שליסן דעם „ווילנער מאָמענט" און פאַר־טיילן אַרבעט דעם געוו׳ שטאַט אין „קוריער", „ראַדיאָ" און „טאָג".



28 אַפּריל. באַשלאָסן געוואָרן אָנטיילצונעמען אין דער 1טער מאַי=דעמאָנסטראַציע. די צײַטונגען דערשײַנען ניט אין טאָג פון 1טן מאַי.

16 מאַי. אַסיגנירט 5 גילדן אַלס אויסדרוק פון סאָלידאַריטעט מיט די שטרײַקנדיקע טעקסטיל=אַרבעטער.

13 יוני. אַסיגנירט 5 גילדן פאַר דער קינדער=קאָלאָניע בײַם צע״ק.

„ 27 אַסיגנירט 15 גילדן און דורכגעפירט אַ באַשטײַערונג אין פאַך פאַר אַ קראַנקן חבר.

15 אַווגוסט. אויסגעוויילט אין פאַרוואַלטונג: 1) א. אַדלמאַן—פאָרזיצער, 2) ה. רובאַנענקאָ—וויצע=פאָרזיצער, 3) ל. שיפּרין — סעקרעטאַר, 4) ל. זובאָוויטש, 5) מ. ציאַרקאָ, 6) י. בענגיס, 7) מ. סטעקין, 8) פּ. העלערשטיין, 9) י. פּאַץ. אַלס פאָרשטייער בײַ די אײַנבינדער— מ. סטעקין, אין קולטור=קאָמיסיע אַדלמאַן, שיפּרין, העלערשטיין, בענגיס.

״ 17 אַסיגנירט 10 גילדן פאַר אַ קראַנקן חבר.

״ 27 ס'האָט אָנגעהויבן דערשײַנען אַ 5גראָשן=צײַטונג „מעסלעס" אָן דער ערלויבעניש פון פאַריין. ס'אַרבעטן דערבײַ 2 פאַריינס=מיטגלידער און די איבעריקע אַזעלכע, וועלכע האָבן קיינמאָל צום פאַריין ניט געהערט. צוויי פּוילישע מאַשיניסטן האָט זיך אײַנגעגעבן אַראָפּצונעמען פון דער אַרבעט, די איבעריקע וואָס אַרבעטן דאָרטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט אַראָפּצוגיין. אויף די מיטגלידער פון פאַרוואַלטונג האָט מען זיך געוואָרפן שלאָגן.

די פאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסן: אויסשליסן די 2 פאַריינס=מיטגלידער פון פאַריין און פאַרעפנטלעכן וועגן דעם אין דער פּרעסע; ערקלערן אַ שטרײַק אין פאַרלאַג קלעצקין (ווו ס'דרוקט זיך די צײַטונג), אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט די פאַריינס=מיטגלידער וואָס אַרבעטן אין פאַרלאַג, זיך ווענדן צו די פּראָפ' פאַריינען וועגן מאָראַלישער אונטערשטיצונג, זיך ווענדן צום פּראָפ' פאַריין פון צייטונגס=פאַרשפּרייטער וועגן ניט פאַרשפּרייטן די צײַטונג, זיך ווענדן צו אַלע רעדאַקציעס וועגן ניט שיקן אין „מעסלעס" קיין טויש=עקזעמפּליאַרן, פאָדערן אין די אַנאָנסן=קאַנטאָרן ניט צו געבן אין „מעסלעס" קיין אַנאָנסן.

אויסגעטיילט אַ קאָמיסיע אָנצופירן די אַקציע קעגן „מעסלעס": א. אַדלמאַן, ל. שיפּרין, ה. רובאַנענקאָ, מ. סטעקין.

״ 28 די אַרויסגעבער פון „מעסלעס" האָבן פאַרשפּרייט אַן אויפרוף: „אַ ווענדונג צו דער געזעלשאַפט וועגן דעם „הייליקן" קרייצצוג פון די צײַטונגס=באַלעבאַטים קעגן אַרבעטסלאָזע". דער אויפרוף איז פול מיט זידלערײַען אויפן אַדרעס פון דרוקער=פאַריין און זשורנאַליסטן=סינדיקאַט.

29 אַווגוסט. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אָנגענומען אַ שאַרפע פּראָטעסט=רעזאָלוציע קעגן די אַלע, וועלכע העלפן מיט די פאַריינס=ברעכער פון „מעסלעס" און שטעמפּלט זייער ראָלע ווי אַ פאַרברעכערישע לגבי דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג.

״ 31 זיך געווענדט צום ליטעראַטן=פאַריין און זשורנאַליסטן=סינדיקאַט וועגן אָננעמען ענערגישע מיטלען קעגן זייערע מיטגלידער, וועלכע אַרבעטן אין „מעסלעס".

אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאָג וועגן ווענדן זיך נאָך הילף צום קולטור=אַמט אין דער אַקציע קעגן „מעסלעס".

4 סעפּטעמבער. ס'איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון ליטעראַטן=פאַריין וועגן דער צײַטונג „מעסלעס". די דעלעגירטע פאָרשטייער פון פאַרוואַלטונג זײַנען אויף דער פאַרזאַמלונג ניט צוגעלאָזן געוואָרן.

דער ליטעראַטן=פאַריין האָט אויסגעקליבן אַ קאָמיסיע, וועלכע זאָל אונטערהאַנדלען מיטן דרוקער=פאַריין וועגן „מעסלעס". צוליב דער באַציונג צו אונדזערע פאָרשטייער אויף דער פאַרזאַמלונג — באַשלאָסן ניט צו אונטערהאַנדלען מיט דער אויסגעטיילטער קאָמיסיע.

דעלעגירט קיין וואַרשע צו דער צענטראַל=פאַרוואַלטונג וועגן ענין „מעסלעס" די ח״ח: ה. רובאַנענקאָ און ל. שיפּרין.

באַשלאָסן צונויפרופן אַ קאָנפערענץ פון אַלע פּראָפ' פאַריינען אויף דעם 9 ה״ח און אינפאָרמירן וועגן גאַנג פון דער אַקציע קעגן „מעסלעס".

״ 12 אַדאַנק דער הילף פון צענטראַל=פאַרוואַלטונג און די אָנגענומענע מיטלען איז די צײַטונג „מעסלעס" אָפּגעשטעלט געוואָרן. דער שטרײַק אין פאַרלאַג קלעצקין איז אָפּגערופן געוואָרן.

״ 19 אויף דער ווענדונג פון קולטור=אַמט אַסיגנירט 10 גל' אויף רעסטאַווירירן די ברידער=קברים פון די קרבנות פון 1905 און 1919.

15 אָקטאָבער. צוליב די חרטה=אויסדרוקן פון די 2 מיטגלידער, וועלכע האָבן געאַרבעט אויפן „מעסלעס", האָט די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג באַשטראָפט די 2 מיטגלידער: מיט צונעמען בײַ זיי דאָס רעכט אויף אַרבעט אויף אַ מאָנאַט צײַט, מיט אַ געלט=שטראָף ווען זיי שטעלן זיך אַרבעטן, פאַרלירן די אַקטיווע און פּאַסיווע וואַל=רעכט אויף 6 מאָנאַטן און פאַרעפנטלעכן אַן אַנטשולדיקונג אין דער פּרעסע.

— די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג באַשלאָסן, נאָך אַ העפטיקער דיסקוסיע, אָנטיילצונעמען אין אַנטי=היטלער=קאָמיטעט, געשאַפן לויט דער איניציאַטיווע





**זעצער=פערסאָנאַל פון „ווילנער עקספרעס"**

עס שטייען (פון רעכטס): י. סטריפונסקי, י. פאַץ, א. בולקין, י. סטריפונסקי און ש. קרוג־יאַן.
עס זיצן (פון רעכטס): נ. פרידנשטיין, ד. בערנשטיין, א. גאָרדאָן, א. אדעלמאַן און ח. ברעגמאַן.



לייב קאמערמאַכער — בייס זאַץ-קאַסטן (אין סלאַדקינס דרוקעריי).

פון „בונד", וועלכער שטעלט זיך פאַר אַן אויפגאַבע צו פאַרשטאַרקן דעם באָיקאָט קעגן היטלער-דייַטש-לאַנד און שאַפן מיטלען פאַר די אַרבעטער-קרבנות פון היטלער-לאַנד. דעלעגירט אַלס פאָרשטייער אין קאָמיטעט די ח"ח: רובאַנענקאָ און פּאַץ.

— ווענדונג פון אונטערנעמער וועגן איבערנעמען די פרימאָרגן-צייַטונגען אויף לוין-באַדינגונגען.

17 אָ ק ט אָ ב ע ר. פאַרזאַמלונג פון די שטאַטן „טאָג" און „צייַט" באַשלאָסן איבערצוגיין אויף לוינען צו אַן אונטער-נעמער אויב די פאַרוואַלטונג וועט אַקצעפּטירן די באַדינגונגען.

24 " דעלעגירט דעם ח' א. אַדלמאַן אין וואַרשע אויף דער קאָנפערענץ פון לאַנד-ראַט און קאָנגרעס פון די פראָפ' פאַרייַנען אין פוילן.

31 " ווענדונג פון די ליטאָגראַפן-אַרבעטער אָנצונעמען זיי ווי אַ סעקציע בייַם דרוקער-פאַריין. אויסגעטיילט אַ קאָמיסיע, וועלכע זאָלן אויסאַרבעטן די דעטאַלן פון אָנשליסן זיי ווי אַ סעקציע.

14 נ אָ וו ע מ ב ע ר. ליקווידירט דעם קאָנפליקט אין „נאַשע ווּרעמיאַ". ס'זייַנען נאָרמאַליזירט געוואָרן די אַרבעטס-באַדינגונגען.

16 " ווענדונג פון פראָפ' פאַריין פון האַנדלס-אָנגעשטעלטע וועגן אונטערשטיצן דעם שטרייַק אין „טאָז" און אָפּ-שטעלן דעם „פאָלקסגעזונט".

ניט געקוקט, וואָס דער „פאָלקסגעזונט" דרוקט זיך אין אַ ווינקל-דרוקערייַ, באַשלאָסן אָננעמען מיטלען אָפּצושטעלן דאָס דרוקן דעם „פאָלקסגעזונט".

21 " באַשטראָפט די 2 זעצער ניט-פאַריינס-מיטגלידער וועלכע האָבן געאַרבעט אויפן „מעסלעס" און באַ-שלאָסן זיי אָנצונעמען אין פאַריין.

— אויסגעטיילט אַ קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון די ח"ח: ל. שיפרין, א. אַדלמאַן און ל. זובאָוויטש צוצושטעלן אַ באַריכט וועגן דער פינאַנסיעלער לאַגע פון פאַריין און אַ פראָיעקט פון ווייטערדיקער אונטערשטיצונג פאַר אַרבעטסלאָזע. דער אויסגעאַרבעטער פראָיעקט איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער פאַרוואַלטונג.

5 ד ע צ ע מ ב ע ר. קאָנפליקט מיטן פאַרלאַג „טאָמאָר" צוליב קאָמפּענסאַציע פאַר אַ געקינדיקטן זעצער.

— צוליב דער גוואַלדיקער אַרבעטסלאָזיקייט דער-לויבט אַ שטאַט פאַר אַ פוילישער צייַטונג פון „מלוכה-געדאַנק" אויף רעדוצירטע לוינען.

12 " דערלויבט אַ שטאַט אויף אַ ייִדישער צייטונג („פרי-מאָרגן") אויף קלענערע לוינען.

— פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון דער ליטאָגראַפן-סעקציע און אויסגעוויילט אַ פאַרוואַלטונג.

— ערליידיקט דעם קאָנפליקט מיטן פאַרלאַג „טאָמאָר".

17 ד ע צ ע מ ב ע ר. אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פראָטעסטירט קעגן פאַרשמעלערן די רעכט פון די אַרבעטער אין די קראַנקן-קאַסעס און קעגן צוואַנג-אַרביטראַזש.

—באַשלאָסן דורכפירן אַ $^1/_2$-טאָגיקן פראָטעסט-שטרייַק אין אַלע אונטערנעמונגען.

19 " באַשלאָסן פונאַנדערצולאָזן די אייַנבינדער-סעקציע צוליב איר פאַסיווקייט.

## 1934

9 י אַ נ ו אַ ר. זיצונג פון פאַרוואַלטונג מיטן אָנטייל פון אַ פאָרשטייער פון זשורנאַליסטן-סינדיקאַט. אייַנגע-גאַנגען אויף 10 פראָצ' רעדוקציע אין „אָוונט-קוריער".

10 " אָנשטאָט דער פוילישער צייַטונג פון „מלוכה-געדאַנק", וועלכע האָט געזאָלט ערשייַנען, ווערט אַרויסגעגעבן אַ יידישע צייַטונג „אונזער שטימע".

24 " אַסיגנירט פאַר שטרייַקנדיקע וואַלד-אַרבעטער 10 גל.

28 " די אונטערנעמער פון „פרימאָרגן" האָבן געמאָלדן, אַז זיי שטעלן אָפּ די צייַטונג. די אַלגעמיינע פאַר-זאַמלונג ערלויבט דעם שטאַט איבערצוגיין אויף קאָלעקטיווע יסודות.

30 " דעלעגירט אַלס פאָרשטייער אין ליטאָגראַפן-סעקציע דעם ח' י. בענגיס.

27 פ ע ב ר ו אַ ר. אַ געוו' רעדאַקציע-מיטגליד פון „מעסלעס" זיך שריפטלעך אַנטשולדיקט פאַר דער פאַרוואַלטונג פאַרן אַרויסטרעטן קעגן די באַשלוסן פון פאַריין און געבעטן ניט מאַכן אים קיין שוועריקייטן בייַם באַקומען אַרבעט.

די פאַרוואַלטונג האָט די אַנטשולדיקונג גענומען צו קענטעניש און געמאָלדן וועגן דעם דעם זשורנאַליסטן-סינדיקאַט.

10 מ ע ר ץ. אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג דערלויבט אַ 5-גראָשן-צייַטונג אויף מינימאַלע לוינען מיט דער באַוואָרעניש, אַז ס'טאָר ניט ווערן קיין קאָלעקטיוו.

3 אַ פ ר י ל. מעלדונג פון צענטראַל-פאַרוואַלטונג וועגן אַ קאָנפליקט מיט דער וואַרשעווער צייַטונג „נאַש פשעגלאָנד". ווענדונג וועגן מיטהעלפן אין דער אַקציע. באַשלאָסן אָננעמען אַלע מיטלען קעגן פאַרשפּרייטן די צייטונג אין ווילנע.

10 " באַשלאָסן זיך ווענדן צו דער קרייַז-קאָמיסיע וועגן אָנשליסן אונזער פאַריין.

14 " סובסידיע פאַר דער ביבליאָטעק 15 גילדן.

25 " עקסטרע זיצונג פון פאַרוואַלטונג מיט פאָרשטייער פון די אונטערנעמונגען צוליב דער געשאַפענער לאַגע אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַרבעטסלאָזיקייט (45 אַרבעטסלאָזע, צווישן זיי 29 זעצער). די צייַטונג פון „מלוכה-געדאַנק" — „אונזער שטימע" און דער רעוויזיאָניסטישער „פרימאָרגן" האָבן זיך ליקווידירט.

ס'זײַנען געווען פאָלגנדיקע פּראָיעקטן: 1) אַרויסגעבן 2 צײַטונגען. אויף קאָלעקטיווע יסודות (1 פּרימאָרגן, 1 נאָכמיטאָג), 2) שאַפן נאָך אַ פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוו, 3) די עקסיסטירנדיקע צײַטונגען זאָלן אַרויסלאָזן ספּעציעלע בײַלאַגעס 1 מאָל אין וואָך, בײַ וועלכע ס'זאָלן ווערן באַשעפטיקט אַרבעטסלאָזע. 4) באַשטײַערן די אַרבעטנדיקע מיט טעג אַרבעט.

צוליב דעם וואָס מען האָט ניט געקענט קומען צו קיין הסכם וועגן קיין איינעם פון די פּאַרשלאָגן איז באַשלאָסן געוואָרן: געבן די אַרבעטסלאָזע פרײַע הענט צו שאַפן וואָס ס'לאָזט זיך, אָבער אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן.

28 אַפּריל. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג האָט אָפּגעוואָרפן דעם באַשלוס פון דער פאַרברייטערטער זיצונג וועגן געבן די מיטגלידער פרײַע הענט בײַם שאַפן אַרבעט. באַשלאָסן געוואָרן: איבערגעבן דער פאַרוואַלטונג דורכצופירן אין אַלע צײַטונגען דעם פּראָיעקט וועגן ספּעציעלע בײַלאַגעס פאַר די אַרבעטסלאָזע.

29 „ אויסגעטיילט אַ קאָמיסיע (אַדלמאַן, שיפּרין), וועלכע זאָל דורכפירן דעם באַשלוס וועגן ספּעציעלע בײַלאַגעס פאַר די אַרבעטסלאָזע.

1 מאַי. אין די אונטערנעמונגען האָט מען ניט געאַרבעט. די צײַטונגען זײַנען ניט ערשינען.

8 „ צוליב דער פאָדערונג פון זשורנאַליסטן־סינדיקאַט, אַז אויף די ספּעציעלע בײַלאַגעס זאָלן אויך באַשעפטיקט ווערן אַרבעטסלאָזע זשורנאַליסטן, וואָס ענדערט אינגאַנצן די מעגלעכקײַט פון האָבן אַ געוויסע הכנסה פון די בײַלאַגעס — רעזיגנירט פון דורכפירן דעם פּראָיעקט.

— ערלויבט צו שאַפן אַ פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוו בײַ קלעצקינען אין דרוקערײַ.

13 „ אַ צווייטער געוו' רעדאַקציע־מיטאַרבעטער פון „מעסלעס" זיך שריפטלעך אַנטשולדיקט פאַר דער פאַרוואַלטונג צוליב זײַן האַנדלען קעגן די באַשלוסן פון פאַרוואַלטונג.

— דערלויבט אַ בײַטאָגיקע 5 גראָשן־צײַטונג „ווילנער עקספּרעס" אויף רעדוצירטע לוין־באַדינגונגען. געשיקט 14 זעצער צו האַלבע וואָכן.

29 „ אַסיגנירט 5 גילדן פאַר דער טאָגהיים בײַ „יאַף".

13 יולי. ווענדונג פון גלובאָקער דרוקער־אַרבעטער וועגן מיטהעלפן זיי זיך אָרגאַניזירן אין אַ פאַריין, אָדער אײַנשליסן זיי אין אונדזער פאַריין.

באַשלאָסן זיך פאַרשטענדיקן וועגן דעם מיט דער צענטראַלע.

— „אילוסטרירטער מאָרגן־קוריער" — ערשינען 7 טעג אויף לוין־באַדינגונגען — האָט אויפגעהערט אַרויסצוגיין צוליבן וועלן ענדערן די באַדינגונגען, וואָס איז פון דער פאַרוואַלטונג אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

4 סעפּטעמבער. אַסיגנירט 10 גילדן פאַר שטרײַקנדיקע נאָדל־אַרבעטער.

25 „ אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. פאַר דער קאָדענץ פון דער פאַרוואַלטונג אַרויסגעגעבן אונטערשטיצונג 3076 גילדן.

— געענדערט די סיסטעם פון דורכפירן די וואַלן. אַנשטאָט שיקן די קאַנדידאַטן־ליסטעס אין די שטאַטן, דאַרפן די מיטגלידער קומען אין פאַריין שטימען.

6 אָקטאָבער. ס'זײַנען אויסגעוויילט געוואָרן אין פאַרוואַלטונג: 1) א. אַדלמאַן — פאָרזיצער, 2) פ. העלערשטיין — וויצע־פאָרזיצער, 3) י. בעגוגיס — סעקרעטאַר, 4) ל. זובאָוויטש, 5) מ. ציאַרקאָ, 6) מ. סטעקין, 7) י. קאָוואַרסקי, 8) י. פּאַק, 9) א. רודאַשעווסקי. פאַרשטייער אין צענטראַלע — א. אַדלמאַן.

23 „ אַסיגנירט 5 גילדן פאַר דער קינדער־קאָלאָניע בײַם צע"ק.

27 נאָוועמבער. אַסיגנירט 10 גילדן און באַשלאָסן דורכפירן אַן איינמאָליקע באַשטײַערונג פאַר די שטרײַקנדיקע „עלעקטריט"־אַרבעטער.

4 דעצעמבער. ווענדונג פון קולטור־אַמט וועגן אָנשליסן זיך. אײַנשטימיק באַשלאָסן זיך אָנשליסן אָן קולטור־אַמט.

19 „ געמיינזאַמע זיצונג מיט פאַרשטייער פון פאַרוואַלטונג פון צײַטונגס־פאַרשפּרייטער־פאַריין וועגן קאָנפליקט צווישן די צײַטונגס־פאַרשפּרייטער און קאָלעקטיוו „ווילנער ראַדיאָ".

אַלע שטרײַט־פראַגן זײַנען ערליידיקט געוואָרן.

## 1935

8 יאַנואַר. אויף דער ווענדונג פון גראָדנער דרוקער־פאַריין געמאָלדן די אַדמיניסטראַציעס פון די צײַטונגען אַז קיין צײַטונגען אויף צו דערדרוקן אין גראָדנע טאָרן ניט געשיקט ווערן.

22 „ דאָס אָרטאָדאָקסישע וואָכנבלאַט „דאָס וואָרט" געפאָדערט רעדוצירן די לוינען בײַ די זעצער. די פאָדערונג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. דער פּערסאָנאַל איז געקינדיקט געוואָרן.

באַשלאָסן אָנהייבן אַן עפנטלעכע קאַמפּאַניע קעגן די אַרויסגעבער פון „דאָס וואָרט", וועלכע גייען דרוקן די צײַטונג אין אַ ווינקל־דרוקערײַ, ניט רעגולירנדיק די אָנגענומענע פאַרפליכטונגען וועגן קאָמפּענסאַציע.

— אַרויסגעגעבן 5 גילדן אַ דורכפאַרנדיקן זעצער.

— ווענדונג פון ליטעראַטן־פאַריין וועגן אינטערוועניר און העלפן זיי אין דער אַקציע קעגן די אונטערנעמער פון „ווילנער עקספּרעס" פאַר אַ ליטעראַט, וועלכער ווערט ניט צוגעלאָזן צו דער אַרבעט.



כאָטש ס'האַנדלט זיך וועגן אַ מיטגלידפון ליטעראַטן=
פאַריין, וועלכער האָט געבראַכט שאָדן אונדזער
פאַריין אַלס געוו'| מיטאַרבעטער פון „מעסלעס"
און וועלכער האָט זיך ביז איצט ניט אַנטשולדיקט
פאַר דער פאַרוואַלטונג פאַר זײַנע אַרויסטריטן קעגן
דרוקער=פאַריין און איז עס ניט ווערט — באַשלאָסן
מיטהעלפן אין דער אַקציע.

12 פעברואַר. אײַנגעשטעלט אַ נײַעם לוין=טאַריף פאַר
1טע און 3טע קאַטעגאָריעס.

19 " קאָמוניקאַט צו דער עפנטלעכקײַט וועגן דער האַנד=
לונג פון די אַרויסגעבער פון „דאָס וואָרט" און די
אָנפירנדיקע אָרטאָדאָקסישע קרײַזן צוליב באַזײַטיקן
פון דער אַרבעט פאַמיליען=מענטשן נאָך 10 יאָר אַרבעט,
אָפזאָגנדיק זיך צו געבן אַנטשעדיקונג און איבער=
גיין אין אַ ווינקל=דרוקערײַ, נאָכדעם ווי ס'איז ניט
געלונגען צו רײַסן די לוינען, אין דער זעלבער צײַט
ווען די דאָזיקע קרײַזן פירן אַ שאַרפע אַקציע קעגן
דער געפּלאַנטער רעדוקציע פון די שכירות פאַר
די רבנים.

20 " אָפּגעוואָרפן די פאָדערונג פון אונטערנעמער פון
„ווילנער עקספּרעס" וועגן אַ רעדוקציע. ערלויבט
דעם שטאַט איבערצונעמען די צײַטונג אויף קאָלעק=
טיווע יסודות.

10 מערץ. דער דריטער געוו' מיטאַרבעטער פון „מעסלעס"
(פאַר וועלכן די פאַרוואַלטונג האָט ניט לאַנג אינ=
טערוועניִרט בײַ די אונטערנעמער פון „ווילנער
עקספּרעס") האָט אַרײַנגעשיקט אַ שריפטלעכע אַנט=
שולדיקונג פאַר דער פאַרוואַלטונג.

16 " אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג צוליב דער דעקאָמפּלעקטירונג
פון דער פאַרוואַלטונג.
אין פאַרוואַלטונג זײַנען אויסגעוויילט געוואָרן:
1) א. אַדלמאַן—פאָרזיצער, פ. העלערשטיין—וויצע=
פאָרזיצער, 3) י. בענגיס—סעקרעטאַר, 4) י. קאָוואַרסקי,
5) י. פאַץ, 6) א. רודאַשעווסקי, 7) ל. זובאָוויטש,
8) י. ציאַרקאָ, 9) ב. געקער.
אין קולטור=קאָמיסיע אײַנגעלאַדן: י. קאַמערמאַכער,
מ. קויפמאַן, מ. גאָרדאָן.
אַלס פאָרשטייער אין דער ליטאָגראַפן=סעקציע—
פ. העלערשטיין.

16 אַפּריל. באַשטראָפט אַ ריי מיטגלידער פאַר ניט קומען
אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג און ניט אָנטייל=
נעמען אין די וואַלן פון פאַרוואַלטונג.

24 " אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג מיטן אָנטייל פון אַ פאָר=
שטייער פון קולטור=אַמט, געווידמעט דעם 1טן מאַי.

1 מאַי. צוליבן ניט צושטאַנד קומען פון קיין איינהײַט=
לעכער מאַי=דעמאָנסטראַציע ניט אָנטיילגענומען אין
קיין דעמאָנסטראַציע=צוג. די צײַטונגען זײַנען דעם
טאָג ניט ערשינען.

7 מאַי. ערליידיקט דעם קאָנפליקט מיט די אַרויסגעבער
פון „דאָס וואָרט".

19 " אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג מיטן אָנטייל פון אַ פאָר=
שטייער פון צב"ק וועגן דער קאָמאַסאַציע פון די
צב"ק=שולן.
אָנגענומען אַ פּראָטעסט=רעזאָלוציע קעגן מאַגיסטראַט,
וועלכער שטרעבט צו דערשטיקן דעם יידיש=וועלט=
לעכן שולוועזן אין ווילנע אונטערן אויסרייד פון
שפּאָרזאַמקײַט.
באַשלאָסן מיטהעלפן דעם צב"ק אין אַלע אַקציעס
קעגן דער געפּלאַנטער קאָמאַסאַציע, אונטערשרײַבן
אַן אויפרוף, קלײַבן אונטערשריפטן אויף אַ פּראָטעסט,
ווערבירן נײַע קינדער אין די יידיש=וועלטלעכע
שול און מיטהעלפן אין געלט=אַקציעס.

4 יוני. אַסיגנירט 5 גילדן פאַר אַ קראַנקן נאָדל=אַרבעטער.
— אַסיגנירט 5 גילדן פאַר דער זומער=קאָלאָניע.

12 " געשטאָרבן ח' לעווין. קלעפּסידרעס און נעקראָלאָגן
אין דער פּרעסע.
בײַם אָפּענעם קבר האָט גערעדט ח' פ. העלערשטיין.

25 " צוליב דער שוואַכער טעטיקײַט פון דער קולטור=
קאָמיסיע, אויסגעטיילט אַ נײַע: א. אדלמאַן, ב. גע=
קער, י. ציאַרקאָ.
— אויף דער ווענדונג פון אַ גרופּע לינירער=אַרבע=
טער ערלויבט גרינדן אַ לינירער=סעקציע.

30 " אויף דער ווענדונג פון קולטור=אַמט פאָרגעקומען
אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג געווידמעט דער נײַער
וואַל=אָרדינאַציע וועלכע פאַרשמעלערט די וואַל=
רעכט פון די אַרבעטער=מאַסן.

2 יולי. לויטן באַשלוס פון צענטראַל=קאָמיסיע פון די
פּראָפ' פאַריינען וועגן דורכפירן פּראָטעסט=שטרײַקן
קעגן דער נײַער וואַל=אָרדינאַציע, פאָרגעקומען
אַ פּראָטעסט=שטרײַק אין ווילנע. די צײַטונגען זײַנען
ניט ערשינען. טייל פאַכן האָבן געשטרײַקט אַ האַלבן
טאָג.

23 יולי. די פאַרוואַלטונג מיטגעהאָלפן דורכפירן דעם
נײַעם לוין=טאַריף פאַר די לינירער=אַרבעטער.

8 סעפּטעמבער. קאָנפליקט צווישן די רעדאַקציע=מיט=
אַרבעטער און די איבעריקע מיטגלידער פון קאָ=
לעקטיוו „ווילנער ראַדיאָ".
די פאַרוואַלטונג אָנערקענט די פאָדערונגען פון די
פאַריינס=מיטגלידער צו דעם רעדאַקציע=פּערסאָנאַל
פאַר גערעכטע און אַרויסגעשטעלט קאַטעגאָרישע
פאָדערונגען צום זשורנאַליסטן=סינדיקאַט.
נאָך לענגערע אונטערהאַנדלונגען איז דער קאָנפליקט
ערליידיקט געוואָרן.







דרוקער=פּערסאָנאַל און רעדאַקציע=מיטאַרבעטער פון „ווילנער טאָג" (1934)

עס שטייען (אין הינטערגרונט) פון רעכטס: ש. רייזען, ח. טראַבטנערג, ה. קאַנטאָר, ה. פּרעסמאַן, ח. גינזבורג, װ. פּיאָרע, ל. פּערמאַן, י. סטריפּונסקי, א. רודאַשעווסקי און פּ. פּראַנקפורט. צווייטע ריי (פון רעכטס): י. הערשמאַן, ש. שולקין, י. גלאַז, א. י. מיאַדלער, נ. אבראַמאָוויטש, ל. ענגעלשטערן, א. וואָלאָזשין, ד. סטריפּונסקי, ה. מעריינע, מ. מיסלאַבאָדסקי, א. שוויליך און ש. בערקאָן. עס זיצן (פון רעכטס): נ. בענניס, נ. שיינער, י. האַלבערשטאַט, נ. קאַסטעלאַנסקי, ז. רייזען, ש. דרייער, ש. קאַהאַן, י. גערשטיין, ל. סטרילאָווסקי.



אין דער מאַשין=אָפּטיילונג פון „ווילנער ראַדיאָ"

עס שטייען פון רעכטס: ד. נעמענטשינסקי און ל. זובאָוויטש.

